

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

115

## באַנד

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַגס-לייטער:

אברהם מיטלבערג

די רשימה פון די דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

ק. צעטניק 135633

# דאָס הויז פון די ליאַלקעס



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס-איירעס, 1955 — תשט"ז

(א. דמ. ע.)

**פאָטאָ־בילד אויף דער הילע:**

צום אייביקן אָנדענק פון אַ ייִדישער
טאָכטער וואָס האָט נישט פאַרלוירן דאָס
מענטשלעכע געשטאַלט אַפילו אויפן
אָפּגרונט פון תהום; וואָס האָט אָפּגע־
ראָטעוועט די טאָגבוך־בלעטלעך אויף
וועלכע עס באַזירט דאָס ן דאָזיקע בוך.

# אינהאַלט:

| קאַפּיטל | | זייט |
|---|---|---|
| 25 | דורך יידישע גאַסן | 180 |
| 26 | „רעדער ראָלן צום זיג" | 185 |
| 27 | „אַרבייט דורך פרוידע" | 193 |
| 28 | "Feld Hure" | 199 |
| 29 | געשטעמפּלטע פערד | 205 |
| 30 | הונגער | 213 |
| 31 | עקזעקוציע | 220 |
| 32 | הענטשעל „לבנה" | 226 |
| 33 | די צאָל שטימט | 233 |
| 34 | טויטן־קאַמער | 239 |
| 35 | "R 6" | 245 |
| 36 | וויסנשאַפטס־בלאָק | 252 |
| 37 | „פרוידע־אָפּטיילונג" | 261 |
| 38 | „בעטען־באַו" | 266 |
| 39 | „פאַרוויילונגס־דינסט" | 273 |
| 40 | נאָכן לעצטן גאַנג | 279 |
| 41 | קאַפּריז פון עראָס | 288 |
| 42 | עפּעס גרייט זיך | 295 |
| 43 | זינד־רייניקונג | 300 |
| 44 | געזונטהייטס־קאָנטראָלע | 306 |
| 45 | אָפּגעחתמעט דער גורל | 314 |
| 46 | פלאַמדיקע געסט | 320 |
| 47 | „פעסט־בוילע" | 326 |
| 48 | ביינער און דייטשן | 332 |
| 49 | געפילן פון אַ מוזלמאַן | 339 |
| 50 | אין תהום | 346 |
| 51 | דער טאָג איז געגאַנגען ווייטער | 356 |

ניקאַ —
ווען נישט דיין שטאַרקן מיך
וואָלט דאָס בוך
נישט געוואָרן געשריבן.

קאַפּיטל איינס

# קל״דער־באַרג

דאַניעלאַ — האָט ער שטיל געזאָגט — פּרוּוו אַ ביסטו נעכטן נישט אַריינגעקומען עסן מיט אונדז אַ ביסל וואַרעמס? מיר האָבן געוואַרט אויף דיר.

דאָס קול איז געקומען פון הינטער איר פּלייצע. זי האָט באַלד משער געווען, אַז וועוקע שטייט הינטער איר. קיינער רעדט נישט אַרויס דעם „למד״ פון איר נאָמען אַזוי ליטוויש־האַרט און, גלייכצייטיק, אַזוי פּאָטער־לעך־ווייך. זי האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט ווייטער געשניטן די נעט פון אַ פּאָר געשטרייפטע הויזן און אין זיי אַריינגעענטפערט:

— אַ שיינעם דאַנק, וועוקע. איך הונגער נישט. באמת נישט.

— ווייסט אונדז נישט אָרעמער מאַכן — האָט ער ווייטער הינטער איר געשעפּטשעט — אַז מען קאָכט פאַר זיבן, קען מיטעסן אַן אַכטער. זיי נישט קיין איינגעשפּאַרטע

שולצע איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון שמאַטע־זאַל. ער האָט געהאַלטן דעם שטעקן אין האַנט, ווי אַ פּרייסישער אָפיציר האַלט זיין שווערד ביי אַ פּאַראַד. וועוקע האָט זיך שנעל איינגעבויגן, אויפגעהויבן פון דער ערד אַ הויפן צעטרענטע שמאַטעס און זיי געטראָגן הויך מיט צוויי אויפגעהויבענע, אַרבל־אויפגעשאַרצטע, געזונטע הענט. די ווייבער האָבן אים נאָכגעקוקט מיט קורצע שטומע בליקן בעת ער האָט אַוועקגעשפּאַנט צו דעם צושניידער־זאַל און דאָרט אַוועקגעוואָרפן דעם פּאַק אויף איינעם פון די הויכע צושנייד־טישן.

אָפּטמאָל דאַכט זיך, אַז דער באַרג אַלטע מלבושים, וואָס ליגט אין דער מיט פון שמאַטע־זאַל, וועט זיך פּלוצלונג אויפוועקן ווי אַ ווולקאַן. אַ נאָגנדיקע אימה גייט אויף פון קליידער־באַרג, און שפּרייט זיך אויס איבערן גרויסן שמאַטע־זאַל. די ווייבער וועלכע זיצן איינגעבויגענע, איינע לעבן דער אַנדערער, אויף די בענק אַרום מלבושים־באַרג, ווערן פּלוצלונג שטיל. בלויז זייערע הענט אַרבעטן מיט די מעסערס ווי זיי וואָלטן אָפּגעריכט אַ שטומע עבודה צו אַ בלוטיקן אָפּגאָט. נאָר מערסטנטייל שווייגט דער באַרג ווי נאָר עס קען שווייגן אַ באַרג אַלטע, אָפּגענוצטע מלבושים. און די מיילער פון די אַרומיקע ווייבער הערן על־פּי־רוב נישט אויף צו פּלאַפּלען.

אויבן, איבער דעם שמאַטע־זאַל, געפינען זיך די ניי־מאַשינען. הונדערטער ניי־מאַשינען קלאַפּן אויבן אָן אויפהער. אונטן, אין דעם שמאַטע־זאַל, הערט זיך דאָס געקלאַפּעריי דורכן סופיט, ווי אַ געדעמפּטער, אויסגעשיטערטער, לאַנגער דונער וואָלט זיך געקייקלט פון די הימלען. דער רעש הערט נישט אויף. מען איז צו אים צוגעוווינט ווי איינוווינער אין אַ פישערדאָרף צום אייביקן רעש פון ים.

דאַניעלאַ שלעפּט אַרויס אַ בגד פון באַרג שמאַטעס. צום בעסטן טרענען זיך מענערשע רעגן־מאַנטלען. אויפן רוקן פון אַזאַ מאַנטל ציט זיך אַ לאַנגער נאָט, אויף וועלכן די שאַרף פון מעסער לויפט אָן שטרויכלונגען. מען קען ווייטער ציִען די געדאַנקען אומגעשטערט. די אַרבעט איז נישט קוואַליפיצירט. די טאַשן זענען נישט אַרויפגענייט פון דרויסן. מען דאַרף זיך נישט היטן, אַז מען זאַל, חלילה, נישט מאַכן קיין לאָך מיטן שאַרפן שוסטער־מעסער. די צרה איז נאָר, וואָס מען טאָר נישט קלייבן... יעדער דאַרף נעמען פון באַרג דאָס, וואָס עס ליגט פאַר דער נאָז. ס׳איז אַ מזל־זאַך. אַלץ איז דאָ אַ מזל־זאַך. אָפּטמאָל געפינט מען אַ גאָלד־שטיקל פאַרנייט דווקא אינעם קאָלנער פון אַ קינדערשן ווינטער־מאַנטעלע.

קיינער ווייסט נישט פון וואַנען גרויסע אויטאָמאָבילן ברענגען טאָג־טעגלעך די בערג מלבושים צו די לאַגערס פון שוסטער־שאַפּ; קיינער ווייסט נישט, ווו עס זענען די מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן אָט די בערג מלבושים; קיינער דערטראַכט קיינמאָל נישט ביזן סוף פון געדאַנק: וווהין האָט מען אַוועקגעפירט די מענטשן, נאַקעטע, אָן מלבושים? אָבער אַלע ווייסן, אַז

הינטער ברעסלאַו געפינט זיך אַ ריזיקער לאַגער, וווּ מען באַשעפטיקט זיך בלויז מיטן זוכן אוצרות, וואָס ליגן פאַרנייט אין אָט די מלבושים.

דאָרט, אינעם ברעסלאַוער לאַגער, ווערן די מלבושים סאָרטירט: נייע און גוטע ווערן אַוועקגעפירט קיין דייטשלאַנד, און אָפּגענוצטע קויפט דער „זאַנדער־באַאויפטראַגטער“*) פאַר זיין שוסטער־שאַפּ, וואָס ער האָט גע־עפנט אינעם געטאָ. דאָ ווערן די מלבושים צעטרענט און דערנאָך צעשניטן אויף אויבער־טיילן פאַר די האַלצערנע שיך, וואָס די געסטאַפּאָ קויפט, הונדערטער טויזנטער, פאַר זייערן אַ פאַרבאָרגענעם צוועק.

ווען דאַניעלאַ וואָלט אַרויסגעשלעפּט פון באַרג שמאַטעס אַ לייכטערן בגד צום אויפטרענען, וואָלט אויך קיין איינע פון די שכנטעס נישט גע־וואַגט עפּעס צו זאָגן. אַלע ווייסן, אַז ווען עס ווערט לייטוואַק, דער פאַכמענישער לייטער פון שוסטער־שאַפּ, קערט זיך מיט דער „בלאָנדער פאַניענקאַ“ עפּעס אָן. נאָר דאַניעלאַ וועט דאָס נישט טון. זי קען עס נישט טון. ווען איר האַנט וואָלט זיך נאָר אויסגעצויגן אַרויסצושלעפּן אַ לייכטערן מלבוש פון אַ צווייטן אָרט, וואָלטן באַלד אַלע אויגן אָנגעהויבן צו קוקן אויף איר. געשוויגן און געקוקט. זי האָט פיינט דאָס קוקן. אַ גאַנצן טאָג קוקן אויגן און שפּיאָנירן וואָס עס טוט זיך ביי אַנדערע. זיי צעשניידן זיך די פינגער מיט די שאַרפע שוסטער־מעסערס, און לערנען זיך נישט אויס נישט צו קוקן איינע צו דער צווייטער. יעדע האָט מורא, טאָמער האָט אַ צווייטע געפונען אַן איינגענייטן אוצר. די אויגן זענען געשפּאַנט, נערוועז. דאָס האַרץ קלאַפּט, און די בליקן שפּרינגען ווי פייגל־טריט, רעכטס און לינקס, פון העמד צו העמד.

קיינער ווייסט נישט פריער, צי עס ליגט עפּעס באַהאַלטן צווישן די נעט פון בגד, וועלכן די העמד האָבן אַרויסגעשלעפּט צום אויפטרע־נען. אַלע קלייבן פון זעלבן באַרג. אַלע מאַנטלען האָבן קאָלנערס. אַלע הויזן האָבן די זעלבע פאַרבאָרגענע נעט. אַלע ווייסן, אַז די מלבושים זע־נען שוין דורכגעגאַנגען אַן אונטערזוכונג אינעם ברעסלאַוער לאַגער. פונ־דעסטוועגן קענען די אויגן נישט איינרוען, טאָמער וועט דאָס אויג פאָרט

*) היטלערס ספּעציעלער שליח אַוועקצופירן די יידן אין אַרבעטס־לאַגערן.

אויפכאַפּן דעם בליק פון אַ גאָלדענער מטבע, וואָס גליטשט זיך פּונקט אַרויס פון אַן אויפגעטרעטנטן נאָט צו פרעמדע פינגער; אָדער דאָס אויג וועט דערכאַפּן, ווי הענט ציִען אַרויס אַ לאַנג, איינגעוויקלט שטיקל פּאַפּיר — אַן אַמעריקאַנער דאָלער־„לאָקשל" — פון אַ מאַנטל־הענגער אַרויס. סוף־סוף זענען די זוכער אינעם ברעסלאַוער לאַגער נאָר מענטשן, נישט קיין מלאכים.

פון רעכטס ציט זיך די צושניידער־האַלע, פון לינקס — די שוסטער־האַלע. די פּאָר־אַרבעטער און גרופּן־לייטערס לויפן אַרום ווי משוגעים. די אַרבעט ברענט. ס׳איז אַ גיהנום. שולצע, דער דייטשער אויפזעער, שאַרט זיך מיטן שטעקן ביי די ווענט פון די האַלעס. וועווקע דרייט זיך פון איין שוסטער־טיש צום צווייטן, דערלאַנגט כלומרשט מאַטעריאַל, נאָר ער ווייסט שוין ווו ער דאַרף זיך אָפּשטעלן און, כלאחר־יד אָפּראַטעווען אַ קאַליע־געמאַכטן שוך אין די הענט פון אַן איבערגעאַכט־געוואָרענעם „שוסטער", און אָפּראַטעווען דעם „שוסטער" פון אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין אוישוויץ, ווייל ביי שולצען הייסט דאָס — „באַוווסטזיניקער סאַבאָטאַזש".

ס׳אַ מאָדנער מענטש דער וועווקע, — טראַכט דאַניעלאַ. ביי אים איז נאָך אַלץ פאַראַן „זיבן". „אַז מען קאָכט פאַר זיבן, קען אויך מיטעסן אַן אַכטער"... זינט עס האָט פּאַסירט דאָס אומגליק מיט טעדעקן, קען זי זיך מער נישט ווייזן אין וועווקעס שוסטערס קאַמער. אין אמתן, דאַרף טאַקע וועווקע זי פיינט האָבן. זיין גאַנצע משפּחה דאַרף זי פיינט האָבן. טעדעק איז געווען זייער באַליבטסטער זון, דער ליבלינג אין דער משפּחה. זיי האָבן זיך אין אים געשפּיגלט. טעדעק! זי ווייסט דאָס. כאָטש וואָס איז זי שולדיק? אָבער זיי ווייסן איינס: טעדעק איז אַרויס פון געטאָ צוליב איר! ס׳איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז טעדעק איז אַרויס פון געטאָ צו דער אַרישער זייט. פּערבער, דער געהיימער וועקער צו אַן אויפשטאַנד אינעם געטאָ, פלעגט זיך שטענדיק באַנוצן מיט טעדעקן צו זיינע אונטער־גרונט־שליחותן. קיינמאָל האָט מען טעדעקן נישט געכאַפּט. די געניאַלסטע געטאָ־פּלענער ווייזן זיך דערנאָך אַרויס שווינדלהאַפט נאַריש און נאַיוו. געטאָ־פּלענער! טעדעק האָט נאָר געוואָלט וויסן איין זאַך: ווי אַזוי געפינט מען אַ וועג דורך די בעסקידער וועלדער צו דער סלאָוואַקישער גרענעץ? מער האָט ער נישט געוואָלט. אַ שטייגער, ווי פון אַלע אַנדערע סכנות וואָלט

ער שוין געווען באַוואָרנט. ער האָט שוין געהאַט אַ פּאַרטיקן פּלאַן ווי אַזוי מיט איר צו דערגיין ביז קיין ארץ ישראל. אָבער שטעלנדיק דעם ערשטן טראָט אויסערהאַלב דעם געטאָ, האָט מען אים געכאַפּט. געטאָ־פּלענער! ווען נישט זי, וואָלט טעדעק אפשר נישט אויסגעאַרבעט דעם גאַנצן פּלאַן. טעדעק האָט זי ליב געהאַט. איצט ווייסט זי דאָס. אַלע האָבן דאָס געוווּסט. בלויז איר איז אַזעלכעס נישט איינגעפאַלן. זי האָט אים אַזאַ געפיל קיינ־מאָל נישט אַרויסגעוויזן. עס איז איר אַזעלכעס גאָר נישט געקומען אויפן געדאַנק. זי האָט בלויז נישט מסכים געווען צו טעדעקס פּלאַן, ווייל זי האָט געפילט, אַז ער טוט דאָס צוליב איר; כדי זי אַרויסצוראַטעווען פון געטאָ. ווי אַזוי קען זי איצט קוקן טעדעקס משפחה אין פּנים אַריין? אמת, מען ווייסט נישט צי מען האָט אים געשיקט קיין אוישוויץ אָדער אין אַן אַר־בעטס־לאַגער. אָבער וואָס איז די נפקא־מינה? קיינער ווייסט נישט וואָס אַזעלכעס עס איז „אוישוויץ”, און וואָס אַזעלכעס עס איז „אַרבעטס־לאַגער”. איןביידע ערטער פאַרשווינדן די מענטשן, ווי אין אַ ים אַריין און מען ווייסט מער נישט וואָס מיט זיי קומט פאָר.

פאָטאָגראַפיעס.

פאַרשיידענע פאָטאָגראַפיעס. אָן אַ שיעור פאָטאָגראַפיעס. גרויסע און קליינע. זיי פאַלן אַרויס פון די אויפגעטרענטע מלבוש־טאַשן. זיי וואַלגערן זיך אויף דער ערד. מען טרעט אויף זיי. די ערשטע צייט, אַז עס איז אַרויס־געפאַלן פון אַ טאַש אַ פאָטאָגראַפל, האָט מען נאָך געפרוווט לייענען דאָס געשריבענע אויף דער צווייטער זייט. היינט קוקט מען זיך נישט אַרום דערויף. רבקה, די אויפרוימעריןֹ, קערט זיי אַוועק מיטן בעזים צום מיסט. קופּעסווייז. שולצע שטייט און היט. די פּנימער אויף די פאָטאָגראַפיעס זאָגן סיי ווי מער גאָרנישט. מען איז שוין צוגעוווינט, אַז עס זאָלן זיך אַרומוואַלגערן אויף דער ערד, לעבן די פיס: כלות אין שלייערס, פאָטאָג־ראַפירט אין חופּה־טאָג; שמייכלענדיקע קינדער פון וויגן אַרויס; בחורים־קעפּ, וועלכע קוקן מיט טיפע אויגן אין זייער יוגנט אַריין.

מענטשן האָבן מיט זיך מיטגעפירט די פאָטאָגראַפיע ווי אַן אָנדענק פון זייער אייגענעם לעבן.

היינט לייענט מען מער נישט דאָס געשריבענע אויף דער צווייטער זייט פון די פאָטאָגראַפיעס. מען ווייסט פריִער, אַז מען וועט עס סיי ווי

נישט פאַרשטיין. די אָנדענק־שורות זענען געשריבן אַמאָל האָלענדיש און אַמאָל פראַנצויזיש. אַמאָל פלעמיש און אַמאָל דייטש. אַמאָל טשעכיש און אַמאָל גריכיש. אַמאָל יידיש און אַמאָל איטאַליעניש. אַמאָל רוסיש און אַמאָל העברעיש. ווער קען דאָ אַזוי פיל שפּראַכן?

„אַז מען קאָכט פאַר זיבן, קען מיטעסן אַן אַכטער..." די זעלבע ווער־טער האָט וועווקע איר געזאָגט אויך אין דער ערשטער נאַכט, ווען זי איז אַהער געקומען פון קראָקע; באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט זי אַרויסגעראַטע־וועט פון די הענט פון דער יידישער פּאָליציי. דעמאָלט איז טעדעק נאָך געווען אינדערהיים. זי האָט אים נאָך אַפילו נישט געקענט. אויך מנשה איז נאָך געווען. וועווקעס „פינף זין ווי דעמבעס" זענען נאָך געווען צוזאַ־מען. דעמאָלט האָט וועווקע צו איר געזאָגט: „אַז מען קאָכט פאַר זיבן..." און היינט זאָגט ער צו איר דאָס זעלבע. ביי אים זענען נאָך אַלץ פאַראַן זיבן...

נישט אַנדערש, נאָר דער שכל איז ביי טעדעקן געוואָרן אָפּגענומען. טעדעק האָט דאָך געשמט אַלס קלוגער בחור. און ער האָט דאָך געוווּסט, אַז זיין יונגערער ברודער, מנשה, איז געפאַלן אַ קרבן צוליב די וועלדער. פונדעסטוועגן האָט טעדעק ווייטער געבויט אַ פּלאַן צו גיין דורך די וועל־דער. וואָס איז דער חילוק, די סלאָוואַקער וועלדער אָדער די בעסקידן? פריער, אַ שטיק צייט פאַר מנשהס טויט, האָט מען שוין געפונען ליגן נאַקעטע קער־פּערס פון דערשאָסענע יידן, אַרויסגעוואָרפענע פון די סלאָוואַקער וועלדער צו די שליאַכן, מיט אַ צעטעלע אַריינגעקלאַפּט מיט אַ נאָגל אין נאַקעטן לייב: „דערשאָסן, אָבער נישט דורך די דייטשן". אונטערגעשריבן: „פּויליש־שע פאַרטיזאַנער". טעדעק האָט דאָך דערפון געוווּסט. פונדעסטוועגן האָט ער געטענהט דאָס זייניקע: „איך וועל נישט וואַרטן ביז די דייטשן וועלן אַלעמען אויסהרגענען אין געטאָ!" זי האָט אים גענוג געבעטן. וואָס האָט זי אַלץ נישט געטון, כדי אים אָפּצוווענדן פון זיין פּלאַן? בלויז דעם נאָמען פון ברודער מנשה האָט דאָס האַרץ נישט געלאָזט פאַר אים דערמאָנען. נאָר טעדעק האָט זיך פון קיינעם נישט געלאָזט אָפּריידן, נישט פון פאָטער און נישט פון דער מוטער.

„איך וועל אין געטאָ נישט בלייבן!"

וועווקע האָט אַ שלונג געטון אינעם האַלדז און געשוויגן.

ווען טעדעק איז אַהיימגעקומען מיט דער פאַלשער בשורה: „מנשה איז אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער" — האָט וועווקע אויך אַ שלונג געטון אינעם האַלדז. ביז היינט איז נישט מעגלעך אויף אים צו דערקענען, צי גלויבט ער אין דעם, אָדער ער ווייסט דעם אמת. גיטל, זיין ווייב, איז געשטאַנען מיטן פּנים אויסגעדרייט צום קאָך־אויוון. אירע טרערן זענען שווייגנדיקע געפאַלן אויף די טעפּ, וועלכע זי האָט גערוקט, סתם אַזוי, פון איין אָרט אויוון צום אַנדערן. וועווקע איז געשטאַנען הינטער איר רוקן און אַריבערגערעדט צו איר דורך איר אַקסל:

— גיטל לעבן, וועסט זען, מנשה וועט צוריקקומען אין אַ רוסישן טאַנק אַזוי גרויס, ווי העלערס הויז. וועסט זען, גיטל.

ער האָט פון זיך אַרויסגעוואָרפן די ווערטער און שנעל אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

אויף די הויכע טישן אין דעם צושנייד־זאַל ווערן אויסגעלייגט די שטיקער אויפגעטרענטע שטאָפן, וועלכע ווערן אַריינגעבראַכט פון דעם שמאַטע־זאַל, קאָליר צו קאָליר; גלאַטע גראַנאַט־שטאָף פון שול־מונדירן; שוואַרצער אַלפּאַגע שטאָף, וואָס עס טראָגן פרומע ייִדן און בוכהאַלטערן; בלויער קאַמגאַרן פון אָוונט־אַנצוגן און שעוויאָט־זיגזאַג־שטאָף, וואָס מען טראָגט אין שיינע, זוניקע ווינטער־טעג. אויסגעסאָרטירט, קאָליר־אַרטיק, ליגן זיי איינס אויפן אַנדערן. די צושניידער לייגן אַרויף זייערע פורעמלעך אויף די אויסגעלייגטע שטאָף־שטויסן, שטעכן אַריין שאַרפע מעסער־שפּיצן אין די געוואַנטן, און ווי מען פירט אַ בליישטיפט לעבן אַ צירקל, אַזוי פירן זיי די מעסערס לעבן די פורעמלעך און שניידן אויס „פּאָר־לעך". די „פּאָר־לעך" ווערן אַוועקגעפירט צו דער מאַשין־האַלע, און דערנאָך ברענגט מען זיי צוריק, פאַרטיקע, צו דער שוסטער־האַלע.

ווען דער „זאָנדער־באַאויפטראַגטער" האָט באַשלאָסן צו עפענען אינעם געטאָ דעם שוסטער־שאָפּ, איז געוואָרן אַ בהלהדיקער געלויף צום יודנראַט. יעדער האָט געוואָלט אַרבעטן אינעם שוסטער־שאָפּ. מענטשן האָבן אויס־געגראָבן פון זייערע באַהעלטענישן ס'לעצטע משפּחה־צירונג און דאָס גע־שטופּט אין די הענט פון די יודענראַטלער. ווייל וואָס קען שוין זיין זיכע־רער ווי האָבן אַן אַרבעטס־קאַרטע פון „זאָנדער־באַאויפטראַגטנס" שאָפּ, פון זעלבן זאָנדער־באַאויפטראַגטן, וועלכער באַשעפטיקט זיך מיט אָוועקשיקן די

יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן? ס׳איז דאָך אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז ער וועט נישט נעמען און אַוועקשיקן מענטשן, וועלכע אַרבעטן ביי אים אין שאַפּ. נאָר פּלוצלונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינעם געטאָ זענען בכלל נישט פאַראַן קיין שוסטער. ווייל די אָרעמע בעלי־מלאכות האָט דער יודענראַט גופא שוין פריִער אַוועקגעשיקט ווי אַ כפרה פאַר די רייכע. פון וואַנען האָבן זיי דען געזאָלט וויסן, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט פּלוצלונג דאַרפן זוכן אינעם געטאָ אַ שוסטער אויף אַ רפואה און נישט געפינען? און מיט בלויז „אינטעליגענציע״ און „שרייבן־דרייער״ (אַזוי האָט מען גערופן די רייכע סוחרים, וועלכע האָבן געקויפט ביים יודענראַט אַרבעטס־קאַרטן און געקומען צו לויפן אין שאַפּ אַריין בשעת אין געטאָ האָט זיך געגרייט אַן אַקציע), וועט מען נישט קענען פאַרטיק מאַכן קיין שיך פאַר דער געסטאַפּאָ. קען מען זיך פאָרשטעלן די גרויסע שמחה פון יודענראַט מיט וועווקע ליטוואַק, דער אמתער שוסטער־מייסטער פון פאַר דעם קריג. און וועווקע שוסטער האָט טאַקע געראַטעוועט די לאַגע. ער איז באַלד באַשטימט געוואָרן אַלס פאַכמענישער לייטער פון שאַפּ, און אַנגע־הויבן איבערוואַנדלען געטאָ־יידן אויף שוסטער.

אינעם גרויסן שוסטער־זאַל שטייען אויסגעשטעלט שורות־שורות, לאַנגע, נידעריקע טישן. אויף די נידעריקע בענק זיצן אָנגעזעענע דאָקטוי־רים, באַרימטע אַדוואָקאַטן, רבנים, און באַמיִען זיך מיט אַלע כוחות אויס־צוזען אין שולצעס אויגן ווי לאַנג־יעריקע שוסטערס.

אָפּטמאָל דאַכט זיך, אַז פאַר דיינע אויגן ציט זיך דאָ אַ ריזיקער קינ־דער־גאָרטן, נאָר אויף די קינדער־בענק זיצן גרויסע, דערוואַקסענע יידן, און אָנשטאָט שפּילצייג, האַלטן זיי אין די הענט שיך, און קלאַפּן נעגל רונד־אַרום די האַלצערנע זוילן.

צוועלף אַזייגער, אַז שולצע גייט אַוועק צום דייטשן „קאַמעראַדן־הויז״ עסן מיטאָג, זעצט זיך וועווקע אַוועק ביי איינעם פון די שוסטער־טישן, נעמט אַ האַמער אין האַנט און הייבט אָן אַרבעטן. אַז וועווקע דערפילט דעם שוסטער־האַמער אין האַנט, באַקומען זיינע אויגן צוריק דעם אַמאָליקן גלאַנץ. ער דערפילט זיך אויפגעפרישט, ווי איינער, וואָס קערט זיך אום צוריק פון אַ לאַנגן אַרומוואַלגערן אין דער פרעמד צו דער ליבער וואַרע־מער היים.

וועווקע קען נישט זיין קיין אויפזעער. ס׳איז אים נמאס זיך אַרומצו־דרייען אַ גאַנצן טאָג צווישן די טישן, ווי אַן עובר־בטל. דאָס ציט פון אים אַרויס דעם מאַרך פון דיביינער. ער פילט זיך שווער, די פיס — מיד, די אויגן — אויסגעלאָשן. אַ גאַנצן טאָג רק מען שרייט: „לייטער!...״ „לייטער!...״ אַמאָל פון דעם טיש, אַמאָל פון יענעם טיש; אַמאָל פון דעם זאַל און אַמאָל פון יענעם זאַל. עס איז אים נמאס. ער קען דאָס מער נישט הערן; און ער קען מער נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שיך, וואָס די דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן מאַכן פאַרטיק.

איצט, בשעת ער האַלט דעם האַמער אין דער האַנט, שפירט ער, ווי זיינע אברים וואָלטן זיך צוריק אויפגעוועקט. דער מוסקול פון זיין רעכטער האַנט שפּאַנט זיך אָן. די ברוסט הייבט זיך לאַנגזאַם, אָטעמט טיף, און לויפט אָפּ מיט כוח. עס איז אים גוט דאָס ווידער צו פילן. ער כאַפּט אַ הויפן טשוועקלעך אינעם מויל אַריין, ווי אַ זולל וסובא. ער פילט, ווי זיין קאַרק גיסט זיך אָן מיט גבורה און עס ווילט זיך אים זינגען...

מאָדנע. אַפילו בשעת דו זיצסט אַ געבונדענער אויף דער פייניקונגס־שטול אין געסטאַפּאָ־קעלער, נאָר אויב די צוואַנגען הערן אַ מינוט אויף צו קוועטשן דיינע ביינער, וויל פלוצלונג דער מאַרך אינעווייניק אָנהייבן צו זינגען פון גוטסקייט. כאָטש די שוואַרצע מונדירן שטייען נאָך איבער דיר, זייערע פּרצופים לאַכן דיר אין די אויגן אַריין; כאָטש דו זיצסט נאָך אַ געבונדענער אויף דער פייניקונגס־שטול, פונדעסטוועגן, טראַץ אַלעם, ווילסטו דיך מיטפרייען מיט זיי. די ערשטע סעקונדע פון דיינע באַפרייטע ביינער צווינגט דיך דערצו. דער מאַרך אינעווייניק וויל פלוצלונג זינגען.

גיטל וואָלט מסתמא איצט געזאָגט: „ווי איינער צו זיבן — אַזוי איז ער צו זיבעציק!״ אין געטאָ, אינעם דייטשן שוסטער־שאָפּ, ווילט זיך אים פלוצלונג זינגען. שווייגט וועווקע, דערשטיקט דאָס אויפגעוועקטע געזאַנג אין זיינע צעשפּילטע מוסקולן, און הערט זיך צו מיט איין אויער, ווי זיל־בערשטיין, דער באַרימטער קינדער־דאָקטער, דערציילט נאָכאַמאָל די פּאָ־ליטישע נייעס, ספּעציעל לכבוד דעם, וואָס וועווקע דער „לייטער״, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זייער טיש. די שוסטערס ביים טיש הייבן נישט אויף די אויגן פון די שיך, בייגן זיך בלויז צו מיט די קעפּ און רוקנס, ווי הינדלעך אַרום אַ געוואָרפענעם קערנדל.

— דאָס „קעסטל״ האָט איבערגעגעבן, אַז רוזוועלט האָט גערעדט...

„רוזוועלט האָט גערעדט...״ — גיבן די שוסטערס איבער איינער צום אַנדערן, פון איין טיש צום אַנדערן, נישט אַרויסהייבנדיק די אויגן פון די שיך.

„רוזוועלט האָט גערעדט...״

קיינער פרעגט נישט וואָס אַזעלכעס ער האָט גערעדט, און וואָס אייגנט־לעך ער האָט געזאָגט. פונקט ווי כראָנישע אָפּיום־זויגער פרעגן זיך נישט: וואָס אייגנטלעך איז דאָס, וואָס טעמפּט אָפּ אַלע זייערע חושים; ציט און פילט אָן זייער לייב־און־לעבן מיט אַן אינערלעכן ציטער, בשעת זיי הערן דערמאָנען דעם ווייסן סם. „רוזוועלט האָט גערעדט...״ — דאָס איז געננוג.

בערגסאָן, דער חזן פון דער אַפּיקורסישער שול, — וועלכער האָט גע־ווינט פאַר דער מלחמה מיט וועווקע שוסטער אין איין הויז, און דערפאַר טאַקע זוכה געווען איצט צו אַרבעטן אין שוסטער־שאַפּ — גיט צו פאַר־שטיין אויף דער פאַרדרייטער זייט פון אַ האַלצערנעם שוך־זויל די סטראַ־טעגישע לאַגע פון קרימער פערעקאָפּ, וואָס די דייטשן ווילן איינעמען.

„אַ מכה זיי אין די לעבער!״ — שפּייט וועווקע אַרויס פון מויל אַ קללה צוזאַמען מיט די טשעוועקלעך.

ביים שוסטער־טיש פאַרגעסט וועווקע אויף אַ מינוט אין זיין וויי, וועלכן ער באַהאַלט אויס פאַר פרעמדע אויגן. דער שוסטער־האַמער ווירקט אויף אים, ווי אַ צויבער־שטעקן: עס שיילט זיך צוריק אַרויס דער אַמאָליקער וועווקע שוסטער. נישט דער „לייטער״, וועלכער דרייט זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג צווישן די טישן, און איז פאַראַנטוואָרטלעך כלפּי די דייטשן פאַר דער פּראָדוקציע פון זיינע „שוסטערס״.

דאָס דויערט אָבער נאָר אַזוי לאַנג, כל זמן שולצע איז נישטאָ אינעם שאַפּ.

שולצע, צוריקקומענדיק, גנבעט זיך דאָס ערשטע אַריין אין דעם שמאַ־טע־זאַל. ער גליטשט זיך אַריין מיט קעצישע טריט מען זאָל אים נישט זען. שולצעס אויפגעלאָפּענער שאַרבן־קאָפּ ציט זיך פון נאַקן־אַרויף ביז צו די אויגן — ווייס, אָן יעדן סימן פון האָר. דאָס פּיצעלע, צעקנייטשטע שטיקל פּנים, שטעקט אַרויס פון זיין אויפגעשוואָלענעם שיידל־קאָפּ — ווי אַ נעבן־זאַך. און עס קוקט אויס ווי אַ קאָפּ פון אַ נפל אונטער אַ פאַרגרעסער־גלאָז.

זיין מויל איז קיינמאָל נישט פריי. שטענדיק שטעקט אַ ברענענדיקער ציגאַר צווישן די שמאָלע, בלויע ליפּן. שטענדיק רויכערט דער ציגאַר, ווי אַ באַ־זונדערער אינסטינקט וואָלט אים אָן אויפהער געטריבן: „ווייז אַז דו ביסט שולצע, אַגו, ווייז, אַז דו ביסט נישט קיין נפלע, אַ סימן — דו רויכערסט ציגאַרן!...״

שולצע הינקט אויף אַ פוס. דערפאַר גייט ער אויף דריי, נאָר דער דריי־טער פוס — דער שטעקן — איז דער געפּערלעכסטער. אויפן שפּיץ פון זיין שטעקן איז אַרויפגעצויגן אַזאַ מין סאָרט גומענער עק, וואָס נאָר שולצע אַליין ווייסט דעם סוד ווי אַזוי מיט אים צו געבן עמעצן אַ שטויס, אַז יענער זאָל דערנאָך אַ לאַנגע צייט נישט קענען כאַפּן דעם אָטעם. ביז היינט איז נישט באַוווסט צי דער סוד ליגט אין דעם גומענעם עק פון שטעקן, אָדער אין דעם, וואָס שולצע ווייסט ווו, אויף וועלכן אָרט, דער שפּיץ פון זיין דריטן פוס דאַרף טרעפן. בינו־לבינו גליטשט ער זיך אַריין אין דעם שמאַטע־זאַל און איז זיכער, אַז קיינער זעט אים נישט. אפשר וואָלט מען אים טאַקע נישט געזען, נאָר ער ווייסט נישט, אַז נאָך איידער ער באַווייזט זיך, פילט מען שוין אַ מייל פון דער ווייטנס דעם ריח פון זיין ברענענדיקן ציגאַר.

צוערשט ריטשט ער זיך אַריין אין דעם שמאַטע־זאַל. צוויי טרענערינס האָט ער שוין אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ. איינע האָט געפונען אַ „חזירל״*) הינטער אַן אַרויפגעניטער לאַטע אויף דער קני פון אַ פּאָר אַרבעטס־הויזן. די שכנטע האָט דווקא געוואָלט זיין אַ שותפטע. „זי האָט פריִער געהאַלטן די הויזן אין די הענט״ — האָט זי געטענהט. בינו־לבינו איז דער סכסוך דער־גאַנגען צו שולצע, אוןביידע זענען גלייך נאָך דער אַרבעט אַוועקגעשיקט געוואָרן צו געסטאַפּאָ, פון וואַנען זיי זענען מער נישט צוריקגעקומען. צו־מאָרגנס האָט שולצע פאַראָרדנט, מען זאָל רעווידירן די אַרבעטערינס פון דער שמאַטע־האַלע איידער זיי פאַרלאָזן דעם שאַפּ. נאָר די וועלכע האָבן אין יענע טעג עפּעס געפונען, האָבן עס גלייך אַראָפּגעשלונגען.

פון דעמאָלט אָן קוקן די טרענערינס בשעת דער אַרבעט איינע צו דעם מויל פון דער אַנדערער.

*) „חזירל״ — אַ רוסישע גאָלד־מטבע.

## קאַפּיטל צוויי

# א געטאפלט לעבן

דאָס פאָטאָגראַפל איז געלעגן אויף דער ערד לעבן אירע פיס. עס איז אַרויסגעפאַלן פון אַ בוזעם־טאַש צוזאַמען מיט אַ קליין תפילין־זעקעלע. דאָס תפילין־זעקעלע איז געווען פון באַרדאָ פּליוש, מיט צוויי זילבער־אויסגע־שטיקטע אותיות, אין מיטן פון אַ מגן־דוד.

דאַניעלאַ האָט לייכט געפירט דאָס מעסער אויף דער נאָט פון אַ גע־קעסטלטן ווינטער־מאַנטל, אַ שטייגער, ווי אַ פידלער פּרוּווט אויס דעם טאָן פון אַ סטרונע. עס איז נישט געשפּילט, אָבער אַ טויבער וועט דאָס נישט וויסן; עס איז נישט געאַרבעט, אָבער שולצע, וועלכער שטייט פון דערווייטן, וועט דאָס נישט באַמערקן.

זי האָט נישט געקענט אָפּרייסן איר בליק פון דעם פאָטאָגראַפל. אַ יינגל און אַ מיידל. ממש אַזוי ווי זי און מאָני אויפן פאָטאָגראַפל פון מעדאַ־ליאָן, וועלכן זי טראָגט אויפן האַרץ. די אויגן פון די צוויי קינדער האָבן צו איר אַרויפגעקוקט פון דער ערד און איר נישט געגעבן קיין מנוחה. ווי מאָניס אויגן וואָלטן איצט פלוצלונג פון דער ערד צו איר אַרויפגעפרעגט: „דאַניש, פאַרוואָס ביסטו אַוועקגעפאָרן?"... איר פאַרגאַנגנהייט האָט זיך אַרומגעהילט ווי אַ ראַם אַרום דעם פאָטאָגראַפל אויף דער ערד און צוריק אַרויפגעקוקט צו איר ווי פון אַ מטושטושדיק פרעמד לעבן אַרויס. דאָס לעבן איז איצט געלעגן צופוסנס ביים באַרג אַלטע מאַנטלען און הויזן. זי האָט געקוקט דערויף, עס איז געווען איר אייגן לעבן; דאָס לעבן פון איר נעכטן.

פֿונדעסטוועגן האָט זי עס נישט געקענט תּופֿס זיין. עס איז געווען אַזוי ווייט פֿון דער שמאַטע־האַלע; אַזוי ווייט און פֿרעמד פֿון די הויכע טישן אין דער צושניידער־האַלע, און פֿון די נידעריקע טישן אין דער שוסטער־האַלע...

פּלוצלונג האָבן די מענטשן אין די האַלעס אויסגעזען אין אירע אויגן ווי אומבאַקאַנטע באַשעפֿענישן, פֿאַרמאַכטע און פֿאַרשלאָסענע אין אַ פּאָר־ביקן גלאָז־באַלעם, וואָס דאַכט זיך זיי לעבן, זיי באַוועגן זיך, נאָר זי קען נישט אַריינדרינגען צו זיי. זי איז ווייט פֿון זיי. פֿונדעסטוועגן איז זי פֿאָרט דאָ, אינעווייניק, צווישן זיי.

איר לעבן ליגט צופֿוסנס דעם באַרג אַלטע מלבושים אויף דער ערד און עס גייט־אויף צו איר ווי דער רויך פֿון שולצעס ציגאַר. מען זעט נישט דעם רויך, נאָר מען פֿילט זיין אויפֿשווידערנדיקן, דייטשן ריח אין דער לופֿט.

צוויי לעבנס. איינס אָפּגעריסן פֿון צווייטן. אָן באַהעפֿטונג און אָן אי־בער׳גאַנג פֿון איינעם צום אַנדערן. וועלכעס איז וואָר און וועלכעס איז קאָש־מאַר? אָט דער באַרג אַלטע מלבושים איז געוויס נישט קיין חלום! זי זעט אים דאָך מיט די אויגן; זי רירט אים אָן מיט די הענט. צי איז גאָר געמאָלט אַז זי לעבט אָט די צוויי לעבנס מיטאַמאָל? צוויי לעבנס ביינאַנד? „אַ מלחמה הענגט אין דער לופֿט...‟ „די צייט איז נישט פּאַסיק אויף אויספֿלוגן...‟ פּאַפּי שאָקלט מיט אַ ווייסן טיכל אין דער לופֿט... דער צוג דערוווייטערט זיך... פֿון וואַנען און ווי אַזוי איז דאָ פּלוצלונג אַרויסגעשוווּמען דער קאָפּ פֿון שול־צעס? פֿון וואַנען און ווי אַזוי קומט זי גופֿא דאָ אַהער? ווּ איז די בריק צווישן אָט די צוויי לעבנס? וואָס אַזעלכעס זענען די בלויע קעסטעלעך אויף דעם פֿרעמדן מאַנטל וועלכן זי האַלט איצט אין די הענט? און וואָס באַטייט די גלאַנציקע שאַרף פֿון דעם שוסטער־מעסער וועלכן זי שניידט איצט אַריין אין די נעט?...

די באָרדאָ־קאָליר פֿון תּפֿילין־זעקעלע שפּרייט זיך אויס פֿאַר אירע אויגן. אַלץ ווערט פֿול מיט פּאַרב פֿון באָרדאָ. עס גלוסט זיך איר אַראָפּצו־בייגן זיך און אויפֿצוהייבן דאָס זעקעלע. נאָר אַזעלכע קלייניקייטן קערט רבקה אָוועק צום באַרג מיסט. אַ „פּאָרל‟ אויבער־שיך קען מען פֿון אַזאַ קליין זע־קעלע סיי ווי נישט אַרויסשניידן. איר טאָג־בוך איז אויך געבונדן אַקוראַט אין אַזאַ באָרדאָ פּליוש. אויפֿן מעשענעם שילדל איז אויסגראַווירט: „פֿאַר דער טאַלענטירטער דאַניעלאַ...‟ איצט ציט זיך אַ לאַנגער קריץ איבער דער

אויסגראַווירטער שורה, ווי די דייטשע קויל וואָלט מיט אַ כוונה געוואָלט אויסמעקן די ווערטער. ווען זי וואָלט נישט מיט זיך מיטגעפירט דעם טאָג־בוך אינעם רוקזאַק, וואָלט די קויל אַריין אין איר פלייצע. זי וואָלט געבליבן ליגן אויפן מאַרק אינעם שטעטל יאַבלאָווע, אַזוי ווי אַלע ייִדן זענען דאָרט געבליבן; אַזוי ווי אַלע אירע חברטעס פון דער פינפטער קלאַס זענען דאָרט געבליבן ליגן.

אין דער צושניידער־האַלע לויפן די גרופן־פירער פון איין טיש צום אַנדערן. די אַרבעט ברענט. אַלע „שרויפן־דרייער" זענען היינט געקומען צו־לויפן אין שאַפּ אַריין. עס גרייט זיך אַוודאי אַן „אַקציע". אויף דער ערד ליגן אויסגעסאָרטירט די שטיקער אויפגעטרענטע שטאָפן. עס קוקט אויס ווי אויפן יאַבלאָווער מאַרק, בשעת די דייטשן האָבן באַפוילן אַז אַלע זאָלן זיך אַנידערלייגן מיטן פּנים צו דער ערד. דער מאַרק איז פּלוצלונג געוואָרן אויסגעפּלאַסטערט מיט מענטשלעכע רוקנס, ווי מיט אויסגעלייג־טע שטיקער אויפגעטרענטע שטאָפן. ערשט געווען אַ פולער מאַרק, און פּלוצלונג געוואָרן אויסגעליידיקט. פול און גלייכצייטיק — ליידיק! פּונקט פאַרקערט, ווי עס איז מיט איר געווען אויפן וועג קיין קראָקע, דעמאָלט האָט זי נישט געזען די ערד אויף וועלכער זי גייט. נאָר ווען עס זענען אָנגעפלויגן די דייטשע באָמבערס און אַלע זענען זיך צעלאָפן אין די ראָוועס לעבן די זייטן פון וועג, איז פון אונטער דער אַראָפּגעשיילטער מענטשן־מאַסע קאָפּויר געשווומען — אַ ליידיקער, אומענדלעכער שאָסיי.

ערשט דעמאָלט האָבן אירע אויגן דערזען: אַ געפּגרט פערד מיט אויס־געצויגענע פיס, מענטשן האָבן אויף אים געטראָטן און אים צעטראָטן; צעבראָכענע וועלאָסיפּעדן מיט רעדער־פלאַכן צום הימל; קינדער־וועגעלעך, שווער־באַלאָדענע, מיט טעפּ און בעטגעוואַנט — אַ טויטער שאָסיי, ערשט איצט האָט ער זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן.

... און אפשר זענען דאָס־אָ די מלבושים פון די יאַבלאָווער ייִדן? רישאַ מייערטשיק האָט געטראָגן אָט אַזאַ ענלעכן מאַנטל בשעתן אַרויספאָרן פון דער היים. ווען נישט דאָס מעשענע שילדל אויף איר טאָג־בוך, וואָלט מען איצט דאָ, אין דער שמאַטע־האַלע, אפשר געטרענט די נעט פון איר רעגן־מאַנטל. ווי אַזוי קומען דאָ אַהער די מלבושים פון די יאַבלאָווער ייִדן? דאָס האָט דאָך פּאַסירט מיט דריי יאָר צוריק! מאַמאַ האָט זיך געבעטן: „נעם

מיט דעם רעגן־מאַנטל, ער וועט דיר נייטיק זיין בשעת דעם אויספלוג...״
ווען זי נעמט דעמאָלט נישט מיט דעם רעגן־מאַנטל, וואָלט זי היינט נישט געקענט שמוגלען אַבראַם דעם מעקלערס שטאָפן־סחורות אַרומגעוויקלט אויפן בויך. און זי וואָלט אויסגעאַנגגען פון הונגער. עס וועט אַוודאַי זיין אַן אַקציע אין געטאָ. ווען נישט, וואָלט בערמאַן, דער גאָלד־סוחר, נישט געקומען צולויפן אין שאָפ אַריין. די צושניידער אַרבעטן זייער שווער, דער־צו שטייען זיי אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס לעבן די טישן. וועווקע דרייט זיך אויך אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס. ווען נישט וועווקע, וואָלט זי נישט געקענט אַפילו חלומען וועגן אַרבעטן אין שוסטער־שאַפּ. זי האָט מזל. שטענדיק האָט זי געהאַט מזל. אויב נישט, איז נישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי זי איז געבליבן לעבן ביז היינט.

אַ טאָג פון בריוו, געשריבענע און נאָך נישט געשריבענע. כמעט פון יעדער טאַש פאַלט היינט אַרויס אַ בריוו. ווי די מענטשן וואָלטן געווען פון איין „טראַנספּאָרט״; ווי אַלע וואָלטן זיך אָפּגעשמועסט מיטצוגעמען בריוו, אָדער ווי מען וואָלט זיי אַלעמען צוגעזאָגט, אַז וויבאַלד אַלע וועלן אָנקומען אויפן אָרט, וועלן זיי קענען אַהיים שרייבן ווי עס דערגייט זיי. רבקה קערט אַוועק די בריוו צו דער קופּע מיסט. די בריוו אָטעמען מיטן ציטער פון פינגער, וועלכע האָבן זיי פאַרקלעפּט. אַלע פילן דאָס. אַ מאָדנער פּחד שוועבט איצט אַרום אין דער לופט פון דער שמאַטע־האַלע. פּלוצלונג הייבט אָן פון די מאַנטל־פּאָטשעווקעס אַרויסשלאָגן די וואַרעמקייט פון מענטשלעכע גופים. אַלע אַרבל פילן זיך אויס מיט הענט, אַלע קראַגנס באַקומען העלדזער און אַלע הויזן — בייכער און פיס. די מלבושים פילן זיך אויס מיט לעבעדיקע מענטשן.

אַ פאַרגליווערטע שטילקייט הילט פּלוצלונג אַלעמען אַרום. בלויז די שאַרפן פון די מעסערס באַוועגן זיך אין די הענט. עס קוקט מער נישט קיינער צו די הענט פון אַ צווייטער. אויגן זענען אַראָפּגעלאָזט צו דער נאָט, און פון פרעמדן בגד קוקט צוריק דער אייגענער גורל.

אויף איינעם פון די פענצטער, איבער אַן אויסגעשלאָגענער שויב, איז אויסגעשפּרייט אַ טלית, צוגעקלאַפּט מיט נעגל, כדי דער שניי זאָל נישט אַריינבלאָזן. דער ווינט בייכיקט אין זיין מיטן, און עס קוקט אויס ווי אַ

ייִד, אַן איינגעהילטער אין אַ טלית, וואָלט זיך געריסן אַרויסצושפּרינגען דורכן פענצטער פון דער שמאַטע־האַלע.

אַז די ווייבער אין דער שמאַטע־האַלע בלייבן פלוצלונג זיצן פאַרגליווערטע מיט פאַרשלאָסענע מיילער, הערט מען קלאָרער דאָס דונערן, וואָס שיט זיך געדעמפּט דורכן סופיט פון דער מאַשינען־האַלע. עס דאַכט זיך ווי אַ לאַווע וואָלט אָנגעהויבן קאָכן אונטערן קליידער־באַרג. באַלד וועט עס פון דאָרט אַרויסברעכן און אַלץ און אַלעמען פאַרפלייצן.

שולצע שטייט לעבן דער טיר און שאַרט מיטן גומענעם עק פון זיין שטעקן אַ בריוו צו דער קופּע מיסט.

— „זאַראַ!" — שרייט ער אויס צו רבקהן (אַלע פרויען הייסן ביי שולצען „שרה") — „זאַובער זאָל זיין!" — ער שטרעקט אויס דעם שטעקן, באַרירט מיטן גומענעם עק אין דער מיט פון רבקהס שטערן, שטייט אָט אַזוי אַ ווײַלע, קוקט דער פרוי גלייך אין די אויגן אַריין. פלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט, גיט ער זיך אַ שנעלן כאַפּ צוריק, שרייט צו איר אויס: — זאַובער!... זאַובער!...

און הינקט אַרויס פון דער שמאַטע־האַלע.

אַ טאָג פון בריוו. מאַנכע געשריבן מיט בליישטיפט און מאַנכע מיט טינט. קיינער קען זיי סיי ווי נישט לייענען. אפשר איז עס גריכיש, אפשר האָלענדיש. מען האָט אויך מורא זיי צו פּרווון לייענען. על אחת כמה וכמה נעמען אַזאַ בריוו צו זיך אין דער טאַש אַריין. אפשר טאָר מען נישט. ווער ווייסט דען וואָס ביי שולצען מעג מען, אָדער וואָס ביי שולצען טאָר מען נישט? צוליב קלענערע עבֿרות האָט ער שוין אָוועקגעשיקט קיין אוישוויץ.

„דאַניעלאַ, זאָלסט נישט פאַרגעסן אַהיים צו שרייבן יעדן טאָג כאָטש אַ פּאָסט־קאַרטל פון וועג..." קיינמאָל איז דאָס פּנים פון פּאַפּי נישט געווען אַזוי פאַרזאָרגט ווי דעמאָלט, בשעת ער האָט איר דאָס געזאָגט. נאָר דעמאָלט האָט זי דערויף נישט קיין אַכט געלייגט. אינעם קראָקעווער געטאָ האָבן אַלע אויף איר אָנגעוואָרפן אַ פּחד: „אַ ייִד טאָר זיך נישט באַנוצן מיט דער דייטשער פּאָסט!" פון אַלץ וואָס עס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיטן האַקן־קרייץ־שטעמפּל האָט אַרויסגעאָטעמט — דער טויט. „די מלחמה וועט דאָך נישט אייביק געדויערן. בעסער זיין פאָרזיכטיק. בעסער צו־

וואַרטן...״ האָט מען איר געעצהט. דעמאָלט האָט זי נאָך געקענט אַהיים שרייבן. דעמאָלט איז נאָך געווען צייט. דאָס געטאָ אין קראָקע איז נאָך נישט געווען אַזוי הערמעטיש פאַרקלאַפּט.

זאַלקע דער שמוגלער, האָט איר דערנאָך געבראַכט דעם ערשטן גרוס פון דאָרט. אַ גאָט, מיט וואָס פאַר אַ גלייכגילטיקייט ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער: „אין קאָנצענטראַציע געטאָ איז נישט פאַראַן קיין ספּעציעלע נייעס. ווער עס לעבט, איז נישט געשטאָרבן, און ווער עס איז געשטאָרבן, לעבט נישט. די עלטערן קען ער נישט, און אויפזוכן אַ מענטשן אין געטאָ — איז נישט מעגלעך. קיינער וווינט מער נישט אויפן זעלבן אָרט ווו ער האָט אַמאָל געוווינט. אַפילו די טויטע האָבן מער נישט קיין אַדרעס. קיינער האָט מער נישט קיין נאָמען. „יודע״ — דאָס איז דער נאָמען פון יעדן באַזונדער און פון אַלע צוזאַמען. בשעת אַן אַקציע שטעקט דער דייטש אַריין אַ האַנט אינעם געטאָ, ווי אין אַ זאַק קערנער, און ציט אַרויס אַ פולן גאַפּן. וועלכעס קערנדל עס פאַלט אַרויס פון צווישן זיינע פאַרשלאָסענע פינגער, בלייבט דערווייל איבער אינעם זאַק...״

פאַרוואָס האָט זי זיך דעמאָלט געלאָזט איבעררעדן פון מענטשן? פאַרוואָס האָט זי נישט געשריבן צו די עלטערן ווען דאָס איז נאָך געווען מעגלעך; ווען זיי האָבן נאָך געוווינט אויף זייער אַדרעס?

צוויי יאָר איז זי געווען אין קראָקע. מאָדנע: במשך די צוויי יאָר איז איר קיינמאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז אין דער זעלבער שטאָט, נישט ווייט פון איר, געפינט זיך דער קעניגלעכער פּאַלאַץ, דער וואַוועל! אָט דער וואַוועל, וואָס כדי אים צו זען איז זי אַרויסגעפאָרן פון דער היים. ווי אַזוי האָט זי דאָס אַפילו קיין איין איינציק מאָל נישט געדענקט? „וואַוועל״... פּלוצלונג איז דאָס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שרעק־וואָרט. אַ קאָשמאַר. מיט דעם וואָרט האָט מען זיך געלייגט שלאָפן און מיט דעם וואָרט האָט מען זיך אויפגעכאַפּט. דאָס וואָרט האָט געהיט דיינע טריט און דיך באַגלייט ווו נאָר דו האָסט דיך באַהאַלטן.

אין וואַוועל איז געזעסן — פראַנק.

וואַוועל — אַמאָל האָט דאָס וואָרט אָנגעפילט איר האַרץ מיט אַ באַצויבערנדיקן ציטער. ווי אַזוי האָט זי דאָס פאַרגעסן? ווי דאָס וואָלט געווען

ק. צעטניק

אין אירס אַ צווייט לעבן. אַזוי ווייט און פרעמד פון אַלץ דאָ אַרום איר. אַ יווייטער, פאַרגעסענער, שיינער חלום. פונדעסטוועגן ציטערט עס נאָך אויף אין איר האַרץ — ווייך און צאַרט, ווי אַן אויסגייענדיקער וויבריר פון אַ סטרונע; ווי אַ לעצטער עכאָ פון אַ נאָגנדיקער בענקשאַפט־מעלאָדיע — — —

אַ מעלאָדיע פון אַן אַנדערער וועלט.

## קאַפּיטל דריי

# דאַניעלאַ

אַ שיינע, פרייע וועלט. אַ וועלט מיט סודותפולע רייצונגען פאַר יוגנט־לעכע הערצער. סוף־זומער, טויזנט ניין־הונדערט־ניין־און־דרייסיק.

דאַניעלאַ פּרעלעשניק.

זי, די פערצן־יעריקע שילערין, האָט אין יענער נאַכט, פאַר דער ערשטער רייזע אין איר לעבן, נישט געקענט איינשלאָפן. דער ערשטער רייזע־פיבער האָט איר אָנגעכאַפּט. געדאַנקען האָבן זיך געדרייט אין איר קאָפּ, ווי אין אָן אָפענער טיר, און איבערגעלאָזט נאָך זיך שפּאַנונג און אומגעדולד: מאָרגן, באַלד אינדערפרי, פאָרט זי צוזאַמען מיט איר קלאַס אויף אַ שול־אויספלוג קיין קראָקע. זי האָט געקעמפט און אויסגעפירט דאָס איריקע. זי האָט באַזיגט איר פאָטער, וועלכער האָט געטענהט: „די צייט איז נישט פּאַסיק אויף אויספלוגן". „אַ מלחמה הענגט אין דער לופט".

דאַניעלאַ קען נישט פאַרשטיין:

וואָס פאַר אַ שייכות האָט די מלחמה מיט אַ שול־אויספלוג צום מיצ־קעוויטש־קבר אויפן קראָקעווער וואַוועל? היינט איז דער 27טער אויגוסט. קומט אויס, אַז דעם דריטן סעפּטעמבער, צום אָנהייב פון נייעם שול־יאָר, דאַרף דער קלאַס שוין זיין צוריק אין דער היים. טאָ וואָס קען דאָ שטערן די מלחמה? זאָלן יענע, וואָס ווילן האָבן די מלחמה, נישט פאָרן אויף אויס־פלוגן. אָבער זי, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס מיט איר?...

אויף דער צווייטער זייט פענצטער האָבן די גאַסן פון דער פּוילישער פאַבריק־שטאָט קאָנגרעסיאַ איינציקווייז אָנגעהויבן איינצודרימלען. פון צייט

צו צייט איז אַדורכגעלאָפן אַ נאַכט־טראַמוויי. זיינע רעדער האָבן זיך מיט אַ רעש געשניטן אינעם אייזן פון די רעלצן. בייטאָג, ווען די טראַמווייען לויפן איבער די גאַסן ווי רוחות, הערט מען אַפילו נישט זייער קלינגען — טראַכט דאַניעלאַ.

אַ פולע לבנה איז געשטאַנען איבערן צלם־שפּיץ פון דער קירכע, וואָס דער יידישער אינדוסטריעלער, אָסקאַר קאַהאַנאָוו, האָט אויפגעבויט לעבן זיין גרויסער פאַבריק פאַר זיינע אַרבעטער.

אַ פּאַס ליכט פון דער פולער לבנה האָט אַריינגעשיינט דורכן פענצטער אינעם ווייס־לאַקירטן עלעגאַנטן קינדער־צימער, און באַלויכטן דעם איינגעפּאַקטן רוק־זאַק אויפן טיש. פון דער צווייטער זייט ליכט־פּאַס האָט זיך געטראָגן דאָס שטילע, רעגלמעסיקע אָטעמען פון שלאָפנדיקן מאָני, דאַניעלאַס זיבן־יעריקער ברודערל.

ביי דער איצטיקער רייזע — טראַכט דאַניעלאַ — וועט זי אָן ספק אויסנוצן די געלעגנהייט און אָפּטרעטן אין מעטראָפּאָלי ביי האַרין. זי קען זיך דאָס גאָרנישט אַנדערש פאָרשטעלן. איר פּלאַן מוז געלינגען, אַפילו אויב זי וועט צוליב דעם דאַרפן פאַרשפּעטיקן דעם אָנהייב פון שול־יאָר. אפשר וועט איר געלינגען איבערצורעדן האַרין, אַז ער זאָל זי מיטנעמען מיט זיך קיין ארץ ישראל שוין איצט. אויב ער האָט איר צוגעזאָגט זי צו ברענגען צו זיך באַלד ווי ער וועט נאָר אָנקומען אינעם לאַנד, טאָ פאַר־וואָס, אייגנטלעך, זאָל ער טאַקע שוין איצט זי נישט מיטנעמען מיט זיך? זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פאַר די עלטערן טאָר מען וועגן דעם מיט קיין וואָרט זיך נישט אַרויסכאַפּן.

דאַניעלאַ האָט ליב איר ברודער, האַרי, בלב ונפש. האַרי איז איר שטאָלץ. כאָטש זי פילט, אַז אין דער לעצטער צייט האָט ער זיך פון איר אַ ביסל דערווייטערט. זייט סאַניא איז אַרויפגעשוואומען אין האַריס לעבן, שרייבט ער נישט מער אַזוי שנעל קיין ענטפער אויף אירע בריוו. די בריוו גופא זענען אויך נישט די זעלבע וואָס אַמאָל. זיינע געדאַנקען זענען איצט אָפּגעקערט צו אַן אַנדערער — אַ פרעמדע. אָן ספק, אַז סאַניא איז אַריין ווי אַ וואַנט צווישן איר און איר ברודער. כאָטש האַרי ווייזט דאָס נישט אַרויס, אָבער עס איז געווען אַרויסצונעמען האַריס לאַנגע, אינהאַלטסרייכע בריוו פון אַמאָל און זיי פאַרגלייכן צו די פּאָר־שורותדיקע פּאָסט־קאַרטלעך פון

איצט. יעדעס פּאָסט־קאַרטל הייבט זיך אָן מיט אַ פאַרענטפערונג און ענ־דיקט זיך מיט דעם זעלבן: ער איז זייער פאַרנומען מיט דער צוגרייטונג צו דער אָפּרייזע קיין ארץ ישראל!

פּריִער, ווען סאַניאַ האָט נאָך נישט עקזיסטירט, פלעגט האַרי פּיל אָפטער קומען אַהיים אויף באַזוך. ער פלעגט מיט איר שפּאַצירן, מיטנעמען זי אויף קאָנצערטן; ווינטער פלעגן זיי צוזאַמען גיין זיך גליטשן אויפן אייז. נישט איינמאָל פלעגט ער זי איבערראַשן: אַרויסגייענדיק פון דער שולע נאָך די לימודים, פלעגט זי פּלוצלונג דערזען, אַז האַרי שטייט אויף דער צווייטער זייט פון טראָטואַר, אַנטקעגן איבער דעם גימנאַזיום, און ער וואַרט זי אָפּ. ער פלעגט צו איר צוקומען, עלעגאַנט אַראָפּציִען דעם הוט: „מעג מען פאַרבעטן דאָס פרייליין אויף אַ קורצן פאַרמיטאָג־שפּאַציר?...״

די מיידלעך פלעגן דערנאָך נישט אויפהערן צו רעדן פון אים.

דאַניעלאַ האָט זיך געדרייט אויף איר געלעגער פון איין זייט אויף דער צווייטער. מאָדנע פאַנטאַזיעס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין איר קאָפּ. אָפטמאָל האָבן זיי אָנגענומען אַ ממשותדיקעווירקלעכקייט. זיי האָבן זיך געשפּונען פאַר אירע אויגן און זי האָט זיך אין זיי אַריינגעוועבט.

אָן אַנדערש מאָל וואָלט דאַניעלאַ אין אַזאַ שלאָפלאָזער מיטן־נאַכט אָנ־געצונדן דעם לאָמפּ אויפן טיש, געכאַפּט זיך צו איר טאָג־בוך, און אָנגע־הויבן צו שרייבן. אָן אַנדערש מאָל וואָלט זי נישט אַזוי שטאַרק מורא גע־האַט, אַז די מוטער וועט דערזען דאָס ליכט דורך דער גלאָז־טיר פון איר קינדער־צימער. נישט איינמאָל האָט שוין געטראָפן, אַז די מוטער קומט אַריין אינמיטן דער נאַכט, רייסט אַרויס פון אירע הענט דאָס בוך, וואָס זי האַלט אין מיטן לייענען, אָדער פאַרמאַכט דאָס טאָג־בוך אין וועלכן זי האַלט אין מיטן שרייבן און טרייבט זי אין בעט אַריין. היינט האָט זי מורא אַזעלכעס צו טון. מאָרגן דאַרף זי פאָרן אויפן אויספלוג. פּאַפּי האָט נאָך ביז איצט נישט מסכים געווען מיטן גאַנצן האַרצן צו דער רייזע, און דאָס איצטיקע אָוועקזעצן זיך שרייבן אינעם טאָג־בוך קען לייגן נאָך אַ שטיין אויפן וועג פון איר אויספלוג.

בלי ספק וועט דער טאָג־בוך איר נויטיק זיין בשעת דער רייזע. דאָס מאָל מוז איר שרייבן באַקומען דעם ערשטן פּרייז אויפן שול־קאָנקורס. קיי־נעם וועט זי פריִער נישט ווייזן איר אַרבעט. בלויז צו האַרין וועט זי צו־

שיקן אַ קאָפּיע. זי מוז אים איבערראַשן. דאָס מאָל מוז זי קריגן דעם ערשטן פּרייז. זאָל האַרי וויסן מיט וועמען ער דאַרף שטאָלצירן...

זי האָט אַרויסגעכאַפּט דעם טאָג־בוך פון טיש־שופלאָד. מאָרגן קען זי פאַרגעסן אים איינצופּאַקן אינעם רוקזאַק.

דער ליכט־פּאַס פון דער לבנה האָט באַלויכטן דעם דיקן העפט אין אירע הענט. ער איז געווען לוקסוסדיק געבונדן. אויפן פּליושענעם דעקל פון באָרדאָ־קאָליר האָט געפינקלט אַ מעטאַלן שילדל, ווי אַ וויזיט־קאַרטע, מיט אויסגראַווירטע צוויי שורות: „פאַר דער טאַלאַנטירטער דאַניעלאַ“. „פון דיין ברודער האַרי“.

זי האָט געמישט די בלעטער:

„...שילערינס און שילער, באַפּרייטע פון די שולן צוליב פעריִען־צייט, שפּאַצירן אין די אַלייען פון שטאָט־פּאַרק. מאַנכע שטייען געבויגן אויפן האָלצערנעם בריקל, וואָס איבער דער אָזערע, וואַרפן ברעקלעך ברויט צו דער שוואַן, וועלכע שאַרט זיך אויפן גלאַטן וואַסער־שפּיגל, ווי אַ פאַר־חלומטע פּרינצעסין, מיט אַ מינע ווי זי וואָלט דאָ געווען די זעלבסט־הער־שערין. דער פּאַרק און מיר אַלע אַרומיקע געהערן צו איר. די זון און דער הימל זענען אירע פריינט, די שטערן — אירע חברטעס. זי קומט צו זיי צו גאַסט, און זי פאַרבעט זיי אויך צו זיך ווי געסט אין נעכט ווען די לבנה קומט זיך באָדן אין לויטערן וואַסער פון איר אָזערע. זי ברויכט נישט מען זאָל איר וואַרפן נדבות! נאָר, אַז שילער און שילערינס וואַרפן שטיקלעך ברויט אין איר אָזערע אַריין, קומט זי צו שווימען פּאַטריאַרכאַליש צום בריקל, ווי נישט דאָס איז זי אויסן, שטעקט אַריין איר אַדלדיקן שנאָבל אינעם וואַסער, טיף, טיף, ציט אים צוריק אַרויס ווי אַ ווייסן בויגן, צעקייט נישט, מען זאָל זי נישט חושד זיין אין עפּעס, שלינגט גראַציעז אַראָפּ, זאָגט נישט קיין שיינעם דאַנק, דרייט זיך אויס, ריטשט זיך צוריק אַוועק אויפן גלאַטן וואַסער־שפּיגל, שטאָלץ, מאַיעסטעטיש — אַ בכבודיקע, שטאָל־צע שנאָרערין...

***

אַן אָנהייב־דרימל שפּרייט אויס קאָלירטע שלייערן איבער די לאַנגע וויעס פון דאַניעלאַס פאַרמאַכטע אויגן.

— — — פון דער טונקלקייט פון שטאָט־פּאַרק שיילט זיך אַרויס די ווייסע שוואַן און שווימט גלייך צו איר. דער לאַנגער פּאַס־ליכט פון דער לבנה, וואָס שיינט אַריין דורכן פענצטער פּאַרוואַנדלט זיך אין אַ באַלויכ־טענער אָזערע. איינציקווייז טאָפּלט זיך די שוואַן, צוויי שוואַנען שווימען לעבן אַ לאַנגער האַלצערנער בריק. דאַניעלאַ שטייט ביי אַ פרעמדן אומ־באַקאַנטן ברעג. דער טייך איז רויט. טונקל־רויט. הינטער אירע פּלייצעס טאַנצן אָן אַ שיעור באַנען. זיי האָבן מאָדנע פּרצופים, ווי שיכורע גויים. זיי שאַרפן גרויסע, פייערדיקע מעסערס אויף די אייזערנע לויפנדיקע רעדער. די רעדער פון נאַכט־טראַמווייז לויפן אויף די רעלצן און מאַכן אָן אַ געוואַל־דיקן רעש. דאַניעלאַ וויל אַנטלויפן, זי וויל זיך ראַטעווען, נאָר זי פילט ווי זי וואָלט געלאָפן קעגן אַ גרויסן שטורעם־ווינט; אירע פיס הייבן זיך אויף מיט אַ שווערקייט ווי זי וואָלט מיט זיי געלאָפן אונטערן וואַסער. זי דרייט אויס דעם קאָפּ. האַרי שטייט צווישן מיליאָנען שאַרפנדיקע מעסערס. אַלץ איז רויט, טונקל־רויט. אַרום אים לאַכן מיליאָנען קעפּ פון גוייִשע קאָנדוקטאָרן. זיי שטייען הינטער לאָקאָמאָטיוו־קוימענס, פון וועלכע עס שלאָגן קנוילן רויך מיט פייער־פונקען. האַרי וואַקסט איבער די קוימענס, וואָס אַמאָל העכער, העכער, ביז צום הימל. ער איז אַרומגעהילט אין אַ ווייסן וואָלקן. עס קוקט אויס ווי ער וואָלט געווען געבונדן אינעם וואָלקן. האַרי קוקט מיט פאַרשטיינטע, אָפענע אויגן. טראַמווייען מיט הויכע קוי־מענס הייבן זיך פּלוצלונג אָן יאָגן נאָך איר מיט אַ שטורמישער קלינגעריי. די קלאַנגען קומען אַריין דורכן אָפענעם פענצטער פון איר קינדער־צימער. זיי יאָגן זיך נאָך איר און ווילן זי כאַפּן. פּלוצלונג שפּרייטן די צוויי שוואַנען אויס זייערע ווייסע פליגלען. זיי פאַרבעטן זי צו זיך. זיי ווילן איר געבן שוץ. דאַניעלאַ לויפט. דער וועג איז ווייט. וואָס מער זי לויפט אַלץ מערער און מערער זענען זיי ווייט פון איר. די פיס ברעכן זיך אונטער איר. אָט וועט זי פאַלן. זי רייסט זיך מיט די לעצטע כוחות. זי שרייט, נאָר דער געשריי קומט נישט אַרויס פון איר האַלדז. פּלוצלונג פילט זי, זי פאַלט פון ערגעץ אַ הויך אין טיפעניש — — —

אַז דאַניעלאַ האָט געעפנט אירע אויגן, האָט זי נאָך געהערט דאָס קלינגעריי פון דרויסנדיקן נאַכט־טראַמוויי. איר האַרץ האָט שטאַרק גע־קלאַפּט. אַ קאַלטער שוויס האָט גענעצט איר שטערן. זי האָט געפילט אַ

מידקייט אין די פיס, ווי זי וואָלט מיט זיי אויף אַן אמת נאָר וואָס געלאָפן.
דער פּחד איז געווען דער זעלבער ווי פריִער. ער איז פון איר נישט אַוועק.
דער חלום איז געשטאַנען פאַר אירע אויגן ווי אַ לעבעדיקע, ממשותדיקע
זאַך.

און אויך די שרעק איז געווען אַ ממשותדיקע.

דער ליכט-פּאַס פון דער לבנה איז מער נישט געלעגן אויפן טיש.
איצט האָט ער אַריינגעשטראַלט פון אַ ווינקל-פענצטער, שאַרף און קאַנ-
טיק, גלייך צו איר קאָפּ. עס האָט אויסגעקוקט ווי אַ לאַנגער, שטאָל-גע-
שאַרפטער שפּיז וואָלט אַדורכגעשטאָכן אירע שלייפן און געבליבן שטעקן
מיטן שפּיץ אין דער וואַנט לעבן איר בעט.

## קאַפּיטל פיר

# שול-אויספלוג

דער הימל איבער די קאָנגרעסיער פֿאַבריק־קוימענס האָט זיך געשפּרייט בלוי און לויטער. אַ סוף־אויגוסט־זון האָט געשײַנט אויף דעם גרויען אַספֿאַלט פֿון די גאַסן איבער וועלכע דער פֿינפֿטער קלאַס פֿון פּרויען־גימנאַזיום „וויסן” האָט מאַרשירט צום צוג. אַ ווינטל האָט מיט אַ פֿרייד געפּלאָכטן שטיקער זון איבער די שורות קעפּ פֿון די מיידלעך.

דאַניעלאַ מאַרשירט אין דער ערשטער ריי. ס׳איז איר ערשטער אויספֿלוג. די פֿרייד קוועלט פֿון איר אַרויס: זי וועט זיך באַקענען מיט נײַע קולטור־ווערטן. זי וועט זען איר ליבלינג, מיצקעוויטשן, וואָס זײַנע לידער קען זי כּמעט פֿון אויסנווייניק. און דער עיקר: די איבערראַשנדיקע באַגעגעניש בשעת האַרי וועט זי דערזען!

דאַניעלאַ ווייסט נאָך נישט קלאָר, ווי אַזוי אײַנצואָרדענען די באַגעגעניש מיט איר ברודער. תּחילת האָט זי געטראַכט זי וועט שיקן אַ טעלעגראַם קיין מעטראָפּאָלי, האַרי זאָל זי אָפּוואַרטן בײַ דער באַן. נאָר זי האָט זיך באַלד געכאַפּט: אויב האַרי וועט פֿריִער וויסן וועגן איר באַזוך, וועט דאָס מער נישט זײַן קיין סורפּריז. ניין! בעסער, אַז זי וועט קומען קיין מעטראָפּאָלי אומדערוואַרט; זי וועט שטיין, אָפּוואַרטן לעבן טויער ווו האַרי וווינט, און בשעת זי וועט אים באַמערקן אַרויסגיין פֿון הויז, וועט זי אים נאָכגיין עטלעכע טריט, אויסגלײַכן זיך מיט אים, און גלײַכגילטיק, ווי איינער וואָס רעדט צו דער ליידיקער לופֿט, וועט זי אים אַ זאָג טון:

— אפשר איז דער עלעגאַנטער הער פריי צו פאַרבעטן אַן איינזאַמע פריילין אויף אַ קורצן פאַרמיטאָג־שפּאַציר?...

דאָס וועט זיין וווּנדערבאַר.

זי מאַרשירט לייכט, ווי אירע פיס וואָלטן זיך געהויבן צום טאַקט פון מוזיק. דער רוקזאַק אויף די פּלייצעס, דער רעגן־מאַנטל איינגעוויקלט און אַרומגעבונדן פון אויבן איבערן רוקזאַק. מאַ האָט זיך איינגעשפּאַרט זי זאָל דורכויס מיט זיך מיטנעמען דעם רעגן־מאַנטל. דאָס מאָל האָט זי נישט געוואַגט צו זאָגן אַנדערש.

די פערצן־יעריקע דאַניעלאַ מאַרשירט און דאָס האַרץ זינגט אין איר פון פרייד. הויך־געשנורטע ספּאָרט־שיך אויף די שלאַנקע פיס, די העלע טשאָקאָלאַד־קאָליר פון איר פּנים זאַפּטיקט זיך אַנטקעגן דער זון, און לאַנגע, לאַנגע טונקעלע וויִעס שאָטענען ווי אַרויסגערוקטע דעכער איבער אירע הימל־בלויע, פאַרחלומטע אויגן.

פון די פענצטער און באַלקאָנען, ווו די מיידלעך מאַרשירן אַדורך, קוקן אַרויס קרובים און משפּחה. קינדער שרייען: „דער פינפטער קלאַס פאָרט אויף אַן אויספלוג!” שול־יוגנט קוקט מיט קנאה. עלטערן פאָכן מיט ווייסע טיכלעך; קינדער — מיט די הענטלעך. מען שרייט, מען רופט נעמען פון מיידלעך, מאַרשירנדיקע קעפּ הייבן זיך אַרויף צו די פענצטער און באַלקאָנען מיט פרייד אין די אויגן. פון דער הויך שרייט מען צו זיי צוריק:

— אָנגענעמע רייזע!...

— פיל פאַרגעניגן!...

פּרעלעשניק, דאַניעלאַס פאָטער, כאָטש פאַר זיין אַוועקגיין אינדערפרי האָט ער זיך געזעגנט מיט זיין טאָכטער, איז זיין האַרץ פאָרט נישט געווען רויִק. עס האָט אים צוריק אַהיים געטריבן, כדי אָנצוזאָגן, אַז דאַניעלאַ זאָל, למען השם, יעדן טאָג שרייבן אַ פּאָסט־קאַרטע פון וועג. ער וויל וויסן ווו זי געפינט זיך און ווי עס גייט איר. אַהיימקומענדיק, האָט ער דאַניעלאַן מער נישט געטראָפן. אויפן טיש אין איר צימער האָט ער באַמערקט איר מעדאַליאָן. אין איילעניש האָט דאַניעלאַ, ווייזט אויס, פאַרגעסן אים אָנצוטון אויפן האַלדז.

דעם מעדאַליאָן האָט דאַניעלאַ באַקומען אַ מתנה פון איר פאָטער צו איר דרייצן־יעריקן געבורטס־טאָג. אין אַן אָוואַל־רעמל פון גאָלד האָבן

זיך דאָרט געפונען צוויי מיניאַטור־פאָטאָגראַפיעס: אויף איין זייט — אַ בשותּפותדיק בילד פון דאַניעלאַן צוזאַמען מיט איר קליין ברודערל מאָני; דאַניעלאַ אין איר שול־אוניפאָרם־קליידל מיט צוויי לאַנגע, בלאָנדע צעפּ פון פאָרנט, געבונדן מיט ברייטע, ווייסע באַנד־שלייפן ביי די עקן. לעבן איר, אויף אַ שטרוי־געפלאָכטענעם טישל, זיצט דער דריי־יעריקער מאָני אין אַ ווייסן מאַטראָזן־קאָסטיומל, קוקט מיט סאַמעטענע, גרויס געעפנטע אויגן סיי צו דער מאָדנער וועלט, און סיי צו דעם משונהדיקן, שוואַרצן פאָטאָ־אַפּאַראַט.

האָט פּרעלעשניק גענומען דעם מעדאַליאָן פון טיש מיט דער דעה אַרויסצופאָרן צו דער באַן, און אַגבֿ, אָנזאָגן דאַניעלאַן, זי זאָל נישט פאַרגעסן אַהיים צו שרייבן יעדן טאָג. נאָר פון צווייטן צימער האָט זיך צו אים דערטראָגן דאָס געוויין פון קליינעם מאָני. דאַניעלאַ האָט קוים קוים באַוויזן אַרויסצוגיין פון שטוב, און אים האָט זיך שוין פאַרבענקט נאָך זיין שוועסטער.

מאָני איז אַלט געווען זיבן יאָר. לויט זיין נאַטור — דער פולשטענ־דיקער היפוך פון זיין שוועסטער. מאָני האָט נישט ליב געהאַט צו פאַרלאָזן די שטוב. די דרויסנדיקע וועלט האָט אים נישט געצויגן. אַפילו אויף אַ שפּאַציר האָט מען אים אויך געדאַרפט אַרויסנאַרן.

מאָני האָט געהאַט ווייכע, סאַמעטענע אויגן, געירשנטע פון זיין מו־טער. אין אָט די אויגן האָט זיין פאָטער זיך פאַרליבט ביים ערשטן בליק ווען ער האָט זיי נאָר געזען. אין זיי איז געלעגן דורות פון רבנישן יחוס. נישט איין מאָל טרעפט, אַז ווען פּרעלעשניק דערזעט די אויפגעהויבענע אויגן פון דעם קליינעם, צאַרטן מאָני, מיט דעם ווייכן, סאַמעטענעם בליק אין זיי, קען ער זיך נישט איינהאַלטן, כאַפּט אים אַריין אין זיינע געזונטע, קלאַמערנדיקע, גרויסע אָרעמס; וואַרפט זיך מיט אים אויף דער סאָפע, נאָרעט איין דעם קאָפּ אין קליינעמס גופל, שפּרינגט, האָפּקעט און שרייט פון נחת:

„אָ, מיאוס, מאַלפּעדיק צדיקל מיינס!...“

איצט, אַז דער קליינער מאָני האָט דערזען זיין פאָטער שטיין אין דער אָפענער טיר, האָט זיין געוויין זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. ווי ער וואָלט דערפילט, אַז דאָ איז דער ריכטיקער פּלאַץ פאַר וועמען אויסצוגיסן

זיין האַרץ. פּרעלעשניק האָט אויסגעשפּרייט זיינע הענט און דער קליינער מאָני איז צו אים צוגעלאָפן. דער פאָטער האָט אים אַרויפגעכאַפּט צו זיך, צוגעדריקט דאָס נאַסע, פאַרטרערטע פּנימל צו זיין באַק, צו זיינע ליפּן, צו זיינע אויגן, און מיט אַ האַרציק־טרייסטנדיקער שטימע געצויגן די ווערטער:

—צדיקל מיינס... וואָס איז?

— איך וויל צו דאַנישן... — האָט דער קליינער געוויינט.

האָט פּרעלעשניק באַשלאָסן מיטצונעמען מאָנין צו דער באַן, כדי ער זאָל זיך נאָכאַמאָל געזעגענען מיט זיין שוועסטער.

אויפן הויפּט־וואָקזאַל האָבן זיי געטראָפן דעם גאַנצן קלאַס אין אַ געהויבענער רייזע־שטימונג. די רוקזעק לעבן זייערע פיס. די באַן האָט זיך פאַרשפּעטיקט. די ליניעס זענען פאַרנומען מיט פאַרנדיק מיליטער.

אַז דאַניעלאַ האָט באַמערקט פון דער ווייטנס דעם אָנקום פון איר פאָטער צוזאַמען מיט איר קליינעם ברודערל, איז זי זיי אַנטקעגן געלאָפן. זי האָט אַרומגעכאַפּט מאָנין געדריקט אים צו זיך.

— דאַניש, פאַרוואָס פאָרסטו אַוועק? — האָט מאָני טרויעריק געפרעגט.

— כדי דיר צו ברענגען אַ שיינע מתנה, זיסער — האָט דאַניעלאַ געענטפערט.

אויף די דערנעבנדיקע רעלצן זענען געשטאַנען לאַנגע צוגן מיט אָפענע און פאַרמאַכטע וואַגאָנען. אויף איינעם פון די אָפענע וואַגאָנען האָבן סאָלדאַטן, אין אויסגעצויגענע אויבער־ראָקן, זיך געפּאָרעט לעבן גרויסע, פאַרעדיקע קעסלען, אין וועלכע זיי האָבן געקאָכט מיטאָג. האַרט לעבן די מיטאָג־קעסלען איז געשטאַנען אַ מין משונהדיקער מאַשין־געווער, מיט אַ לאַנגער רער אויסגעשטרעקט צום הימל. הינטער דער רער זיצט אַ סאָלדאַט און שפּילט אויף אַ גאַרמאָשקע.

פּרעלעשניקן איז די בשורה וועגן דער באַן־פאַרשפּעטיקונג זייער נישט געפעלן געוואָרן. נאָר קיין עצה דערצו האָט ער נישט געהאַט. ער האָט בלויז אָנגעזאָגט דאַניעלאַן זי זאָל געדענקען — ווייל דאַניעלאַ האָט ליב צו פאַרגעסן, ווען די „צעחושטע מוזע" כאַפּט זי אָן, ווי די מוטער רופט דאָס — זי זאָל יעדן טאָג שרייבן אַ פּאָסט־קאַרטל, און נישט פאַרגעסן

## דאָס הויז פון די ליאַלקעס

דאָס, אַזוי ווי זי האָט פאַרגעסן דעם מעדאַליאָן אויפן טיש.

אַז דער צוג איז אָנגעקומען, איז צו דער שמחה צווישן די מיידלעך נישט געווען קיין גרענעץ. זיי זענען אַריין מיט אַ געפילדער אין די וואַגאָנען. דאַניעלאַס קאָפּ האָט זיך באַלד באַוויזן אין איינעם פון די וואַגאָן־פענצטער, דער הימל האָט זיך געשפּיגלט אין דער בלויקייט פון אירע אויגן. אַ ווינט האָט זוניק, מיט אַ גאָלדענעם קאַם, געקעמט אירע צעפּאַליעטע האָר.

די באַן האָט גערירט פון אָרט. פּאַ, מאַני, דער וואָקזאַל, אַלץ, אַלץ, האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך דערווייטערן. דאַניעלאַס אויגן האָבן זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון פּאָטער: מיט איין האַנט האָט ער געפּאָכעט, הויך־הויך, מיט אַ ווייס טיכל, בשעת די צווייטע האַנט איז געווען אַ געפלאָכטענע מיט מאַניס אַרויפגעהויבענעם הענטעלע.

די באַן האָט זיך אַלץ מערער און מערער דערווייטערט. אַ גרויע ליידיקייט האָט איצט אויסגעפילט דעם שטח וועלכער איז געווען צעשטרייפט דורך אומענדלעכע גלאַנציקע באַן־רעלצן. אַ לענגערע צייט איז דאַניעלאַ געשטאַנען און געקוקט. און אירע אויגן האָבן אין זיך איינגעזאַפּט דאָס דאָזיקע בילד אויף אייביק.

## קאַפּיטל פינף

# האַרץ־ווונטשן

ייִדישע שטעטלעך אין פּוילן, — ווי פולע לאָגלען אויף אַקסלען פון מדבר־דורכגייער.

ייִדישע שטעטלעך אין פּוילן, — ווי טויבן שטילע.

זיי זענען די ערשטע אויפגעגאַנגען אויפן דייטשן פייער.

דיסטריקט־מעטראָפּאָלי איז דורך די דייטשן — ווי מיט אַ שאַרף פון אַ האַק — צעטיילט געוואָרן אויף עטלעכע אָפּגעזונדערטע, הערמעטיש־אָפּגעשלאָסענע ייִדן־פערטלען, מיט באַזונדערע ייִדנראַטן. נישט אַריין, נישט אַרויס. און נישט אַריבער פון איין ייִדן־פערטל אין אַנדערן.

האָט עס געטראָפן, אַז אין מעטראָפּאָלי איז געכאַפּט געוואָרן אַ ייִד, אַן אַנטלאָפענער פון אַ שכנותדיקן, שוין פאַרניכטעטן, ייִדישן שטעטל — האָט געסטאַפּאָ אים באַלד אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ. אויב אָבער די ייִדנראַט־מיליץ האָבן געכאַפּט אַזאַ ייִד, האָבן זיי אים, אָדער איבערגעגעבן באַלד אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, אָדער, פאַר אויסקויף־געלט, אים איבער־געלאָזט אין ספּעציעל געשאַפענע זאַמלונגס־„פּונקטן" ווו עס זענען געהאַלטן געוואָרן אַזעלכע וואָס אויף זייער ווינשיין האָט זיך נישט געפונען דאָס רויטע האַקנקרייץ־שטעמפּעלע פון געסטאַפּאָ — דער סימן, אַז זיי מעגן וווינען אין דיסטריקט־מעטראָפּאָלי.

די מיליץ האָבן די אומלעגאַלע געהאַלטן קאָנצענטרירט אין אַזעלכע „פּונקטן" כדי אין פאַל פון אַ דייטשער אויספאָרשונג זאָלן זיי קודם־כל

זיך אַליין קענען פאַרענטפערן: „דער יודענראַט ווייסט ווויל וועגן אַט די אומגעוווּנטשענע עלעמענטן. זיי ווערן טאַקע דאָ געהאַלטן ביז עס וועלן זיך אָנזאַמלען אַ גרעסערע גרופּע כדי זיי איבערצוגעבן אין די הענט פון געסטאַפּאָ“.

די „אומגעווינטשטע עלעמענטן“ האָבן דעריבער נישט געטאָרט נעכ־טיקן ביי קרובים אָדער אין אַנדערע פּריוואַטע הייזער. אויב עס איז גע־כאַפּט געוואָרן אַן אומלעגאַלער, אַז ער נעכטיקט אין אַ פּריוואַטן הויז, איז סיי ער, סיי דאָס גאַנצע הויז־געזינד, וווּ ער איז געכאַפּט געוואָרן, באַלד געוואָרן אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ.

## פון דאַניעלאַס טאָג־בוך

מעטראָפּאָלי, דעם 16טן פעברואַר, 1942.

...מיינע טרוימען און מיינע פּלענער! דאָס האַרץ האָט זיי אויסגע־שפּיגן מיט די ערשטע און דינסטע פעדעם פון מיין פאַנטאַזיע; פּלענער וועגן מיין רייזע קיין ארץ ישראל, פּלענער וועגן דער מינוט ווען מיינע פיס וועלן צום ערשטן מאָל טרעטן איבער די גאַסן פון מעטראָפּאָלי. סתם עפענען די טיר און אַריינקומען צו האַרין אין שטוב, האָט מיר אויסגעזען נישט גענוג. בעסער אַז איך וועל אים אָפּוואַרטן אין גאַס, בעסער אַז איך וועל מיך פאַר אים באַווייזן אומגעריכט. איך וועל אים איבערראַשן. דאָס געפיל פון אַזאַ גליקלעכער סעקונדע איז מיר געווען גוט באַקאַנט. איך האָבן דאָך אָט דאָס געפיל איבערגעלעבט בשעת האַרי האָט מיך אָפּגעוואַרט אין קאָנגרעסיאַ, ביים אַרויסגאַנג פון גימנאַזיום. פון אים האָב איך דאָך דאָס געלערנט...

„...הייס־באַגערטע פאַרלאַנגען פון אַ מענטשלעך האַרץ, זענען ווי זאָמען געוואָרפענע אינעם סודותפולן טראַכט פון קאָסמאָס; הייס־באַגערטע ווונטשן ווערן כמעט שטענדיק פאַרווירקלעכט. נאָר מערסטנטייל אויף אַזאַ שטייגער, אַז אַפילו דער מענטש גופא, וועלכער האָט זיי אויסגעטראָגן אין זיין האַרץ, דערקענט זיי נישט...“

אָט די ווערטער קומען מיר שטענדיק אויפן געדאַנק ווי נאָר איך דערמאָן מיך אין דער ערשטער נאַכט, ווען איך בין אָנגעקומען קיין מעט־

ראַפּאַלי, נאָכדעם ווי זאַלקע, דער גרענעץ־שמוגלער, האָט מיך געלאָזט שטיין צווישן די פינצטערע געטאָ־גאַסן.

איידער ער האָט מיך אַרויסגעפירט פון געטאָ־קראָקע, האָט זאַלקע מיט מיר פריִער אויסגענומען אַ תנאי: היות ער דאַרף איבערפירן צוויי ברויטלעך צו זיינעם אַן אָרעמען קרוב אין מעטראָפּאָלי, זאָל איך אים העלפן טראָגן איין ברויט. ווי קליין און נישטיק האָט אין יענע מינוט זאַל־קעס ביטע אויסגעזען אין מיינע אויגן! ווייל וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס פאַר מיר צו טראָגן אַ לעבל ברויט, און ווען אַפילו טויזנט ברויטלעך, אַנטקעגן דעם אויסזיכט ענדלעך שוין צו זיין צוזאַמען מיט האַרין.

— ניין! צוויי ברויטן קאָנען די דייטשן ביי דיר צונעמען אויף דער גרענעץ. — האָט זאַלקע קורץ אָפּגעפּסקנט. דער עיקר, — האָט ער מיר איינגעחזרט, — אויב, חלילה, מען כאַפּט מיך, זאָל איך נישט פאַרגעסן, אַז איך בין אַ קריסטין, וואָס פאָרט קיין מעטראָפּאָליע זוכן אַרבעט. דאָס ברויטל האָב איך געפונען! נישט געקויפט ביי עמעצן, נישט געקראָגן אַ מתנה פון עמעצן — נאָר געפונען! געפונען לעבן די באַן־רעלצן! אַ סימן, דאָס ברויטל איז נאָך פאַרשמוצט מיט בלאָטע. אַ חוץ דעם זאָל איך געדענ־קען: זאַלקען קען איך נישט! זיין פּנים האָב איך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געזען!

ערשט שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס ברויטל וואָס איך האָב געפירט פאַר זאַלקעס אַן אָרעמען קרוב, איז געווען אָנגעפילט מיט ברילּיאַנטן און דאָלאַר־באַנקנאָטן.

„...הייס־באַגערטע פאַרלאַנגען פון אַ מענטשלעך האַרץ, ווערן כמעט שטענדיק פאַרווירקלעכט...״ נאָר ווען מיינע פיס האָבן דאָס ערשטע מאָל געטראָטן איבער די גאַסן פון מעטראָפּאָלי, האָב איך אַפילו נישט געדענקט אין די גאָלדענע חלומות וואָס מיין האַרץ האָט אַמאָל געשפּונען וועגן דער רגע ווען איך וועל קומען דאָ אַהער. פונקט ווי איך האָב נישט געדענקט אין קראָקע, אַז איך געפין מיך אין דער שטאָט פון „וואַוועל״: יאָ, מיין הייס־באַגערטער ווונטש איז מקויים געוואָרן, נאָר אָנשטאָט צום וואַוועל פון מיצקעוויטשן, בין איך אָנגעקומען צום וואַוועל פון גאַולייטער פראַנק. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט בשעת מיין אָנקום קיין מעטראָפּאָלי: איך האָב אַפילו נישט געדענקט, אַז איך בין סוף־סוף געקומען צום אָרט ווו האַרי געפינט

זיך. איך האָב בלויז געדענקט, אַז איך דאַרף מיך שאַרן ביי די טונקעלע ווענט פון די געטאָ־הייזקעס, כדי דאָס אויג פון אַ דייטשן פּאַטרול זאָל מיך נישט דערכאַפּן.

צי וועלן אַלע מיינע ווונטשן אַט אַזוי דערפילט ווערן?...

* * *

מאָניעק מאַטראַז, דער לייטער פון יודענראַט, האָט יענע נאַכט באַ־פוילן אַרויסצונעמען וועווקע שוסטער פון בעט און אים ברענגען אויף דער „מיליץ־וואַכע”. געסטאַפּאָ־פירער פאַרלאַנגען פון יודענראַט, נייע לוקסוס־אַרטיקעל קאָרק־שיך — אַ מתנה פאַר זייערע פרויען. „קאָרק־שיך ווי עלע־גאַנטע יידישקעס פלעגן אַמאָל טראָגן!” טאָ ווער־זשע, אויב נישט וועווקע ליטוואַק, וועט קענען אויסאַרבעטן אַזעלכע שיך, אַז די פרויען פון די געסטאַפּאָ־פירער זאָלן זיין צופרידן?

אין דער וואַך־שטוב פון דער יידישער מיליץ אינעם יודען־פירטל 3 איז געזעסן דער מיליציאַנער אַריינגערוקט טיף אין אַ רייך־אויסגעבעטן פאָטער־שטול, מיט איין פוס איבערגעוואָרפן איבער דעם געפּאָלסטערטן האַנט־אָנלען פון דער שטול; דאָס בלוי־ווייסע מיליץ־היטל אויף זיין קאָפּ איז געווען פאַררוקט אויף אַ זייט, די אויגן — האַלב־פאַרמאַכטע, און מיט אַ פאַרשלאָפענער גלייכגילטיקייט האָט ער געצויגן זיינע ווערטער צו וועוו־קעס זייט:

— מענטשן וואָלטן זיך געלאָזט קאָסטן אַ פאַרמעגן אַריבערצוקומען אַזאַ גרענעץ בשלום. מיינסטו דאָך אַוודאי, אַז נאַראָנים היט גאָט? טאָ נאַדיר, קומט אַזאַ חכמה גאָר צוקריכן אַליין, אויף די אייגענע פיס, גלייך אין דער מיליץ אַריין. ס'איז גאָרנישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ גאַנדז איז אַרויס פון געטאָ־קראָקע, אַריבער דער גרענעץ, אָנגעקומען ביז אַהער, און מען האָט זי אַפילו קיין איינציקן מאָל נישט פאַרטשעפּעט אויפן וועג?

— וואָס זשע קלערט איר מיט איר צו מאַכן? — האָט וועווקע געפרעגט.

דער מיליציאַנער, אינעם טיף־אויסגעפּאָלסטערטן שטול, האָט זיך נישט אַ ריר געטון פון זיין באַקוועם־איינגעאָרדנטער פּאָזיציע. ער האָט אַפילו נישט געקוקט צו דער זייט פון דאַניעלאַן. אַ שטייגער ווי נישט

ווען איר וואָלט דאָ אָנגעגאַנגען דאָס געשפּרעך. זיינע אויגן־לעפּלעך האָבן זיך כמעט אינגאַנצן אַראָפּגעלאָזט, און ער האָט מיט אַ שלעפּערדיקן קול, לאַנגווייליק, געצויגן די ווערטער:

— וואָס הייסט „וואָס־זשע"? מאָרגן וועט זי אַריינפאַלן אין אַ „טראַנספּאָרט"...

מיט דער זעלבער שנעלקייט ווי אַ מענטש אין געטאָ פאַרלירט דאָס לעבן, מיט דער זעלבער שנעלקייט טרעפט אויך, אַז ער געפינט עס אַמאָל צוריק. סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס צווייטע, קומט צו אים בהסח־הדעת, אומדערוואַרט.

פאַר דעם צוזאָג אַרויפצוציען אַ פּאָר נייע, האַלבע־זוילן אויף דעם מיליציאַנערס שטיוול, האָט ווענקע אָפּגעראַטעוועט דאָס געכאַפּטע יידישע מיידל, דאַניעלאַ, פון טויט. מיט טאָג־אויפגאַנג האָט ער זי אַוועקגעפירט צום „פּונקט", וואָס געפינט זיך אין העלערס הויז, וווּ, אין זעלבן הויז, אינעם דריטן הויף, וווינט ווענקע מיט זיין משפחה.

***

דאַניעלאַ איז אַראָפּ צום טויער פון הויז.

אין די זונטיקדיקע פאַרטאָגן, באַלד נאָכדעם ווי די מיליץ האָט קאָנט־ראָלירט צי עס פעלט נישט עמעצער פון די אומלעגאַלע אויפן „פּונקט", קען דאַניעלאַ מער נישט איינרוען אויפן געלעגער. איבער די גאַסן פון געטאָ ציט זיך נאָך די „נאַכט־שפּערע". מען טאָר נישט אַרויסגיין. פון־דעסטוועגן טרייבט עס זי אַראָפּ צום הויז־אַרויסגאַנג. ווייל זונטיק קומט צו איר האַרי פון יידן־פערטל 1.

זונטיק אַרבעט מען נישט אין די שאַפּן. זונטיק ליגן די דייטשן אין די שענקן, און האַרין איז לייכטער זיך אַדורכצושמוגלען דורך די פעלדער און קומען צו איר אין יידן־פערטל 3. זונטיק איז די סכנה נישט אַזוי גרויס.

דער קאָרידאָר פון הויז־אַרויסגאַנג איז שוין געווען פול מיט מענטש־לעכע שאָטנס. די לופט איז געווען פייל, נאַס, און האָט זיך איינגעגעסן מיט אַ קעלט אין די ביינער. דאַניעלאַ האָט אַרויפגעצויגן דעם קראַגן פון איר רעגן־מאַנטל. זי האָט געמיינט, אַז זי וועט דאָ זיין די ערשטע. שטענדיק,

אין די זונטיקדיקע פאַרטאָגן, מיינט זי, אַז ווען זי וועט אַראָפּקומען אַהער, וועט זי דאָ אַוודאי זיין די ערשטע, נאָר באַלד ווי זי קומט אַריין אינעם טונקעלן קאָרידאָר, דערפילט זי, אַז די גאַנצע לענג פון די קאָרידאָר־ווענט זענען שוין באַדעקט מיט מענטשלעכע שאָטנס וועלכע שטייען שווייגנדיקע, שטומע, וואַרטן אויף דער רגע ווען עס וועט זיך פאַרענדיקן די „נאַכט־שפּערע“, זיי זאָלן שוין קענען אַרויסלויפן.

עמעצער גייט צו צום טויער, עפנט עס, און ווערט באַלד צוריק נעלם אויף זיין פּריוועדיקן פּלאַץ. מען זעט אים מער נישט אָן, ווי מען זעט נישט אַ שאָטן, וואָס גיסט זיך צוזאַמען מיט אַ פינצטערן ווינקל.

דער טויער שטייט איצט אָפן. פון דרויסן קוקט אַריין די ליידיקע גאַס, טויט און פינצטער. די נאַכט־שפּערע ציט זיך איבערן געטאָ ווי אַן אויסגעשפּרייטער, שוואַרצער טוך. אַ נאַסער שניי פאַלט אין דרויסן אָן אויפהער. אַ מין גרויע, פוילע מאַסע, אַ שניי אויסגעמישט מיט אַ רעגן, פאַלט און פאַלט.

צו וואָס, אייגנטלעך, האָט זי זיך געאיילט אַראָפּצוקומען אַהער? ווען נישט דער שניי וואָלט זי באַלד מיטן פאַרענדיקן פון דער „נאַכט־שפּערע“, אַרויסגעלאָפן צוזאַמען מיט אַלע; זי וואָלט אַוועק צום פּלאַץ פון דער אומ־זיסטער גמינע־קיך, און דאָרט, לעבן די פעלדער, וואָלט זי זיך אַוועקגע־שטעלט אָפּוואַרטן האַריס אָנקום. כאָטש דאָס איז אַן אומזין: האַרי קומט מערסטן טייל ערשט מיטאָג־צייט. זי, גופא, זאָגט דאָך אים שטענדיק אָן — שמור וזכור — ער זאָל נישט וואַגן אַרויסגיין פריער פון זיין ייִדן־פערטל. מיטאָג־צייט וואַלגערן זיך די דייטשן, שיכורע, אין די קנייפּעס, און די סכנה איז נישט אַזוי גרויס. מאַדנע, שטענדיק זאָגט זי אים דאָס אָן, זי פאַרלאַנגט דאָס פון אים. פונדעסטוועגן, יעדן זונטאָג־פאַרטאָג, באַלד ווי מען מעג נאָר אַרויס פון די הייזער, לויפט זי אַוועק צום פּלאַץ פון דער גמינע־קיך, שטעלט זיך דאָרט אַוועק קוקן צו די פעלדער, טאָמער וועט זי שוין דערזען ווי עס באַווייזט זיך אַ קליין פינטעלע לעבן עק פון נידעריקן באַרג. דאָס פינטעלע הייבט זיך אָן דערנענטערן, דערנענטערן. שטענדיק דערפילט זי פון דערווייטנס אויב דאָס איז האַרי. ווי דאָס „פינטעלע“ וואָס איז האַרי וואָלט געווען אַנדערש פון די אַנדערע פינטעלעך. הלוואַי זאָל

ק. צעטניק

ער נישט קומען פרי׳ער! ווען זי וואָלט געקענט זען סאניאן, וואָלט זי איר אָנגעזאָגט זי זאָל אים נישט אַרויסלאָזן פון שטוב פאַר מיטאָג־צייט. זי האָט מורא. דאָס האַרץ זאָגט איר, אַז דאָס ווערט זיך פאַרענדיקן מיט אַן אומגליק. הלוואַי וואָלט האַרי אויפגעהערט צו גיין דורך די פעלדער.

ווי אַזוי קען מען דאָס ביי אים פועלן? אָ, גאָט!...

## קאַפּיטל זעקס

# געטאָ-פּאַרטאַגן

דער טויער איז געשטאַנען אָפן. די „נאַכט־שפּערע“ איז געלעגן איבער די נידעריקע געטאָ־הייזקעס ווי אַ צודעק איבער אַ פינצטערן טאָפּ. אַ נאַסער שניי איז געהאָנגען אין דער לופט, ווי ער וואָלט איינגעדרימלט אין מיטן פאַלן. דאַניעלאַ האָט זיך פעסטער צוגעדריקט צו דער וואַנט פון קאָרידאָר כדי עס זאָל איר וואַרעמער זיין.

ווען זי פאַרדינט אַ פּאָר מאַרק, וואָלט זי דאָס ערשטע געדאַרפט אַריינגיין צו אַ שוסטער לייגן אַ פּאָר האַלבע זוילן אויף די שיך. אָ, ניין! צו וועוווקען וועט זי נישט אַריינגיין. ווען זי ווייסט אַפילו, אַז די פיס ווערן איר פאַרפרוילט. וועוווקע וועט נישט וועלן פון איר נעמען באַצאָלט. דאַכט זיך, אַז חיים־יידל האָט נעכטן געבראַכט סחורה, אַ פּאַק פּילצן. זי וועט אפשר קענען עפּעס פאַרדינען. אין אַ געוויינלעכן טאָג, נאָכן אַהיימקומען פון שאַפּ, איז אוממעגלעך עפּעס צו פאַרדינען. איידער מען פאַרדרייט זיך, רוקט זיך אָן די „שפּער־שטונדע“. אויב זי וועט נישט באַצייטנס פאַרריכטן די שיך, וועט זי בלייבן מיט באָרוועסע פיס. זונטיק איז דער בעסטער טאָג ווען מען קען עפּעס פאַרדינען ביי חיים יידלען. נאָר ווען זי וועט צוריקקומען פון דער גמינע־קיך, וועט שוין ווידער זיין נאָכן טאָג. זי וואָלט אפשר צוריק אַרויפגעגאַנגען אינעם „פּונקט“ אַריין פרעגן חיים־יידלען צי ער האָט עפּעס פאַר איר. פאַרמיטאָג, איידער זי לויפט צו האַרין, וואָלט זי געקענט אַריינכאַפּן אַ פּאָר מאַרק. חיים־יידל שלאָפט נאָך אַוודאַי. זי איז נישט קיין מענטש. זי איז אַן אָפּגעלאָזענע. אַנדערע באַווייזן אַלץ, נאָר זי

קומט נישט אויס מיט דער צייט. אַ גאַנצע וואָך קוקט זי זיך אויס די אויגן, אַז דער זונטיק זאָל שוין קומען, אַלץ לייגט זי אָפּ אויף דעם זונטיק־טאָג, נאָר דער זונטיק אַז ער קומט, רינט ער איר אויס צווישן די פינגער; צווישן אַ־יאָ־און־אַ־ניין. ווען זי איז אַ ביסל רירעוודיקער, וואָלט זי נאָך היינט גע־קענט עפּעס פאַרדינען. נאָר טאָמער וועט האַרי קומען פריִער? ווען חיים־יידל וואָלט עפּעס געהאַט פאַר איר, וואָלט ער איר נעכטן געזאָגט. ניין! זי האָט נישט קיין חרטה, וואָס זי האָט נישט געוואָלט נעמען פון סאַניאַן די שיך. זיי פאַרקויפן אַלץ פון דער שטוב אַרויס. האַרי האָט שוין נישט מער נאָר בלויז דעם אָנצוג, וועלכן ער טראָגט אויף זיך. פאַר אַזאַ פּאָר שיך קענען זיי לעבן אַ וואָך צייט. אַ פּאָר שפּאָגל־נייע שיך. מאַמי האָט איר געהייסן אָנטון צום אויספלוג די הויכע ספּאָרט־שיך. נאָך גוט וואָס זי האָט איר געפּאָלגט. דעמאָלט האָט זי אַלץ געפּאָלגט, אַבי מען זאָל זי לאָזן פאָרן. איצט איז איר כאָטש וואַרעם אין די פיס צוליב די הויכע כאָליע־וועס. זי מוז געדענקען היינט אַריינצוצִיען אַ פּאָר נייע שנור־בענדלעך. שטענדיק פאַרקניפּן זיי זיך דווקא אינדערפרי, ווען זי איילט זיך אינעם שאַפּ אַריין. זי איז זייער אַן אָפּגעלאָזענע.

ערגעץ אין אַ פינצטערן ווינקל צינדט זיך אָן אַ רונדיק פייערל. עמי־צער ציט, לאַנג און טיף, דעם רויך פון אַ ציגאַרעט. דאָס אויפגעוועקטע פייערל לעשט זיך באַלד אויס. דער אָנגעצונדענער ציגאַרעט שווייגט און דער מענטש, אין דער פינצטערניש, שווייגט.

דער קאָרידאָר קוקט אויס ווי אַן אונטערערדישער טונעל, אָנגעפילט מיט שאָטנס. די שאָטנס שווייגן. יעדן פון זיי האָט איצט אַרויסגעטריבן פון בעט אַ באַזונדער אומגליק. יעדער פון זיי וואַרט די נאַכט־שפּערע*) זאָל זיך שוין פאַרענדיקן, ער זאָל שוין קענען אַרויסלויפן: איינער צו דער מיליץ־וואַכע, איינער צום יודענראַט, איינער צו אַ „מאַכער". יעדער פון זיי וויל געוווּיר ווערן צי דער מאַן, פרוי, זון, וועלכע מען האָט ערשט נעכטן פון זיי צוגענומען, געפינט זיך נאָך אינעם געטאָ; אויב זיי וועלן אים נאָך קענען זען איידער מען שיקט אים אַוועק.

פון די אַנטקעגנאיבערדיקע טויערן, אויף דער צווייטער זייט גאַס,

---

*) די צייט אין וועלכער אַ ייד טאָר נישט אַרויסגיין אין גאַס.

בייגן זיך אַרויס שווייגנדיקע קעפּ. זיי קוקן שטום צי עמעצער גייט שוין אין גאַס; צי מען מעג שוין אַרויסלויפן. איצט איז אַלץ אָפּגעשטאָרבן. ווי דאָס געטאָ וואָלט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם. אַלץ שווייגט. נאָר ווי באַלד עס וועט זיך באַווייזן דער ערשטער שפּראָץ פון טאָג, וועלן די שאָטנס פלוצלונג לעבעדיק ווערן. אַלע וועלן מיטאַמאָל זיך אַרויסרייסן פון די טויערן. אַז איינער וועט אָנהייבן צו לויפן, וועלן באַלד אַלע נאָך אים אָנהייבן לויפן. דער צער, וועלכער איז אַ מינוט פריִער געווען איינגעשלאָסן אין די הייזער, וועט אַרויס מיט אַ רעש, און אָנפילן מיט זיין פחד די גאַסן פון יידן־פערטל.

איצט שטייען זיי, וואַרטן, דער טאָג זאָל שוין אויפשיינען. נאָר אינעם געטאָ איילט זיך נישט דער טאָג אויפצושיינען. ווי עס וואָלט אים נישט געווען כדאַי.

אינאָווענט, פינף אַזייגער, ווערן די טויערן ווידער אָפּגעשלאָסן. אַז עס דערנענטערט זיך אין אָוונט די „שפּער־שטונדע", ווערט ווידער אַ בהלה־דיקער געלויף. דייטשן וואַרטן אָפּ, טשאַטעווען פון לעבער אַרויס. אַז איינער פאַרשפּעטיקט זיך מיט אַ סעקונדע, קומט ער שוין מער נישט צוריק אַהיים. גרינבערג, דער זייגערמאַכער, איז אַ פּאָר טריט פאַר זיין טויער אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַ דייטש. צומאָרגנס אינדערפרי איז זיין ווייב מסתמא געשטאַנען דאָרט, אינעם טויער, און געוואַרט זי זאָל שוין קענען אַרויסלויפן, אפשר וועט זי נאָך קענען זען איר מאַן אײדער מען שיקט אים אַוועק.

פינף אַזייגער אין אָוונט ווערט דער צער צוריק איינגעשלאָסן אין די הייזער. דער אומעט קריכט אַראָפּ פון די ענגע ווענט, בויגט זיך אַריבער איבערן מענטש און גיט אים צו טרינקען פון פינצטערן בעכער.

דער קאָרידאָר ווערט וואָס אַמאָל פולער מיט שאָטנס. עס וואָלט אפשר גלייכער געווען זי זאָל צוריק אַרויפגיין אינעם „פונקט". ווען אַלע וועלן אָנהייבן צו לויפן פון די טויערן, וועט זי סיי ווי בלייבן דאָ שטיין. ווו וועט זי גיין? זי וועט נאָר אַרויסשטעלן די ערשטע פּאָר טריט, וועלן אירע שיך באַלד פול ווערן מיט וואַסער. וואָס וועט זי איצט טון אויפן פּלאַץ פון דער גמינע־קיך? האַרי טאָר נאָך אַפילו איצט נישט אַרויסגיין פון זיין טויער אין יידן־פערטל 1. וואָס האָט זי זיך דאָ אַוועקגעשטעלט? אויבן, אי־

נעם „פונקט“, שלאָפן נאָך אַוודאַי אַלע. הלוואַי וואָלט זי געקענט שלאָפן. ווען עס וואָלט כאָטש מעגלעך געווען דאָרט אָנצוצינדן אַ ליכט. די פינצטערניש טרייבט זי אַרויס פון דאָרט. דאָ, אינעם קאָרידאָר, איז אַן אַנדער סאָרט פינצטערקייט. דאָ לעבט די פינצטערקייט. דאָ אָטעמט די פינצטערקייט.

פון די הויפן קומען אָן שווייגנדיקע שאָטנס, און אָט אַזוי, שווייגנדיקערהייט, שלינגט זיי די טונקלקייט פון קאָרידאָר אין זיך אַריין. דריי הויפן! טשיקאַווע וויפל מענטשן קענען דאָ וווינען? אין יעדער הויף פון העלערס גרויסן הויז וווינען, אָן ספק, אַזוי פיל ייִדן, וויפל עס האָבן פאַרן קריג געוווינט בלויז אויף זייער גאַס אין קאָנגרעסיאַ. און אין אַלע דריי הויפן צוזאַמען וווינען אַוודאַי אַזוי פיל ייִדן וויפל עס האָבן פריִער געוווינט אין אַ גאַנץ שטעטל. זי האָט דאָך געזען די ייִדן פון שטעטל יאבלאָווע אַלע צוזאַמען אויפן מאַרק. „אַלע יודען הערויס!...“ „אַלע צום מאַרק!...“ די קלאַס־דערציִערין האָט באַלד געוואָלט נעמען איר קלאַס און אַרויסגיין: „סאַר’ע שלעכטס האָבן מיר דען געטון די דייטשן? — האָט זי נישט געקענט באַגרייפן דעם פחד פון די מענטשן אַרום איר — זיי זענען דאָך מענטשן! זיי וועלן דאָך דאָס פאַרשטיין“... נאָר דער יונגערמאַן, וועלכער איז אין יענעם פרימאָרגן געקומען צו לויפן פון די וועגן, האָט זיך געבעטן: „דערבאַרעמט אייך, מאַכט נישט אויף דאָס טויער!“ די דייטשן האָבן סיי ווי באַלד אויפגעריסן דאָס טויער. אין דער שול־קאָנצעלאַריע האָט וויערניק געשריגן: „דאָס איז גרויל־פּראָפּאַגאַנדע פון בערזע־שפּעקולאַנטן! ס’וועט נישט זיין קיין שום מלחמה!“ ווי די זאַך וואָלט געווען אָפּהענגיק נאָר פון אים. אַ שטייגער די גאַנצע וועלט וואָלט געווען אַ שול־קלאַס, די מענטשן שילערינס, און ער — דער לערער... „אויף דער לעצטער פּראָפּעסאָרן־זיצונג האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן דעם אויספלוג און אָט דעם באַשלוס וועלן מיר אויספירן!...“

דייטשן.

דאָס ערשטע מאָל האָט זי דעמאָלט געזען דייטשן. קיין איינע פון די מיידלעך האָט פריִער אין לעבן נאָך נישט געזען קיין דייטש. „פאַרוואָס זאָלן די דייטשן וועלן שלעכטס טון?...“ — האָט די שול־דערציִערין נישט פאַרשטאַנען. וויערניקס קאָפּ האָט אַ זעץ געטון אויף דער ערד. אַ מינוט

פריִער איז ער געשטאַנען צוזאַמען מיט אַלע. ווי אַזוי האָבן די דייטשן אים דערזען? ער האָט בלויז אַרויסגעקוקט דורך אַן עק פון טרעפּן־פענצ־טער. די שויב איז אַפילו נישט געוואָרן אויסגעשלאָגן, בלויז ביים עק איז געווען אַ קליין רונדיק לעכל, און אַנטקעגנאיבער אויף דער וואַנט — אָפּ־געשפּרונגענער טינק מיט צעשפּריצטן מוח.

פון הויף קומט אַן אַ נידעריקער מאַן. אַ גרויסער, ליידיקער זאַק איז אַריבערגעוואָרפן אויף איינעם פון זיינע אַקסלען. זיינע פיס שטעקן אין אַ פּאָר גרויסע, גראָבע שטיוול. די ברייטע, הויכע כאָליעוועס דערגרייכן אים ביז איבער די קניען. ער שאַרט מיט זיי אויף די נאַסע שטיינער פון הויף און זיי מאַכן אַן אַ רעש. ער דערנעענטערט זיך צום טונקעלן קאָרי־דאָר, בלייבט אַ ווײַלע שטיין ביים אַריינגאַנג. איצט ערשט האָט דאַניעלאַ אים דערקענט; שלאָמעק; דאָס יינגל פונעם ייִד, וועמען די דייטשן האָבן אויסגעברענט דאָס וואָרט „יודע" אויפן שטערן. מיט עטלעכע חדשים צוריק איז ער דאָ אַריינגעקומען אויפן הויף, שלאָמעק איז נאָכגעלאָפן פון הינטן דער מוטער, וועלכע האָט געפירט דעם צעהרגעטן פאָטער. דאָס יינגל האָט דעמאָלט אויסגעזען אַלט צו זיין זעקס אָדער זיבן יאָר. איצט קוקט ער אויס ווי אַ נידעריק־געוווקסיקער געטאָ־ייִד. אָפּטמאָל דאַכט זיך איר אויס, אַז אויך זי איז שוין אַן אַלטע זקנה מיט ווייסע האָר. נאָר אַז זי קוקט איינעם שפּיגל, זעט זי, אַז זי איז היינט שענער ווי אַמאָל. די האָר בלאָנדער און צעפּאַליעטער.

דאָס יינגל מיטן זאַק אויפן אַקסל גייט אַריין אינעם טונקעלן קאָרי־דאָר, שטעלט זיך אַוועק ערגעץ און מען זעט אים מער נישט אַרויס. די פינצטערניש פונעם אָרט, ווו ער שטייט, שפּרייט זיך אויס פאַר דאַניעלאַס אויגן און, ווי ווייסע קאָנטורן פון געדיכטער פינצטערקייט, שווימען פון דאָרט אַרויס די ברייטע כאָליעווע־ראַנדן פון שלאָמעקס שטיוול איבער זיי־נע קניען; עס שווימט אַרויס דאָס אויפגעדעקטע פּנים פון זיין פאָטער, בשעת דאָס האַנטעך האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיין צעבלוטיקטן קאָפּ. דער פאָטער איז דעמאָלט צוריקגעגאַנגען צו זיין וווינונג, בעטן ביי די דייטשן זיי זאָלן אים דערלויבן אַרויסצונעמען פון דאָרט בלויז אַ בעטל און אַ דעקע פאַר זיין קינד. האָבן זיי מיט אָנגעגליטע אייזנס אויפגעשריבן אויף זיין שטערן: „יודע". און אויף זיין ברוסט: „הייל היטלער", ערשט

דערנאָך אים געלאָזט אַרויסלויפן צוריק פון זיין וווינונג. ווען דער יודענ־ראַט האָט אַוועקגעשיקט די קראַנקע, האָט דער פאָטער, אַראָפּגייענדיק פון די טרעפּ צום אויטאָמאָביל, שנעל אויסגעטאָן די שטיוול און זיי געגעבן דעם יינגל: שלאמעק, גיב אַכטונג אויף דער מאַמען, זאָלסט..."

לעבן איר גייט עמעצער אַרויס, דערנענטערט זיך צום טויער, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ צו דער ליידיקער גאַס, קוקט אַהער און אַהין, און גייט צוריק אויף זיין אָרט, ווי ער וואָלט דערקאָנט זיין פרי׳ערדיקן פּלאַץ אין דער פינצטער. אַ נאַסער צוג־ווינט קומט אָן צו לויפן פון הויף, רייסט זיך אַריין אין פינצטערן קאָרידאָר, באַטאַפּט מיט קאַלטע פינגער די לייבער פון די שטייענדיקע שאָטנס. די הויט שוידערט אויף פון זיין באַריר. דער ווינט טוט אַ הפקרדיקן פייף און לויפט אַרויס דורכן טויער צו דער ליידיקער גאַס, ווי ער וואָלט געוואָלט ווייזן, אַז אויף אים איז נישט חל די „שפּער־שטונדע".

אינדרויסן הענגט דער שניי, ווי ער וואָלט איינגעדרימלט אין מיטן פאַלן. וואָס האָט זי זיך דאָ אַוועקגעשטעלט? בשעת אַלע וועלן אָנהייבן צו לויפן, וועט זי סיי ווי דאָ בלייבן שטיין. וווהין וועט זי לויפן מיט אירע צעלעכערטע שיך אין אַזאַ נאַסער פלעסקעריי?

זי האָט אַרויפגעצויגן דעם קאָלנער פון איר רעגן־מאַנטל, אויסגעדרייט זיך, און אָנגעהויבן גיין צוריק, אַרויף־צו צום „פּונקט".

## קאַפּיטל זיבן

# אויפן „פּונקט“

דאָס ליכט האָט געצאַנקט אונטערן בלעכענעם טעפּל, דבורטשע איז געשטאַנען אינעם ווינקל אויסגעדרייט צו דער וואַנט, דער רוקן צו דער שטוב. זי האָט געהאַלטן דאָס טעפּל איבערן פּלעמל פון ליכט און געוואַרעמט אַ ביסל עסן פאַרן קינד. איר שאָטן איז געשפּרונגען אויף דער וואַנט. עס האָט אויסגעזען ווי לינדנער, דער ריזיקער געסטאַפּאָוויעץ אינעם שוואַרצן מונדיר, וואָלט געקומען צולויפן דורך דער וואַנט פון „פּונקט“ און אויסגעשטרעקט לאַנגע הענט צו דבורטשעס האַלדז.

חיים־ייִדל איז געשטאַנען אינעם ווייסן שפּענצער איבערן אָפענעם קאַסטן. דער פאָרהאַנג פון זיין „ווילע“ איז געווען אַוועקגערוקט אין אַ זייט. חיים־ייִדל האָט זיך געפּאָרעט ביי זיין „געשעפט“, אַרויסגעלייגט די פּילצן אויף דער ערד, באַטראַכט זייער קאָליר ביי דער שיין פון צאַנקנדיקן ליכט און סאָרטירט זיי. ער האָט געוויקלט די בענדער פון די פּילצערנע היטן, געמאָסטן זייער לענג, אַרויסגעלייגט זיי פון קאַסטן אויף דער ערד, און פון דער ערד צוריק אינעם קאַסטן אַריין. ווי דאָס עצם ברענגען אין אָרדענונג די סחורה וואָלט אים פאַרשאַפט הנאה: עס איז ברוך־השם זיין אייגן ביסל סחורה. ער דאַרף חלילה נישט אָנקומען צו מענטשנס גאָב. אַזאַ ביסל סחורה איז אַן עשירות.

דאַניעלאַ איז געזעסן אויף אַן עק פון איר בעטל, אָנגעטון אינעם רעגן־מאַנטל, דער קאָלנער אויפגעשטעלט. זי האָט נישט געקענט ביי זיך קומען

צו אַן אויספיר: צי וועט חיים־יִידל היינט האָבן פאַר איר אַרבעט אָדער נישט?

חיים־יִידל איז אַ פרומער יונגערמאַן, אַן אויפטוער. ער איז געקומען צולויפן מיט זיין ווייב און קינד פון מיטן אַן „אַקציע", בשעת די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט די יִידן פון זיין שטעטל. נישט צו באַגרייפן ווי אַזוי עס איז אים געלונגען אַרויסצולויפן פון פייער אין דער לעצטער מינוט צוזאַמען מיט דעם עלף־חדשימדיק קינד. דבורטשע, זיין ווייב, איז בשעתן אַנטלויפן פלוצלונג טויב געוואָרן, און זי הערט נישט ביז היינטיקן טאָג.

חיים־יִידל האַנדלט מיט אַלץ וואָס עס לאָזט זיך, אַבי אין זיין „ווילע" זאָל זיך נאָר געפינען דאָס שטיקל ברויט. היינט איז זיין מסחר — פילץ; רויע געשטעלן פון פילצענע דאַמען־ און מענער־היטן; בענדער, לעדערנע און קונסט־זיידענע, צו די היטן. אַז חיים־יִידל איז אָנגעקומען אינעם „פונקט" אַריין, האָט ער, קודם־כל, אויפגעשטעלט אַ שפּאַניש־ווענטל אין אַ ווינקל פון צימער, און ער וווינט דאָרט — זאָגט ער — מיט זיין פאַ־מיליע ווי אין אַ באַזונדערער „ווילע". ער האָט דאָרט אַ באַזונדערע קיך, אַן עס־צימער, אַ שלאָף־צימער, אַ קינדער־צימער פאַר זיין טעכטערל בעלאַ און, דער עיקר — דאָס געשעפט. דער קאַסטן איז גלייכצייטיק אַ טיש; אַן עס־צימער, און דאָס געשעפט.

אַז חיים־יִידל ברויכט איבערצופירן אַ טראַנספּאָרט סחורה פון סוחרים, אָדער צו סוחרים, וויקלט דאַניעלאַ אַרום די פילצן אַרום בויך, הינטערן ברייטן רעגן־מאַנטל, גאַרטלט זיך אַרום מיט די בענדער צו די היטן, און פירט די „טריפהנע" סחורה איבער די גאַסן פון געטאָ. חיים־יִידל באַצאָלט איר דערפאַר מיט אַ גוט אויג. ביידע ווייסן מיט וואָס די זאַך איז פאַרבונדן אויב מען וועט זי חלילה כאַפּן: נישט געלט־פאַרלוסט, נאָר לעבנס־פאַרלוסט...

אַנטקעגנאיבער דאַניעלאַן זיצט אויף איר בעטל חנה די טשעבינערין. דער פאַרמאַכטער סידור ליגט אויף איר שויס. זי קוקט צו די פינצטערע שויבן פון פענצטער. זי וואַרט ביז דער טאָג וועט אויפגיין איבער די טריבע דעכער פון געטאָ, און זי וועט שוין מעגן אָנהייבן צו דאַווענען. איר צאַרט פנים איז פאַרשלאָסן און פון אירע אויגן קוקט אַרויס אַ שווייגנדיקער אומעט.

צביה, חנהס ייִנגערע שוועסטער, זיצט ביים צווייטן עק פון בעט, אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אויפן ראַנד פון בעט, די גאָמבע אַריינגעלאָזט אין דעם פאַרמאַכטן האַנט־גאָפּן פון דער צווייטער האַנט, ווי אין אַ בעכער, און זי קוקט פאַרטראַכט צו דער קליינער בעלאַ, וועלכע שפּילט זיך אויף דער ערד מיטן אַלטן מענער־שוך, וואָס דאָס אוישוויענטשימער מיידל האָט מיט זיך מיטגעבראַכט בעת זי איז דאָ אַהער אַנטלאָפן פון אָשוויענטשים.

די צוויי שוועסטער, חנה און צביה, האָבן זיך געראַטעוועט דאָס לעבן בעת זיי זענען געקומען צולויפן אין מיטן דער נאַכט פון אַן „אַקציע" אין טשעבין. זיי זענען פרומע מיידלעך, געוועזענע מיטגלידערינס פון „בנות יעקב". זיי דאַווענען יעדן טאָג. צוויי ריינע, צאַרטע נשמות.

די צוויי שוועסטער האָבן אַ ברודער אין יודען־פירטל 1 — אַבראַם דער מעקלער; כלומרשט אַ פרומער, נאָר ווען עס טרעפט זיך אים אַ קונה אויף גאָטס כסא־הכבוד, וואָלט אַבראַם באַלד פאַרקויפט די „סחורה" צוזאַמען מיטן באַשעפער. אייגנטלעך זענען די צוויי מיידלעך געקומען דאָ אַהער צולויפן ווייל זייער ברודער וווינט דאָ. נאָר אָנשטאָט זיי צו העלפן, נוצט ער זיי אויס. אין זייער בעט, אָנשטאָט אַ שעניק, ליגן אַבראַמס בילִיצער (גוטער וואָלענער געוואַנט אויסגעאַרבעט אין דער שטאָט ביליץ) „פּאָר־קריגס שטאָפן"; אָנשטאָט מיט אַ קאָלדרע דעקן זיי זיך צו מיט אַ צוועלף־מעטערדיקן שטאָף, טאָפּלט איבערגעלייגט, צוגענייט אַרום די עקן און איבערגעצויגן מיט אַ קאָלירטן ציכל.

דאָ, אויפן „פּונקט", איז אַבראַם זיכער מיט זיין סחורה. דאָ וועט קיינעם נישט איינפאַלן צו זוכן. נישט איינמאָל האָבן דייטשן שוין געמאַכט אַ רעוויזיע ביי אים אין שטוב, ווייל אויף דער בערזע ווייסט מען אַז ביי אַבראַמען קען מען באַקומען אַן עכטן ביליצער פּאָרקריגס־שטאָף. האָט אים גאָט געהאָלפן, די שוועסטער זענען געקומען צולויפן און אים אויסגעלייזט פון אַ שווערער סיטואַציע. וואָס וואָלט ער געטון ווען חנה און צביה געפינען זיך נישט אויפן „פּונקט"? אַבראַם האָט זיך געשאַפן, דורך פּראָטעקציע און געלט, אַ פּאַסיר־שיין. ער פּאָרט פון אין יודען־פירטל צום אַנדערן. אָפטמאָל דערמאָנט ער זיך און לאָזט איבער אַ פּאָר מאַרק די צוויי שוויגנדיקע שוועסטער. תמיד איילט ער זיך. מיט כוונה אָדער אָן כוונה.

ער קומט צולויפן ווי אַ שטורעם־ווינט, כאַפּט אַרויס אַ שטאָף פון בעט, אָדער וואַרפט אַריין אַ שטאָף; תמיד דער זעלבער פּזמון: „דער קונה וואַרט...״ „דער סוחר וואַרט...״ קיינמאָל האָט ער נישט קיין צייט אויסצו־רעדן אַ וואָרט צו די שוועסטער, טאָמער וועט דאָס אים קאָסטן.

אַבראַם האָט אַ קליין יינגל, בערך אַכט יאָר אַלט. דער קליינער בע־ניעק העלפט שוין צו אַבראַמען אינעם מסחר. בעניעק איז אַ שיין יינגעלע, ספּריטנע און קלוג. ער טראָגט שוין זעקס מעטער שטאָף אַרומגעוויקלט אויפן בייכל, און דאָס אויג פון אַ דייטש וועט אַ מכה עפּעס באַמערקן. אַז בעניעק קומט אַמאָל מיט זיין פאָטער אויפן „פּונקט״, קען ער אויך אַ זאָג טון:

— טאַטע, די טשאַטשע חנה האָט נאָך היינט נישט געגעסן.

— פאַרוואָס שווייגן די בהמות? — וואַרפט אַבראַם אַרויס אַ טענה אין מיטן אַריינשטופּן אַ שטאָף הינטער די אַראָפּגעלאָזענע הויזן, און טראַכט בשעת מעשה: סוף־סוף היטן די „בהמות״ זיין פאַרמעגן. פרעמדע וואָלטן אים אַ סך מער געקאָסט. פרעמדע וואָלטן אינגאַנצן צוגענומען די סחורה. איינער וואָס האָט נאָך אַ שטיקל ברויט וועט דאָך נישט זועלן האַלטן ביי זיך אין שטוב זיינע טריפהנע שטאָפן, און אַזעלכער וואָס האָט נישט צו עסן — מעג ער זיין דער גרעסטער צדיק — טאָר מען אים נישט געטרויען קיין סחורה. ווען קען דען זיין אַן עומד בנסיון, אויסגיין פון הונגער בשעת אין זיין שטוב ליגן באַהאַלטן ביליצער שטאָפן? ער גופא וואָלט דען בעסער געווען? צו וועלכן משפט וואָלט מען אים דערנאָך גע־קענט פאַרקלאָגן? ער וואָלט דאָך געדאַרפט זיין אַ משוגענער ווען ער וואָלט דאָס נישט געטון. כאַפּט אַבראַם שנעל אַרויס אַ פּאָר מאַרק, שטופּט דאָס חנהן אין דער האַנט אַריין, טוט אַ שלעפּ בעניעקן ביים אַרבל און אַנ־טלויפט: „אַ קונה וואַרט״...

אויפן פענצטער זענען די שויבן פלוצלונג געוואָרן בלוי. דאַניעלאַ וווּנדערט זיך: ווי אַזוי האָט זי נישט באַמערקט די ענדערונג? במשך דער גאַנצער צייט האָט זי נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון פענצטער. אין אַנ־דערש מאָל, אין דער איצטיקער צייט, זיצט זי שוין פון לאַנג אין דער שמאָטע־האַלע, דאָרט איז נישטאָ קיין צייט צו קוקן אויפן פענצטער.

קיינעם אינטערעסירט נישט דער טאָג־אויפגאַנג. די ליכט פון טאָג קען נישט פאַרטרייבן די פינצטערניש אינעם האַרצן.

דער שניי פאַלט איצט אינגדרויסן ווייסער און געדיכטער. אַן איינצל־שנייעלע דרייט זיך אויף דער צווייטער זייט פענצטער, לעבן דער שויב, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט אויסטיילן פון דער אַלגעמיינער שניי־מאַסע, וואָס פאַלט אָן אויפהער צו דער ערד. פּלוצלונג קוקט דער פאַלנדיקער שניי אויס ווי אַ מענטשן־מאַסע געטריבן צו די וואַגאָנעס בשעת אַן אַק־ציע; און דאָס שנייעלע — ווי עס וואָלט זיך געבעטן מען זאָל עפענען דאָס פענצטער און עס אַריינלאָזן אויסבאַהאַלטן זיך. לסוף פאַלט עס צו אָנמעכטיק, צוגעקלעפּט צו דער שויב, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ וואַסער־טראָפּן און גליטשט זיך אַראָפּ ווי אַ טרער פון אַן אָפן בלוי אויג.

פון דערנעבן האָבן די קאַפּלעס פון הויכן אויוון געקוקט צום פענצ־טער מיט ווייסע, קאַלטע אויגן. זי געדענקט נישט, אַז מען זאָל אין אים אַמאָל האָבן געהייצט. אינעווייניק איז דער קאַפּל־אויוון אַוודאי הויל. ווען מען קען אין אים אַריינקריכן, וואָלט אינעווייניק געדאַרפט זיין אַ גוטע באַהעלטעניש בשעת אַ דייטשער „אַקציע". קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן דאָרט צו זוכן. ווען העלער האָט געבויט דאָס הויז, איז אים, משמעות, נישט איינגעפאַלן צו מאַכן אַ סעקרעטן אַריינגאַנג צום קאַפּל־אויוון. אַ שאָד. פון דעם גאַנצן הויז וואָלט ער כאָטש איצט געהאַט אַ גוטן בונקער. פרוי העלער הערט נישט אויף צו שרייען, אַז אַלע איינוווינער אינעם הויז מאַכן מלחמה־געשעפטן, נאָר אַריינטראָגן דעם ווירט אַ פּאָר מאַרק דירה־געלט, דאָס געדענקט נישט קיינער. ס'איז געוואָרן הפקר אַ וועלט! — שרייט זי. אָבער ווער מאַכט דאָ מלחמה־געשעפטן? פון איר זעקס־צימערדיקער וווינונג, מיט די שיינע מעבל, האָט פרוי העלער כאָטש געוואָלט אָפּראַטע־ווען די בלויזע ביכער־שראַנק. אויפן אָרט פון דער ביכער־שראַנק קען וווינען אַ פאַמיליע — האָבן זיי געזאָגט. די ביכער זענען געפאַלן מיט צעעפנטע בלעטער ווי אַראָפּגעשאָסענע פייגל אין דער בלאָטע אַריין. דער־נאָך האָט שלאַמעק זיי אויסגעלייגט אויף דער ערד, זיין פאָטער זאָל נישט ליגן אין דער בלאָטע. קיינער האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין צום הויף און העלפן אַריינטראָגן דעם ייִד מיטן אויסגעברענטן „יודע" אויפן שטערן. יעדער האָט מורא געהאַט: אַ קראַנקער... דאַרף אַ בעט... ווער וויל דען

ווינטער אָפּטרעטן זיין בעט און זיך גופא לייגן אויף דער קאַלטער ערד? קיינער פאַרמאָגט דאָך נישט מער נאָר דאָס געלעגער אויף וועלכן מען לאָזט אים דערווייל שלאָפן. דאָס געלעגער איז דאָך היינט דאָס נוציק־סטע פאַרמעגן אין דער גאַנצער וווינונג פונעם מענטש. דערוויייל איז דאָס בלוט געדרונגען פון די אותיות „יודע". און ווער עס זאָל אים ראַטעווען איז נישטאָ. „שלאמעק, זאָלסט אַכטונג געבן אויף דער מאַמען"... שלאמעק לויפט שוין איצט אַוודאַי אַרום איבער די געטאָ־הויפן, קלייבט צוזאַמען שטיקער האָלץ, גנבעט אַראָפּ טיילן פון אַרויסגעוואָרפענע מעבל, שלעפּט דעם זאַק אויף די פּלייצעס און פאַרקויפט דאָס צו די רייכע פון געטאָ, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צו הייצן. שלאמעקס מוטער ליגט אַ קראַנקע. עס וואָלט געווען אַ גרויסע מצווה אַרויפצוציין צו דער פרוי, אפשר דאַרף מען איר עפּעס דערלאַנגען צום בעט. שלאמעק לויפט אַרויס פון טויער באַלד נאָך דער „שפּער־שטונדע", כדי ער זאָל אָנקומען צו די הויפן פריִער פאַר זיינע קאָנקורענטן. פאַרוואָס צעהאַקט ער נישט דעם רעשט פון פרויס העלערס ביכער־שראַנק? ער שעמט זיך אַוודאַי אַזעלכעס צו טון אויפן אייגענעם הויף. פרוי העלער היט אַ גאַנצן טאָג פון פענצטער דעם לעצטן זכר פון אירע צוויי זין. אַלע שכנים האָבן דעמאָלט געכאַפּט פון די אַרויס־געוואָרפענע ביכער. אַלע האָבן אין יענעם טאָג געהייצט מיט ביכער. דאָס זענען געווען דיקע ראָמאַנען, וויסנשאַפטלעכע ווערק אין גאָלד־רוקנס געבונדן. ערגעץ אויף דער וועלט זיצן נאָך איצט אַוודאַי שריפטשטעלער און שרייבן ביכער. דערנאָך וועט מען די ביכער וואַרפן דורך די פענצטער. און אַ יינגל וועט זיי דאַרט אונטערלייגן אין דער בלאָטע אונטער דעם רוקן פון זיין פאָטער.

דאָס אוישוויענטשימער מיידל קריכט אַראָפּ פון איר געלעגער, בלייבט שטיין אינעם העמד, קוקט אַרויף צום קאַפּל־אויוון, ווי זי וואָלט דאָס ערשטע מאָל אויפגעהויבן הויך דעם קאָפּ. דערנאָך דרייט זי זיך ראַפּטום אויס, בייגט זיך פלינק אַראָפּ און טוט אַ כאַפּ צו דעם אַלטן מענער־שוך, מיט וועלכן בעלאַ האָט זיך געשפּילט אויף דער ערד. זי לויפט צו צום ווינקל ביי דער טיר, זעצט זיך אַראָפּ אויף דער ערד און באַהאַלט דעם שוך הינטער זיך ווי אַן אוצר.

דאָס קינד לאָזט אַרויס אַ פאַרקייכטן געוויין. חיים־יידל שפּרינגט־

אויף פון קאַסטן, כאַפּט דאָס קינד אויף די הענט. בעלאַ רייסט זיך מיט אַ ביטערן געוויין. חיים־יידל ווייסט נישט וואָס עס האָט פּלוצלונג פּאַסירט. קיינער רעדט נישט. צביה שווייגט. חיים־יידל שאָקלט דאָס קינד אויף די הענט. זיין גאַנץ לעבן איז דאָס קינד. מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז ער אַרומגעלאָפן מיט דעם קינד אויף דער האַנט צווישן די בעטן — ווי אַ מטורף. זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז חיים־יידל זאָל קענען באַקומען אַן אויסזען ווי אַ ווילדע חיה. ער האָט נישט אויפ־געהערט צו שרייען: „אַ כפּרה די פרייע וועלט!" „אַ כפּרה די פרייע וועלט!" ברוך העלער, וועלכער האָט ליב אין די אָוונטן, בשעת דער נאַכט־„שפּער", אַריינצוקומען שמועסן פּאָליטיק מיט חיים־יידלען, האָט סתם־אַזוי אַ זאָג געטון: „נאָך דער מלחמה וועט זיין אַ פרייע וועלט". „וואָס טויג מיר די פרייע וועלט?" — האָט חיים־יידל געשריגן — „אַז איך וועל מער נישט זיין און מיין קינד וועט מער נישט זיין! פּאַר אַ כפּרה זאָל זי זיין! אָפּגע־מעקט זאָל ווערן אַזאַ פרייע וועלט וואָס פאַרלאַנגט, אַלס אַ פּרייז, דאָס בלוט פון מיין בעלאַ!"...

בעלאַ הערט נישט אויף צו שרייען מיט אַ ביטערן געוויין אויף איר פאָטערס הענט. חיים־יידל איז אומגליקלעך. ער ווייסט נישט מיט וואָס ער זאָל אָפּשטעלן דאָס געוויין. דאָס אוישוויענטשימער מיידל נעמט אַרויס דעם שוך, דריקט אים צו איר האַרץ, און זיצנדיק, אָט־אַזוי, אויף דער ערד אינעם ווינקל, שטרעקט זי אים אויס צו חיים־יידלען, ווי זי וואָלט איצט אַרויסגעגעבן פון דער האַנט אַ טייערן אוצר. דאָס קינד קוקט מיט שיינענדיקע אויגן אויף דעם שוך ווי אויף אַ ווונדערפולער שפּיל־ליאַלקע און הערט באַלד אויף צו וויינען.

— דו ביסט אַ גוטע — זאָגט חיים־יידל צו דער אוישוויענטשימערין.

דאָס מיידל לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. זיצנדיק אויף דער ערד דעקט דאָס העמד איינגאַנצן צו אירע פיס. „וויל איך נישט..." — ענטפערט זי שטיל אין די אויפגעשטעלטע קניען אַריין

דעם שוך האָט דאָס מיידל מיט זיך מיטגעבראַכט ווען זי איז געקומען דאָ אַהער צולויפן נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אויסגערוימט דאָס שטעטל אוישוויענטשים און דאָרט געשאַפן דעם קאָנצענטראַציע לאַגער: אוישוויץ. זי איז אַלט בערך פערצן יאָר. אפשר איז זי אַ סך עלטער, אפשר אַ סך

יינגער. שווער צו וויסן. אָפּטמאָל קוקט זי אויס ווי אַ קינד, און אָפּטמאָל ווי אַ זקנה. עס איז נישט צו דערגיין ווען און ווי אַזוי — ענדערט זיך פּלוצלונג איר פּנים, ממש, פאַר דיינע אויגן. אַ כישוף אַזעלכער. איין אָנהייב פלעגט זי קריגן פון די שכנים אַמאָל אַ שטיקל ברויט, אַמאָל אַ קאַרטאָפל, און דאָס אַלץ צוליב דער משונהדיקער זאַך פון איר פּנים. אַפילו די הערצער פון די יודענראַט־מיליציאָנערן זענען געוואָרן גערירט, ווען זיי האָבן געזען דעם קאָמיש־אויפשווידערנדיקן שפּיל פון איר פּנים און זיי האָבן זי איינגעאָרדנט אין „פּונקט”, כאָטש זי האָט נישט געהאַט קיין פּרוטה. זי רעדט קיינמאָל נישט. שטענדיק זענען אירע אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. אַז מען פרעגט זי עפּעס, הייבט זי אויף די אויגן נישט העכער ווי ביז צו יענעמס פיס, שמייכלט און זאָגט: „וויל איך נישט...” נישט געווען נאָך קיין „אַקציע” אין געטאָ, אַז זי זאָל עס נישט פריִער דערפילן. נישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי. אַ שטייגער מען וואָלט איר וועגן דעם מודיע געווען פריִער פון הויפּט־געסטאַפּאָ־שטאַב. שטענדיק פאַר אַן „אַקציע” פאַרשווינדט זי, געפינט אויס פאַר זיך אַזעלכע לעכער, וואָס קיין שום מענטש אויף דער וועלט וועט נישט איינפאַלן, אַז אַ לעבעדיקער מענטש קען זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. שטילערהייט פאַרשווינדט זי פון „פּונקט”, און מיט דער זעלבער שטילקייט שווימט זי ווידער, נאָך דער „אַקציע”, צוריק קאַפּויר. אַ מין ווונדערלעכער אינסטינקט פון אַ חיה אין דזשאָנגל, וואָס דערפילט אויף מיילן־ווייט דעם אָנקום פון שונא, אַזוי דערפילט זי שטענדיק פריִער דעם ריח פון די דייטשן. קיינער פון די אויסוויענטשימער ייִדן האָט זיך נישט אָפּגעראַטעוועט. קיינער פון איר פאַמיליע איז נישט געבליבן. קיינער ווייסט נישט וואָס אירע אויגן האָבן דאָרט געזען. זי איז געקומען צולויפן ביינאַכט מיט דעם אָפּגענוצטן שוך אין די הענט.

וואָס פאַר אַ סוד באַהאַלט אין זיך אָט דער מענער־שוך, וועלכן זי דריקט צו איר האַרץ?

## קאַפּיטל אַכט

# „פּונקט"-לעבן

וויפֿל מאָל זי זאָל זיך אַליץ נישט באַמיִען אַריבערצוּוואַרפֿן, אין אירע געדאַנקען, אַ בריק פֿון איר עלטערן־היים ביז צו איר איצטיקן זיצן דאָ אויפֿן „פּונקט" — געלונגט דאָס איר בשום אופן נישט.

אויף דעם וועג, פֿון איר קינדער־שטוב אין קאָנגרעסיאַ ביז צום „פּונקט" אינעם מעטראָפּאָליער יודען־פֿירטל, פֿאַלן פֿלוצלונג אירע געדאַנקען אַריין אין אַ פֿינצטערן תהום אין בלייבן דאָרט הענגען אין דער לופֿט, אָן אָנהייב און אָן סוף — הויל און פֿאַרבלאָנדזשעט: ווו איז דער המשך? ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט?...

אין דרויסן פֿאַלט דער שניי ווייס און געדיכט. חנה שטייט אויסגעדרייט צום פֿענצטער מיטן סידור אין די הענט. זי דאַוונט. צביה זיצט אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אויפֿן בעט־ראַנד, איר גאָמבע אַן אַרייַנגעלאָזטע אינעם האַנט־גאַפּן פֿון דער צווייטער האַנט. אירע אויגן קוקן פֿאַרטראַכט צו איר שוועסטער חנהס רוקן.

חיים־יידל לייגט ווייטער אויס די סחורה, פֿון קאַסטן אַרויס אויף דער ערד און פֿון דער ערד צוריק אַריין אינעם קאַסטן. פֿאַרוואָס זאָל זי נישט צוגיין צו חיים־יידלען און, פּשוט, אים פֿרעגן צי וועט ער האָבן פֿאַר איר אַרבעט אָדער ניין? וואָס האָט זי זיך צו שעמען? כאָטש עס איז אַ קלאָרע זאַך: וואָלט ער עפּעס געהאַט פֿאַר איר, וואָלט ער איר דאָס אַליין געזאָגט. און אפֿשר זאָל זי צו אים צוגיין און אים בעטן, אַז ער זאָל איר געבן עפּעס צו פֿאַרדינען? אָבער וואָס וועט איר העלפֿן דאָס בעטן, אַז

ער האָט נישט, וועט ער איר סיי־ווי אָפּזאָגן. טאָ צו וואָס נאָך דאָס וועקן רחמנות אין חיים־יידלס אויגן? „וועקן רחמנות". פאַרוואָס זאָל דאָס הייסן „וועקן רחמנות?" עס איז נישט מער נאָר פּוסטע גאווה פון אַ שטאָלצער שנאָרערין. „אַ שטאָלצע שנאָרערין..." באַקאַנטלעכע ווערטער. ווו האָט זי געהערט די ווערטער? ווו האָט זי זיי געלייענט?... די שוואַן! זי אַליין האָט געשריבן אָט די ווערטער אין איר טאָג־בוך וועגן דער שוואַן פון קאָנגרעס־סיער שטאָט־פּאַרק:

„זי שטעקט אַריין איר אַדלדיקן שנאָבל אינעם וואַסער, צעקייט נישט נאָר שליגט גלייך אַראָפּ, מען זאָל איר נישט חושד זיין אין געניסן פון געוואָרפענע נדבות, זי דרייט זיך אויס מאַיעסטעטיש, גראַציעז, ריטשט זיך צוריק אַוועק אויפן שפּיגל פון דער אָזערע און קוקט פּאַרט אויס ווי אַ שטאָלצע שנאָרערין..."

דאַניעלאַ זיצט אויף איר בעטל, די הענט פאַרשטעקט אין די טאַשן פון איר רעגן־מאַנטל. די שטוב, און אַלץ וואָס געפינט זיך אין שטוב, שטעקט איצט אין אירע אויגן. פלוצלונג דאַכט זיך איר, אַז זי זעט דאָס אַלץ צום ערשטן מאָל. ווי אַ מינוט פריִער וואָלט זי דאָ נישט געווען. אַלץ איז איר דאָ ניי און פרעמד. די ווענט; דער פאַלנדיקער שניי אינדרויסן; דער אָפענער קאַסטן אין חיים־יידלס „ווילע"; דאָס מיידל, וועלכע זיצט דאָרט אויפן דיל אינעם לאַנגן העמד — וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטן? אפשר איז דאָס אַלץ נאָר אַ בלויזער חלום?... אפשר באַלד, אין אַ מינוט אַרום, אָט אַזוי ווי זי זיצט דאָ, וועט זי פלוצלונג הערן די פריילעכע מע־לאָדיע, וואָס פּאַפּי פייפט צו איר יעדן פרימאָרגן, כדי זי אויפצוּוועקן צו גיין אין שול... זי וועט עפענען די אויגן, זי וועט זען ווי מאַ שטייט אויף דער שוועל פון איר קינדער־צימער; דאָס ריינע האַנטעך אויפן האַלדז, ווי שטענדיק פאַר זיין אַריינגאַנג אין וואַש־צימער; זיינע בלויע אויגן שמייכלען צו איר: „אַן ערשטע שילערין קומט אויך נאָכן ערשטן קלונג פון שול־גלאָק"...

אַ חלום! דאָס אַלץ איז נאָר אַ שרעקלעכער חלום! אַזוי ווי זי האָט געחלומט, אַז זי לויפט אַנטקעגן צו די שוואַנען. זי פילט נאָך איצט ווי אירע פיס זענען געלאָפן. יענער חלום שטייט נאָך איצט לעבעדיק פאַר די אויגן. דעמאָלט איז זי דאָך אויך געווען זיכער, אַז זי חלומט נישט. נאָר

זי זעט דאָס אַלץ וואַכעדיקערהייט. די פּנימער פון די טראַמוויי־קאָנדוק־טאָרן שטייען איר נאָך איצט פאַר די אויגן, אָט אַזוי ווי חנה דאָרט ביים פענצטער מיטן סידור אין האַנט. זי זעט נאָך איצט בפירוש ווי האַרי שטייט אין אַ ווייסן וואָלקן, ווייס — ווי דער שניי, וואָס פאַלט אינדרויסן. ער קוקט צו איר מיט פאַרשטיינטע אויגן. זי פילט נאָך איצט די מורא, וואָס איז זי באַפאַלן אין חלום: מען יאָגט זיך נאָך איר! גלעקער קלינגען און מען יאָגט זיך נאָך איר! איצט ווייסט זי, אַז דאָס איז געווען דאָס קלונגען פון נאַכט־טראַמוויי אויף דער גאַס. איצט פאַרשטייט זי דאָס. און ווען זי וועט זיך ווידער אויפכאַפּן פון איצטיקן חלום, וועט זי אפשר אויך פאַרשטיין פאַרוואָס עס האָט זיך איר געחלומט, אַז —

די טיר האָט זיך האַסטיק אויפגעריסן. פעלאַ איז אַנגעקומען. זי האָט געהאַלטן אַ רונדיק ברויט אונטערן אָרעם; איר מאַנטל איז פאַרשנייט. זי האָט אַ וואָרף געטון דאָס ברויט אויף איר בעט און אָנגעהויבן צו שאָקלען מיטן שוואַרצן צעפּעליעטן קאָפּ האָר, ווי אַ שיין יאַגד־פערד מיט דער גריווע. טראָפּנס צעגאַנגענער שניי האָבן זיך געשפּרייט איבער אַלע זייטן פון דער שטוב. „אַן עבירה אויף אַזאַ וועטער אַ יודנראַטניק אַפילו אַרויסצושיקן אין גאַס"... — זאָגט פעלאַ. זי האָט אויסגעטאָן דעם עלע־גאַנטן מאַנטל, אויסגעשפּרייט אים אויפן בעט ער זאָל זיך טריקענען. די שטוב, וואָס אַ מינוט פריער איז זי געווען טריב און טרויעריק, ווערט איצט פול מיט פעלאַן, ווי אַן אויפגעוואַכט לעבן וואָלט מיט איר דאָ אַריין.

— מענטשן־קינדער, — שרייט פעלאַ, — דאָס ברויט וועט דאָך נישט אַליין קריכן אין אייערע שיינע פּיסקעלעך אַריין. אויף וואָס וואַרט איר? אפשר זאָל איך אייך אָנקאָרמען ווי דבורטשע בעלאַן?

חיים־ייִדל הייבט זיך אויף פון קאַסטן, ציט אויס אַ האַנט צו זיין „קוד", נעמט אַ מעסער און דערלאַנגט עס פעלאַן אין דער האַנט אַריין:

— דו ווייסט דאָך, פעלאַ, אַז אויב דו וועסט נישט שניידן פאָרציעס און דערלאַנגען יעדן איינעם אין דער האַנט אַריין, וועלן זיי זיצן ווי כלות פאַר'ן באַדעקן. מסתמא זענען זיי אַזוי געוווינט פון דער היים, אַז די מאַמעס זאָלן זיי דערלאַנגען צום מויל.

פעלאַ ציט אַראָפּ די נאַסע זיידענע זאָקן פון אירע הויכע, שיינע פיס,

וואַרפט זיי אַרונטער אונטערן בעט, ווי אַ זאַך, וואָס זי וועט מער נישט באַנוצן, און דרייט זיך אויס מיטן פּנים צום פענצטער:

— חנה, גאָט קריגט זיך איצט מיטן ווייב. ער האָט צעריסן די פּער־רענע. זעסט נישט, אַז די פעדערן שיטן זיך אינדרויסן פון הימל? אפשר וואָלסטו אים איצט געלאָזט צורו? ער הערט סיי ווי נישט איצט דיין דאַוונען.

חנהס אַקסל טוט אַ צוק ווי זי וואָלט געוואָלט אַרויסמעקן פון אירע אויערן פעלאָס לעסטערנדיקע רייד. זי שטייט ווייטער אויסגעדרייט צום פענצטער און דאַוונט אַ שטילע אַריין אינעם סידור. בלויז אירע לעפּצן באַוועגן זיך.

— מאַך דאָרט צו דעם פּיסק, אויב נישט וועל איך דיר אים צומאַכן!
— הערט זיך חיים־יידלס קול פון קאַסטן אַרויס ווי פון אַ ליידיקן פאַס אַרויס, — לייג דיך שוין שלאָפן, צדיקת!

— חיים־יידלוק! גאָט גרייט דיר צו אַ שיינע פרייע וועלט. מעגסט הייסן דבורטשען צוגרייטן לכבוד דעם אַ פעטן טשאָלנט אויף שבת.

— שאַ! שאַ! שווענק דיר פריער אויס דאָס מויל איידער דו דער־מאָנסט דעם נאָמען פון דעם „כ׳בין־נישט־ווערט־צו־מעלדן". צוליב אַזעלכע ווי דו ליידן מיר אַלע! — שרייט חיים־יידל מיט אַן אַריינגעבויגענעם קאָפּ פון קאַסטן אַרויס.

פעלאַ צעשניידט דאָס ברויטל, וואַרפט אויף יעדן בעט אַן אָפּגעשניטן שטיק, — נו, אויב אַזוי — זאָגט פעלאַ — אויב צוליב מיר ליידן יידן, וועל איך מיך טאַקע בעסער לייגן שלאָפן. אַ גוטע נאַכט חיים־יידל! אַ גוט־טינקע נאַכט שיינע, פרייע וועלט!...

— אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט! אפשר זאָל איך דיר איינזינגען אַ וויג־ליד? — פרעגט חיים־יידל.

פעלאַ ציט אַרויף די דעק ביז איבערן קאָפּ. און איידער זי דעקט זיך איינגאַנצן איין, וואַרפט זי אַ בליק אַהין צו חיים־יידלס „ווילע":

— גלויב מיר, חיים־יידל, דיין בעלאַ נויטיקט זיך מער אין אַ וויג־ליד. אויב ס׳איז דאָ אַ גאָט אין הימל, ווייסט ער דאָס אַמבעסטן! מיין לידל וועל איך שוין וויסן ווי אַזוי מיר אַליין צו זינגען אויף דער דאָזיקער שיי־

בער וועלט. — זי וויקלט זיך איין מיט דער דעק איבערן קאָפּ, קוים וואָס עס הערט זיך פון אונטערן דעק:

שיינע מיידלעך קושט מען — —
מיאוסע לאָזט מען שטיין...

פעלאַ איז געווען אַ שלאַנק רייצנד מיידל, בערך 20 יאָר אַלט, מיט צוויי שורות ווייס־געשנירלטע, לאַכנדיקע ציין. ביז ווו נאָר עס דערגרייכט איר מיידלש־דערוואַכטער זכרון געדענקט זי, אַז מענערישע בליקן זענען שטענדיק געשפּרונגען צו איר קערפּער ווי נאָדלען צו אַ מאַגנעט.

פעלאַ האָט געקענט אַלע פאַרבאָרגענישן, וואָס ליגן טיף אין דער נשמה פון מענער, פאַר איר זענען געווען קלאָר אַלע וועגן־און־אומוועגן, וועלכע פירן צו זייער האַרץ. זי האָט געוווּסט דעם סוד ווי אַזוי אונטער־טעניק צו מאַכן — שטאַרקע; און אויסשטעלן אויף שפּאָט ברוטאַלע אָנ־גרייפער.

צו איר העכסטן דערפאָלג האָט אָבער פעלאַ דערגרייכט אין דער צייט ווען זי האָט געאַרבעט ווי אַ קעלנערין אין דער וויינשענק פון ראַדנע, איר געבורט־שטעטל.

יעזשי, דער יונגער פּוילישער פּאָסט־דירעקטאָר, איז אָפּגעזעסן ביים בופעט האַלבע־נעכט צוליב פעלאַן. ער איז גרייט געווען אָוועקצוגעבן זיין קאָפּ פאַר פעלאַס אַ שמייכל. נאָר פעלאַ האָט נישט פאַרלאַנגט זיין קאָפּ און האָט נישט צו אים געשמייכלט. זי קען זיי, די מענער, צו גוט. אַזאַ אוניווערזיטעט ווי עס איז די שענק אין ראַדנע איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט.

בשעת דער לעצטער יידן־אויסראָטונג אין ראַדנע איז פעלאַן גע־לינגען צו אַנטלויפן פון די דייטשע הענט. די אויגן האָבן געזוכט אַ באַ־העלטעניש, און די פיס זענען אַריינגעפאַלן אין יעזשיס וווינונג.

ווי באַלד יעזשי האָט דערזען פעלאַן, איז צו זיין גליק גאָרנישט געווען קיין גרענעץ. עס איז אים אַפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז פעלאַ, אַנטלויפנדיק פון טויט, איז בלויז אַריינגעפאַלן צו אים כדי זיך צו ראַ־טעווען. יעזשי האָט דאָס אַפילו נישט געדענקט. ער האָט בלויז געדענקט, אַז ענדלעך איז פעלאַ געקומען צו אים אין זיין וווינונג, דער חלום פון

זיינע שלאָפלאָזע נעכט איז איצט ווירקלעכקייט. און יעזשי, דער פּוילישער אינטעליגענט, איז געווען גליקלעך.

נאָר אַז די דייטשן האָבן אַרויסגעקלעפּט איבער די הייזער־ווענט פּלאַקאַטן: „וועלכער פּאָליאַק עס באַהאַלט אויס אַ ייד — ווערט געהאַנגען!" — האָט יעזשי באַלד געהייסן פעלאַן פאַרלאָזן זיין הויז. זי זעט דאָך אַליין, אַז זי קען בײַ אים מער נישט זיין. ער האָט דאָס צו איר געזאָגט ווי ער וואָלט צו איר גערעדט אַ פּשוטע, קלאָרע און פאַרשטענדלעכע זאַך. פעלאַ האָט אים בלויז אָנגעקוקט און געשוויגן. וואָס וועט זי רעדן? יעזשי האָט געזען, אַז פעלאַ פאַרשטייט אים. אַוודאי פאַרשטייט זי אים. צי איז זי דען אַ קינד, אַז זי זאָל אים נישט פאַרשטיין? זי האָט אים בלויז געבעטן: ער, יעזשי, וואָס איז אַמאָל געווען גרייט אַוועקצוגעבן זיין לעבן פאַר אירס אַ שמייכל — זאָל איר לאָזן צוּוואַרטן ביז עס וועט פינצטער ווערן.

בײַנאַכט, ווען יעזשי האָט, ווי אַלע פּאָליאַקן אין ראַדנע, אַרויסגע־שטעלט אינעם פענצטער איבער אַן אָנגעצונדן נאָפט־לעמפּל דאָס בילד פון דער הייליקער מוטער — אַ סימן, אַז דאָ וווינט אַ ריין־אַרישער פּאָ־ליאַק — האָט פעלאַ שטיל געעפנט די טיר, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, אַ שווייגנדיקע אַרויס צו דער נאַכט. זי האָט זיך אַדורכגעשאַרט דורך די אויסגעליידיקטע, יודען־ריינע גאַסן און אַוועק ווייטער דורך די פעלדער צו אירס אַ באַקאַנטן מיליציאָנער פון יודען־פירטל 3.

היינט פייפט פעלאַ אויף דער גאַנצער וועלט: „דאָס לעבן איז נישט ווערט, אַז אַזאַ מיידל ווי איך זאָל דערויף לאָזן אַ טרער..." — זאָגט זי. יעדן אָוונט גייט זי אַוועק, פאַרברענגט אויסגעצייכנט די נאַכט אינעם הויז פון דער יודענראַט־מיליץ. אינדערפרי קומט זי צוריק אויפן „פּונקט" מיט אַ רונדיק ברויטל אונטערן אָרעם. דאָס ברויט ברענגט זי נישט פאַר זיך. פעלאַ איז, חלילה, נישט אויסגעהונגערט צו ברויט. אָפּטמאָל ברענגט זי אויך אַ פּעקעלע מאַרגאַרין, זי צעטיילט דאָס מיט לאַכעדיקע ציין, מיט אַ ברייטער האַנט, פראַנק און פריי. די צוויי פרומע מיידלעך דערהאַלטן זיך דאָס לעבן מיטן ברויט, וואָס פעלאַ ברענגט. ווען זיי וואָלטן געוווּסט דעם פּרייז פאַר וועלכן פעלאַ באַקומט דאָס ברויט, וואָלטן זיי אַוודאי דאָס נישט געוואָלט אָנרירן. נאָר דערפאַר לעבן זיי דאָך נאָך אין זייער

אַלטער תמימותדיקער וועלט. אַ וועלט, אין וועלכער אַזאַ סאָרט געדאַנק קען אַפֿילו נישט געבוירן ווערן.

פֿון מאָל צו מאָל ברענגט אויך פֿעלאַ מיט זיך אַ פּאָר נייע, זיידענע זאָקן, זי ציט זיי אַרויף אויף אירע הויכע, שיינע פֿיס. באַטראַכט די וווּנדערבאַרע ליניע פֿון אירע צוויי אויסגעשטרעקטע אין דער לופֿט אַריין, מיט־זיידענע־זאָקן־אָנגעצויגענע פֿיס. זי קוקט אויף זיי ווי אַ קאָמענדאַנט בשעתן סאַלוט, אויף זיינע מיטן־געווער־אויסגעפּוצטע־סאָלדאַטן. און זייענדיק איבערצייגט, אַז איר כלי־זין איז צופֿרידנשטעלנדיק, לאָזט זי די פֿיס צוריק אַראָפּ מיט אַ טראַסק אויף דער ערד, און פֿייפֿט אַרויס אַ פֿריילעך שלאַגער־לידל.

אַז דאַניעלאַ וויל, מעג זי נעמען די אַלטע זאָקן. זי, פֿעלאַ, האָט זיי געטראָגן בלויז צוויי־דריי מאָל. עפּעס אַ קליינער דעפֿעקט אין דער נאָט פֿון דער ליניע. עס קען זיי אויך נעמען ווער עס וויל. פֿעלאַן איז דאָס נישט קיין נפֿקא־מינא. וועגן איר, קענען זיי אויך ליגן און פֿוילן אונטערן בעט. פֿעלאַ צווינגט נישט. פֿעלאַ בעט נישט. פֿעלאַ האָט אַ ברייט, אָפֿן האַרץ. נאָר איצט זאָל מען זי לאָזן שלאָפֿן. זי האָט נישט צוגעמאַכט אַן אויג אַ גאַנצע נאַכט. ביי מאָניעקן, דעם לייטער פֿון יודענראַט, איז ביי־נאַכט געווען אַ פֿריילעכע סעודה. די פֿאַסקודניאַקעס האָבן זי נישט אַרויסגעלאָזט פֿון זייערע הענט אַ גאַנצע נאַכט. דעם אָטעם האָט מען איר נישט געלאָזט כאַפּן.

## קאַפּיטל ניין

# ברודער און שוועסטער

זיי זענען געזעסן אויף די שטיינערנע טרעפּ אינעם הויז פון דער אומזיסטער גמינע־קיך. האַרי איז געווען אַדורכגעווייקט פון נאַסן שניי צוליבן גיין אַזאַ לאַנגן וועג דורך די פעלדער. ער האָט זיך באַמיט אויפֿצוקנעפּלען זיין מאַנטל. דאָס איז אים שווער אָנגעקומען, ווי דאָס וואָלט, באמת, געווען אַ שווערע זאַך. זיינע הענט זענען געווען נאַס, געגליווערט פון קאַלטן ווינט. ער האָט געהאַט אַ געפיל ווי זיינע פינגער וואָלטן זיך געפונען אין אַ באַנדאַזש. „ס'אַ קללה, דער ווינטער", — האָט ער געזאָגט.

דער שניי איז צעגאַנגען אויף זיין הוט. זי האָט געזען ווי די וואַסער־טראָפּנס קאַפּען אַראָפּ פון צעקנייטשטן קאַפּעליוש־ראַנד אויף זיין אַקסל און פּלייצע און זאַפּן זיך באַלד איין אין דער נאַסקייט פון מאַנטל. זי האָט געוואָלט אַראָפּנעמען דעם קאַפּעליוש פון זיין קאָפּ, נאָר זי האָט דאָס נישט געטון. אירע הענט האָבן זיך נישט אויסגעשטרעקט.

האַרי האָט אָוועקגעבויגן די פּאָלע פון זיין מאַנטל און באַמיט זיך מיטביידע הענט אַרויסצושלעפּן פון זיין הויזן־טאַש אַ פּאַקעטל, איינגעפּאַקט אין פּאַפּיר. דאַניעלאַ האָט געקוקט מיט גרויסע, שטומע אויגן אויף זיינע אָנשטרענגונגען. און עס איז איר נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז זי קען אים צוהעלפן. איר וואָלט עס גאָרנישט שווער געווען אַרויסצוציִען פון האַריס זייטיקער הויזן־טאַש אַזאַ פּאַקעטל.

זי איז געווען ווי איינער, וואָס וועקט זיך אויף פון אומבאַוווסטזיין, נאָר דער נעפּל הענגט נאָך איבער זיין מוח.

שטענדיק, איידער האַרי קומט, האָט זי טויזנטער זאַכן אים צו זאָגן. נאָר אין דער רגע ווען זי דערזעט אים, ווערט פּלוצלונג אַלץ אין איר פאַרשטומט; עס פאַרזינקט ערגעץ אינעווייניק אין איר, ווי עס וואָלט דאָרט געווען אַ תהום, און אָנשטאָט דעם גייט אין איר אויף גאָר עפּעס אַנדערש, אַזעלכעס וואָס זי קען עס נישט אויסדריקן מיט ווערטער. כוואַליעס, כוואַליעס גייען אויף ביז צום האַלדז און ווערן דאָרט פאַרהאַלטן צוזאַמען מיטן אָטעם. די טויזנטער וויכטיקע זאַכן, וואָס זי האָט געוואָלט דערציילן, גייען פאַרלוירן צווישן אַ לאַבירינט פון טונקעלע פאַרהאַנגען אין איר זכרון. זי פילט זיך ווי אַן אָנגעפולטע פלאַש ביז צום פּראָפּן. פול — און קוקט אויס ליידיק.

דאָס אַרויסגעשלעפּטע פּאַקעטל ברויט איז געווען נאַס פון רעגן, וועלכער האָט אים אַדורכגעווייקט ביז דער הויזן־טאַש. די טונקעלע מאַרמעלאַדע האָט אַרויסגעקוקט פון צווישן די צוויי רונדיקע ברויט־רינדלען. ער האָט אַוועקגעבויגן דאָס צעריסענע, נאַסע פּאַפּיר פון איין זייט און דערלאַנגט איר.

— עס, דאַניש, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט געקוקט אויף זיינע אויסגעשטרעקטע הענט. זיי זענען געווען ביינערדיק, נאַס און האָבן געציטערט ווי ביי אַן אַלטן מאַן. זי האָט שנעל גענומען פון אים דאָס ברויט, האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ און מיטביידע הענט געהאַלטן דאָס ברויט נאָענט צו די פאַרמאַכטע ליפּן.

שטענדיק, ווען נאָר זי טראַכט פון אים, שטייט ער איר פאַר די אויגן אַזוי ווי ער האָט אויסגעזען אַמאָל אין דער היים: שיין, עלעגאַנט און רעפּרעזענטאַבל. אַפילו בשעת זי וואַרט אים אָפּ ביי די פעלדער, רעדנדיק צו אים אין אירע געדאַנקען, זעט זי אים אויך נישט אַנדערש. זי קען זיך האַרין נישט פאָרשטעלן אַנדערש. זי פאַרגעסט. שטענדיק פאַרגעסט זי. זי איז גליקלעך: באַלד וועט זי אים זען! נאָר ווען זי דערזעט אים, הייבן אירע קני׳ען אָן צו ציטערן. זי דערשרעקט זיך. זי דערקענט נישט דאָס פּנים. עס געדויערט ביז זי געוווינט זיך ווידער צו, אַז דאָס איז האַרי.

אינדרויסן האָט נישט אויפגעהערט צו פאַלן דער נאַסער שניי. האַרי איז געזעסן לעבן איר, ער האָט אַרויסגעקוקט צום פלאַץ און ער האָט געשוויגן ווי ער וואָלט נישט געוואָלט איר שטערן ביים עסן. דער האַלצער־

נער פלויט אַרום פּלאַץ און די נאַקעטעביימער לעבן פלויט האָבן פונ־דערווייטנס אויסגעזען ווי מיט בליי געצייכנט דורך קליינע שול־קינדער אויף גרויען פּאַפּיר. פון צייט צו צייט זענען אַדורכגעלאָפן פרויען פון יודענראַט־באַאַמטע מיט פאַרמאַכטע, פולע טאָרבעס. הונגעריקע אויגן זאָלן נישט זען וואָס אין זיי געפינט זיך.

אַמאָל איז אין דעם הויז געווען אַ ייִדישע שולע. היינט איז דאָ דער פּראָדוקטן־לאַגער פון יודענראַט. הונדערטער מענטשן וואָלטן אין דעם הויז געקענט געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ. נאָר דער יודענראַט וויל נישט, אַז פרעמדע אויגן זאָלן זען די ווירטשאַפט, וואָס דאָ קומט פאָר.

האַרי האָט אַרויסגעקוקט צום פּלאַץ. — אינדערפרי האָב איך גע־מיינט, אַז איך וועל היינט נישט קענען קומען. ס'אַ קללה פון גאָט, דער ווינטער. גוט וואָס ער ענדיקט זיך שוין, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן אירע אויגן צו זיין פּראָפיל. זי האָט געפילט ווי צוואַנגען וואָלטן זיך איינגעקלעמט, אינעווייניק, אין איר האַלדז. זי האָט געזוכט אויף דעם פּנים אַ שפּור פון זיין אַמאָליקן אויסזען און בשום אופן דאָס נישט געפונען, ווי דער אַמאָליקער האַרי וואָלט פאַר־ברענט געוואָרן אינעווייניק אין דעם איצטיקן געשטאַלט; און עס רויכערט נאָך דער צער אַרויס פון זיין פּנים. „ס'אַ קללה דער ווינטער...״ שטענדיק, ווינטער־צייט, אַז האַרי איז אַהיימגעקומען, פלעגן זיי צוזאַמען גיין גליטשן זיך אויפן אייז. קיינער האָט נישט געקענט באַווייזן אַזעלכע „פיגורן״ ביים גליטשן אויפן אייז ווי האַרי. אַלע האָבן געקוקט מיט התפּעלות. זי איז געווען שטאָלץ מיט אים. זי האָט געבעטן, אַז דער ווינטער זאָל זיך אייביק ציִען, ער זאָל זיך קיינמאָל נישט פאַרענדיקן און האַרי זאָל שטענדיק זיין אין דער היים.

ביים פענצטערל, ווו מען גיט אַרויס די אומזיסטע פּאָרציעס זופּ זענען די געוואַלדן אויפגעגאַנגען ביז צום זיבעטן הימל. דער הונגער האָט דאָרט אויף אַן אַכזריותדיקן אופן געקנאָטן אַ ריזיקן מענטשן־קנויל. צעשויבערטע קעפּ, אַרויפגעהויבענע הענט מיט טעפּ צום הימל, רחמים־יללות פון פרויען. דאָס מענטשן־טייג האָט זיך געוואַלצט און געקנאָטן, אַדורכגעמישט צוזאַמען מיטן פאַלנדיקן נאַסן שניי. יעדער האָט מורא געהאַט, אַז ווי נאָר ער וועט צוקומען צום פענצטערל, וועט דאָס טירל זיך פאַרקלאַפּן: נישטאָ

מער קיין זופּ! פּרויען האָבן אַרויסגעשריגן פון דעם פאַרפּלאָנטערטן מענטשן־קנויל מיט האַרצרייסנדיקע געשרייען, מען זאָל זיך דערבאַרעמען. זיי ווערן דערשטיקט! מענער האָבן מיט עלנבויגנס געדריקט אין הערצער פון די שוואַכערע און אַזוי אַרום געשניטן פאַר זיך אַ וועג צום פענצטערל. די מיליציאָנערן פון יודענראַט האָבן בלויז אַכטונג געגעבן, אַז צום אָרט, ווו מען גיט אַרויס די זופּן, זאָלן צוקומען נאָר אַזעלכע, וועלכע האָבן פריִער אָפּגעגעבן די קופּאָנען. מער האָט זיי נישט אינטערעסירט.

יעדעס מאָל, ווען געסטאַפּאָ פאַרלאַנגט מענטשן צום „טראַנספּאָרט", נעמט דער יודענראַט, קודם־כּל, יענע, וועלכע געניסן פון דער אומזיסטער קיך. אַלע ווייסן שוין וווהין מען פירט די טראַנספּאָרטן. פונדעסטוועגן איז דער פּלאַץ פון דער אומזיסטער קיך שטענדיק פול. די מענטשן טראַכטן נישט וואָס עס וועט זיין שפּעטער. מען ווייסט נאָר, אַז איצט קען מען לויפן מיטן ליידיקן טאָפּ צו דער קיך און אַהיימברענגען אַ וואַרעמע זופּ פאַר די קינדער.

האַרי טראַכט: פערבער זיצט איצט ביים שילעווער רבין. ער וויל אים דווקא איבערצייגן, אַז אַלע יידן דאַרפן אַרויסגיין מיטאַמאָל אויף קידוש־השם קעגן די דייטשן. זאָל פערבער בעסער אַהערקומען דאָ אויפן פּלאַץ, וועט ער זען ווי מענטשן גיבן אַוועק זייער לעבן פאַר אַ שיסל וואַרעמע זופּ. קידוש־השם! וואָס איז דאָס ווערט? ווער וועט וועלן פרייוויליק גיין צום טויט, אַז מען קען דערפאַר אַפילו קיין לעפל זופּ נישט קריגן? פערבער! — ווער וועט אים וועלן הערן? אָט די אַלע מענטשן דאָ אויפן פּלאַץ וועלן אים געוויס נישט פאָלגן. און אויב זיי וועלן אים נישט פאָלגן, טאָ ווער־זשע וועט אים פאָלגן? אַפילו די קלוגע סאַניאַ איז דאָך אויך נישט מסכּים מיט אים. און ער גופא, צי איז ער דען אין האַרצן פאַרטיק מיט זיך? צי איז ער באַשלאָסן צוצולייגן אַ האַנט צו אַ זאַך, וואָס וועט באַלד ברענגען מיט זיך דעם טויט אויף סאַניאַן און דאַניעלאַן?

האַרי טראַכט: טעדעק, דער טיפזיניקער טעדעק, וואָס פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ שטאָלענער ווילן, וואָס ביים ערשטן בליק אויף אים האָט מען באַלד געפילט: אָט דער בחור ווייסט וואָס ער וויל, און אָט דער בחור וועט אויך וויסן אַזוי אַדורכצופירן זיין ווילן! סאַניאַ האָט דעמאָלט געזאָגט: „טעדעק גייט אַרויס צום טויט..." און פערבער

האָט געזאָגט: „אַ טויטער קען נישט גיין צום טויט...‟ וואָס האָט זיך אַרויס־געוויזן? ווען האָט טעדעקס פֿאַרשווונדן געבראַכט נוצן? אַ שעה פֿאַרן אַרויסגיין פֿון געטאָ האָט טעדעק געזאָגט: „איך גיי אַרויס פֿון געטאָ נישט ווי אַ טויטער און אויך נישט ווי איינער, וואָס גייט צום טויט. איך גיי אַרויס פֿון געטאָ, ווייל איך לעב, און איך גיי ברענגען לעבן פֿאַר אַנדערע. איך וועל אויסבאַנען פֿאַר אייך דעם וועג!‟ צי וועלן נישט מיר אַלע גיין אין טעדעקס אויסגעבאַנטן וועג? אויב אַזוי, איז דאָך פֿערבער גערעכט! פֿון דער צווייטער זייט: ווען טעדעק וואָלט דעמאָלט נישט אַרויס פֿון געטאָ, צי וואָלט ער דען נישט היינט געקענט ווייטער לעבן און זיין צוזאַמען מיט אונדז? אויב אַזוי, איז דאָך סאַניא גערעכט! פֿונוואַנען שעפּט דער געלער, אויסגעדאַרטער בחור פֿערבער דעם פּלאַם, וואָס ברענט אין אים טאָג און נאַכט? פֿון וואָס פֿאַר אַ קוואַל שעפּט ער זיין זיכערקייט? וואָס פֿאַר אַ מקור איז דאָס? צי וועט אים געלינגען איבערצייגן דעם שילעווער רבין?

דורכן טויער פֿון קיך־פּלאַץ קומט אָן צופֿאָרן אַ קינדער־וועגעלע, פֿאַרפּוילט און פֿאַרזשאַווערט. געפֿלאָכטן פֿון שטרוי מיט הויכע, דינע רעד־לעך. אַן אַלטער מאַן זיצט אינעם קינדער־וועגעלע, און צוויי קינדער, אַ יינגעלע און אַ מיידעלע, פֿירן דאָס וועגעלע. דאָס יינגעלע שלעפּט ביי אַ שטריק פֿון פֿאָרנט, און דאָס מיידעלע שטופּט נאָך פֿון הינטן. דעם זקנס קני זענען אויפֿגעשטעלטע און שטעקן אַרויס שפּיציקע, פֿון שטרויענעם קינדער־וועגעלע. אויף זיין בויך שטייט אַ גרויסער, שוואַרץ־פֿאַרסאַדזשע־טער טאָפּ. דער שניי פֿאַלט אָן אויפֿהער אויפֿן קינדער־וועגעלע, אויף די שיטערע גרינלעך־אַשיקע האָר פֿון זקנס באָרד, אויף די אַרויסגעלאָזענע רויט־פֿליישיקע אונטערלעפֿלעך פֿון זיינע טריפֿנדיקע אויגן. דער אַלטער טוט זיך נישט קיין ריר. עס אַרט אים גאָרנישט, ווי עס אַרט נישט דעם נאַקעטן שטאַם דאָרטן ביים פּלויט. די קינדער שטופּן צו דאָס וועגעלע צום פֿענצטער, וווּ מען דאַרף אָפּגעבן דעם קופּאָן. דאָס וועגעלע בלייבט שטיין. דאָס יינגעלע גייט צו צום אַלטן, קנעפּלט־אויף דעם מאַנטל ביים אַלטנס האַרץ און שלעפּט פֿון דאָרט אַרויס די אַדורכגעווייקטע קופּאָנען־קאַרטע. דעם אַלטנס קאָפּ טוט זיך אַפֿילו נישט קיין ריר. דער גאַנצער גוף טוט זיך נישט קיין ריר. ער קוקט בלויז מיט די פֿלייש־רויטע אונטערלעפֿלעך צו דער נאַסער שטיינערנער וואַנט פֿון דער אומזיסטער קיך.

צוויי דוממ׳ס, איינער אַנטקעגנאיבער דעם צווייטן.
דער רעגן שווענקט זיי.

נאָך קיינמאָל האָט האַרי נישט אַזוי געשוויגן. — טראַכט דאַניעלאַ. — זי האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי פאַרצערט. טויזנטער זאַכן האָט זי אים געהאַט צו זאָגן. איצט פילט זי ווי דער האַלדז וואָלט ביי איר געווען פאַרשלאָסן. ווען זי קען אים אַרומכאַפּן און אויסברעכן מיט אַ געוויין, וואָלט איר לייכטער געוואָרן. נאָר זי ווייסט, אַז אירע טרערן וועלן זיין ווי זאַלץ אויף זיינע ווונדן. זי וועט דערמיט נאָך מער צעווייטיקן זיין האַרץ. קיינמאָל האָט האַרי נישט אַזוי געשוויגן. ער איז קיינמאָל נישט געווען אַזעלכער. שטענדיק פלעגט ער איר דערציילן פאַרשידענע, אינטע־רעסאַנטע זאַכן. פון איר קינדהייט אָן געדענקט זי דאָס. זי האָט ליב געהאַט צו הערן זיינע רייד און שמועסן מיט אים. קיינמאָל האָט ער נישט אַזוי געשוויגן. ער עסט אַוודאי נישט אַ גאַנצע וואָך קיין שטיקל ברויט. פאַרן מאָנאַטס־לוין אינעם שאָפּ קען מען קוים באַקומען אַן איינציק ברויט אויפן שוואַרצן־מאַרק. און ווער נעמט דען פון שאָפּ דעם לוין? יעדער האָט דאָך מורא. יעדער וויל ווייזן, אַז ער איז גענוג פּאַטריאָטיש; שענקט אַוועק דעם לוין פאַר די דייטשן און אַרבעט אינעם שאָפּ פרייוויליק. האַרי נעמט מסתמא אויך נישט דעם לוין אין שוועכערס שאָפּ. ער וועט דאָך נישט זיין דער איינציקער נעמער צווישן בלויז אַוועקשענקער. זי פאַרדינט כאָטש פון צייט צו צייט. איר לאַגע איז אָן ספק בעסער פון האַריס לאַגע. ווען זי נעמט נישט איצט צו פון אים דאָס ברויט, וואָלט זי אים דערמיט ווי געטון. זי ווייסט דאָס. נאָר ווען ער וואָלט כאָטש געוווסט, אַז דאָס שטיקל ברויט, וואָס ער שפּאָרט אָפּ פון זיין מויל און ברענגט עס צו איר — בלייבט איר שטעקן ווי אַ ביין אין האַלדז; זי קען עס נישט אַראָפּשלינגען! אָבער ווי אַזוי קען זי אים דאָס געבן צו פאַרשטיין? זי ווייסט דאָך ווי ליב עס איז אים צו ברענגען פאַר איר דאָס שטיקל ברויט. צי קען זי דען אים זאָגן ווי שרעקלעך זיין פּנים קוקט אויס? אַז ער וואָלט גיכער געדאַרפט אויפעסן דאָס ברויט, אָנשטאָט זי זאָל עס עסן? „סאַניא האָט אַ גאַנצע וואָך אָפּגעהיט פאַר דיר די מאַרמעלאַדע". ווער ווייסט ווי לאַנג זיי האָבן אָפּגעהיט פאַר איר די צוויי שטיקלעך ברויט כדי האַרי זאָל זיי קענען היינט ברענגען?

„סאַניא האָט אַ גאַנצע וואָך..." ווען סאַניא איז ווי אַ כלה געקומען צו

גאַסט קיין קאָנגרעסיאַ, איז דאָס גאַנצע הויז פול געווען מיט איר. פון אַלע צימערן און פון אַלע ווינקלען פון הויז האָט זיך געטראָגן איר קלינגענדיק געלעכטער. זי האָט זיך דעמאָלט נישט גענוג אויסגעקענט אויף סאַניאַן. וואָס איז זי דען דעמאָלט געווען? אַ קינד איז זי געווען. זי האָט אָבער דעמאָלט אויך שוין געמעגט וויסן, אויב האַרי האָט אויסגעקליבן סאַניאַן פאַר אַ ווייב, איז זי, מסתמא, נישט בלויז אַן אויסגעפּוצטע קאָקעטקע אין עלעגאַנטע קאָסטיומען. אַלע האָבן איר נאָכגעקוקט בשעת זי איז אַדורכגעגאַנגען אין גאַס. „אַ מאָדעל פון פּאַריז" — האָט מען זיך געשושקעט. זי האָט שוין לאַנג נישט געזען סאַניאַן.

## קאַפּיטל צען

# רחמים און אכזריות

— וואָס מאַכט סאַניאַ?

די פראַגע האָט זיך אַרויסגעריסן פון דאַניעלאָס מויל. זי גופא איז דערשטוינט געוואָרן בשעת צו אירע אויערן זענען דערגאַנגען די ווערטער פון איר אייגן מויל.

— סאַניאַ באַמיט זיך אַדורכצופירן, אַז דו זאָלסט קענען ווײַנען מיט אונדז צוזאַמען. זי האָט עס שוין כמעט דערלײדיקט. עס איז בלויז נאָך פאַראַן די שוועריקייט מיט דער אַרבעט אינעם שאָפּ, — האָט האַרי גע־ענטפערט.

אינעם האַרצן האָט זי געוווסט, אַז זי וועט צו דעם קײנמאָל נישט מסכים זײַן. ס׳איז קלאָר, אויב זי וועט ווײַנען צוזאַמען מיט האַרין, וועט זי אויך מוזן בײַ אים עסן. האַרי וועט איר נישט לאָזן טראָגן הינטערן מאַנטל געשמוגלטע סחורה. זי וועט נישט קענען פאַרדינען. זי וועט אַוועק־נעמען דעם לעצטן ביסן פון זײַער מויל. נײן! דאָס וועט נישט געשען! האַרי וויל זיך מפקיר זײַן צוליב איר. סאַניא וועט נישט קענען אויספּועלן פאַר איר דאָס רויטע שטעמפּעלע פון געסטאַפּאָ. ס׳איז אַן אומזין! אַזעלכעס איז נישט מעגלעך צו קריגן. דער סוף וועט זײַן, אַז מען וועט זי כאַפּן בעכטיקן בײַ האַרין און מען וועט זיי אַלע צוזאַמען אַוועקשיקן קײן אויש־וויץ. האַרי איז געוואָרן אַ הפקר־מענטש...

— אַ שאָד סאַניאַס באַמיִונגען, — האָט זי געזאָגט.

— פאַרוואָס, דאַניש? קען זיין, אַז דו וועסט אַרבעטן צוזאַמען מיט סאַניאַן אין איין שאַפּ.

— איך וועל קיינמאָל נישט מסכים זיין צו אַזאַ זאַך.

ער האָט האַסטיק אויסגעדרייט צו איר דעם קאָפּ:

— דו וועסט טון, דאַניעלאַ, אַזוי ווי איך וועל דיך הייסן! סאָניאַ ווייסט וואָס זי טוט! — האָט ער שטרענג געזאָגט.

ס'איז איר ליב געווען צו הערן דעם האַרבן טאָן פון האַריס ווערטער, כאָטש זי האָט געוווסט, אַז אין דעם פאַל וועט זי אים בשום אופן נישט פאָלגן; די אַנטשלאָסנקייט, אָבער, פון האַריס ווערטער האָט זי אָנגעפילט מיט אַ כוואַליע פון ליבע, דאַנקבאַרקייט און וואַרעמקייט. אַ שטייגער, ווי אַ מאַמע, וואָס זיצט ביים בעט פון איר קראַנק קינד, וואָס קען נישט רעדן פון גרויס שלאַפקייט, פלוצלונג הערט זי: דאָס קינד בייזער'ט זיך אויף איר מיט אַ הויכן געשריי.

אַז האַרי האָט אויסגעדרייט צו איר דעם קאָפּ, האָט ער געזען, אַז זי האַלט נאָך דאָס ברויט נישט גערירט ביי די ליפּן.

— פאַרוואָס עסטו נישט, דאַניש? — האָט ער ווייך געפרעגט.

זי האָט צו אים געקוקט. צער און רחמים האָט געשטראָמט פון אויגן צו אויגן.

— איך וועל עסן דאָס ברויט דאָרט, אינעם „פונקט“, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט זי אַרומגענומען מיט זיין האַנט ביז איר צווייטן אַקסל. זי האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף זיין האַרץ. די קאַלטע נאַסקייט פון זיין מאַנטל איז איר געווען ליב און נאָענט ווי אַ טייל פון אים. זי האָט געפילט, אַז זי מוז שנעל עפּעס אַרויסזאָגן, נאָר זי האָט גאָרנישט געקענט רעדן. עס איז נישט געווען קיין שום וואָרט אויף דער וועלט, וואָס זאָל קענען זיין ווי אַ טרייסט פאַר אים און פאַר איר; אַ וואָרט, וואָס זאָל בכוח זיין אָפּצווישן סיי די נאַסקייט פון האַריס מאַנטל, סיי דעם וועג דורך די פעלדער, אויף וועלכן ער וועט באַלד דאַרפן צוריקגיין, סיי אַלץ וואָס זיי רינגלט אַרום דאָ אויפן פּלאַץ פון דער אומזיסטער קיך, שטראָמען צער, ליבע און רחמנות האָבן געפּלייצט אין איר האַרץ. זי האָט געוואָלט וויינען.

— האַריק, — האָט זי געזאָגט, — קיינמאָל האָסטו נישט אַזוי געשוויגן...

ער האָט געגלעט איר קאָפּ. אינדרויסן איז דער הימל געלעגן נאַס און טריב אויפן פלאַץ. דאָס הויז, ווו זיי זענען געזעסן, האָט אויסגעזען ווי אַ שווימענדיקע תיבה אין מיטן אַ מבול, און די ביימער פונדערווייטנס — ווי אויסגעשטרעקטע הענט פון דערטרינקענדיקע.

פון אָרט, ווו מען טיילט אויס די זופּן, האָבן דריי קינדער אַוועקגעפירט זייער אַרויסגעשלעפּטע, פאַרחלשטע מאַמע. די פרוי האָט נישט געקענט גיין. מען האָט געזען, אַז עס איז איר צו שווער צו טראָגן אירע אייגענע גלידער, נאָר דעם ליידיקן טאָפּ האָט זי פאָרט נישט אַרויסגעלאָזט פון די פאַרקלעמטע פינגער. די קינדער האָבן זי געפירט אונטערגעשפּאַרט און דערביי געוויינט: מאַמע!... מאַמע!... זיי האָבן זי צוגעפירט צו דער וואַנט פון הויז. ווייטער האָט זי מער נישט געהאַט קיין כוח צו שלעפּן די פיס. פון אַלע מענטשן האָט קיינער אַפילו נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אַ קוק צו טון צו זיי. דער רעגן האָט געפּליוצט און געפּאַטשט אין פּנים אַריין מיט אַ נאַסן, קלעפּיקן שניי. קיינער האָט אַפילו נישט אַ בליק געטון ווי דריי קליינינקע קינדערלעך טאַנצן יאָמערלעך אַרום זייער מוטער, און בעטן זיך ביי איר, זי זאָל זיי נישט איבערלאָזן אַליין.

מאַמע!... מאַמע!...

האַרי האָט זי געדריקט צו זיך. ער האָט געקוקט צום דרויסן. אירע ווערטער זענען געשטאַנען אין זיינע אויערן: „קיינמאָל האָסטו אַזוי נישט געשוויגן...“

— וואָס איז פאַראַן צו זאָגן, דאַניש? — האָט ער געזאָגט.

זי האָט צו אים אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— ווייסט, האַריק, אָפּטמאָל דאַכט זיך מיר אויס, אַז דאָס אַלץ איז נאָר אַ חלום. מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל פּלוצלונג עפענען די אויגן און זען, אַז איך האָב געחלומט אַ שרעקלעכן חלום. דו וועסט ווידער אַהיימקומען פון וואַרשע מיט דער העלער, שיינער לעדער־וואַליזקע אין דער האַנט; דער רייזע־מאַנטל אויפן אָרעם, מיר וועלן צוזאַמען גיין שפּאַצירן, ווו נאָר מיר וועלן האָבן חשק. עס וועלן מער נישט זיין קיין יודען־פירטלען. דו וועסט מיך אָפּוואַרטן ביי דער שולע. און דו וועסט דיך פאַרנייגן, אַראָפּ־

ציען טיף דעם הוט. געדענקסט?... נאָר דו זאָלסט ווידער זאָגן: „קאָן מען פּאַרבעטן די פריילין אויף אַ שפּאַציר?..." הערסט, האַריק?... איך וויל דו זאָלסט ווידער זאָגן... דו זאָלסט זאָגן... הערסט?...

די ווערטער האָבן זיך געריסן אין כוואַליעס, כוואַליעס. איר אָטעם איז געווען אָפּגעהאַקט. דאָס דערשטיקטע געוויין האָט זיך געוואָרפן אין איר האַלדז. זי האָט עס נישט געקענט אַרויסברענגען. ער האָט זי גע־דריקט צו זיך.

— דאַניש... דאַניש... — האָט ער זיך ביי איר געבעטן — אַוודאַי איז דאָס בלויז אַ חלום... אַלץ איז אַ חלום... אַ חלום, וואָס פאַרגייט...

זי האָט געקוקט צו אים מיט גרויסע, אויפגעריסענע אויגן. — ניין, האַריק... דאָס איז נישט קיין חלום... — אירע פינגער האָבן ציטערדיק זיך אויפגעהויבן צו זיין פּנים; באַרירט די אַרויסגעשטעקטע ביינער פון זיינע איינגעפאַלענע דאַרע באַקן, ווי אַ בלינדער וואָס זעט דורך די שפּיצן פון זיינע פינגער — ניין, האַריק, דאָס איז נישט קיין חלום...

און פּלוצלונג האָט פון איר אַרויסגעבראָכן דער דערשטיקטער געוויין. ער האָט נישט געוווסט ווי אַזוי ער זאָל זי באַרויקן און וואָס ער זאָל איר זאָגן. זי אַליין האָט זיך געוואָלט באַרויקן, נאָר זי האָט נישט געקענט.

אינעם הויז־קאָרידאָר, וווּ זיי זענען געזעסן, איז געקומען צו לויפן אַ מאַן מיט אַ בהלה. ער האָט געהאַלטן אַ טאָפּ מיט הייסן זופּ אין די הענט. די פּאַרע האָט אַרויסגעשלאָגן פון טאָפּ אַרויף צו זיין מבוהלדיק פּנים. דער מענטש האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל ביי דער וואַנט, ווי ער וואָלט זיך אויסבאַהאַלטן פון עמעצן; אָדער ווי ער וואָלט נישט געגוג צייט געהאַט, פון גרויס אומגעדולד, זיך אַוועקצוזעצן אויף די טרעפּ. ער האָט געהאַלטן דעם טאָפּ נאָענט צו זיין מויל און געשעפּט פון אים מיט אַ בלעכענעם לעפל, אָן אויפהער, אָן אָפּרו, אָן איבעררייס. פון זיין מבוהלדיקן פּנים איז גערונען שווייס און צעגאַנגענע שניי־טראָפּנס גלייך אינעם טאָפּ אַריין. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין צייט אָפּצווישן דעם רינענדיקן שווייס פון זיין שטערן כדי נישט מפסיק צו זיין אין מיטן שלונגען די זופּ.

אַ קליין מיידעלע פון אַ יאָר זעקס איז אָנגעקומען צו דער שוועל פון הויז־אַריינגאַנג און געבליבן דאָרט שטיין. זי האָט אָפּגעזוכט איר פאָטער

און אַוועקגעשטעלט זיך קוקן פון דערווייטנס, ווי זי וואָלט מורא געהאַט זיך דערנענטערן צו אים. דער רעגן האָט געקאַפּעט פון אירע צוויי דינע, קורצע צעפּלעך. דאָס קינד איז געווען איינגעהילט אין אַ צעלאַטעטע, גרויסע, מענער־מאַרינאַרקע, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק אַרום בייכל. די לאַנגע אַרבל זענען געווען אַרויפגעוויקלט אויף אירע קליינע, דאַרע הענטלעך. זי האָט שווייגנדיק געקוקט מיט אַרויפגעהויבענע אויגן צום פּאַטערס געעפנטן מויל און צו די הייסע לעפל זופּ, וואָס זענען דאָרט אַן איבעררייס פאַרשוווּנדן.

דאַניעלאַ האָט געהאַלטן האַריס אַ האַנט אין אירע הענט. ווי זי וואָלט אַזוי אַרום אים געוואָלט שיצן פון דער קעלט און אַריבערפירן דאָס אייגענע ביסל וואַרעמקייט פון איר אָטעם צו אים.

— איך בין אַן אומפאַרשעמטע, — האָט זי געזאָגט מיט אַן אַראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ. — דו קומסט אַהער זונטיק, דו שטעלסט דיר איין דאָס לעבן, כדי איך זאָל דיר אַריינגוויינען אין קאָפּ. איך בין אַן אוממענטש.

— וואָס פאַראַ ווערטער הער איך דאָ אויף מיין גאָלדנס? דו ביסט אַ זיס קינד, דאָס ביסטו! דו ביסט מיין גאָלדענע דאַניש! מיין שיינע בלום...

— שטענדיק האָסטו געזאָגט, אַז איך בין אַ שיינע בלום. אמת, האַריק?...

— אַוודאַי ביסטו אַ שיינע בלום. אַוודאַי האָב איך אַזוי געזאָגט.

— ווייסט, האַריק, שטענדיק איידער דו קומסט, האָב איך דיר צו דערציילן אַ מיליאָן וויכטיקע זאַכן, נאָר דערנאָך, אַז מיר זיצן צוזאַמען, פליט מיר אַלץ אַרויס פון קאָפּ. איך פאַרגעס. שטענדיק פאַרגעס איך. נאָר דערנאָך, אַז דו גייסט אַוועק, דערמאָן איך מיך ווידער. אמת, אַז איך בין אַן אוממענטש? פאַרוואָס האָב איך פריִער געדאַרפט וויינען?

— אַז ס'האַרץ גייט איבער, ווייִנט מען. וואָס פאַר אַן אַנדערע דער־לייכטערונגען האָט מען היינט?

— דו ביסט שטענדיק געווען אַ וווּנדערבאַרער. מאַמי האָט דיך שטענ־דיק געהאַט ליבער ווי מיך.

— נישט אמת. דו ביסט שטענדיק געווען אַן אייפערזיכטיקע.

— האַריק... — זי האָט פּלוצלונג ערנסט געצויגן זיין נאָמען — איך האָב דיר געוואָלט עפּעס דערציילן.

— אַהאַ, דער פּלוידער־זאַק האָט זיך שוין אין דיר אויפגעוועקט. וואָס האָסטו געוואָלט דערציילן?

— אַז דו וועסט מיר צוזאָגן, אַז דאָס וועט בלייבן אויף אייביק צווישן אונדז בסוד.

— אַ דאגה האָב איך. איך קען דיר צוזאָגן.

— ניין! — זי האָט גענומען זיין האַנט אין אירער אַריין ווי צו אַ תקיעת־כף — אָט אַזוי וויל איך זאָלסטו מיר צוזאָגן.

— דאַנישל עקשן, ווער קען נישט דאַנישל די עקשנטע? מילא, וועל איך דיר אָט אַזוי צוזאָגן. האָסט אַ וואַרעמע האַנט.

— נישט „מילא"... נאָר מיטן גאַנצן האַרץ.

— מיטן גאַנצן האַרץ. אפשר וועט מען דאָס נייעס הערן נאָך פאַר דער „שפּער־שטונדע?"

— ווייסט, האַריק... אין קאָנגרעסיאַ האָב איך סאַניאַן נישט ליב גע־האָט... נאָר דאָס איז געווען אַמאָל. היינט האָב איך זי אַ סך ליבער ווי דו האָסט זי. האָסט געגעבן תקיעת־כף. געדענקט!

האַרי האָט אָנגעשטעלט אַן ערנסטע מינע, ווי ער וואָלט איצט גע־הערט אַ וויכטיקע נייעס. אינעם האַרצן איז ער געווען גליקלעך, וואָס דאַ־ניעלאַ איז הינטער זיינע אויגן פּלוצלונג צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קינד. ער האָט געוווּסט, אַז עס פעלט איר דער גלעט פון פאָטער; די אָרעמס פון דער מוטער. זי לעכצט דערצו, ווי עס לעכצט אַן אויסגעטרוקנ־טער פלאַנץ נאָך אַ טראָפּן וואַסער. ער האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ אין אים גייט איבער. ער איז געווען גליקלעך, ווייל עס האָט זיך אים איינגע־געבן זי צו פאַרשפּילן — אַפילו אויף אַ מינוט — ווי מען פאַרשפּילט אַ קינד. ער האָט זיך געשטאַרקט. ער האָט געזאָגט:

— איצט וועסטו שוין מודה זיין, אַז שטענדיק ביסטו געווען אַן אייפערזיכטיק שטיק? דו ביסט דיך מודה, יאָ צי ניין?

— יאָ. — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ.

אינעם ווינקל האָט דער מענטש פאַרענדיקט די זופּ פונעם טאָפּ. ער האָט געלעקט דעם לעפל אויף דער צווייטער זייט, אַריינגעשטופּט אים אינעם בוזעם־טאַש און אַרויס פון טרעפּן־הויז. דאָס מיידעלע האָט אים אָפּגעטראָטן פון וועג. ער איז פאַרבייגעגאַנגען לעבן איר ווי ער וואָלט

זי נישט געזען. זי האָט זיך אַרויסגעדרייט און אַ שווייגנדיקע אים נאָכ־געגאַנגען.

אינדרויסן, נאָכן אָפּגיין אַ פּאָר טריט, האָט דער פּאָטער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דעם נאָכגייענדיקן מיידעלע, אָנגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר אויגן, אַ שטייגער ער וואָלט ערשט איצט דערשפּירט איר אָנוועזנהייט. און ווי אַ באַשעפּטיקטער מענטש, וואָס וויל פון זיך אָפּטרייבן אַ זלידנע פליג, האָט ער צו איר אַרויסגעוואָרפן דורך די ציין:

— ווער איינגעזונקען!...

און איז ווייטער געגאַנגען.

## קאַפּיטל עלף

# א לעצט מאל

דאָס מיידעלע איז געבליבן שטיין. זי האָט מורא געהאַט צו שטעלן אַ טריט פאָרויס כדי נישט צו זיין צו נאָענט צום פאָטער. די אַרויסגעקריצטע קללה פון צווישן זיינע ציין איז איר געווען גוט באַקאַנט און זי געשראָקן מער ווי דער הונגער אינעם בויך. דער ווינט האָט געשמיסן מיט בייטשן נאַסן שניי אין איר פּנים. זי האָט נישט געוויינט. זי איז געווען בלויז זייער איינזאַם.

עטלעכע טריט וויטער פון איר איז געשטאַנען דער פאָטער. ער האָט געשפּיזט מיט די אויגן אַמאָל צו די מיליציאָנערן, וועלכע היטן, און אַמאָל צום פענצטערל, ווו מען פאַרטיילט די זופּ. ס'איז געווען קענטיק, אַז דער מענטש טראַכט פלענער ווי אַזוי זיך אַריינצובאַקומען דאָרט אַ צווייט מאָל, אַריינכאַפּן נאָך אַ פּאָרציע זופּ און די אָרדנער זאָלן דאָס נישט באַמערקן. דאָרט, צווישן דער מענטשן־מאַסע, וועט ער זיך שוין אַן עצה געבן. דער עיקר, ווי אַזוי מאַכט מען, אַז די מיליציאָנערן זאָלן דאָס נישט באַמערקן?

— מיינסט אַז ס'איז גאָרנישט מעגלעך צו באַקומען אַ ידיעה פון די עלטערן? — האָט דאַניעלאַ פּלוצלונג געפרעגט — זאַלקע האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט נאָכאַמאָל קומען קיין מעטראָפּאָלי, וועט ער זיך באַמיִען צו ברענגען אַ בריוו פון די עלטערן און אים איבערלאָזן פאַר מיר ביי לעאָנען דעם גאָלד־הענדלער. מען דאַרף שטענדיק גיין געווויר ווערן.

האַרי האָט געטראַכט: מיט בערלין, די שלאַנגען־נעסט, איז אים יאָ געלונגען אָנצושליסן אַ קאָנטאַקט. אַפילו אַ טעלעפאָנישן געשפּרעך האָט ער אויך געהאַט מיט בערלין. נאָר אינעם קאָנגרעסיער געטאָ, ווו עס קיניגט אַ יידישער „מלך", איז נישט מעגלעך אַריינצודרינגען. ווי שטאָ־לענע מויערן וואָלטן אַרומגערינגלט דאָס געטאָ.

— גיי נישט אַריין צום גאָלד־הענדלער! — האָט האַרי געזאָגט. — גראָד אין דער מינוט ווען דו וועסט דיך דאָרט געפינען, קענען דייטשן אַריינפאַלן מאַכן אַ רעוויזיע. זיי וועלן זוכן גאָלד און, חלילה, געפינען דיך. איך וועל שוין אויסגעפינען אַן אַנדער געלעגנהייט. מען האָט מיר עפּעס וועגן דעם צוגעזאָגט.

פאַרשיידענע בילדער האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן אין איר געדאַנק און געקייטלט זיך ווי רינגען פון אַ קייט: זאַלקע!... דאָס ברויט מיט די אָנגעפילטע דאָלאַר־באַנקנאָטן!... דאָס „חזירל" וואָס די פרוי האָט גע־פונען אונטער אַ לאַטע אויף אַ פּאָר הויזן, אין דער שמאַטע־האַלע!... שול־צע, דער דייטשער אויפזעער!... דער אָנקום פון די דייטשן אינעם שטעטל יאַבלאָווע!... דאָס פּנים פון פאָטער, וואָס דערווייטערט זיך און גייט אויס אויף דער סטאַנציע אין קאָנגרעסיאַ!... מאָני... „דאַניש, פאַרוואָס פאָרסטו אוועק?"

פּלוצלונג האָט זי אַ זאָג געטון:

— העלער, דער ווירט, זאָגט, אַז די מלחמה וועט שוין נישט לאַנג געדויערן. ווילסט זען מאָנין?

זי האָט אויפגעקנעפּלט דעם רעגן־מאַנטל. זי האָט אַרויסגענומען דעם מעדאַליאָן, וועלכער איז געהאַנגען אויף איר האַלדז. זי האָט זיך צוגעבויגן צו האַרין. זייערע קעפּ האָבן אָנגערירט איינער אינעם אַנדערן. דאָס תמימות־דיקע, באַחנטע פּנימל פון זייער קליין ברודערל האָט אַרויסגעקוקט פון דאַניעלאַס געעפנטער האַנט. זיינע גרויסע, סאַמעטענע אויגן האָבן אויסגע־דריקט פאַרוווּנדערונג. עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז ער רופט זיי ביי זייערע נעמען. זיי האָבן געהערט זיין קול.

— מאָני איז איצט אַלט ניין יאָר. — האָט זי געזאָגט.

האַרי האָט גענומען דעם מעדאַליאָן אין זיין האַנט. ער האָט אים אויסגעדרייט אויף דער צווייטער זייט. פון דאָרט האָט צו אים צוריקגע־

קוקט דאָס פּנים פון זיין פאָטער מיט די טיפע בלויע אויגן — די אויגן, וואָס ער און דאַניעלאַ האָבן פון אים געירשנט. און לעבן פאָטערס קאָפּ — דאָס צאַרטע פּנים פון זיין מוטער. דאָס פּנים וואָס ער, האַרי, האָט פאַרגעטערט מער ווי אַלץ אויף דער וועלט און ליבער געהאַט מער ווי אַלץ אויף דער וועלט.

— דאָס שענסטע פּאָרל אויף דער וועלט, פּאַ און מאַ... — האָט דאַניעלאַ געזאָגט.

הינטערן באַלקאָן, לעבן דער וואַנט פון הויז, איז די פרוי געזעסן אויף דער ערד אין אַ פאַרגליווערטער פּאָזע. דער רעגן האָט געפּלייצט און אַראָפּגעשווענקט אַ פּאַס האָר פון קאָפּ אויף איר פּנים. עס איז נישט געווען צו דערקענען צי זי איז בלויז פאַרחלשט, אָדער צי זי קוקט סתם אַזוי מיט פאַרשטיינטע אויגן צו די דריי קינדער, וועלכע האָבן זיך געדרייט אַרום איר, מיט אַריינגעקוועטשטע קעפּלעך צווישן זייערע אַרויפגעהויבענע, שפּיציק־אויסגעדאַרטע אַקסעלעך צוליבן רעגן, און יעדעס מאָל האָט אַן אַנדערער פון זיי געשריגן: מאַמע!... מאַמע!...

דער האָר־פּאַס אויפן פּנים פון דער פרוי האָט האַרין נישט געגעבן קיין מנוחה. ווו און ווען האָט ער שוין געזען די פרוי? ווען איז געווען אַזאַ מבול, וואָס דעמאָלט האָט ער זי געזען מיט פּונקט אַזאַ אַראָפּגעשווענקטן פּאַס האָר? דאָס רעטעניש האָט אים גענאָגט אינעם מוח ביז וויטיק. אַ שטייגער ווי אַ מענטש פאַרגעסט אַמאָל אַ פּשוטן אויסדרוק, אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטע זאַך, אַ טאָג־טעגלעכע זאַך, אַ זאַך וואָס מען זעט עס אין די געדאַנקען, מען פילט דעם נאָמען אויף דער שפּיץ־צונג, אָט־אָט צאַפּלט דאָס וואָרט ביים עק פון מויל, נאָר אַרויסקוילערן עס אויף די ליפּן — איז אוממעגלעך. ער געדענקט, אַז ס׳איז געווען אַמאָל, ערגעץ־ווו, פּונקט אַזאַ מין מבול. דער פּאַס האָר שטייט פאַר זיינע אויגן אויף דעם פּאָן פון מבול. דאַכט זיך אַז אַפילו די קינדער האָט ער געזען... נאָר ווו און ווען, דאָס קען ער זיך בשום אופן נישט דערמאָנען.

דאַניעלאַ האָט געקוקט אויפן מעדאַליאָן. זי איז געווען פאַרזונקען אין מחשבות. אינדרויסן האָט דער שניי אָנגעהויבן צו פאַלן געדיכטער און טרוקענער. אין מיטן פּלאַץ איז נאָך געשטאַנען דאָס קינדער־וועגעלע. אינעווייניק איז געזעסן דער זקן אין דער זעלבער פּאָזע ווי פריִער. דער

גרויסער ליידיקער טאָפּ אויף זיין בויך האָט איצט פּלוצלונג אויסגעזען ווי אַ מין קינסטלערישער, פֿיין־געשניצטער אַש־בעכער, אויסגעאַרבעט אויפֿן בויך פֿון אַ מיטאָלאָגישער פֿיגור.

פּלוצלונג האָט אַ לייכט געטון ווי אַ בליץ אין האַריס קאָפּ. דאָס בילד איז מיטאַמאָל אַרויפֿגעשווומען קלאָר אינעם זכרון, ער האָט זיך דערמאָנט: אָט איז די פֿרוי מיטן פּאַס האָר אויפֿן פּנים!

... ס'איז געווען נאָך אַ גרויסער „אַקציע״ אין דער געטאָ. ער איז געלאָפֿן געוויר ווערן וואָס הערט זיך ביי דאַניעלאַן. ביי דער באַן האָט מען נאָך געלאָדן די געכאַפּטע אין די וואַגאָנעס אַריין. נאָר אין דער געטאָ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צוריק אַרויסצווייזן די באַהאַלטענע, אַ טייל כדי נישט דערשטיקט צו ווערן אין די לעכער, און אַ טייל כדי צו לויפֿן געוויר ווערן וועמען פֿון זייער משפּחה מען האָט אַוועקגעשיקט. מענטשן זענען געלאָפֿן און די אימה האָט אַרויסגעשריגן פֿון זייערע אויגן: כאָטש מען לאָדנט שוין די געכאַפּטע, טרעפֿט אָבער אויך, אויב ס'איז נאָך פֿאַראַן פּלאַץ אין די וואַגאָנען, קומען די דייטשן צוריק צו דער געטאָ און כאַפּן ווער עס קומט אונטערן האַנט. דאָס גרוב איז געווען ווי מיט די הענט אויסגעגראָבן. פֿון אויבן צווייגן און אַלטע גראַטעס. די פֿרוי איז אַרויסגעקראָכן פֿון דער ערד ווי פֿון אַ קבר. דער פּאַס האָר, אויסגעמישט מיט זאַמד, האָט אַראָפּגעהאַנגען אויף איר פּנים. זי איז געשטאַנען ביים עק באַרג און אַראָפּגעקוקט צו די באַן־רעלצן. אַז די וואַגאָנעס האָבן אָנגעהויבן צו רירן פֿון פּלאַץ, האָט די פֿרוי צוזאַמענגעפּאַטשט די הענט און אויפֿגעהויבן די אויגן צום געטאָ־הימל:

— געלויבט צו גאָט, אַז מען פֿירט זיי שוין אַוועק!...

זי האָט נישט אויפֿגעהערט צוזאַמענצופּאַטשן מיט די הענט, אין איר מויל האָט נישט אויפֿגעהערט אָפּצוגעבן אַ שבח:

געלויבט צו גאָט, אַז מען פֿירט זיי שוין אַוועק!...

אינעם גרוב זענען געלעגן די קינדער אויסבאַהאַלטן ווי ווערעם אין דער ערד. דער זעלבער פּאַס האָר. אַ מבול.

ס'איז נישט געווען קיין מבול פֿון וואַסער. ס'איז געווען אַ מבול פֿון גאָטס צאָרן.

ביים פענצטערל האָט מען אויפגעהערט צו טיילן די זופּ. דער הימל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נאָס און גרוי אויפן פּלאַץ פון דער אומזיסטער קיך. דער צוזאַמענגעוואַלצטער מענטשן־קנויל, וועלכער האָט אַ מינוט פריִער פול געמאַכט די וועלט מיט הימל־שרייענדיקע יללות, האָט זיך איצט צעשיט און צעשפּרייט ווי אַ טייג, וואָס צעפאַלט זיך אויף דראָבנע קרישקעלעך, יעדעס באַזונדער. ווי עס וואָלט פּלוצלונג אויסגעטריקנט דער קלייסטער, וואָס האָט זיי פריִער צוזאַמענגעקלעפּט. די מענטשן זענען אַוועק שטילע, איינגעקאָרטשעטע, יעדער באַזונדער, יעדער אַליין, נישט אַרויס־ברענגענדיק פון זיך קיין הויך, קיין וואָרט. קליינע געשלאָגענע באַשעפעניש, אויסגעקלאַפּטע זאַנגען. ליידיקע טעפּ. זיי זענען אויסגעגאַנגען שטי־לערהייט אין דער נאַסער גראָקייט צווישן הימל און ערד.

בלויז דאָס קינדער־וועגעלע, מיטן אַלטן אינעווייניק, איז געבליבן שטיין אין מיטן פּלאַץ, ווי אַ זעלטענער קונסט־שטיק אויסגעשטעלט אין אַ ליידיקן זאַל פון אַ מוזיי. אַ זאַל ספּעציעל לכבוד אים.

האַרי האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז צוגעגאַנגען צום קאָרידאָר־אַרויסגאַנג. עס האָט אויסגעזען ווי די וועלט וואָלט צעגאַנגען אין אַ נאַסן, גראָען וואָלקן. מען האָט נישט אַרויסגעזען די פעלדער, און מען האָט נישט געזען דעם באַרג, וואָס ליגט אויפן וועג צום יודען־פירטל 1.

— עס דערנענטערט זיך די „שפּער־שטונדע“, — האָט ער געזאָגט.

— סאַניאַ וועט זיין באַזאָרגט.

דאַניעלאַ איז צו אים צוגעגאַנגען. במשך די גאַנצע צייט האָט זי אים דאָס געוואָלט זאָגן, נאָר זי האָט נישט געוואַגט. זי האָט עס אָפּגעלייגט אויף צום סוף, ווען זיי וועלן זיך צעשיידן. אַצינד האָט זי געזאָגט:

— האַרי, זאָג מיר צו אַז דו וועסט מער נישט גיין דורך די פעלדער ביז דו וועסט באַקומען אַ פּאַסיר־שיין. דו שטעלסט אין געפאַר דיין לעבן. איך פאַרשטיי נישט ווי אַזוי סאַניאַ דערלויבט אַזעלכעס.

— האַרי האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט:

— יאָ, איך האָב דיר טאַקע געוואָלט זאָגן, אַז מיר וועט אפשר אויס־קומען צו אַרבעטן אינעם שאָפּ נאַכט־שיכט, אַנשטאָט טאָג־שיכט. ווער ווייסט ווען איך וועל ווידער קענען קומען; נאַכט־שיכטלער באַקומען זייער זעלטן אַ פרייען זונטיק.

זי האָט דערפילט אַ שטאָך אינעם האַרץ: דעם קומענדיקן זונטיק וועט ער נישט קומען! האַרי וועט מער נישט קומען!... אַ מאָדנער פּחד איז זי באַפאַלן. זי האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, אַז ער זאָל נישט דערקענען וואָס אין איר קומט פאָר. זי אַליין האָט דאָך אים געבעטן, אַז ער זאָל נישט קומען... ערשט אַ מינוט פריִער האָט זי דאָך דאָס פון אים פאַרלאַנגט.

— ס'איז אַ שרעקלעכע זאַך צו אַרבעטן נאַכט־שיכט. — האָט זי געזאָגט.

האַרי האָט פאַרקנעפּלט דעם מאַנטל ביז צום האַלדז. צום טויזנטסטן מאָל האָט ער זיך איצט געוווּנדערט: ער מאַכט דאָך שטענדיק פאַרטיק זיין אַרבעטס־אַקאָרד. פאַרוואָס האָט זיך פאָלדעק, דער שאַפ־לייטער, אָנגע־זעצט דווקא אויף אים? — פון אַלע מאַשין־נייער האָט ער אויסגעקליבן דווקא אים איבערצושיקן אויף נאַכט־שיכט! וואָס האָט ער קעגן פאָלדעקן געזינדיקט, וואָס יענער האָט אים פּלוצלונג אָנגעהויבן צו פייניקן אויף אַ סאַדיסטישן אופן? דאַכט זיך אַז ער זיצט ביי דער מאַשין אין אַ ווינקל פון דער מאַשין־האַלע; ער איז שטענדיק געווען זיכער, אַז מען קען אים אַפילו נישט אַרויסזען; אַז פאָלדעק קען אים אַפילו נישט, און האָט אים אַפילו נאָך נישט באַמערקט. ווי אַזוי האָט פאָלדעק געטראָפן דווקא צו אים?

— ס'איז נישט אַזוי שרעקלעך ווי דו מיינסט, — האָט האַרי געזאָגט.
— נישט פאַראַן מער קיין שרעקלעכע זאַכן, דאַניש. ס'טוט מיר באַר ווייי דאָס האַרץ, וואָס איך וועל אפשר דיך נישט קענען אַזוי אָפט זען. אָבער זאָלסט נישט זאָרגן, דאַניש. קענסט זיך פאַרלאָזן אויף סאַניאַן. איר וועט געלינגען אויסצופּועלן, אַז מען זאָל דיך אַריבערפירן צו אונדז.

ער האָט אַרומגענומען איר קאָפּ, געקושט זי.

— צייט צו לויפן. — האָט ער געזאָגט.

דאַניעלאַ האָט שנעל אויפגעקנעפּלט איר רעגן־מאַנטל. זי האָט אַראָפּ־געכאַפּט דעם סוועטער, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך.

— נעם, האַרי. — האָט זי געזאָגט.
— חלילה! וואָס פאַלט דיר איין?
— שוין זאָלסטו אָנטאָן דעם סוועטער! איך האָב אַ רעגן־מאַנטל, און דו דאַרפסט גיין אַזאַ מהלך! שנעל זאָלסטו דאָס אָנטאָן, הפקר־מענטש!

— דאַנישל עקשן! ווער קען נישט דאַנישל די עקשנטע?

זי האָט אַראָפּגעריסן פון אים דעם מאַנטל. דער מאַנטל איז געווען נאַס און שווער, אַדורכגעווייקט פונעם רעגן. זי האָט אַריינגעשטופּט זיין קאָפּ אין דער עפענונג פון סוועטער און אַראָפּגעצויגן אויף אים.

זיין גוף איז געווען דאַר, בלויז ביינער. דער סוועטער האָט אויף אים אויסגעזען אימהדיק ברייט. זי האָט פאַרקלאַפּט מיט די ציין, אַז דאָס געוויין זאָל פון איר זיך נישט אַרויסרייסן.

האַרי האָט זיך דערווייטערט וואָס אַמאָל מער און מער. זי איז געשטאַנען ביים עק פּלאַץ און אים נאָכגעקוקט ביז ער וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן פון אירע אויגן. האַרי האָט פּוז צייט צו צייט אויסגעדרייט צו איר דעם קאָפּ. פונדערווייטנס האָט ער אויסגעזען ווי אַן אַלטער וואָגלער; אַ וואַנדערנדיקער בעטלער, וועלכער גייט אַוועק אינגעם טריבן חלל פון דער וועלט.

איידער האַרי איז אַוועק הינטער דעם באַרג, האָט ער זיך אַ לעצט מאָל אָפּגעשטעלט, אויסגעדרייט זיך צו איר, און פונדערווייטנס טיף געצויגן פאַר איר דעם הוט.

דאָס בילד האָט אַ בליץ געטון פאַר אירע אויגן און ווי מיט דער שאַרף פון אַ מעסער זיך איינגעשניטן אין איר האַרץ.

„אפשר קען מען פאַרבעטן דאָס פריילין אויף אַ קורצן שפּאַציר?...“

## קאַפּיטל צוועלף

# ציאַנקאַלי

דער ווינטער איז אַוועק, דער זומער איז אָנגעקומען. קיינער האָט דאָס אַפילו נישט באַמערקט. אינעם געטאָ האָט מען שוין לאַנג פאַרגעסן צו באַמערקן אַזעלכע זאַכן. די זון טריקנט נישט אויס קיין טרערן, ווי עס שרייבן די פּאָעטן. והא ראיה, זיי זענען געוואָרן שטענדיק פריש ווי פון אַ קוואַל, וואָס דאַכט זיך, אַז ער וועט זיך קיינמאָל נישט אויסשעפּן.

אויף די געטאָ־גאַסן האָבן זיך נישט געשפּילט קיין קינדער. אינעם געטאָ זענען איבערהויפּט נישט געווען קיין קינדער. עס זענען געווען קליי־נע יידן און גרויסע יידן. אַלע האָבן אויסגעזען גלייך. קינדער האָבן גע־טראָגן אויף די קליינע אַרבעלעך דעם זעלבן יודען־צייכן ווי זקנים. דאָס זעלבע מיט דער געלער לאַטע אויפן האַרץ. דבורטשע, חיים־יידלס ווייב, האָט אויסגעשטיקט אַ קליינטשיק, געל לאַטקעלע מיט זעקס שפּיצעלעך ווי אַ מגן־דוד און דאָס צוגענייט צו בעלאָס הערצעלע. „טויזנט חנען...“ — האָט מענדל זעגער נישט אויפגעהערט זיך צו אַנטציקן. און דאָס געלע לאַטקעלע האָט באמת געהאַט טויזנט חנען, ווי די ערשטע, ווייסע שיכעלעך פון אַ קינד.

אַז נאָך אַ זומער גייט אַוועק האָט קיינער אינעם שוסטער־שאַפּ נישט באַמערקט. נאָר אַז דער בופעטניק האָט ווידער צוגענומען אַ פרישן שותף, דאָס האָבן אַלע באַלד באַמערקט. דאָס געשעפט אויפן בוידעם פון שוס־טער־שאַפּ האָט זיך פאַרגרעסערט פון טאָג צו טאָג. לעצטנס איז דער

בופעט אויסגעוואָקסן ווי אַ געהיימע אַקציען־געזעלשאַפט מיט נישט גע־
זעענע שותפים פון דרויסן, אויסער די ווענט פון שאַפּ.

פּריער איז אויבן, אין דעם האַלב־פינצטערן בוידעם, בלויז געווען
די גאַרדעראָבע. דער בופעטניק האָט אַרויסגעגעבן נומערלעך און געהיט
די מלבושים פון די שאַפּ־אַרבעטער. דערביי האָט ער אויך געהאַט צו
פאַרקויפן אַ מין זיסלעכן קוואַס. וואָס דען קען מען באַקומען אינעם געטאָ?
אַפילו אָט דער זיסלעכער סאַכאַרין־געטראַנק איז אויך געווען אַ לוקסוס,
וואָס נאָר רייכע, „שרויפן־דרייער" האָבן זיך געקענט דערלויבן. היינט
איז דער בופעט פלוצלונג אויסגעוואָקסן צו אַ ריזן־געשעפט. מען באַקומט
דאָרט כל־טוב: גענדזנס, קעז־קוכן, ביר און — ציאַנקאַלי*).

דער עיקר: ציאַנקאַלי...

אינעם ווינקל פון בוידעם, ביים אַריינגאַנג הינטער דער טיר, שטייט
איינער מיט אַ סודותדיק פּנים, די האַנט פאַרשטעקט אין די הויזן־קעשע־
נעס. ביי אים רעדט מען נישט. ביי אים גייט די טראַנזאַקציע אַדורך אָן
ווערטער. בלויז מיט די אויגן. דער אַרויפגעקומענער שטרעקט אויס אַ
ציטערדיקע האַנט. ער הייבט זי נישט אויף, נאָר אָט אַזוי, אַראָפּגעלאָזנער־
הייט, שטרעקט ער זי אויס, מיט צעעפנטע פינגער. איין פּאָר אויגן פרעגן:
„ס'איז נאָר זיכער פאַראַן די נויטיקע קוואַנטיטעט?"

און די צווייטע פּאָר אויגן ענטפערן:

„אין אָרדענונג".

„דו נאַרסט מיך נישט אָפּ?"

יענער מיטן סודותדיקן פּנים אינעם טונקעלן ווינקל, לייגט אַרויף
אַ האַנט אויף דעם אַרויפגעקומענעמס אַקסל, קלעפּלט לייכט, אינטים
און שיקט אים אַוועק, זאָגנדיק צו אים דערביי מיט די אויגן:

„קענסט זיין רויק, פולשטענדיק רויק..."

נאָך אַזאַ שטומער, ספּיריטואַלער צערעמאָניע קען שוין דער שוסטער
צוגיין צום בופעט און אָנהייבן עסן קעז־קוכן.

אַן אינדוסטריע פון קעז־קוכן. פונוואַנען נעמען זיי היינט אַזאַ קעז־
קוכן? אַפילו פאַרן קריג איז דאָס געווען אַ לוקסוס. די שוסטערס האָבן

*) ציאַנקאַלי — סיאַניד (אַ גיפט).

פאַרן קריג זיכער נישט געגעסן אַזאַ קעז־קוכן. פונוואַנען ברענגען זיי דאָס היינט?

פון דער פינצטערער זייט בוידעם, פון אונטער די גאַרדעראָבע־געשטעלן, הייבט זיך כסדר אַרויף פון דער ערד דער קאָפּ פון בופּעטניק ווי אַ געשפּענסט און דערלאַנגט פּאָרציעס. איינער פון די שותּפים שטייט אויף דער גרענעץ, ווו עס ענדיקט זיך דאָס קאַרגע ביסל ליכטיקייט פון בוידעם און עס הייבט זיך אָן די פינצטערניש, און ער שעפּטשעט כסדר אַריין צו דער פינצטערניש מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ צו דער ערד:

— אַ פּירטעלע...

— אַ שוימיקס...

— אַ זיסעס...

דער בופּעטניק ליגט דאָרט ערגעץ אויף דער ערד, וועגט פּאָרציעס, רייסט פּולקעס געענדזנס, עפּנט פלאַשן ביר — און דערלאַנגט און דערלאַנגט.

די הענט זענען פול מיט אַרבעט. די קונים שטייען אויסגעשטעלט אין אַ ריי און וואַרטן. פון זיין מויל הערט זיך נישט קיין וואָרט. ער דערלאַנגט בלויז דאָס באַשטעלטע. אָט איז דאָס „פּערטעלע" — אַ פערטל פון אַ געבראָטענער גאַנדז; אָט איז אַ „שוימיקס" — אַ גרויסע קופליע פול מיט איבערלויפנדיק ביר; און אָט איז אַ „זיסעס" — אַ פּאָרציע קעז־קוכן פון פינף און צוואַנציק דעקאָ. אַלץ שטיל אָן ווערטער. הענט שטרעקן זיך בלויז אַרויס פון דער פינצטערניש און דערלאַנגען, ווי אין אַ חלום, אַלץ וואָס דאָס האַרץ באַגערט.

די בלעכן קעז־קוכן ליגן באַהאַלטן אונטער די ברעטער אינעם חלל צווישן סופיט פון דער מאַשינען־האַלע און בוידעם. אויף די ברעטער ליגט אַ באַרג אַלטע מלבושים, וועלכע מען ברענגט אינעם שאַפּ אַריין צום טרענען.

אַ גאַנצן טאָג איז אַ געגיי צום בוידעם. די גייען אַרויף און די גייען אַראָפּ. מען קוקט זיך נישט אין די אויגן אַריין. אויף די טרעפּ רעדט נישט איינער צום צווייטן. מען ווייסט וווּ נאָך וואָס מען גייט צום בוידעם. ביים אַריינגאַנג וואַרט מען שווייגנדיק ביז די אַנדערע וועלן אַרויסגיין. יעדער ווייסט צו וואָס דער צווייטער איז דאָ אַהער געקומען און אויף וואָס מען

וואַרט דאָ. מען שווייגט, ווי מענער, וועלכע זיצן און וואַרטן, יעדער אויף זיין ריי, אין וואַרטע־צימער פון אַ שאַנד־הויז.

***

ווען דאַניעלאַ איז געוויר געוואָרן פון אומגליק, איז האַרי שוין געווען אויפגעלאָדן אויף איינעם פון די וואַגאָנען.

ס׳איז געווען אין אַ סוף־וואָך. אַ שיינע זומער־נאַכט. די דייטשן זענען באַפאַלן דעם נאַכט־שיכט פון שוועכערס שניידער־שאַפּ אינעם יודען־פערטל 1. זיי האָבן אָפּגעשטעלט די מאַשינען און אַוועקגעפירט די מענטשן צום אַרבעטס־איינזאַץ.

האַרי איז אַוועק מיטן טראַנספּאָרט.

ווער קען וויסן וועוקעס פּריוואַטע שאָנסן אין פּלעצלעכן פאַלן? - װעוקע האָט זיך געדרייט פון איין זאַל צום אַנדערן, פון איין טיש צום צווייטן, און נישט געפונען פאַר זיך קיין תיקון. די אַרבעט אינעם שוסטער־שאַפּ איז מער נישט געווען אַזוי ווי אַמאָל. די לופט פון געטאָ האָט אַריינגעדרונגען אין דער פּעסטונג, וואָס רופט זיך „שוסטער־שאַפּ", דורך די ווענט און דורך אַלע שפּאַרעס, ווי וואַסער אין אַ זינקענדיקער שיף. וועוקע האָט געוואָלט אַריינגיין אין דעם שמאַטע־זאַל, צוגיין צו דעם מיידל און איר זאָגן אַ טרייסט־וואָרט. נאָר צוקומענדיק צו דער שוועל, איז ער געבליבן שטיין. די פיס האָבן אים נישט געטראָגן. אַז ער האָט אַ קוק געטון אויף דאַניעלאַס אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ בשעת זי שניידט אין די נעט פון די מלבושים, האָט דאָס טרייסט־וואָרט פּלוצלונג אויסגע־טרוקנט אינעווייניק אין אים און קיין אַנדער וואָרט האָט ער נישט געפו־נען, וואָס ער זאָל איר איצט קענען זאָגן. דאַניעלאַס פּנים האָט פאַר אים אויפגעשאַרצט זיין אייגענעם אומגליק, שטענדיק האָט וועוקע דערפילט זיין אייגענעם צער דורך די ליידן פון פרעמדע מענטשן. האָט ער זיך ווידער צוריק אויסגעדרייט, אַוועק צו איינעם פון די שוסטער־טישן. ער האָט געכאַפּט אַ „פּאַרל" אין איין האַנט אַריין, אַ פּאַר האָלצערנע זוילן אין דער צווייטער האַנט, און זיך גענומען צו דער אַרבעט, ווי איינער וואָס גייט אין שענק פאַרגיסן אַ ברענענדיקע ווונד אינעם האַרץ.

וועגן דער נייעס פון שוועכערס שאַפּ האָט מען שוין ביי די שוסטער־

טישן מער נישט גערעדט. דאָס האָט שוין געהערט צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, צו די נאָרמאַלע געטאָ־דערשיינונגען, צו וועלכע מען איז שוין צוגעוווינט, און וועלכע מאַכן שוין מער נישט קיין ספּעציעלן איינדרוק. נאָר פֿון קיין פּאָליטיק האָט מען אויך שוין מער נישט גערעדט — נישט ביי די הויכע צושניידער־טישן און נישט ביי די נידעריקע שוסטער־טישן. עס האָבן זיך געענדיקט די בגנביש־אַריינגעכאַפּטע, זיסלעכע שמועסן ביי די טישן. מער נאָך: קיינער האָט פֿון דעם אַפֿילו נישט געטראַכט. יעדער איז געווען פֿאַר־שלאָסן אין זיך גופֿא. יעדער האָט זיך געשטעלט אינעם האַרצן אַזעלכע פֿראַגן, וואָס מיט אַ צווייטן קען מען וועגן זיי נישט איבעררעדן. יעדער האָט ביי זיך געטראַכט: וועמענס ריי וועט איצט קומען? ווען וועט פֿאָרקו־מען די קומענדיקע „אַקציע״? און ווי אַזוי וועט זי אויסזען? צי ווידער אַ שאַפֿ? און אפֿשר אַ קינדער־„אַקציע?״ צי אפֿשר גאָר אַ פֿרויען־„אַקציע?״ קינדערלאָזע האָבן אינעם האַרצן אויסגערעכנט, אַז עס איז שוין לאַנג נישט געווען קיין קינדער־„אַקציע״, און דעריבער געטרייסט זיך אינעם האַרץ, אַז די קומענדיקע „אַקציע״ וועט אַוודאַי זיין אויף קינדער. די וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין טעכטער, האָבן אויסגערעכנט, אַז עס איז שוין לאַנג נישט געווען קיין מיידל־„אַקציע״. יעדער האָט אויסגערעכנט און געקומען צום אויספֿיר, אַז ער געהערט נישט צו דעם סאָרט, וואָס אויף זיי דאַרף איצט קומען די ריי; און אַלע צוזאַמען זענען געווען זיכער, אַז נאָך דעם לעצטן איבערפֿאַל אויף שוועכערס גרויסן שניידער־שאַפֿ, וועלן די דייטשן אַ געוויסע צייט צו־רו לאָזן די שאַפֿן. און וואָס וויל מען דען אין געטאָ מער ווי געווינען נאָך אַ ביסל צייט?

בלויז נאָך איין אָטעם־צי, כדי צו דערלעבן די באַפֿרייאונג.

## קאַפּיטל דרייצן

# פּשוטע גוטסקייט

בערגסאָן, דער חזן פון דער אַפּיקורסישער שול, קוקט זיך צו דורך אַ ווינקל פון אויג צו דעם ריטמישן הויב־און־פאַל פון האַמער אין וועווקעס האַנט; צו די נעגל וועלכע שפּרינגען אַריין מיט אַזאַ גענויער פּינקטלעכקייט אין דער שמאָלער באַנד־טאַשמע אַרום דער האָלצערנער זויל. אַ מאָדנע זאַך: ביי אים, ביי בערגסאָנען, קומט שטענדיק אויס די אויבער־טייל פון שוך — אָדער צו לאַנג אַרום דער זויל, אָדער — צו קורץ. כאָטש ער איז שטענדיק אָפּגעהיטן ביים צוקלייבן די נומערן זיי זאָלן פּאַסן איינס צום צווייטן: דער נומער פון אויבער־טייל צום נומער פון זויל.

עפּעס אַ געהיימער שוסטערישער סוד ליגט אין דעם — טראַכט בערגסאָן — נישט איינמאָל איז דאָס בלוט אין אים פאַרקילט געוואָרן בשעת ער דערזעט פּלוצלונג ווי די לעצטע טשוועקעס הייבן אים אָן צו פאַרראַטן. שטענדיק, ווי אויף להכעיס, דווקא ביי די לעצטע טשוועקעס, ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס „פאָרל" פּאַסט נישט צום זויל: אָדער עס פעלט דיר צו צו דער לענג, אָדער עס איז פּלוצלונג פאַראַן צופיל. פאַר אַזאַ טעות האָט שוין שולצע נישט איינעם אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ. ביי אים הייסט אַזוינס נישט אַנדערש ווי „באַוווסטזיניקער סאַבאָטאַזש". ווען נישט וועווקע, וואָלט שולצע אים פון לאַנג שוין געהאַט אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ, נאָר שטענדיק, ווען ער געפינט זיך אין אַן עת־צרה, וואַקסט באַלד אויס הינטער אים וועווקע ווי אַ גוטער מלאך. שטענדיק — אין דער ריכטיקער מינוט. פון דער ווייטנס פאַרשטייט שוין וועווקע דעם בליק

פון זיינע אויפגעהויבענע אויגן צו אים. ווערוקע קומט באַלד צולויפן, און ווי דורך אַ כישוף ראַטעוועט ער דעם שוך. פּלאַי־פּלאַים: ווי נאָר דער שוך דערפילט אויף זיך ווערוקעס הענט, ווערט באַלד דאָס לאַנגע — מער נישט לאַנג; און דאָס קורצע — מער נישט קורץ.

עפּעס אַ געהיימער שוסטערישער סוד, וואָס דו קענסט אים נישט באַנעמען מיט דיין פּשוטן שכל.

היינט דרייט זיך נישט שולצע אַזוי אָפט אין די אַרבעטס־זאַלן. די שטימונג אינעם שוסטער־שאַפּ איז היינט ווי אין דער ערשטער העלפט פון אַ תשעה־באב־טאָג... עפּעס אַ מין יום טובדיקער טרויער איז דאָ אויסגעגאָסן. אַ יום טוב — צוליב שולצעס אָפּוועזנהייט; און אַ טרויער — צוליב דעם פאַרגעפיל, אַז שולצעס אָפּוועזנהייט איז טאַקע אַ באַווייז אויף אַ גרויסן חורבן, וואָס דערנענטערט זיך.

בערגסאָן טראַכט: דאָרט ביי די צושניידער־טישן איז שטענדיק געווען אַן ענגשאַפט, קיין שפּילקע וואָלסטו נישט געקענט אַריינשטעקן צווישן איינעם צום צווייטן. און דאָ ביי די שוסטער־טישן האָט דיין האַנט זיך נישט געקענט פריי באַוועגן צוליב דעם אָרעם פון שכן, וואָס האָט גע־דריקט אויף איר. היינט איז האַלב־ליידיק. די „שרויפן־דרייער" קומען מער נישט אין שאַפּ אַריין. „די בעסטע אַרבעטס־קאַרטע איז אַ גוטער בונקער..." — זאָגן זיי. און זיי גרייטן טאַקע צו פאַר זיך גוטע בונקערס. זיי ווייסן, וואָס זיי טוען. אויף זיי קען מען זיך פאַרלאָזן. אַ סימן: בשעת די „אַקציעס" ווערן זיי נישט אַוועקגעשיקט. אַפילו פון „דולאַג" דרייען זיי זיך אויך צוריק אַרויס.

ווערוקע מאַכט פאַרטיק איין שוך נאָך דעם אַנדערן. די פאָרלעך פאַר־טיקע שיך שאַרן זיך ביי אים אינעם געפלאָכטענעם קויש אַריין ווי פון אַ מאַשין אַוועק. ביי ווערוקען ברענט נאָך אַלץ די אַרבעט — טראַכט בערגסאָן. אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט, איינער אַליין, מיט די פּלייצעס אונטערשפּאַרן די פאַלנדיקע ווענט פון דער פעסטונג, וואָס רופט זיך: שוסטער־שאַפּ.

צוויי צענדליק יאָר האָט ער אָפּגעווינט מיט ווערוקע שוסטער בשכנות, אין איין הויז, און קיין איין מאָל איז אים, במשך פון דער גאַנצער צייט, נישט אויסגעקומען צו באַמערקן די גרויסקייט פון אָט דעם מענטש. דאָס

ערשטע מאָל האָט זיך פּאַר אים אַנטפּלעקט דער אמתער וועווקע אינעם טאָג ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון זייער גאַס פון די זווינבונגען: אַלע האָבן געקלאָגט, געריסן די האָר פון קאָפּ. נאָר איין ווערווקע איז געשטאַנען שטום און פאַרשלאָסן ווי אַ פעלדז. קודם־כל האָט ער אַרויסגעשיקט פון שטוב זיין פרוי מיט די פינף זין. דערנאָך האָט ער גע־נומען דעם שוסטער־טיש אויפן אַקסל, אַ קאַסטן אַרבעטס־כלים אין דער האַנט, אויסגעדרייט זיך און אַוועק צו דער טיר. ביי דער שוועל פון זיין שטוב האָט ווערווקע זיך אַוועקגעשטעלט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאַסטן אַר־בעטס־כלים אויף דער ערד, אויפגעהויבן אַ פאַרבאַקענע האַנט פון שוס־טער־קלייסטער צו דער מזוזה, אַ וויש געטון איבער דער מזוזה, דערנאָך אַ קוש געטון די פינגער־שפּיצן און באַלד, אָן שהיות, אַראָפּגעבויגן זיך, אויפגעהויבן צוריק דעם קאַסטן אַרבעטס־כלים פון דער ערד און אַוועק פון דער שטוב — ווו ער האָט אָפּגעלעבט די גרעסטע העלפט פון זיין לעבן; ווו עס זענען געשטאַנען די וויגן פון זיינע קינדער; ווו ער האָט שווער און ערלעך פאַרדינט זיין ביסן ברויט; ווו יעדער ווינקל איז אים געווען טייער —

ער איז אַוועק און אַפילו נישט אויסגעדרייט צוריק דעם קאָפּ.

אויף דער גאַס האָבן געשטראָמט קליין און גרויס, מיט אַ געקלאָגע־ריי, מיט אַ יאָמער. דעמאָלט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס אַרויסטרייבן אַ מענטש פון זיין וווינונג איז דאָס גרעסטע אומגליק. ווערווקע איז געגאַנ־גען צווישן המון מיט פאַרביסענע ליפּן, אָנגעטון אין זיינע פאַרשמאָלצענע, אויסגעגלאַנצטע הויזן פון צופיל נוצן. דער שוסטער־טיש אויפן אַקסל, ווי ער וואָלט געטראָגן אַן ארון־קודש, און אָט אַזוי גייענדיק האָט ער געמונ־טערט אויף רעכטס און לינקס: „יידן, וויינט נישט! די רוצחים קוקן! יידן, די רוצחים האָבן הנאה, אַ מכה זיי אין דער לעבער!"

און דאָס וואָס ער, בערגסאָן, זיצט איצט אינעם שוסטער־שאַפּ, האָט ער דאָך אויך נאָר צו דאַנקען ווערווקען. מענטשן וואָלטן געגעבן אַ פּאַר־מעגן זיי זאָלן זיך קענען דאָ אַריינקריגן.

ווערווקע וואַרפט איין פאַרטיקן שוך נאָכן אַנדערן. ער אַרבעט מיט דער גאַנצער פאַרע. ווי ער וואָלט טאַקע געוואָלט, איינער אַליין, פאַרטיק

מאַכן דעם שאַפּ. אַמאָל, אין די ערשטע צייטן, האָט דאָ געהערשט אַן אימה און אַ פּחד. שולצע האָט זיך געשאַרט לעבן די ווענט. די אַרבעט האָט געברענט. די זאַלן זענען געווען איבערגעפּולט. מען האָט נישט געזאָגט אָפּצואָטעמען אויף אַ רגע. פונדעסטוועגן, הלוואַי וואָלטן איצט צוריקגעקומען יענע צייטן! דעמאָלט האָט מען געוווסט, אַז מען איז דאָ, על־כל־פּנים, זיכער און געשיצט פון צו ווערן אַוועקגעשיקט. היינט קומען מער נישט די „שרויפן־דרייער" אין שאַפּ אַריין — דאָס איז אַ שלעכטער סימן. און דאָס, וואָס שולצע האָט געלאָזט אויף הפקר דעם שאַפּ — דאָס איז נאָך אַן ערגערער סימן. ביי די הויכע צושניידער־טישן איז היינט שיטערלעך. דאָס טאָג־ליכט, וואָס קוקט איצט אַדורך ווי ווייסע לעכער צווישן איין צושניידער־אָרעם און צווייטן צושניידער־אָרעם — ווייעט אויף דיר אָן אַן אומהיימלעכע שרעק: וואָס וועט מיט זיך ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג? מיט וואָס וועט זיך פאַרענדיקן דער הפקרדיקער „יום־טוב", וואָס הערשט דאָ אינעם שאַפּ?

דערווייל איז אַ געגיי אַרויף צום בוידעם. אָרעמע שוסטער עסן דאָרט אַזעלכע מאכלים, וואָס פאַרן קריג האָבן זיי אַפילו נישט געחלומט דערפון, מענטשן פאַרקויפן פון זיך דאָס לעצטע העמד. מען גיט אויס דעם לעצטן גראָשן. מען זאָרגט נישט אויף שפּעטער, קיינער ווייסט נישט צי עס וועט נאָך זיין אַ „שפּעטער". מען זאָרגט נישט טאָמער וועט מען דאַרפן מאָרגן קויפן אַ ברויט, קיינער ווייסט נישט צי מאָרגן וועט אים נאָך זיין נויטיק אַ ברויט; צי מען וועט אים נישט ביינאַכט אַרויסנעמען פון בעט. טאָ צו וואָס שפּאָרן דעם גראָשן? פאַר וועמען איבערלאָזן ירושה? אויב אַזוי דאַרף מען זיך טאַקע צואיילן, אַרויפלויפן צום בוידעם און קויפן ביר, קעז־קוכן, אַ פערטל געבראָטן גענדזנס און — ציאַנקאַלי.

דאָס טייערסטע אַרטיקל אינעם בוידעם־בופעט איז — ציאַנקאַלי. ווער עס האָט שוין ליגן אין טאַש ציאַנקאַלי ווייסט, אַז ער מעג שוין עסן קעז־קוכן.

כמעט יעדער אינעם געטאָ איז איצט אַן איינציקער, אַן איבערגעבליבענער: אַן קינדער, אָן עלטערן, אָן משפּחה. יעדער אינעם געטאָ האָט איצט געלט. אַלע זענען פּלוצלונג רייך געוואָרן. יעדער ירשנט איצט —

קליידער, וועש,ווירטשאַפט פון אַוועקגעשיקטע קרובים. מען האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצועסן די ירושה פון איין קרוב, ווערט מען געוווּיר אַז מען איז שוין ווידער באַרייכערט געוואָרן מיט דער ירושה פון אַ צווייטן קרוב. אַ גערעטעניש פון קרובים! פריִער האָט מען פון זיי גאָרנישט געקענט נהנה זיין. אַדרבה, זיי האָבן נאָך צו דיר געהאַט טענות, הלמאַי דו העלפסט זיי נישט! אַלע — פון ערשטן ביזן לעצטן — אביונים, קבצנים. איצט שלעפּסטו די איבערגעבליבענע פּעק פון זייערע שטיבער, דו קרעכצט אונטער דער משא און טיילסט דעם קרעכץ אויף צוויי: איין העלפט — צוליב דער שווערער משא, און דער צווייטער העלפט — צוליב דעם אַוועקגעשיקטן קרוב.

און דו שלעפּסט די פּעק.

נישטאָ קיין זאַך, וואָס די פּאָליאַקן זאָלן עס נישט וועלן איצט אָפּקויפן ביי די ייִדן: בעטגעוואַנט, וועש, קיך־געשיר. אַלץ. אַלץ. אַ מאַניע האָט פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט די קריסטלעכע שכנים אויף די אַרישע גאַסן: קויפן „מציאות" פון אַוועקגעשיקטע ייִדן! זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז נאָכן אויסליידיקן די געטאָס פון ייִדן, נעמען די דייטשן צו אַלץ, וואָס עס בלייבט איבער פאַר זיך. אַפילו אַן אָפּגענוצט קינדער־וועגעלע איז אויך פאַר זיי אַ גוטע סחורה. זיי לאָזן גאָרנישט איבער. שיקן אַלץ אַהיים צו זייערע משפחות אין דייטשלאַנד. איילן זיך דעריבער די פּאָליאַקן צו. כדי זיי זאָלן חלילה נישט פאַרשפּעטיקן. זיי ווילן קומען פאַר די דייטשן. אויף די אַרישע גאַסן איז אַ בהלה. עס איז אַ געלויף אויף ייִדישע „מציאות". אַלע — פון דער אינטעליגענץ ביז צום פּעבל — וואַרטן אָפּ די געטאָ־הענדלער. אַלע קוקן מיט גיריקע אויגן צום פאַרשלאָסענעם געטאָ. פאַר יעדן פּרייז ווילן זיי קויפן מציאות. זיי צאָלן מער וויפל די זאַך איז באמת ווערט. אַ שגעון האָט אַרומגעכאַפּט די אַרישע גאַס: מציאות! קויפן מציאות! עפּעס ווי אַן אָנשטעקנדיקע קרענק, אַ מגיפה, וואָס לאָזט נישט אַדורך קיין איין הויז. אָרעמע שוסטערס זענען פּלוצלינג, אין דער לעצטער מינוט פון זייער לעבן, רייך געוואָרן. ווי אַ גוסס, וואָס עפנט פּלוצלונג, אין דער לעצטער מינוט, קלאָרע, פאַרשטענדיקע אויגן, אַ שטייגער ווי ער וואָלט זיך געברענגט פון ערגעץ אַ שפּאָגל ניי לעבן.

די שוסטערס ווייסן אָבער, וואָס עס וועט מיט זיי געשען אַ מינוט שפּעטער. לויפֿן זיי דעריבער שנעל אַרויף אויפֿן בוידעם אַריינכאַפּן פֿריַער אַ פּאָרציע קעז־קוכן.

אינעם שאַפּ האָבן די מענטשן פּלוצלונג געעפֿנט די אויגן און אָנגעהויבן זען דאָס מאַטעריאַל, פֿון וואָס מען טוט אויסאַרבעטן די שיך. נישט איינמאָל הייבט אַ ניי־מאַשין אָן, אין מיטן איר אימפּעטדיקן לויף, פּלוצלונג צו קלאַפּן שוואַכער, ווי זי וואָלט זיך, צוזאַמען מיטן מענטש, וועלכער זיצט ביי איר, פֿאַרטראַכט אין מחשבות: אין מיטן דערינען האָבן פּלוצלינג דעם נייערס אויגן דערזען, אַז דאָס „פּאָרל“ אונטער דער נאָדל איז אויסגעשניטן פֿון אַזעלכע זעלבע געשטרייפּטע הויזן ווי ער טראָגט איצט אויף זיך. דאָס זעלבע טרעפֿט ביי די צושניידער־טישן: פּלוצלינג בלייבט אַ צושניידער שטיין מיטן שפּיץ־מעסער איבער די אויסגעסדרטע שטיקער שטאָף. פֿאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע. אַ שוידער איז פּלוצלונג אים אַדורכגעלאָפֿן איבער זיין רוקן בשעת ער האָט אַרויפֿגעלייגט זיין צווייטע האַנט און דערפֿילט דעם שטאָף אונטער דער אָפּענער האַנט־פֿלאַך. עפּעס ווי ער וואָלט איצט געהאַלטן זיין האַנט אויפֿן אַקסל פֿון אַ מענטש, בשעת דער שאַרף פֿון מעסער איז אָנגעשטעלט אין זיין צווייטער האַנט. די שאַרף הענגט נאָענט־נאָענט איבער דעם שטאָף. נאָך אַן אויגנבליק וועט ער אַריינשטעכן מיטן גאַנצן כוח דאָס מעסער. דער ווייסער שאַרף וועט אַריין טיף־טיף. אַדורכשטעכן נאָך אַ מאַנטל, נאָך אַ מאַנטל. שניידן... שניידן...

ער קען נישט! — — —

נאָר צוקומענדיק צו דער שוועל פֿון שמאַטע־זאַל, בלייבט דער קליידער־באַרג שטיין אין זיינע שוואַרצאַפּלען, ווי אַ צעשפּריצט ליכט, וואָס וויל נישט אַרויס פֿון דיינע אויגן אַפֿילו ווען דו פֿאַרשליסט זיי. פּלוצלונג דאַכט זיך אים אויס, אַז אויפֿן קליידער־באַרג ליגן נישט קיין מאַנטלען און הויזן, נאָר — מענטשן! מענטשן ווי ער, און ווי אַלע אַנדערע, וועלכע אַרבעטן דאָ אין שוסטער־שאַפּ. עס דאַכט אים, אַז די „מענטשן“ רופֿן אים צו זיך, ער זאָל צו זיי צוגיין און זיך אַוועקלייגן צווישן זיי אויפֿן באַרג. ווייל זיין אָרט איז סיי־ווי צווישן זיי.

די פֿיס ברעכן זיך אונטער אים. ער קען נישט שטעלן אַ טריט ווײַ־

טער. אינעם האַלדז ווערט וואַרגנדיק טרוקן. ווּהין האָט ער פריִער גע־וואָלט גיין? אַלע וועגן זענען סיי־ווי פאַרמאַכט. ער וויל שוין מער גאָרנישט. נישטאָ מער קיין כּוח צו וועלן. פלוצלונג הייבט אָן ביי אים אַ האַנט צו ציטערן. ער וויל אויסציִען די האַנט, אָנכאַפּן זיך אין עפּעס, ראַטעווען זיך. זיין דערשטיקטער אָטעם ציטערט איצט אויף דער דלאָניע פון זיין האַנט. אויב עס וועט זיך איצט, אין דער דלאָניע פון זיין האַנט געפינען דאָס ווייסע שטיקעלע ציאַנקאַלי — וועט ער ווייטער קענען אָטעמען. בלויז דאָס צאַפּלדיקע שטיקעלע ציאַנקאַלי קען אים באַפרייען פון דעם פּחד וואָס וואַרגט אים. ציאַנקאַלי! בלויז דאָס קען אים געבן כּוח ווייטער צו לעבן. פלוצלונג גיבן זיך זיינע פיס אַ ריס פון אָרט — — —

נאָך אַ שוסטער איז אַרויפגעלאָפן צום בוידעם.

— טוט אָקאָרשט אַ קוק ווי מיינע באַלע־מלעקעס זענען זיך צע־קראָכן — שרייט וועוועקע אין דער לופט אַריין. — שולצע וואָלט איצט געדאַרפט אָנקומען! גאָרנישט, בלויז דאָס פעלט איצט!

ער כאַפּט זיך אויף און לויפט אַרויף צום בוידעם.

אַז וועוועקע איז אַרויפגעקומען אין דער הויך איז ער פלוצלונג גע־בליבן שטיין, מיט דער האַנט אויפן פאָרענטש און אַן אַרויפגעהויבענעם פוס אויפן לעצטן טרעפּל, אַ פאַרגליווערטער הינטער זיך. דער פריִערדי־קער ווייטיק — דער צער פון זיינע צוויי אַוועקגעריסענע זין — איז אים פלוצלונג ווידער באַפאַלן בשעת ער האָט דערזען דאַניעלאַן שטיין ביים אַריינגאַנג צום בוידעם.

וועוועקע האָט פאַרגעסן נאָך וואָס אייגנטלעך ער איז דאָ אַרויפגעקו־מען. ער איז צו איר צוגעגאַנגען, אַזוי ווי בלויז צוליב דעם איז ער אַרויפ־געקומען. ער האָט זי אָנגענומען ביי אַ האַנט און שווייגנדיק זי צוריק אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ.

זי האָט זיך געלאָזט פון אים פירן. אויף איר פּנים איז נישט געווען ניכּר קיין שפּור פון עפּעס אַ ווילן — נישט פון אומצופרידנקייט און נישט פון שטימונג. זי איז געגאַנגען.

וועוועקע האָט נישט געפונען קיין וואָרט, וואָס זאָל קענען זיין אַ טרייסט פאַר דעם טרויער, וועלכער האָט איצט געפרעסן שטיקער פון זיין האַרץ.

ער האָט איר נישט געזאָגט קיין מוסר און אויך נישט געטרייסט. ער האָט געשוויגן.

אין זיין האַנט מיט וועלכער ער האָט זי געפירט טרעפּ־אַראָפּ — איז איצט געלעגן פּשוטע גוטסקייט, פּשוטע מענטשלעכע ליבע. אַ שטייגער אַ מענטש נעמט אַמאָל אַרויס אַ פייגעלע פון אַ קלעם, גלעט עס, וויל עס היילן און ווייסט נישט ווי אַזוי.

אַז וועווקע איז אַראָפּגעקומען אין שוסטער־זאַל, האָט ער זיך פּלוצלונג דערמאָנט נאָך וואָס אייגנטלעך ער איז פריִער פון דאַנען אַרויסגעגאַנגען. ער האָט זיך אויסגעדרייט און צוריק אַרויפגעלאָפן צום בוידעם.

קאַפּיטל פערצן

# קאַשמאַר

דאַניעלאַ האָט געטרענט די נעט פון אַ דינעם זומער־מאַנטל. דער קאָליר פון שטאָף איז געווען העל ווי ווייסער וועש־זייד. דורכן פּענצטער פון דער שמאַטע־האַלע האָט די אָוונט־זון אַריינגעשיינט שטאַרק און קרעפּ־טיק. די שאַרפן פון די מעסערס האָבן אויסגעזען רויט, ווי זיי וואָלטן געווען איינגעשמירט מיט בלוט. האַרי איז געזעסן לעבן איר. זי האָט אים געלערנט די מעטאָדע פון דער אַרבעט.

— זעסט, האַרי, גיב אַכטונג. מיטן פוס דאַרף מען טרעטן אויף אַן עק פון בגד. איין עק אַרונטערנעמען אונטערן לינקן אָרעם, דריקן צו זיך, און מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט אויסציִען דעם שטאָף ווי אַ... — זי האָט געוואָלט זאָגן „פידל”, נאָר זי האָט באַלד אַראָפּגעשלונגען דאָס וואָרט. זי האָט אים נישט געוואָלט דערמאָנען די פידל, וועלכע ער פלעגט טאַקע אַמאָל אַזוי האַלטן. האָט זי געזאָגט — „ווי אַן אָנגעשפּאַנטע זאַך”. און מיטן מעסער אין דער רעכטער האַנט, לייכט פירן, היין און צוריק, היין און צוריק, אויף דער אָנגעשפּאַנטער נאָט. האָסט פאַרשטאַנען, האַרי?

— ס'איז נישט אַזוי שווער צו פאַרשטיין, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט זיך צוגערוקט נענטער צו זיין זייט. ס'איז איר גוט געווען אים צו פילן לעבן זיך.

— איך האָב שטענדיק געוואָלט מיר זאָלן אַרבעטן צוזאַמען, — האָט זי געזאָגט. — זיצנדיק לעבן דעם באַרג שמאַטעס האָב איך שטענדיק געטראַכט: הלוואַי וואָלסטו דאָ געזעסן צוזאַמען מיט מיר. פאַרוואָס זאָלסטו

אַרבעטן אין איין שאַפּ און איך אין אַן אַנדערן שאַפּ? פֿאַרוואָס זאָלן מיר נישט קענען אַרבעטן צוזאַמען? הונדערטער מענטשן אַרבעטן דאָ. פֿאַרוואָס זאָלסטו נישט זיין איינער פֿון זיי? האַריק, דיר איז גוט. אַז מיר זיצן צוזאַמען?

האַריס קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט צום בגד, וואָס ער האָט גע־טרעגט. עס האָט אויסגעקוקט ווי אַלע זיינע מחשבות וואָלטן געווען קאָנ־צענטרירט אין דער אַרבעט. ער האָט נישט געענטפֿערט.

— דו ביסט צופֿרידן? — האָט זי נאָכאַמאָל געפֿרעגט.

ער האָט נישט אַרויסגעהויבן די אויגן פֿון דער אַרבעט: רעד שטילער — האָט ער געזאָגט. — מען הערט יעדעס וואָרט. דאָ מעג מען רעדן?

— פֿאַרוואָס זאָל מען נישט טאָרן? דאָ איז פֿריי. דאָ איז אַלץ פֿריי. דאָ איז וועווקע דער לייטער. — זי האָט עס אַרויסגעזאָגט ווי זי וואָלט געאַרבעט אין אַ פֿאַבריק, וואָס געהערט צו אירע עלטערן.

די מעסערס האָבן רויט געפֿינקלט ווי זיי וואָלטן געווען איינגעשמירט מיטן בלוט פֿון דער זונס שקיעה. עס האָט אויסגעזען ווי די מעסערס וואָלטן נישט געשניטן אין נעט פֿון מלבושים, נאָר ווי זיי וואָלטן געשניטן אין אָדערן־קאַנאַלן. די זון האָט אַריינגעשיינט ווי אַ שטאַרקער, רויטער פּראָזשעקטאָר. דאַניעלאַ האָט זיך געוווּנדערט ווי אַזוי זי קען צוריק קוקן גלייך דורך דעם פּראָזשעקטאָר־פּאַס צו דער זון און עס זאָל איר אַפֿילו נישט שטעכן אין די אויגן. שטענדיק אַז זי האָט נאָר אַ ביסל אויפֿגעהויבן די אויגן צו דער זון, האָט עס איר באַלד געשטאָכן אין די אויגן. איצט איז די זון מילד, קאַלט, ווי אויסגעשניטן פֿון גאָלד־פּאַפּיר. דאָס ערשטע מאָל זעט זי די זון. זי האָט געהאַט אַ געפֿיל ווי זי וואָלט אַריינגעקוקט אינעם הימל אַריין; ווי זי וואָלט באַזיגט די ברענענדיקע זון.

— האַרי, זעסט די זון? מ׳קען איצט זען ווי זי קוקט אויס.

— ס׳איז נישט קיין זון. ס׳איז אַן אָפּגענאַרטע זאַך, — האָט ער גע־זאָגט. ער האָט נישט אויפֿגעהויבן די אויגן, ווי עס וואָלט נישט כּדאַי געווען.

— ביי דיר איז אַלץ אָפּגענאַרט. דו גלויבסט נישט אין קיין שום זאַך.

ער האָט נישט געענטפֿערט. זי איז געווען פֿול מיט התפּעלות ווי שנעל ער טרענט די מלבושים.

— האַרי, — האָט זי געזאָגט, — איך וועל פון היינט אָן אויך שוין מער נישט גלויבן. גאָרנישט וועל איך מער גלויבן. מען האָט געזאָגט, אַז מען האָט דיך אַוועקגעשיקט. אויב מען האָט דיך אַוועקגעשיקט, ווי אַזוי קענסטו דאָ זיצן מיט מיר?

ער האָט נישט אַרויסגעהויבן די אויגן פון טרענען. ער האָט געזאָגט:

— מען קען נישט קיינעם מער אַוועקשיקן. אומעטום איז דאָס זעלבע.

זי האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער זאָגט. נאָר זי איז געווינט גע־ווען אָפטמאָל פון אים צו הערן אַזעלכע ווערטער, וועלכע זי האָט נישט פאַרשטאַנען. זי האָט אים אויך איצט נישט איבערגעפרעגט. אין האַרצן האָט זי געטראַכט: אפשר האָט מען אים יאָ אַוועקגעשיקט, נאָר ער איז אַרויסגעשפרונגען פון צוג? שטעקלמאַן, פון העלערס הויז, איז אויך אַרויס־געשפרונגען פון אַ טראַנספּאָרט־צוג און צוריקגעקומען אין געטאָ מיט פיר קוילן אין קערפּער. ווער ווייס צי האַרי טראָגט אויך נישט אַ קויל אינעם קערפּער, נאָר ער דערציילט נישט? קיינמאָל דערציילט ער גאָרנישט. מען דאַרף טאַקע וועגן דעם נישט רעדן. חלילה. מען זאָל נאָר נישט דערפון געוויר ווערן. האַרי זאָל זיך נאָר נישט אַרויסכאַפּן פאַר עמעצן אַ וואָרט. ער איז דאָך לעצטנס געוואָרן אַ הפקר־מענטש. ווען מען האָט אים אַוועקגעשיקט האָט זי באַלד געטראַכט, אפשר וועט ער אַרויסשפּרינ־גען פון צוג אַזוי ווי שטעקלמאַן? זי האָט דאָס פאַרגעפילט. עס איז געווען איר איינציקע האָפענונג. ווען נישט, ווי אַזוי וואָלט זי געקענט ווייטער לעבן?

— איך האָב געוואָלט קויפן ציאַנקאַלי, — האָט זי געזאָגט. — אינעם בופעט פאַרקויפט מען. אמת, אַז דו וועסט אַהין קיינמאָל נישט אַרויפגיין? אמת, אַז דו זאָגסט מיר דאָס צו?

— נאָך וואָס איז פאַראַן דאָרט אַרויפצוגיין? ס׳איז אַן אָפּגענאַרטע זאַך. זיי נאַרן בלויז אויס דאָס געלט. אַלץ איז אָפּגענאַרט. אַפילו זייער טויט.

— וואָס הייסט? איך פאַרשטיי נישט אַ וואָרט וואָס דו רעדסט...

— וואָס פאַרשטייסטו נישט? — האָט ער זיך פּלוצלונג געכעסט. — אַ מענטש קען היינט נישט וויסן צי ער געפינט זיך אויפן עולם־האמת, אָדער דער טויט דאַרף ערשט קומען. אַלץ איז אויסגעמישט. דאָס לעבן

צוזאַמען מיטן טויט. אַן אָפּגעגאַרטעטער עולם־האמת. וואָס איז דאָ שווער צו פאַרשטיין?

ער האָט געריידט שנעל און כּעסדיק. זיינע רייד זענען איר אויסגעקומען משונהדיק. זי האָט געוווּסט, אַז די זעלבע ווערטער האָט זי אויפגעשריבן אין איר טאָג־בוך. נאָר בשעת האַרי האָט זיי איצט געזאָגט, האָט זי געהאַט אַן איינדרוק, אַז זי פאַרשטייט זיי נישט. איר האָט זיך פּלוצלונג אויסגעדאַכט, אַז האַרי האָט געלייענט, וואָס זי האָט געשריבן אינעם טאָג־בוך און ער קרימט איצט נאָך אירע ווערטער. זיי געפעלן אים נישט, און ער איז צוליב זיי בייז אויף איר. שטענדיק איז ער געוועזן בייז ווען זי האָט גערעדט וועגן טויט.

זי האָט זיך געשעמט אים צו מאַכן אַ פאָרוווּרף, פאַרוואָס ער האָט אַריינגעקוקט אין איר טאָג־בוך אָן איר וויסן. ס׳איז איר איינגעפאַלן, אַז נאָר פעלאַ האָט געקענט האַרין געבן צו לייענען איר טאָג־בוך: פעלאַס בעט שטייט ביים פענצטער, און פעלאַ זעט ווי זי שטופּט אַריין דעם העפט צווישן דער וואַנט און לופטשענקל אונטערן פענצטער. דאָס האָט נישט געטון קיין אַנדערע נאָר פעלאַ. זי האָט נישט געוואָלט איצט זיין ברוגז אויף האַרין. ס׳איז איר אַ שאָד געווען צו פאַרדאַרבן דאָס גליקלעכע געפיל, וואָס זי האָט איצט געפילט. ס׳איז איר אויסטערליש גוט געווען איצט צו זיצן מיט אים צוזאַמען. ס׳איז געגנוג געווען זי זאָל זיך דערמאָנען אין דעם מאָמענט ווען זי האָט געהערט, אַז מען האָט אים אַוועקגעשיקט, אַז דאָס האַרץ זאָל אין איר איצט איבערגיין מיט פרייד, פילנדיק אים לעבן זיך.

דער העלער נאָט־פּאָדעם פון זיידענעם באַלאָן־מאַנטל האָט געפּלאַצט, קנאַקנדיק ווי ביסלעך, אונטערן שאַרף פון מעסער. דער צוויי שורותדיקער איבערגעהאַקטער פאָדעם פון דער אויפגעטרענטער נאָט האָט אויסגעזען ווי צוויי שורות אַרויסגעשטעקטע ציינדלעך פון אַן אָפן מויל.

האַרי האָט זיך צו איר אויסגעדרייט:

— איך קען דיר ווייזן אַ גרויסע קונץ, — האָט ער געזאָגט. ער האָט מיט ביידע הענט אָנגעהויבן אַרויסצושלעפּן פון זיין הויזן־קעשענע אַן איינגעפּאַקט פּאַקעטל. דאָס פּאַקעטל איז שווערלעך אַרויסגעגאַנגען פון זיין קעשענע. זי האָט געקוקט אויפן עק פון פּאַקעטל, וואָס ער האָט

אַרויסגעשלעפּט, דאָס פּאַקעטל, אויפגעפּאַקט און אַרויסגענומען. ער האָט געברענגט ברויט פאַר איר. זי איז גרייט געווען אים צו זאָגן, אַז זי וועט בשום אופן נישט עסן דערפון. זאָל ער דאָס וויסן. לסוף האָט ער אַרויס־געשלעפּט דאָס פּאַקעטל, אויפגעפּאַקט און אַרויסגענומען דעם אַלטן מע־נער־שוך פון אוישוויענטשימער מיידל. זי האָט זיך געוווּנדערט צי דאָס איז דער זעלבער שוך, אָדער דאָס איז אפשר דער צווייטער שוך פון דער פּאָר, וועלכן האַרי האָט איצט מיט זיך מיטגעבראַכט, אַנטלויפנדיק פון אוישוויצער לאַגער.

האַרי האָט אָנגענומען מיטביידע הענט ביים שפּיץ פון שוך און אויפגעריסן די זויל. פּלוצלונג האָט עס אויסגעזען ווי ער וואָלט מיט ביידע הענט געהאַלטן דאָס אויפגעריסענע מויל פון אַ קראָקאָדיל. די צוויי שורות ווייסע שטיפטן, פון אויבן און אונטן, האָבן אויסגעזען ווי שפּיציקע ציין אינעם געעפנטן פּיסק פון קראָקאָדיל. זי האָט זיך לגמרי נישט געוווּנדערט, אַז דאָס קוקט אַזוי אויס. זי האָט אים דאָס געוואָלט זאָגן. נאָר שולצע איז אָנגעלאָפן מיטן לאָמען פוס און אויסגעשטרעקט דאָס גומענע רעדל פון עק שטעקן צו האַריס פּנים. דאָס רעדל האָט זיך געדרייט, געזוכט אַ פּאַסיקן אָרט אויף האַריס פּנים, ווי אַ שטאָך־בין מיט דער אָנגעשטייפטער גיפט־נאָדל, איידער זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף איר קרבן. אז דער שטעקן־שפּיץ האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט אויף האַריס שטערן, צווישן די צוויי אויגן, האָט שולצע אַ זאָג געטון:

— דער שוך קומט פון אוישוויץ און קיין אוישוויץ וועט ער צוריק־גיין! נאָר מיט דיר צוזאַמען, מיין ליבער!... אַלזאָ, שנעל צו געסטאַפּאָ! אָבער שנעל!...

זי האָט דערפילט, אַז האַריס פינגער קוועטשן איר האַנט. ער האָט זי אַ שלעפּ געטון. זיי האָבן אָנגעהויבן לויפן פון די טרעפּ. זיי זענען אַריין אינעם גרויסן שוך־לאַגער און זיך באַהאַלטן הינטער די שיך־פּאָליצעס.

דורך די פענצטער האָט די רויטע אונטערגייענדיקע זון געשטאָכן זיי אין די אויגן. זי האָט געוווּסט, אַז מען וועט זיי דאָ באַלד זוכן. מען וועט זיי דערזען. זיי וועלן אַפילו נישט קענען זען ווי מען קומט נאָך זיי, ווייל די זון בלענדט און שטעכט זיי אין די אויגן. זי האָט פריִער

געזינדיקט אַנטקעגן דער זון. איר האָט זיך פריִער אויסגעדאַכט, אַז זי האָט שוין מנצח געווען די זון. איצט איז די זון זיך דערפאַר נוקם.

זי האָט געוואָלט פרעגן האַרין פאַרוואָס ער האָט צעריסן דעם אויש־וויצער שוך ווי אַ קראָקאָדילן־פּיסק. צו וואָס האָט אים געטויגט אויפצו־רייצן די דייטשן? נאָר אין דער זעלבער רגע ווי זי האָט אים דאָס געוואָלט פרעגן, האָט האַרי זיך צו איר אויסגעדרייט און איר אַריינגעשעפּטשעט אין אויער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן:

— דאַניש, איך וועל נאָך מער צעררייסן דעם פּיסק פון שוך! אויב נישט, וועט ער מיך איינשלינגען. ווילסט, אַז ער זאָל מיך איינשלינגען, אַזוי ווי ער האָט איינגעשלונגען פערבערן? אָ, ניין! איך וועל מיך נישט לאָזן! איך בין שטאַרקער!

דורך דער אָפענער טיר זענען פאַרביי מונדירטע דייטשן. זיי זענען אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ צו די אַרבעטס־האַלעס. זי האָט געוווּסט, אַז דאָס זענען זיי געקומען נאָך זיי. מען זוכט זיי. די פיס האָבן אונטער איר אָנגעהויבן צו ציטערן. זי האָט נישט געקענט מער שטיין אויף זיי. האַרי האָט געקוקט אויף איר. זי האָט זיך געוואָלט באַרויִקן, נאָר זי האָט נישט געקענט אָפּשטעלן דעם ציטער פון אירע קניִען. ווי אַ פרעמדער כוח וואָלט זיי איִנעווייניק געטרייסלט און געוואָרפן.

די זון האָט אַריינגעשטראָמט רויטע סנאָפּעס ליכט צווישן די אויס־געשטעלטע שיך אויף די פּאָליצעס. עס האָט אויסגעקוקט ווי שורות־שורות פיס וואָלטן מאַרשירנדיק געטרעטן אין בלוט. דאַניעלאַן האָט אויפגעבליצט אין קאָפּ: אפשר וועט זיי גייען אַרויס און גיבן זיך אַליין איבער צו די דייטשן, וואָלט מען זיי אפשר געשענקט דאָס לעבן? און ווי אַן ענטפער אויף איר געדאַנק, האָט האַרי זי אַ כאַפּ געטון ביי דער האַנט. ער האָט אויפגעפראַלט דאָס פענצטער, און ביידע זענען אַרויס־געשפּרונגען.

זיי זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון די ביימער, וואָס שטייען אויף יענער זייט פון שאָסיי. דייטשן אויף מאָטאָציקלען, אין פולער באַוואָפּע־נונג, זענען געפאָרן מיטן גרעסטן אימפּעט, הין און צוריק, אויפן שאָסיי. זיי האָבן זיך איצט געפונען אויף דער אַרישער זייט, וווּ אַ ייִד טאָר זיך נישט ווייזן. זיי זענען אויסערהאַלב דעם געטאָ.

האַרי האָט מיט איין ריס אַראָפּגעריסן דעם געלן שאַנד־צייכן פון זיין מאַרינאַרקע, זעענדיק, אַז דאַניעלאַ קווענקלט זיך צו טון דאָס זעלבע, האָט ער אויסגעצויגן זיין האַנט און אַ ריס געטון דעם שאַנד־צייכן פון איר ברוסט. דאָס אָרט פון שאַנד־צייכן אויף איר קלייד איז געווען קענטיק, נישט אָפּגעבלאַקעוועט פון דער זון. מען האָט געזען די טונקעלע מגן־דוד־שפּיצן, זי האָט געוואָלט וויינען פון מורא.

זיי זענען געלאָפן צווישן יונגע ביימלעך. וואַלדישע ווידערגעוויקסן האָבן געפּלאָנטערט זייערע פיס אינעם לויף. זי האָט געוווּסט, אַז די דייטשן יאָגן זיך נאָך זיי. די נאָדל־שפּיצן פון די ביימלעך האָבן איר געשטאָכן אינעם פּנים. זי האָט נישט געקענט מער לויפן. די פיס זענען געוואָרן ווי פרעמדע, שווערע משאס, ווערלכע זי דאַרף איצט שלעפּן מיט זיך אין מיטן איר לויפן. „שטאַרק דיך!... שטאַרק דיך!... אַז דו וועסט נישט קענען לויפן וועט זיין שלעכט!...״ — האָט האַרי, לויפנדיק, צו איר געשריגן.

זי איז געבליבן הינטער אים. זי האָט געשפּירט, אַז די כוחות אין איר לאָזן זיך אויס. זי איז געווען הינטערשטעליק.

— אַנטלויף, האַרי, ראַטעווע זיך! — האָט זי צו אים געשריגן. זי האָט געפילט, אַז די דייטשן זענען נאָענט.

— שטאַרק דיך, דאַניש! דערבאַרעם דיך און טראַכט נישט פון גאָרנישט, נאָר לויף! אויב וועסט נישט קענען לויפן אָן צו טראַכטן, וועט זיין ביטער! — האָט ער אויסדרייענדיק זיך צו איר, געשריגן.

... יאַבלאָווער וואַלד! ווי אַזוי איז פּלוצלונג דאָ אויסגעוואָקסן דער יאַבלאָווער וואַלד? זי איז דאָך אין מעטראָפּאָלי? צווישן די ביימער, נישט ווייט פון איר, רעדט מען דייטש. זי הערט בפירוש דייטשן רעדן. ווו וועט זי זיך אויסבאַהאַלטן? וווהין זאָל זי אַנטלויפן? ווער וועט זי וועלן אַריינלאָזן? אין דער פּוילישער הייזקע, ווו זי איז אַריינגעלאָפן בשעת זי איז אַנטרונען געוואָרן פון יאַבלאָווער מאַרק, האָבן דעם פּאָליאַקס ציין, צונג און אָפן מויל אַריינגעשריגן איר אין די אויגן: „אַ ייִדישקע?! שנעל אַרויס! שנעל!...״ די נאָדל־שפּיצן פון די ביימלעך האָבן איר געשטאָכן אינעם פּנים. זי איז געלאָפן, געלאָפן. האָפענונגסלאָז. מיט די לעצטע כוחות. גע־

לאָפן, געלאָפן. „אַ יידישקע?! שנעל אַרויס! שנעל!...״ ווו איז האַרי? זי האָט אים מער נישט געזען לעבן זיך. ווי צוויי גרויסע, שווערע שטיינער וואָלטן אַראָפּגעהאַנגען פון איר אונטערשטן טייל בויך — אַזוי זענען אירע צוויי פיס, אַראָפּשווערנדיק, נאָכגעהאַנגען פוןביידע זייטן קערפּער. זי האָט מער נישט געקענט דערטראָגן זייער משא. „שנעל אַרויס!...״, „שנעל אַרויס!...״, „שנעל אַרויס!...״. די שטיינער־פיס האָבן זי אַראָפּגעצויגן טיפער, טיפער, זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. זי האָט געפילט, אַז זי זינקט אין אַ טיפן גרוב. פלוצלונג האָט זי דערשפּירט די ערד אונטער זיך. זי האָט געזען אירע פיס ליגן פון דרויסן אויף דער ערד. זי האָט געהערט דאָס דערנענטערן זיך פון די דייטשן, נאָר זי איז געלעגן אַ צוגעוואָקסענע צו דער ערד. זי האָט נישט געקענט זיך אָוועקרייסן פון דער ערד. די טריט האָבן זיך דערנענטערט. ווי זיי וואָלטן געטרעטן לעבן איר אויערן. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ: — שולצע! ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט צו איר פון הימל. דער שוואַרצער געסטאַפּאָ־הוט אויף זיין קאָפּ גיט אים צו אַן אימהדיקע פייערלעכקייט. ער שטרעקט אויס דעם עק שטעקן מיטן שוואַרצן רעדעלע גלייך צו אירע אויגן. דער שטעקן ציט זיך אויס, ווערט וואָס אַמאָל לענגער, לענגער, אומגעהייער לאַנג. שולצע שטייט אויף דער צווייטער זייט פון אויסגעשטרעקטן שטעקן. זיין פּנים איז אַכזריותדיק ערנסט. ער רעדט נישט אַרויס אַ וואָרט, נאָר זוכט אַ פּאַסיק אָרט אויף איר פּנים, ווו אַוועקצושטעלן דאָס גומענע רע־דעלע. זי פילט, אַז שולצע גרייט זיך איצט אויסצופירן איבער איר אַ שוידערהאַפטן טויט. זי רייסט זיך מיט אַלע כוחות, נאָר קען זיך נישט רירן פון פּלאַץ. זי שרייט, אָבער די געשרייען קומען נישט אַרויס פון איר קעל. דער עק פון שטעקן ווערט וואָס אַמאָל גרעסער, גרעסער. אירע אויגן שטייען אויפגעריסענע. זי קען זיי נישט פאַרשליסן. באַלד וועט דער עק זיך אַריינשטעכן טיף אין אירע אויגן. ער וועט פון איר אַרויס־זויגן ביז דעם לעצטן טראָפּן פון איר בלוט. שולצעס פּנים איז אַכזריותדיק ערנסט. זי שטרעקט אויס אירע הענט, וויל אָוועקרייסן דעם שטעקן ער זאָל נישט אַריין אין אירע אויגן, נאָר דעם שטעקן איז נישט אָנצונעמען. ער איז ווי לופט. זי וויל זיך ראַטעווען און קען נישט. אַלץ איז האָפּע־נונגסלאָז. זי שרייט צו אַ ליידיקער וועלט, און אירע געשרייען קומען נישט

אַרויס פון איר קעל. „אויב דו וועסט נישט קענען לויפן, וועט זיין שלעכט מיט דיר!...״ פלוצלינג האָט זי דערזען: האַרי שטייט אַ געבונדענער אין דעם העלן באַלאָן־זיידענעם רעגן־מאַנטל, וועלכן זי האָט היינט אויפגע־טרענט אין דער שמאַטע־האַלע. די דייטשן האַלטן אים און צווינגען אים ער זאָל קוקן און זען וואָס שולצע גייט איצט מיט איר טון. האַרי פאַלט. ער חלשט. זי האָט אָנגעהויבן שרייען: האַרי!... האַרי!...

### קאַפּיטל פופצן

# אַ מענטש, אַ מענטש

אַ פולע לבנה איז געשטאַנען אינעם פענצטער. אַלץ איז געווען באַלויכטן מיט אַ קאַלטן זילבער־ליכט. דאַניעלאַ האָט נישט געוווּסט ווו זי געפינט זיך. זי האָט דערפילט דעם האַלדז צווישן אירע אייגענע אַרומקלאַמערנדיקע פינגער.

איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי ליגט נאָך אויף דער ערד לעבן יאַבלאָווער וואַלד. אירע געשרייען האָבן נאָך געקלונגען אין אירע אויערן. צי האָט זי באמת געשריגן? זי האָט נישט געזען דעם „פונקט". זי האָט נישט דערקענט דאָס צימער. אַ ווייסער, זילבערנער פּאַס פון דער לבנה האָט געשטראָמט גלייך צו אירע אויגן, קאַלט, בלאַס, און וואַמפּיריש — ווי שולצעס אויסגעשטעקטער שטעקן. אירע הענט זענען געווען נאַס. איר גאַנצער קערפּער איז געווען באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס. זי האָט מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טון פון אָרט. נאָר אַז זי האָט פּאָרזיכטיק אויסגעדרייט די אויגן אין אַ זייט, האָט זי געזען: דאָס אוישוויענטשימער מיידל גייט צוריק אַוועק צו איר בעט מיט דעם שוואַרצן מענער־שוך אַ צוגעדריקטן צום האַרץ.

דאַניעלאַ האָט זי געוואָלט פרעגן אויב זי האָט געהערט אירע הילפס־געשרייען, נאָר איר מויל האָט זיך נישט געעפנט, כדי אַרויסצוברענגען די ווערטער.

פון די בעטן האָט זיך געטראָגן אַ שנאָרכעריי. די בלומען אויף דעם שפּאַנישן ווענטל פון חיים־יידלס „ווילע" זענען געווען באַלויכטן

מיט דעם קאַלטן ליכט פון דער לבנה. דער חלום האָט זיך איצט אויפ־סניי געוויקלט פאַר אירע אויגן ווי אַ שטיק איינבאַלזאַמירט לעבן אינעם צעלעלאָיד פון דער טונקעלער פילם־טאַשמע. דער פילם וויקלט זיך און דאָס איינבאַלזאַמירטע לעבן איז פאַרמשפט אויפסניי צו לעבן אַ געבאָרגט לעבן — ווי קאַלטע, געבאָרגטע ליכט פון דער לבנה; טויט־געשפּענסטיק באַפאַלט דיך דאָס געחלומטע, עס וויל נאָכאַמאָל אַריין אין דיר, און לעבן אין דיר אויפסניי אַ געבאָרגט לעבן.

איינציקווייז האָט דאָס ליכט פון דער לבנה זיך אַרויפגערוקט אויף דעם קאָפּל־איוון. די ווייסע קאָפּלעס האָבן צוריקגעקוקט צו דער נאַכט מיט דעם זעלבן קאַלטן־געשפּענסטיקן גלאַנץ.

אַלץ האָט פּלוצלונג אויסגעזען אויסזיכטסלאָז. אָן טרייסט. טרערן האָבן געררונען פון אירע אויגן. זי האָט שטיל געוויינט. זי האָט זיך געפילט אַ געיאָגטע סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. זי איז הילפסלאָז. קיינער וועט איר נישט העלפן. דאָס לעבן בייטאָג איז נישט בעסער ווי דער קאָשמאַר ביינאַכט.

זי האָט געהערט טריט אויף די שטיינער פון הויף. זי האָט נישט געוווּסט ווי שפּעט עס איז. עס איז געווען די נאַכט אויף זונטיק: אַ זונטיק אָן טרייסט, אָן האָפענונג; און אַ נאַכט אָן טרייסט, אָן האָפענונג. אַ לבנה־נאַכט — ווייס און אויפשווידערנדיק ווי ציאַנקאַלי; בלאַס און לער ווי דאָס וואַמפּירישע ליכט פון דער לבנה.

זי האָט זיך אויפגעזעצט אויפן בעט. זי האָט זיך אָנגעהויבן אָנטון. אַלץ אינעם געטאָ איז שוין געווען אָן צוריקהאַלט, האָפענונגסלאָז. בלויז דאָס „פינטעלע" וואָס דאַרף זיך זונטיק באַווייזן לעבן הויכן באַרג, האָט נאָך גענאָגט אינעם האַרץ אָן אויפהער, און אָפּנאַרעריש אַריינגעלויכטן אינעם מוח ווי אַ שטראַל פון דער לבנה.

דער געדאַנק אַוועקצושטעלן זיך לעבן עק פון דער גמינע־קיך און זען ווי דאָס „פינטעלע" דערנענטערט זיך צו איר פון די פעלדער אַרויס — האָט זיך געוויקלט אַרום איר ווי אַ שלאַנג, און זיך צעלאָפן אין איר בלוט ווי די ווייסע גיפט־פּליסיקייט.

זי האָט זיך באַמיט צו עפענען די פאַרפּלאָנטערטע בענדלעך־קניפּן פון אירע הויכע שיך. אַזעלכע שיך האָט אויך געהאַט רישאַ מייערטשיק.

זיי האָבן צוזאַמען באַשטעלט ביים זעלבן שוסטער. אַנטלויפנדיק פון יאַבּ־לאָווער מאַרק, האָט זי איבערהויפּט נישט געוווסט, אַז רישאַ אין גע־טראָפן געוואָרן פון אַ קויל. רישאַ איז דאָך געלאָפן זייט ביי זייט לעבן איר; אָפּטמאָל שנעלער נאָך פון איר, אָנקומענדיק אין וואַלד אַריין האָט זי ערשט באַמערקט ווי דאָס בלוט טראָפּט פון רישאַן צו דער ערד. אין קיין שום פּוילישער הייזקע האָט מען איר נישט דערלויבט אַריינצוברענגען די געשאָסענע. בלויז איינער, אַן אַלטיטשקער, האָט זיך דערבאַרעמט און איר אָנגעוויזן אויף דער פאַרמאַכטער קוזשניע פון ישראַלטשע, דעם ייִדישן בלעכער: „שריי צו אים אויף ייִדיש", האָט ער געזאָגט, „קלאַפּ, ער זאָל דיר עפענען, אפשר האָבן אים די דייטשן נאָך נישט געהרגעט".

אין אַ פאַרשטעקטן ווינקל פון דער קוזשניע זענען געלעגן אויסבאַ־האַלטן אויף דער ערד, דער בלעכער מיט זיין פרוי, אַרומגעשטעלט מיט פאַרזשאַווערטן אייזן און שטיקער פאַרראָסטעט בלעך. זיין פּנים האָט אויך אויסגעזען ווי אַ פאַרזשאַווערט שטיק בלעך. ער האָט געזאָגט צום ווייב:

— אַ ייִדיש קינד גייט אָפּ אין בלוט אין יאַבלאָווער וועלדל.

די פרוי האָט געקוקט פון דער ערד צו איר מאַנס קאָפּ. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעשריגן דער צער פון אייגענעם הפקרדיקן לעבן; דער ציטער וועגן איר מאַן, וועלכער גרייט זיך אַרויסצוגיין צו דער סכנה. זי האָט נישט געענטפערט.

— איך גיי — האָט דער בלעכער געזאָגט.

זי האָט געקוקט צו זיין קאָפּ און נישט געענטפערט.

עס האָבן זיך געהערט טריט אויף די שטיינער פון הויף. זי האָט געטראַכט: שטעקלמאַן איז אַרויסגעשפּרונגען פון צוג. אפשר איז האַרי אויך אַרויסגעשפּרונגען? אפשר, אויב זי וועט זיך ווידער אַוועקשטעלן ביי די פעלדער, וועט זי פּלוצלונג דערזען ווי האַרי קומט אָן? האַריס געשטאַלט שווימט אַרויס פאַר אירע אויגן. ער איז אַ געבונדענער, אַ געהילטער אין ווייסן. וואָס איז דאָס אַזעלכעס, וואָס חזרט זיך אָן אויפהער איבער אין אירע חלומות? וואָס זאָל דאָס באַטייטן? פון היינט אָן וועט זי, אין נעכט פון אַ פּולער לבנה, פאַרהענגען דאָס פענצטער. חלומות! אַ, איר קאַלטע, וואַמפּירישע נאַכט־שפּיגלען, אָנגעשטעלטע אַנטקעגנאיבער

אונדזערע געלעבטע טעג ווי לבנה־שיין אַנטקעגנאיבער דער זון; שפּיגלען וועלכע נאָגן אויס דעם זאַפט פון די זאָמען, וואָס ליגן פאַרזייט אין אונדזער מזל, און שפּיגלען אונדז דאָס צוריק אין אַ לבנה־נאַכט — בייזוויליקע ווי אַן אַלטע מכשפה; אַ הולך־רכילניצע — אַזוי רוימען איין די חלומות ביינאַכט אין אונדזערע אויערן דעם שפּינענדיקן רכילות פון אונדזער גורל. „אַלץ איז אַ חלום...״ — האָט האַרי געזאָגט. צי איז דאָס אַוועקשיקן אים אין אַרבעטס־לאַגער אויך אַ חלום? און צי איז דאָס מעגלעך, אַז זי וועט פּלוצלונג דערהערן דעם פרימאָרגן־פּייף פון פּאַ, וועלכער וועקט זי אויף צו גיין אין שולע? און אפשר איז טאַקע אַלץ אַ חלום? אפשר איז דאָס פענצטער פון איר קינדער־צימער איצטער נישט פאַרהאָנגען מיטן ראָלעט, און דעריבער פאַרשפּינט זי איצט די לבנה מיט וואַמפּירישע זילבער־פעדעם?

זי איז אַראָפּ צום טויער.

**
*

די נאַכט האָט זיך צוריקגעצויגן פון הימל ווי אַ שונא פון אָקופּירטער ערד, איבערלאָזנדיק נאָך זיך חורבן, טרויער און געפאַלענע.

פון די דריי הייף זענען אָנגעקומען, איינער נאָכן אַנדערן, בלייכע שאָטנס צום טויער. זי האָט זיי געזען און האָט זיי נישט געזען; זי איז היינט געווען איינע פון זיי. זי איז דאָ אַראָפּגעקומען, ווייל עס האָט זי אַרויסגעטריבן פון בעט, פּונקט אַזוי ווי זיי זענען דאָ אַראָפּגעקומען, ווייל עס האָט זיי אַרויסגעטריבן פון די בעטן. דער זעלבער טרויער, דער זעלבער אומגליק. זיי לויפן וואַנזיניק: אפשר וועלן זיי זיך קענען ראַטעווען. פּונקט ווי זי לויפט אַ מטורפדיקע: אפשר וועט האַרי נאָך קומען פון די פעלדער. זי שטייט איצט גלייך צווישן אַלע. זי איז איצט גלייך מיט אַלע. זי קוקט אויף זיי און זעט זיי נישט, אַזוי ווי זיי קוקן אויף איר און זעען זי נישט. זי ווייסט ווויל, אַז דאָס איז אַן אומזין: האַרי וועט מער נישט קומען! זי וועט אים מער נישט זען! נאָר זי וויל דאָס נישט גלויבן. זי איז פּונקט ווי די אַנדערע. זיי, די אַנדערע, ווייסן דאָך אויך, אַז זייער לויפן איז אַן אומזין, זיי וועלן גאָרנישט העלפן. זיי וועלן

אַפילו זייער נאָענטן מער נישט זען. אַזוי איז עס דאָך שטענדיק: יענע, וועלכע מען נעמט אַרויס ביינאַכט פון די בעטן, פאַרשווינדן און מען זעט זיי נישט מער. אַלע ווייסן דאָס, נאָר ווילן עס פאָרט נישט גלויבן.

לעצטנס קומען מער נישט די אָרדנער אַפילו קאָנטראָלירן צי אַלע אומלעגאַלע זענען געשלאָפן אויפן „פונקט". די אָרדענער זענען ביינאַכט באַשעפטיקט מיטן אַרויסנעמען מענטשן פון די בעטן. מאָדנע. אַז זיי האַלטן נאָך די אומלעגאַלע אויף די „פונקטן". „אומלעגאַלע!" — דאָס וואָרט קלינגט ווי אַ טייוולאָנישער חוזק. ווער איז היינט נישט אומלעגאַל? אַלע זענען דאָך אומלעגאַלע! דאָס גאַנצע געטאָ איז היינט ווי אַ ברענענדיקע שיף אין מיטן ים. האַרי — דעם לעגאַלן — האָט מען אַוועקגעשיקט, און זי — די „אומלעגאַלע" — איז געבליבן. בשעת אַ שרפה אין דער תפיסה ראַטעווען זיך קודם־כל די צום טויט־פאַרמשפטע. היינט שיקט מען אַוועק די מענטשן פון „נישט קריגס־וויכטיקע" שאַפן. יענע, וועלכע זענען ערשט געווען זיכער ,געפינען זיך איצט אינעם לאַגער, און איר, דער אומלעגאַלער, לאָזט מען רויִק שלאָפן ביינאַכט, ווייל זי האָט אַן אַרבעטס־קאַרטע פון „זאַנדער באַאויפטראַגטנס" שוסטער־שאַפ. נישט קיין נפקא מינה ווער עס פאַלט פריִער און ווער עס פאַלט שפּעטער. נאָר די קעפ, וועלכע בלייבן דערווייל אויסערהאַלב זיין מעסער, זיי דאַכט זיך אויס, אַז דער טויט האָט זיי מיט אַ כוונה אויסגעמיטן. ווי האָט זאַלקע געזאָגט? „די געטאָ איז גלייך צו אַ זאַק קערנער. יעדן טאָג שטעקט דער דייטש אַריין אַ פויסט און שלעפט אַרויס אַ פולן גאפן. וועלכעס קערנדל עס גליטשט זיך אַרויס פון צווישן דעם מלאך־המות־פינגער, בלייבט דערווייל איבער אינעם זאַק..." מען זאָגט, אַז אינעם קאָנגרעסיער געטאָ איז איצט רויִק. די געטאָ איז אָפּגעשלאָסן ווי אַ פאַרמאַכטער קאַסטן. אַלע אַרבעטן אין אַ גרויסן שאַפ. די עלטערן וווינען אַוודאַי צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע משפחות און אַ בשותפותדיקער שטוב. זייער בעט שטייט אפשר אין אַ ווינקל, ווי פעלאַס בעט אויפן „פונקט". מאָני טראָגט אַוודאַי אַ געלע לאַטע אויפן האַרץ. אפשר האָט פאַפּי אויך אויפגעשטעלט אַזאַ „ווילע" ווי חיים־ייִדל און זיי וווינען דאָרט אין אַ ווינקל באַזונדער? פאַפּי האָט ליב געהאַט, אַז זיין ראַזיר־געצייג זאָל ליגן גרייט אויף דער מאַרמאָר־פּאָליצע לעבן שפּיגל אין באָד־צימער. ווו האַלט ער היינט זיין ראַזירצייג? אויב

דאָרט איז פֿאַראַן אַ פֿענצטער, ליגט אַוודאַי דאָס ראַזירצייג אויפֿן פֿענצ־טער. ביי חיים־יידלען אין דער „ווילע" איז נישטאָ קיין פֿענצטער. אַ וווּנדער, אַז חיים־יידל האָט נישט אויפֿגעשטעלט זיין „ווילע" אינעם ווינקל ביים קאָפּל־אויפֿן. וואָלט ער אין דער „ווילע" געהאַט אויך אַ פֿענצטער.

די שטיינער פֿון ערשטן הויף קוקן אויס ווייס ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעוואַשן. עס האָט אַוודאַי גערעגנט ביינאַכט. פֿאַרוואָס האָט זי נישט באַמערקט ווי דער טאָג איז אַרויס? זי האָט דאָך דורך דער גאַנצער צייט געקוקט מיט אָפֿענע אויגן. אָט דאָ, אויף דעם אָרט, איז געלעגן דער מענטש מיטן אויסגעבערענטן „יודע" אויפֿן שטערן. שלאַמעקן האָט דער יודענראַט אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט דער מוטער; זיי האָבן דאָך גענומען זופּ אין דער אומזיסטער־קיך. גוט וואָס שלאַמעק איז כאָטש אַוועק צו־זאַמען מיט דער מוטער. ער וועט דאָרטן קענען אויף איר אַכטונג געבן. אין די לעצטע טעג איז די פֿרוי געווען זייער קראַנק. ווען מען וואָלט איר, דאַניעלאַן, אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט האַריק, וואָלט זי געווען אַ רויקע. האַרי האָט לעצטנס אויסגעזען זייער קראַנק. ווען זי ווייסט ווו ער געפֿינט זיך, וואָלט זי זיך פֿרייוויליק געמאָלדן, מען זאָל זי דאָרט אַהינשיקן.

פֿרוי העלער שטייט שוין און היט דעם רעשט פֿון דער ביכער־שאַנק. אַ גאַנצן טאָג קוקט זי אַרויס דורכן פֿענצטער, צי דאָס איבערבלייבעכץ פֿון דער שאַנק ליגט נאָך לעבן פּלויט. די טירלעך פֿון בופֿעט האָט מען שוין אַראָפּגעגנבעט. נאָר פֿון אינעווייניק קוקט נאָך אַלץ צו איר אַרויס דער אומפֿאַרגעסלעכער זכר פֿון אירע צוויי זין.

אינעם ווינקל פֿון דריטן הויף שטייט די קאַמער אין וועלכער עס וווינט וועוקע שוסטער. די קאַמער קוקט אויס ווי אַ דרימלענדיק הינדל אויף אַ טרעפּל פֿון אַ צעבראָכענעם לייטער ערגעץ אין אַ פֿינצטער ווינקל. פֿאַרן קריג האָט דער הויז־רייניקער צוזאַמענגעקלאַפּט פֿון צעבראָכענע ברעטער אָט דאָס קעמערל, כדי צו האַלטן דאָרט זיינע מכשירים.

נאָך וואָס איז זי דאָ אַהערגעקומען? זי האָט אַפֿילו נישט באַמערקט ווי די פֿיס האָבן זי אַהערגעבראַכט. דער אויפֿגייענדיקער טאָג האָט געקוקט אויף די ווענטלעך פֿון דער קאַמער, אויף דעם אַראָפּגעזונקענעם פֿאַפּע־דעכל — ווי מען קוקט אין געטאָ, נאָך אַן „אַקציע", אויף אַן אי־

בערגעבליבן קינד, וואָס די דייטשן האָבן עס פאַרגעסן אויפן טראַנספּאָרט־פּלאַץ, זי איז געווען שוואַך און מיד. לעבן איר איז געלעגן אַ קופּע מיסט. אַלטע גראַטעס — אַרויסגעוואָרפן פון שטיבער, כדי עס זאָל זיין פּלאַץ פאַר די מענטשן, וועלכע מען האָט צוזאַמענגעדריקט אין דער געטאָ. זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַן עק פון איבערגעקערטן קאַך־אויוון, אַ צעבראָכענע שברי־כלי, אַן אַרויסגעוואָרפענע צו דער קופּע מיסט ווי אַן איבעריקע זאַך.

פלוצלינג האָט זי אַליין אויסגעזען אין אירע אייגענע אויגן ווי אַן איבעריקע זאַך; אַן אַרויסגעוואָרפענע צום מיסט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך. אַלץ איז דאָ געווען איבעריק: דער נייער אויפגייענדיקער טאָג, דער הימל, די ערד — אַלץ איבעריק, אומנויטיק. אָן טעם און צוועק.

גראַטעס — אַרויסגעוואָרפענע אויפן מיסט.

זי איז געווען זייער איינזאַם. און ווי איינער וואָס וואַרגט זיך און לויפט אַרויס צו מענטשן מיט אַ הילפס־געשריי אין די אויפגעריסענע אויגן — אַזוי האָבן אירע אויגן איצט, קוקנדיק צו דער קאַמער, געבעטן, אַז עס זאָל זיך עפענען דאָס טירל, עמעצער זאָל פון דאָרט אַרויסקומען, מען זאָל זי זען, און מען זאָל זי אַריינגעמען אינעווייניק.

ס'איז זי באַפאַלן אַ בענקשאַפט. אַן אָפּגעריסענע בענקשאַפט. זי האָט נישט געוווסט צו וועמען און צו וואָס, זי איז געווען איינזאַם. ווי אַ טייך וואָס גייט איבער — אַזוי האָבן די טרערן אינעווייניק אין איר, זי פאַרפלייצט.

עס האָט זי אָנגעכאַפּט אַ ווילן צו זען אַ מענטש. זי וואָלט איצט געוואָלט פילן לעבן זיך אַ מענטש; זען אַ וואַרעמען, געטרייען בליק אין די אויגן פון אַ מענטש.

אַ מענטש! אַ מענטש! זי האָט געבענקט נאָך אַ מענטשן!...

צו וואָס וועט זי איצט גיין צו די פעלדער? האַרי וועט דאָך סיי ווי נישט קומען. אָט דער אַנטוישונגס־ווייי פון האַריס נישט קומען — האָט צו איר געוווּנקען מיט אַן אומהיימלעכער שרעק. די אַנגסט פאַר טויט.

זי האָט געוואָלט, אַז עמעצער, אַ מענטש, אַ געטרייער מענטש, זאָל זי צוריקהאַלטן און נישט לאָזן גיין צו די פעלדער. אַלץ איז האָפענונגס־

לאָז. זי וואָלט געוואָלט אַז מען זאָל זי טרייסטן. און זי וואָלט געוואָלט האָבן דאָס געפיל, אַז זי לאָזט זיך נישט טרייסטן.

דעמאָלט, אַז מען האָט אַוועקגעשיקט טעדעקן, האָט איר האַרץ נישט געפילט אַזעלכעס. ערשט איצט איז איר דאָס קלאָר. אָבער וועווקע האָט דעמאָלט אַוודאַי געפילט דאָס וואָס זי פילט היינט. פונדעסטוועגן איז איר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו קומען אַהער צו וועווקען און טרויערן מיט אים. טעדעקס פאַמיליע געדענקט דאָס אַוודאַי זייער גוט. אָן ספק איז זי שולדיק אין דעם, וואָס טעדעק איז אַריבער די גרענעץ פון געטאָ. טאָ ווי אַזוי קען זי איצט קומען אַהער און בעטן מיטגעפיל צו זיך ביי טעדעקס צעבראָכענער פאַמיליע? וואָס וועלן זיי איצט טראַכטן וועגן איר? פאַרוואָס איז זי ביז היינט נישט געקומען אַוועקזעצן זיך דאָ, פאַר־טאָגס, אויפן באַרג מיסט? פאַרוואָס עפּעס דווקא היינט, ווען מען האָט אַוועקגעשיקט האַרין?

פון אַ פאַרפוילטן קינדער־שיכל, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד לעבן אירע פיס, איז אַרויסגעוואַקסן דורכן אויפגעריסענעם לאַך פון דער זויל אַ הויך גרין גרעזל. די אַרויסגייענדיקע זון האָט געגלאַנצט אויף די טוי־טראָפּן פון גרעזל. און זיי האָבן געפינקלט ווי בריליאַנטן.

פון דער גאַס האָבן זיך געהערט לויפנדיקע טריט פון מענטשן. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט. זי איז אַוועק צום טויער.

דאָרט איז קיינער מער נישט געווען.

## קאַפּיטל זעכצן

# ווײַסע לײדיקײט

דער פּלאַץ פון דער גמינע־קיך איז געווען ליידיק און וויסט. דאָס פענצטערל פון דער קיך איז געווען פאַרקלאַפּט מיט נעגל. עס איז נישט געווען צו דערקענען, אַז מען האָט דאָ אַמאָל געטיילט זופּן. פון יענע, וועלכע האָבן אַמאָל דאָ טועם געווען אַ ביסל זופּ, איז פון לאַנג שוין נישט געבליבן קיין זכר, נאָר דאָס הויז האָט נאָך אַלץ געהייסן: אומזיסטע גמינע־קיך.

זי איז געשטאַנען אויפן פּלאַץ, אָן טרייסט, אָן האָפענונג. יעדער ווינקל האָט איר דאָ דערמאָנט האַריך. די לופט איז געווען פול מיט אים. נאָר ער איז נישט געווען. זי האָט נישט געוווסט וואָס אַזעלכעס עס איז דייטשער אַרבעטס־לאַגער; קיינער האָט דאָס נישט געוווסט. מען האָט נאָר געוווסט וואָס אַזעלכעס עס זענען — דייטשן. האַרי שטייט אפשר איצט ערגעץ און אַרבעט אָן איבערמענטשלעכע אַרבעט, אַרבעט מיט די לעצטע כוחות. דייטשן מיט שטעקנס שטייען איבער אים. ער אַרבעט ביז ער פאַלט.

דאַניעלאַ האָט נישט געקענט איבערטראָגן דעם געדאַנק, און אַנט־לויפן פון דעם געדאַנק איז נישט געווען מעגלעך.

די פעלדער זענען געווען ליידיק. דער באַרג — שטום. אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט זיך געצויגן איבער די ליידיקע פעלדער. די בענק־שאַפט איז געלאָפן און געשפּרייט זיך, ווי כוואַליעס אין דער לופט, פון

באַרג צו איר האַרץ, און פון איר האַרץ צום באַרג. זי האָט געוווסט: האַרי וועט מער נישט קומען. פונדעסטוועגן האָבן איר אויגן נישט אויפגעהערט צו קוקן. איר האָט זיך אָן אויפהער געדאַכט: אָט, נאָך אַ רגע, אַ סעקונדע — און דאָרט וועט זיך באַווייזן אַ פּינטעלע!... האַריס פּינטעלע!...

טויזנט מאָל אין אַ רגע האָט זי געפילט דעם ציטער פון האַריס אָנקום, און טויזנטער מאָל אין יעדער רגע האָט דער ווי פון דער אַנטוי־שונג זיך אויף דאָס ניי איינגעשניטן אין איר האַרץ.

זי האָט מער נישט געקענט שטיין אויף דעם ליידיקן פּלאַץ. עס האָט איר געטריבן צו יענער זייט באַרג, פון וואַנען האַרי דאַרף קומען און פון וואַנען ער וועט קיינמאָל שוין מער נישט קומען. זי האָט מער נישט געקענט איינהאַלטן דעם שטורעם אין זיך.

זי האָט אָנגעהויבן צו לויפן.

**
*

זי האָט נישט געזען דעם באַרג. וואָס מער זי האָט זיך צו אים דער־נענטערט, אַלץ מער איז ער אויסגערונען פון אירע אויגן. דאָס ייִדן־פירטל 3 איז איינציקוויז פאַרשוווּנדן הינטער איר.

פון דער נאָענט האָט דאָ אַלץ אויסגעזען אַנדערש. די זון האָט אַריינ־געלויכטן אַ געל ליכט צווישן די אויסגעריסענע, געל־שטייניקע לעכער פון באַרגיקן שיפּוע. אַ סך אויסגעטראָטענע שטעגן זענען דאָ געווען. יע־דעס זעמדל האָט צו איר אַרויפגעאָטעמט מיט דער אינטימקייט פון האַריס טריט. זי האָט זיי געפילט, זיי זענען געווען ממשותדיק. זי וואָלט זיי געקענט מיט די הענט אָנרירן.

פון דער צווייטער זייט פעלדער האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן די ער־שטע הייזלעך פון ייִדן־פירטל 1. לינקס האָבן זיך געצויגן באַן־רעלצן. זיי האָבן געגלאַנצט אין דער זון, ווי זילבער־שטרייפן אויף אָן אויפגעטרענטן טונקעלן מלבוש־שטאָף אין דער שמאַטע־האַלע. ווייט, ווייט האָט אָן איינציקער לאָקאָמאָטיוו, גרויס ווי אַ קינדער־שפּילצייג, געררויכערט לעבן צוויי ביימער.

זי איז געלאָפן.

צוויי מאָל איז איר במשך דער גאַנצער צייט אויסגעקומען צו זיין ביי האַרין. אויב אַבראַם דער מעקלער האָט באַקומען אַ גוטן קונה אויף אַ סך שטאָפן, האָט זיך אים געלוינט משחד צו זיין דעם סעקרעטאַר פון דער אָרדענונגס־דינסט און אַרויסקריגן אַן איין־מאָליקן פּאַסיר־שיין פאַר דאַניעלאַן, כדי זי זאָל אים קענען העלפן אַריבערשמוגלען אונטערן ברייטן מאַנטל די שטאָפן צום יידן־פּירטל 1. דאַניעלאַ איז געווען צופרידן פון דער זאַך, נישט צוליב דער פּראָוויזיע, וואָס זי וועט פאַרדינען, נאָר צוליב דעם, וואָס זי וועט קענען זיין אַ פּאָר מינוט ביי האַרין.

אַז דאַניעלאַ האָט איצט געעפנט די טיר פון האַריס שטוב, האָט איר אַלץ פלוצלונג אויסגעזען פרעמד, נישט צו דערקענען, ווי זי וואָלט פאַר־בלאָנדזשעט אויף אַ פרעמדן אַדרעס. זי האָט געזען פערבערס אויפגע־הויבענע אויגן צו איר. ער איז איר אַנטקעגן געגאַנגען צו דער טיר, און נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט ער זי אָנגענומען ביי דער האַנט, צוגעפירט צו אַ בענקל, ווי מען פירט עמעצן, וואָס לויט זיין אויסזען איז ער נאָענט צום חלשן. ער האָט זי אַוועקגעזעצט. עס האָט אויסגעזען ווי איר אַריינקומען איצט וואָלט געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

אינעם צימער האָט אַן אבלותדיקע שטילקייט פאַרטויבט די אויערן. סאַניאַ איז געזעסן אויף אַ האָלצערן בענקל, אויסגעדרייט צום ליידיקן געלעגער, ווו האַרי איז תמיד געשלאָפן. האַריס בעטל איז נישט געווען צוגעדעקט. עס איז געשטאַנען גרייט, ווי עס וואָלט געוואַרט אויף זיין אַהיימקומען פון דער נאַכט־שיכט ער זאָל זיך קענען באַלד לייגן שלאָפן. פון דער אַוועקגעבויגענער קאָלדרע אויפן בעטל האָט אַרויסגעקוקט — ווייסע ליידיקייט.

סאַניאַ איז געזעסן אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער ווייסער ליידי־קייט און נישט אַוועקגענומען פון דאָרט די אויגן.

די שטוב איז געווען ליידיק. קיין מעבל איז מער נישט געווען. נישט די שאַנק, נישט די אַמאָליקע בעטן. אַלץ פאַרקויפט אויף ברויט. ליידיקע ווענט. בלויז אַן אַלט, צעבראָכן טישל; אַן אַריינגעשטעלטער אויוון צום קאָכן. אויף דער פוטרינע פון דער טיר איז געווען אַריינגעקלאַפּט אַ גרויסער נאָגל, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען האַריס מאַנטל, דער מאַנטל, אין וועלכן ער פלעגט צו איר קומען. איבערן מאַנטל איז געהאָנגען האַריס

הוט. ער איז, ווייזט אויס, געגאַנגען צו דער אַרבעט אָן דעם הוט, און אַזוי, אָן מאַנטל און אָן הוט, האָט מען אים אַוועקגעשיקט.

זי האָט געוואָלט צולויפן צום מאַנטל און אים אַרומכאַפּן. דער מאַנטל האָט זי געצויגן. פון אַקסל אַרויס האָט אַראָפּגעהאָנגען איין אַרבל, אַ פולער, אַ לעבעדיקער. ביים עק איז דער אַרבל געווען ליידיק, נאָר איר האָט זיך פאָרט אויסגעדאַכט, אַז זי זעט דאָרט האַריס ווייסע האַנט. זי האָט געוואָלט צולויפן, אָנכאַפּן דעם אַרבל, ווי אַ לעבעדיקע האַנט: האַרי... האַרי... נאָר סאַניאַס פאַרשטיינטע אַקסלען, סאַניאַס איינגעגראָבענער בליק אין דעם אַנטקעגנאיבער־שטייענדיקן, ליידיקן בעטל האָט פאַרקילט דאָס געשריי אין איר האַלדז.

אַ ליידיקע ווייסקייט...

כמעט אַ וואָך צייט אָפּגעלאָפן זינט האַרי איז אַוועק. און דאָ, אין שטוב, קוקט נאָך אַלץ אויס ווי אַ מת וואָלט געלעגן אויף דער ערד בשעת זיין נשמה פליט אַרום אין אַלע ווינקלען און רוט אויף אַלע קעגנשטאַנדן. עס האָט נאָך דאָ געהערשט די פרוכטיקע פאַרגליווערטע שטילקייט; ווי דער ווייַ וואָלט דאָ, אינעם חלל פון דער שטוב, אויף אייביק שטיין געבליבן.

סאַניא איז אָנגעטון אין אַ בלויער אַרבעטס־שירץ, די האָר פאַרקעמט, נאָר איר פּנים איז ווי פאַרגליווערטער וואַקס. אירע אויגן אָנגעשפּיזט צו איין אָרט.

זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקענט אויסמאָלן סאַניאַן אָט אַזוי. סאַניאַס אויסזען האָט זי געשראָקן. אין דער איצטיקער מינוט האָט זי פאַרגעסן, אַז זי גופא איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר פון בוידעם אינעם שוסטער־שאַפּ, ווו מען פאַרקויפט ציאַנקאַלי. קוקנדיק איצט אויף סאַניאַן האָט זי פּלוצלונג פאַרגעסן אין זיך. דאָ, אין האַריס שטוב, איז איר צום ערשטן מאָל איינגעפאַלן אַ געדאַנק: און טאָמער הרגעט מען פאָרט נישט די אַוועקגעשיקטע?... אפשר וועט האַרי צוריק קומען?... מאָדנע, אַז דאָס איז איר פריִער גאָרנישט איינגעפאַלן. וועווקע הערט דאָך אויך נישט אויף צו טענהן, אַז טעדעק וועט צוריקקומען. די מלחמה זאָל זיך נאָר פאַרענדיקן. פאַרוואָס איז איר וועגן דעם נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן ביז איצט.

איר הויפּט־דאגה איז איצט פּלוצלונג געוואָרן — סאַניאַ. וואָס וועט איצט געשען מיט סאַניאַן? עס האָט זי אַרומגענומען אַ מורא וועגן סאַניאַס גורל.

פּערבער איז געזעסן אַ פּאַרטראַכטער, די אויגן אָנגעשפּיזט צו איין פּינטל אויף דער ערד, און נישט אַרויסגעבריינגט פון זיך קיין וואָרט. אפשר פריִער, איידער זי איז דאָ אַריינגעקומען, האָט ער מיט סאַניאַן יאָ גערעדט. נאָר איר פּלוצלונגדיק באַוויזן זיך דאָ האָט מיט זיך אויפסניי אַריינגעבראַכט האַריס אָנדענק און אויפסניי אויפגעפרישט דעם ווייטיק. איצט האָט פּערבער געשוויגן, אַ שטייגער ווי איינער, וואָס געפינט נישט קיין טרייסט־וואָרט, בשעת דער בר־מינן ליגט נאָך פאַר די אויגן פון די טרויערער.

דער צער פון דערשטיקטע טרערן האָט דאָ אַראָפּגעווייגט פון די ליידיקע ווענט. די שטוב האָט אויסגעקוקט פּאַריתומט. אַ גרויסער ווייט איז געלעגן אויף סאַניאַס אַקסלען. ווי לאַנג איז פון דעמאָלט ווען זיי זענען אַלע געזעסן ביים טיש אין קאָנגרעסיאַ? די גאַנצע משפחה צוזאַמען. סאַניאַ האָט פול געמאַכט דאָס גאַנצע הויז מיט איר פריילעכן געלעכטער. ביי אַ קומענדיקער „אַקציע“ קען מען זי אַוועקשיקן, אַזוי ווי עס איז דער גורל פון אַלע איבערגעבליבענע פּרויען פון אַוועקגעשיקטע מענער. ווער וועט איצט אויף סאַניאַן אַכטונג געבן? ווער וועט זי איצט היטן?

סאַניאַ האָט זיך אויפגעשטעלט. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, וווּ עס איז געווען אַראָפּגעלאָזן דער לאָדן. דאָרט איז איצט געלעגן די גאַנצע הויז־ווירטשאַפט. זי האָט אויפגעוויקלט אַ טישטעכל, אינעווייניק איז געווען אַ האַלב־ברויט מיט אַ מעסער. זי האָט אויסגעשפּרייט די סערוועטקע אויפן טישל לעבן דאַניעלאַן.

— עס, דאַניש... — האָט זי געזאָגט.

דאַניעלאַ האָט אויפגעהויבן צו איר די אויגן. „עס דאַניש...“ זי האָט דאָס מער נישט געקענט דערשטיקן אין זיך. די זעלבע ווערטער האָט האַרי צו איר געזאָגט. זי האָט אַרומגעכאַפּט סאַניאַן מיט ביידע הענט און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

סאַניאַ איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך. זי האָט בלויז געדריקט מיט די צעשפּרייטע פינגער דאַניעלאַס קאָפּ צו זיך. צו איר בויך. דאָס געוויין

איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז דאָס געוויין קומט אַרויס פון סאָניאַס בויך.

ס׳איז געווען אַ בשותּפותדיקער געוויין אויף איין און דעם זעלבן מענטש, וועמעןביידע האָבן ליב געהאַט אָן אַ גרענעץ, יעדע אויף איר שטייגער. יעדע — מער ווי אַלץ אויף דער וועלט.

סאָניאַ איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך.

— די מלחמה וועט זיך ענדיקן, סאָניאַ. האַרי וועט צוריק קומען...

סאָניאַ האָט געהאַלטן דאַניעלאַס קאָפּ צווישן אירע הענט — אַן אַרויפגעבויגענעם צו זיך. ביידע זענען איצט געווען אַריינגעקלאַמערט און צוזאַמענגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער. דאַניעלאַ — זיצנדיק, און סאָניאַ — שטייענדיק. פון דאַניעלאַס אויגן האָט צו איר איצט אַרויפגעקוקט האַריס בלויער בליק. דאַניעלאַס אויגן — ווי צוויי טראָפּנס ענלעך צו האַריס אויגן. נישט בלויז די אויגן — דאַניעלאַס פּנים האָט איצט אינ־גאַנצן דערמאָנט האַריס געשטאַלט: דאָס זעלבע געשניצטע מויל, די זעל־בע צוויי שורות ווייסע ציין, און דער זעלבער שאָטן צווישן דער אונטער־שטער ליפּ און גאָמבע.

— האַרי וועט בקרוב צוריק אַהיימקומען, — האָט סאָניאַ ווייך געזאָגט.

— דו גלויבסט, סאָניאַ?... — איז דאַניעלאַ אויפגעשפּרונגען — דו גלויבסט?...

— מען האָט מיר צוגעזאָגט. איך וואַרט...

— ס׳איז מעגלעך, אַז האַרי זאָל נאָך אַהיימקומען פריִער איידער די מלחמה וועט זיך ענדיקן?... ווער האָט צוגעזאָגט?...

סאָניאַ האָט אויסגעמיטן צו געבן אַן ענטפער. זי האָט ווייטער גע־קוקט אין דאַניעלאַס בלויע אויגן. אירע ליפּן האָבן געשעפּטשעט:

— אַלץ איז מעגלעך, מיין קינד. אַלץ איז מעגלעך, אויב האַרי וועט נישט קומען צו מיר, וועל איך אַוועק צו אים...

דער פּלוצימדיקער אויפציטער אויגן פון דאַניעלאַס קערפּער צווישן אירע הענט האָט סאָניאַן צוריק אויפגעוועקט. די לעצטע אַרויסגעזאָגטע ווער־טער פון איר מויל זענען ערשט איצט דערגאַנגען צו אירע אייגענע אוי־ערן. זי האָט זיי געוואָלט צוריקכאַפּן. פריער איידער האָט אויפגעהויבן זיין בליק,

פון דער ערד. סאַניאַ האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט, אויסגעגלייכט די סערוועטקע אויפן צעבראָכענעם טישל, גענומען אַ גלאָז אָנצוגיסן טיי פאַר דאַניעלאַן, און בשעת מעשה געפרעגט:

— מיט וועלכן וועג ביסטו געקומען, דאַניעלאַ?

— מיטן זעלבן וועג דורך וועלכן האַרי פלעגט קומען צו מיר יעדן זונטיק, — האָט זי געענטפערט.

— האַרי האָט זיך נישט אַרויסגעלאָזט אָן אַ פּאַסיר־שיין, זאָל זיין אַ געפעלשטער, אָבער דאָך אַ שטיקל פּאַפּיר אין האַנט! פאַרוואָס האָסטו דיך געלאָזט אויף אַזאַ סכנה? אָט דאָס פעלט אונדז נאָך? ווייניק האָבן מיר אָן דעם? — אויף סאַניאַס פּנים איז געלעגן אַ טיפער ווייטיק.

פערבער האָט זיך פּלוצלונג אָפּגערופן:

— נישט דאָרט ווו מען מיינט, אַז די סכנה געפינט זיך, געפינט זי זיך באמת! האַרי איז נישט געכאַפּט געוואָרן בשעתן אַריבערגיין פון איין יידן־פירטל צום צווייטן...

סאַניאַ האָט געהאַלטן דאָס גלאָז אין אירע הענט. זי האָט געוואָלט אַרויסגיין ברענגען אַ גלאָז טיי פאַר דאַניעלאַן. נאָר הערנדיק פערבערס גאַליקע באַמערקונג איז זי שטיין געבליבן אין מיטן וועג, און אַזוי שטייענדיק אָן אויסגעדרייטע צו דער טיר, האָט זי געזאָגט:

— איר מיינט דאָך נישט אַוודאַי, אַז דאַניעלאַ דאַרף זיך טאַקע דרייען אָן אַ שטיקל פּאַפּיר אין טאַש צווישן די יידן־פירטלען?

— איך מיין, — האָט פערבער אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו סאַניאַס פּלייצע, — אַז דאַניעלאַ דאַרף אַריינטרעטן אינעם „קיבוץ". מען גרייט זיך אויף אַ גרויסער „אַקציע" אינעם געטאָ, און אויב איך האָב נישט קיין טעות, וועט דאָס זיין אַ מיידל־„אַקציע".

— פערבער! — האָט סאַניאַ זיך פּלוצלונג אויסגעדרייט. — דאַניעלאַ אַרבעט דאָך אינעם שוסטער־שאַפּ פון „זאָנדער בעאויפטראַגטען". וואָס קען נאָך זיין זיכערער ווי אַזאַ שאַפּ? לאָזט אָפּ, פערבער, לאָזט אָפּ!

סאַניאַ איז אַרויס אינעם קאָרידאָר. פערבער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געקוקט צו דעם זעלבן פינטל וואָס פריער, און ווייטער געשוויגן.

דאַניעלאַ האָט פּלוצלונג דערפילט, אַז מען רעדט וועגן איר ווי

וועגן אַ מענטש, וואָס איז דאָ איבערהויפּט נישט אָנוועזנדיק. דער וועך־טער־איסטויש צווישן פערבערן און סאַניאַן, בעיקר דער טאָן, אין וועלכן די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, האָט אויסגעזען ווי אַ פּאָרזע־צונג פון אַ וויכוח, וואָס איז דאָ צווישן זיי פריִער פאָרגעקומען און איז נאָר צייטווייליק איבערגעריסן געוואָרן צוליב איר, דאַניעלאַס דערשיינען אינעם צימער.

קיין סך וועגן „קיבוץ" האָט דאַניעלאַ נישט געוווּסט. זי האָט בלויז געוווּסט, אַז דאָס וואָרט זאָגט מען אַרויס אינעם געטאָ מיט אַ שטילן שעפּטשען. זי האָט אויך געוווּסט, אַז טעדעק האָט געהערט צום „קיבוץ", נאָר זינט דער פּאַסירונג אין די סלאָוועך וועלדער און זינט מנשהס טויט, האָט טעדעק מער נישט דערמאָנט דאָס וואָרט. דאַניעלאַ ווייסט, אַז צום „קיבוץ" געהערן אַ סך, וועלכע האָבן נישט קיין „זאָנדער"־קאָרטן; און אַז אָט די בחורים און מיידלעך פון „קיבוץ" האָבן געשיקט זאָגן דעם „יודענראַט": „מיר וועלן שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אויב מען וועט פּרווון עמעצן פון אונדז אַוועקשיקן! מיר וועלן שיסן אויף דייטשן און דאָס גאַנצע געטאָ, מיטן „יודענראַט" צוזאַמען, וועט אויפגיין אין פייער!"... און לויט ווי מען סודעט זיך אינעם געטאָ, האָט מאָניעק מאַטראָז, דער לייטער פון „יודענראַט", מורא פאַר דער וואָרענונג און ער רעכנט זיך דערמיט.

סאַניאַ איז אַריינגעקומען מיט אַ גלאָז טיי אין דער האַנט. זי האָט צוגעאײַלט, אַז דאַניעלאַ זאָל עסן און שנעל צוריקגיין צו איר פּירטל. ווייל איצט איז מיטיקצייט, די בעסטע שעה זיך אַריבערצוכאַפּן פון איין יידן־פּירטל צום צווייטן.

ווען דאַניעלאַ איז שוין געשטאַנען ביי דעם טיר־אַרויסגאַנג, האָט פערבער אַרויסגענומען פון בוזעם־טאַש אַ געפעלשטן פּאַסיר־שיין — זאָל זי כאָטש האָבן עפּעס־וואָס צו וויזן בשעת אַ צרה — און נישט אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט האָט ער דאָס דערלאַנגט דאַניעלאַן אין האַנט אַריין.

## קאַפּיטל זיבעצן

# ווהין

אויפן „פּונקט“ זענען שוין אַלע געשלאָפן. נאָכן שווערן אַרבעטס־טאָג אין די שאַפן פאַלט מען אין אָוונט אַוועק אויף די געלעגערס ווי אַ פאַרפייניקטער אין געסטאַפּאָ־קעלער פאַלט אַריין אין די אויסלייזנדיקע אָרעמס פון חלשות. דער שלאָף איז בלויז ווי אַ קורצע פּויזע אין דעם מיטן פון אַן אומאויפהערלעכע יסורים־אַטאַקע. קוים מען באַווייזט צוצו־שליסן די אויגן, פאַרשווינדט די נאַכט און מען דאַרף שוין ווידער לויפן אין שאַפּ אַריין.

פלוצלונג: מען רייסט דאָס טויער פון הויז...

אין געטאָ, אַז מען קלאַפּט ביינאַכט אינעם טויער, הילכט דאָס אָפּ אין דיין האַרץ, ווי טויזנטער אַלאַרם־גלאָקן וואָלטן זיך אינעווייניק אין דיר צעוויגט. ווייל דאָס קלאַפּט דאָך דער טויט אין דיין טויער. און ווער ווייסט, נאָך וועמענס נשמה ער איז איצט געקומען?

פעלאַ איז רויק ווי תמיד. זי עפנט פאַמעלעך די אויגן, קוקט זיך אַרום: אויף די בעטלעך פון רעכטס און לינקס זיצן אויפגעשפּרונגענע, נאַקעטע שפּיצן פון אַקסלען; שטאַרע צעשראָקענע קעפּ. פעלאַ פאַרמאַכט צוריק אירע אויגן, וויקלט זיך איין מיט דער דעקע אויף איר געלעגער, ווי די זאַך וואָלט איר נישט געווען נוגע. זי האָט אַ גוטן „זאָנדער“, אַרויס־געגעבן פון דער יידישער מיליץ. זי קען רויק ווייטער שלאָפן. דאָס מיינט מען נישט אַזעלכע ווי זי.

די צוויי טשעבינער מיידלעך, חנה און צביה, ציטערן. די סכנה איז זיי באַפאַלן ווי פון חלום אַרויס. די סכנה וויקלט זיך אַרום זייערע פאַר־שלאָפענע, האַלב־נאַקעטע לייבער מיט אַ באַקאַנטן און דאָך פרעמדן אויפשווידערנדיקן פּחד. זיי האָבן, וואָס אַן אמת, אַ זאַנדער־קאַרטע, אָבער נישט פון קיין „קריגס־וויכטיקן" שאָפּ. צי קלאַפּט מען נישט איצט אינעם טויער צוליב זיי?...

חיים־יִידל לויפט אין די ווייסע אונטערוועש פון איין פענצטער צום צווייטן, קוקט אַרויס מיט אַ שפּיץ־קאָפּ אַמאָל פון דעם ווינקל פענצטער, אַמאָל פון צווייטן ווינקל־פענצטער און ווייסט נישט, און קען נישט באַ־שליסן צי זאָל ער אויפוועקן דאָס קינד, צי זאָל ער עס ערגעץ באַהאַלטן שלאָפענדיקערהייט. דערווייל ווערט שפּעט, די מינוטן שאַרפן זיך ווי מעסערס פאַר די אויגן. קלאַפּנדיקע טריט אויף די שטיינער פון הויף שרייען אים אין די אויערן אַריין: „עמעצער איז שוין אַרויסגעגאַנגען עפענען דאָס טויער פון הויז!" די בשורה צעלויפט זיך איבער זיין גאַנצן לייב און לעבן. די האָר־וואָרצלען אויפן קאָפּ שפּיזלען זיך אָן, שטעכן ווי נאָדלען. די הויט אויפן לייב ווערט שטייף און געדונצלט. דער טויט בלאָזט אויף אים.

פאַר זיך גופא האָט חיים־יִידל נישט קיין מורא. ער און זיין פרוי אַרבעטן אינעם שוסטער־שאָפּ. נאָר דאָס האַרץ וואַרפט זיך: טאָמער איז אַ קינדער־„אַקציע?"...

ביים בלויזן געדאַנק, אַז מען קען ביי אים איצט צונעמען דאָס קינד, קריכן ביי חיים־יִידלען די אויגן־ווייסלעך אַרויס פון די לעכער. ער לויפט פון איין וואַנט צו דער צווייטער, און ווייסט נישט וווהין ער זאָל לויפן, וואָס זאָל ער טון? די מינוטן זענען געציילטע, דער קאָפּ איז פול, דער פּחד וואַרפט דאָרט צוזאַמען אָן אַ שיעור געדאַנקען און פּלע־נער. זיי וואַקסן איינער אויף דעם אַנדערן ווי אַ באַרג שברי־כלים: „וואָס זאָל ער איצט טון?..." „וואָס זאָל ער איצט טון?..." לויפט ער פון איין ווינקל צום אַנדערן, פון איין פענצטער צום צווייטן, און טוט גאָרנישט.

דבורטשע, חיים־יִידלס ווייב, וועלכע האָט לעצטנס אינגאַנצן אויפ־געהערט צו הערן, אַפילו ווען מען שרייט איר אין אויער אַריין, האָט אָבער, ווייזט אויס, די קלעפּ אין טויער יאָ דערהערט, ווייל דאָס קלאַפּן

ביינאַכט אינעם טויער הערט מען נישט מיט די אויערן. דאָס הערט מען מיטן האַרץ: מיטן לעצטן טראָפּן בלוט אין די אָדערן. האָט דבורטשע שנעל אַרויסגעכאַפּט פון טיש־קאַסטן די „טריפהנע" סחורה, וואָס ליגט דאָרט פאַרשטעקט: פּילצן, בענדער צו קאַפּעליושן, זי וואַרפט דאָס אַלץ שנעל פון דאָרט אַרויס אויף דער ערד ווי אַ הפקרדיקע זאַך. זאָלן די דייטשן איצט אַלץ פון איר צונעמען! זי כאַפּט דאָס שלאָפנדיקע קינד, דריקט עס צום האַרץ: „עס זאָל זיך חלילה נאָר נישט אויפוועקן!" זי בייגט זיך אַראָפּ איבער דעם געעפנטן קאַסטן, לייגט דאָרט אַוועק די קליינע, זיסע בעלאַ, אויף עטלעכע איבערגעבליבענע פּילצן. זי שטייט אָן אַריבערגעבויגענע אינעם קאַסטן אַריין, ווי זי וואָלט דאָרט פאַרזיכטיק פון איר אויפגעשניטענער ברוסט אַרויסגעלייגט דאָס האַרץ. דערנאָך דעקט זי צוריק צו דעם קאַסטן, ער זאָל ווידער אויסזען ווי אַ טיש. זי רעדט נישט, נאָר שאָקלט זיך. די ליפּן פאַרשלאָסן, פאַרקוועטשט — און שאָקלט זיך...

חיים־ייִדל ציטערט. ער קוקט צו דעם, וואָס זיין ווייב טוט און ווייסט נישט מיט וואָס ער קען איר צוהעלפן. די קני זיינע ציטערן. שאַרט ער מיט אַ קאָנוואולסיוו־ציטערנדיקן פוס די אַרויסגעוואָרפענע פּילצן אויף דער ערד אין אַ ווינקל אַריין, ווי ער וואָלט נישט געטרויט זיין גוף ער זאָל זיך איצט אַראָפּבייגן צו דער ערד, טאָמער וועט ער אומפאַלן. זיין מויל טרייסלט זיך, די אונטערשטע ציין צוזאַמען מיטן געביס ציטערן, וואַרפן פון זיך אַרויס ווערטער ווי ער וואָלט זיי צוערשט געקייט:

— רבונו של עולם!...

— דאָס לעצטע ביסעלע סחורה... זאָל דאָס זיין אַן אָפּלייזער... דער לעצטער ביסן פון מויל... אַלץ אַ כפּרה... נאָר דערבאַרעם דיך, נעם מיר נישט צו דאָס קינד, רבונו של עולם!...

דאַניעלאַ זיצט אויף איר געלעגער. איר קאָפּ איז פול און ליידיק. זי קוקט זיך אַרום מיט אויפגעריסענע אויגן. פּלוצלונג: דאָס בעט פון אויש־וויעמטשימער מיידל איז ליידיק!... אַ פּאָר מינוט פאַר דער „נאַכט־שפּע־רע" איז זי אַרויס פון „פּונקט". קיינער האָט אַפילו נישט באַמערקט, אַז זי איז מער נישט צוריקגעקומען. דאָס ליידיקע בעט וואַרפט אָן אַ שרעק. דאָס אָנגעצונדענע ליכט אין חיים־ייִדלס „ווילע" גלאַנצט אויפן פענצטער

ווי אין אַ שוואַרצן אומהיימלעכן שפּיגל. יעדער קלאַפּ אינעם טויער קומט אָן אַהער צולויפן, בלייבט שטיין לעבן די בעטלעך ווי פּאַרלויפער, וועלכע זאָגן אָן דעם באַלדיקן אָנקום פון אַ גרוילהאַפטן הערשער. דאַניעלאַ בייסט צוזאַמען די באַק־ציינער, זיי זאָלן נישט ציטערן: זי האָט דאָך נישט קיין סיבה, פּאַרוואָס מורא צו האָבן. זי האָט דאָך אַ גוטן „זאָנדער!" זי אַרבעט דאָך אינעם שוסטער־שאַפּ! און וועווקע וועט איר נישט פאַרלאָזן אין אַ נויט! פונדעסטוועגן איז די שרעק אָנשטעקנדיק. דאָס ציין־קלאַפּעריי לאָזט זיך נישט באַרויקן פון שׂכל־הישר בשעת מען קלאַפּט אין געטאָ, ביינאַכט, אינעם טויער.

אויפן בעטל אַנטקעגנאיבער דאַניעלאַן זיצן די צוויי טשעבינער שוועסטער, איינגעקאָרטשעטע, צוזאַמענגעדריקטע, איינע צו דער אַנדערער, ווי צוויי הינדלעך אין אַ שניי־שטורעם, שווייגן און ציטערן.

שטיוול, אימהדיקע דייטשע שטיוול, מען הערט זיי אויף די טרעפּ, ווי די אייזערנע טשוועקעס פון זייערע אָפּצאַסן וואָלטן געטראָטן אויפן נאַקעטן לייב.

מען רייסט די טיר. פון חיים־יידלס אויפגעריסענע אויגן־לעכער קוילערט זיך אַרויס אַ לאַנגער בליק, דער בליק ווישט זיך איבער די שמאָלע בעטלעך פון איינער צו דער אַנדערער און פאַרהאַלט זיך אויפן ליידיקן געלעגער פון אוישוויעמטשימער מיידל. מען רייסט די טיר.

אַלע זענען דאָ ווי פאַרגליווערט, פאַרשטיינט. אָן לשון. קיינמאָל האָבן די צוויי טיר־העלפטן זיך נאָך נישט אַזוי אויסגעבויגן: ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָפּשפּרינגען פאַר מורא פון די דייטשע קולות, וועלכע שרייען הינטער זיי. אַ רגע — און די צוויי טיר־העלפטן וועלן אויפפּלאַצן. חיים־יידלס פּיס האָבן זיך אַ ריס געטון פון פּלאַץ. ער איז אַוועק עפענען די טיר.

געסטאַפּאָ! — הינטער זיי — בלוי־ווייסע היטלען פון „יודענראַט"־מיליציאָנערן.

דער געסטאַפּאָ־מאַן האַלט אַ ליסטע אין די הענט. מאָדנע: דער טויט האָט געווײַנלעכע הענט, ווייסע הענט, הענט פון אַ מענטשן.

דער געסטאַפּאָ־מאַן לייענט אַרויס נעמען פון אַ ליסטע: פעלאַ, די צוויי טשעבינער שוועסטער, דאַניעלאַ.

— שנעל! אָנטאָן זיך מיטגיין!...

פעלאַ כאַפּט שנעל אַרויס פון אַ בייטל איר זאָנדער־קאַרטע. דער־לאַנגט דאָס דעם יידישן אָרדנער. גישטאָ קיין מינדסטער צווייפל, אַז דאָ איז אַריינגעפאַלן אַ טעות — ווי קומט איר נאָמען אויף אַזאַ ליסטע?

— אָט איז מיין קאַרטע באַשטעטיקט פון יודענראַט! זאָגט פעלאַ מיט זיכערקייט.

דער געסטאַפּאָ־מאַן כאַפּט אַרויס די קאַרטע פון אָרדנערס האַנט, צערייסט זי און וואַרפט די שטיקלעך פעלאַן גלייך אין פּנים אַריין.

— שנעל! ראַש! לאָוס!...

— ניין! — לויפט דורך אַ געדאַנק אין דאַניעלאַס מוח — זי וועט איצט נישט ווייזן איר קאַרטע! דער געסטאַפּאָוויעץ קען עס צערייסן איי־דער ער וועט נאָך דערט אַריינקוקן. מיט וואָס וועט זי דערנאָך קענען באַווייזן, אַז זי אַרבעט אינעם שוסטער־שאַפּ? ניין, זי טאָר איצט נישט אַרויסגעבן פון איר האַנט די קאַרטע. איר לעבן איז איצט אָפּהענגיק פון דעם געלן בלעטל פּאַפּיר אויף וועלכן עס גלפינט זיך דאָס רויטע האַקן־קרייץ־שטעמפּעלע. דערנאָך, אויף דער אָרדענונגס־דינסט, וועט זי דאָס ווייזן. בעסער מיטגיין איצט צוזאַמען מיט אַלע. פאַרוואָס ציטערן אַזוי ביי איר די קני? די אויגן פון געסטאַפּאָוויעץ קוקן. מען דאַרף זיך שנעל אָנטאָן. די מלבושים פאַלן אַרויס פון די הענט. אפשר וועט וועוועקע מאָרגן אינדערפרי קומען זי צוריק אַרויסנעמען פון דער מיליציע. זי דאַרף דאָך גיין אין שאַפּ צו דער אַרבעט.

— ראַש! ראַש!... שנעלער!...

דער געסטאַפּאָוויעץ האָט אַ קאָפּע געטון מיטן שטיוול חנה דער טשעבינערין, זי זאָל זיך צואיילן. חנה האָט געפּרווט מיטנעמען מיט זיך איר „סידור". דאָס געשריי פון געסטאַפּאָוויעץ צעשפּאַרט די געדערים אינעם בויך. צביה, איר שוועסטער, קען זיך מער נישט איינהאַלטן. דער אָנגעזאַמלטער פּחד אין איר בויך רייסט זיך פון איר צוריק אַרויס מיט אַ שטראָם צואה.

— יודישע אומפאַרשעמטע דרעק־זעקע!...

דווקא איצט קען דאַניעלאַ בשום אופן נישט אַריינשטופּן איר צווייטן פוס אינעם שוך. די שנור־בענדלעך פון דעם הויך־געשנורטן ספּאָרט־שיך

זענען פאַרקניפּט. נעכטן, ביים לייגן זיך שלאָפן, האָט זי אַרויסגעשלעפּט דעם פוס. זי איז געווען מיד. זי האָט געטראַכט: אינדערפרי, ביים אָנטאָן זיך, וועט זי אויפבינדן דעם קנופּ. דאָס מעטאַלענע שוואַרצקייט פון רעוואָלווער גלאַנצט אין דער ווייסער האַנט פון געסטאַפּאָוויעץ. אויב די שפּיצן־פינגער וועלן נישט אויפהערן צו ציטערן, וועט זי דאַרפן איצט אַרויסגיין מיט איין באָרוועסן פוס. זי האָט זיך באַמיט צו באַרויִקן: זי אַרבעט דאָך אינעם שוסטער־שאַפּ. וואָס האָט זי זיך צו שרעקן? רויִק... רויִק... זי זאָל נאָר נישט פאַרגעסן פון גרויס צעטומלטקייט מיטצונעמען מיט זיך זאַכן, וואָס וועלן איר זיין נויטיק. אייגנטלעך האָט זי גאָרנישט. אויפן קאַכל־אויוון ליגן דריי אויסגעשריבענע העפטן פון איר טאָג־בוך. צווישן דער איינגעמויערטער לופט־שאַנק אין וואַנט, ביים פענצטער, ליגט פאַרשטעקט איר לעצטער העפט. וואָס נאָך פאַרמאָגט זי? אויב חיים־ייִדל וואָלט איצט געקענט אַראָפּלויפן צווויסן געבן וועווקען, אַז מען איז געקומען זי נעמען צום אַרבעטס־לאַגער, וואָלט אפשר וועווקע געקענט איצט עפּעס העלפן. ער איז דאָך פאָרט דער הויפּט־לייטער פון שאַפּ.

— לאָוס! ראַש! פערפלוכטען!...

און די „פערפלוכטען" — פיר ייִדישע מיידלעך — האָבן זיך געשטופּט צו דער אָפענער טיר.

חיים־ייִדל שטייט אַן אַריינגעדריקטער מיטן גאַנצן גוף אין דער וואַנט. די ווייסע אונטערוועש גיסן זיך צוזאַמען מיט דער קאָליר פון דער וואַנט. זיין געל פּנים קוקט אויס ווי עמעצער וואָלט אויפגעהאָנגען אויף דער וואַנט אַ וואַקסענעם סקולפּטור־קאָפּ, וואָס קוקט מיט גרויסע אַרויסגעזעצטע אויגן צו דעם שוואַרצן רוקן פון געסטאַפּאָוויעץ, וועלכער פּילט איצט אויס דעם חלל פון דער געעפנטער טיר. דער טויט האָט איבער אים אַריבערגעהיפּט!... צי לעבט ער נאָך?...

ביים אַרויסגיין האָט דאַניעלאַ צוגעוואָרפן צו דער זייט, ווו עס איז געהאָנגען חיים־ייִדלס פאַרשטיינערטער קאָפּ.

— גיט באַלד צו וויסן צו וועווקע שוסטער...

דבורטשע איז געשטאַנען אַ געבויגענע מיטן רוקן איבערן טיש־קאַסטן, ווי זי וואָלט מיט דער אַרויסגעשטעלטער ברוסט געוואָלט שיצן די באַהעלטעניש, ווו עס ליגט איר קינד. זי איז גרייט געווען אויף אַלץ.

אויף אַלץ. אַ לעבעדיקע וואָלט מען דאָס קינד איצט פון איר נישט גענומען. אינעווייניק, אין איר, האָט איצט געטשאַטעוועט אַן אויפגעוואַכטע חיה, גרייט צום שיצן איר נעסט. נאָר אויסערלעך האָט זי אויסגעזען ווי אַ לאַנג שטיק ווייסער פילץ, וואָס עמעצער האָט אין בהלה אַרויפגעוואָרפן אויפן טאַש־קאַסטן, און דער עק פון שטיק פילץ שלעפּט זיך אַראָפּ ביז צו דער ערד.

**
*

אינדרויסן האָט אויף זיי געוואַרט אַ שוואַרצע געטאָ־נאַכט... די נאַכט האָט זיי אַרומגעכאַפּט מיט קאַלטע אומהיימלעכע אָרעמס און זיי געפירט. וווהין?...

אַ מאָדנער פּחד צוזאַמען מיט אַ שוידערהאַפטן נייגער איז פּלוצלינג דאַניעלאַן באַפאַלן. דער אייביקער נייגער פון אַ מענטשן צו וועלן וויסן, וואָס עס קומט פאַר אויף דער צווייטער זייט פון זיין לעבן, און דער פּחד בשעת מען פירט אים דאָרט אַהין.

טיף אין איר אונטערבאַוווסטזיין האָט איצט געקלאַפּט דער ציטער פון אַ מאָדנעם רייזע־פיבער. עפּעס האָט זיך איצט צוריקגעשפּיגלט אין איר האַרץ. עפּעס דערמאָנט. עס האָט אויפגעטויכט פון אַ פאַרבאָרגענער טיפקייט אין איר. אַזאַ ענלעך געפיל האָט זי שוין אַמאָל געפּילט. דאָס איז דאָך געווען דעמאָלט, ווען זי האָט זיך געגרייט צו איר ערשטער רייזע אינעם לעבן...

וווהין פירט זי איצט יענער שול־אויספלוג?

## קאַפּיטל אַכצן

# מיידל-אַקציע

אינדרויסן האָט די נאַכט זיך צונויפֿגעגאָסן מיט די פֿינצטערע געטאָ-הייזער. אויף דער הויפּט-גאַס זענען געווען איינגעאָרדנט רעפֿלעקטאָרן ספּעציעל לכבוד דער היינטיקער נאַכט-„אַקציע". די ליכט-פּאַסן האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין דער געטאָ ווי גליִענדיקע שפּיזן און באַלויכטן דעם פּחד מען זאָל אים בעסער זען. פֿון זייטיקע געסלעך זענען אָנגעקומען שוואַרצע שאָטנס פֿון געסטאַפּאָ-לייט מיט מאַשין-ביקסן אין די הענט. זיי האָבן געפֿירט איינגעקאָרטשעטע ציטערדיקע מיידלעך, אַרויסגעשלעפּטע פֿון די בעטן. די מיידלעך האָבן זיך נישט אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן זיך געפֿילט זיכערע. זיי האָבן דאָך גוטע זאָנדער-קאַרטן, וועלכע באַפֿרייען פֿון אַרבעטס-לאַגער.

די אַקסלען ביי די צוויי טשעבינער שוועסטער זענען מאָדנע אַראָפּגעלאָזן. זיי גייען פּאָרויס מיט שנעלע, אונטערשפּרינגענדיקע טריטלעך, ווי זיי וואָלטן אַזוי אַרום געוואָלט ווייזן, אַז זיי זענען געהאָרכזאַם: מען הייסט זיי גיין — גייען זיי. פֿעלאַ און דאַניעלאַ איילן אויך צו זייערע טריט, כדי נישט צו בלייבן הינטערשטעליק. אַ שווייגנדיקער, אַן אומצופֿרידענער, מיטן רעוואָלווער אין האַנט טרעט הינטער זיי דער געסטאַפּאָ-מאַן. פֿון אַלע זייטן טראָגן זיך געשרייען פֿון דייטשן און יודענראַט-מיליציאַנטן: „שנעלער! שנעלער!..." בלויז דער געסטאַפּאָ-מאַן, וואָס באַגלייט זיי — ער האָט נישט די געלעגנהייט צו שרייען.

פֿון אַ פֿינצטערן געסל אַרויס קומט צולויפֿן מאָניעק מאַטראָז, דער

לייטער פון יודענראַט. עלטסטע פון אָרדענונגס־דינסט באַגלייטן אים. ער שיילט זיך אַרויס פון דער פינצטערקייט, קוקט אויס שטאַרק באַשעפטיקט. ער פאַרשווינדט ווידער אין דער פינצטערניש און באַוויזט זיך ווידער. עס קוקט אויס, ווי ער וואָלט זיך געעסקט מיט דער נאַכט און זיך געסודעט מיט איר אין דער פינצטער. ער האַלט אַ ליסטע אין דער האַנט: קיינער וועט זיך היינט ניט אַרויסדרייען פון זיין ליסטע. ער, דער לייטער, בכבודו ובעצמו, פירט אָן מיט דער היינטיקער „אַקציע".

איינציקווייז ווערט די הויפּט־גאַס אָנגעפילט מיט צוזאַמענגעטריבענע מיידלעך. פון צייט צו צייט עפנט זיך ערגעץ אַ טויער און דאָס פינצטערע געטאָ־הויז שפּייט פון זיך אַרויס אַ פרישן קרבן באַגלייט פון אָרדנער און געסטאַפּאָ.

פערבער האָט געזאָגט: „ס'גרייט זיך בקרוב אַ גרויסע „אַקציע". אויב איך האָב ניט קיין טעות, וועט דאָס זיין אַ מיידל־אַקציע".

איצט איז קלאָר: ס'איז אַ נאַכט־„אַקציע" אויף מיידלעך.

„אָבער דאַניעלאַ אַרבעט דאָך אינעם שוסטער־שאַפּ פון „זאנדער־בעאויפטראַגטען". וואָס קאָן שוין זיין זיכערער?" — האָט סאַניאַ דעמאָלט געזאָגט.

פון וואַנען ווייסט מען דען אין געטאָ, וועלכער וועג עס איז דער ריכטיקער?

איבער די זעלבע פינצטערע געסלעך האָט זי וועווקע אַמאָל געפירט אויך ביינאַכט צום „פּונקט". עס איז געווען אין דער ערשטער נאַכט, ווען זי איז דאָ אָהער געקומען. וועווקע האָט זי דעמאָלט אָפּגעראַטעוועט פון „טראַנספּאָרט". איצט פירט מען זי ווידער ביינאַכט איבער די זעלבע פינצטערע גאַסן. נאָר איצט פירט מען זי שוין אַוועק. וווהין?... וווהין?... וואָס איז עס פאַר אַן אָרט דאָרט, ווו מען פירט אַלע אַוועק? וואָס טוט מען דאָרט מיט די אַלע אַוועקגעפירטע? מען פירט זי דאָך איצט צום „טראַנספּאָרט!..." צי וועט עס וועווקען דאָס מאָל ווידער געלינגען זי אָפּצוראַטעווען? פעלאַ, ה'עלכע קוקט־אויס שטענדיק אַזאַ זיכערע, גייט איצט אויך ווי אַ פאַרלוירענע, גאָרנישט ווי איר שטייגער. גאָרנישט די זעלבע פעלאַ. וועווקע וועט אפשר לויפן אינטערוועניר‌ן פאַר איר. ער וועט אַוודאי זאָגן, אַז זי איז געווען אַ גוטע אַרבעטערין אינעם שאַפּ;

אַז זי האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין טאָג. די הויפּט־זאַך, אַז חיים־ייִדל זאָל נאָר שנעל לויפן מודיע זיין וועוקען. ווער וויס צי חיים־ייִדל האָט געהערט וואָס זי האָט גערעדט צו אים? לויט זיין פּנים האָט עס נישט אויסגעזען ער זאָל האָבן אַפילו פאַרשטאַנען אירע רייד.

פון ביידע זייטן ווערן זיי באַגלייט דורך יודענראַט־מיליציע אין בלוי־ווייסע היטלען. פון דערנעבנדיקע געסלעך קומען אָן אָן אַ שיעור פריש־געפירטע קרבנות. מען פירט זיי אויף די טראָטואַרן; אין מיטן גאַס; איינצלווייז און גרופּעסווייז. די נאַכט ציט זיך ווי אַ שלייער איבער דער געטאָ, הילט זיי אַלע אַרום און פירט זיי אַוועק צו אַ פינצטערער אומ־באַקאַנטקייט. די בלוי־ווייסע היטלען אויף די קעפּ פון די ייִדישע אָרדנער ווייסלען זיך פונדערווייטנס, אין דעם העלן ליכט פון די רעפלעקטאָרן, ווי אויגן־ווייסלעך פון טאַנצנדיקע שדים. אַ מין קאַפּעליע, וואָס גייט פאָרויס דער שטומער נאַכט־פּראָצעסיע.

**
*

דער הויף פון דער אָרדענונגס־דינסט איז אָפּגעשלאָסן פון אַלע זייטן, אָנגעשטאָפּט מיט אָן אַ שיעור געכאַפּטע מיידלעך און באַוואַכט ביי די אַרויסגאַנגען דורך אָרדנער פון יודענראַט. ווער געפינט זיך דאָ אַלץ נישט? פון די רייכסטע ביז די אָרעמסטע. אַזעלכע וואָס האָבן שווער געאַרבעט אין די שעפּער און אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַר געלט זיך געשאַפן פיקטיווע „זאַנדער”־קאַרטן. די שענסטע מיידלעך פון געטאָ האָט מען אין דער היינטיקער נאַכט אַרויסגענומען פון די בעטן און זיי צוזאַמענגעטריבן אויפן הויף פון דער אָרדענונגס־דינסט. אַ סך זענען זיכער, אַז מאָרגן אינדערפרי וועט מען זיי צוריק אַרויסנעמען דורך פּראָטעקציע אָדער דורך אויסקויף־געלט. אַזעלכעס האָט מיט זיי שוין פּאַסירט. אַנדערע ברעכן שטילערהייט די הענט. מאַנכע וויינען הויך אויף אַ קול, מיט טרערן, און מאַנכע שטיל, אָן טרערן: די שרעק פאַר דעם אומבאַקאַנטן מאַכט דיך אויפּציטערן, ווי אימהדיקע, אָנגעצונדענע אויגן וואָלטן צו דיר גע־קוקט פון דער פינצטערניש. נישט קיין פּנים, נישט קיין געשטאַלט, בלויז אימהדיקע אויגן...

# דאָס הויז פון די ליאַלקעס

פעלאַ האָט זיך געדרייט פון איין טויער צום צווייטן. זי האָט געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט אָרדנער, וועלכע היטן די אָפּגעשלאָסענע אַרויסגאַנגען. זי האָט מיט עמעצן פון זיי געוואָלט רעדן, עפּעס פון זיי געוווירווערן. זיי זענען דאָך אַלע אירע באַקאַנטע. נאָר איצט האָט קיינער פון זיי זי נישט געקענט: זיי קענען גאָרנישט מאַכן, האָבן זיי געענטפערט. זיי טאָרן נישט מיט איר אַפילו איצט רעדן. צי זעט זי דען נישט, אַז דער „לייטער" גופא פירט אָן מיט דער אַקציע? די ליסטע איז געוואָרן צוגעגרייט פון פריִער דורכן „לייטער" גופא. יעדער אָרדנער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די „קעפּ", וואָס ער האָט באַקומען צוגעטיילט, אַז ער זאָל זיי צושטעלן. אפשר שפּעטער, אין „דולאַג", ווען די דייטשן וועלן נישט זיין, אויב עס וועט זיין אַן איבערפלוס איבער דער קוואָטע, דעמאָלט ווייסט דאָך פעלאַ, אַז זי וועט זיין די ערשטע, וואָס וועט ווערן אַרויסגעלאָזט. נאָר איצט איז נישטאָ קיין שום אויסזיכט זי אַרויסצוראַטעווען. מאָניעק מאַטראָז האַלט די ליסטע אין האַנט.

דער הויף ווערט וואָס אַמאָל פולער. מען ברענגט אָן אויפהער פרישגעבאַפּטע מיידלעך. ווער ווייס צי די „זאַנדער"־קאַרטן וועלן עפּעס העלפן? דאָ האָבן דאָך כמעט אַלע „זאָנדערס". ווען נישט וואָלטן זיי דאָך נישט געשלאָפן אין זייערע היימען. ווער עס האָט נישט קיין אַרבעטס־קאַרטע שלאָפט נישט ביינאַכט אינעם בעט. איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז יענע וועלכע באַהאַלטן זיך אויס, זענען חכמים. זיי דאַרפן נישט אַרבעטן פאַר די דייטשן. ביי אַן „אַקציע" קען מען זיי נישט געפינען. און אַז מען ברויכט מיידלעך צום אַרבעטס־איינזאַץ נעמט מען סיי־ווי אַרויס פון די בעטן יענע, וועלכע האָבן זיך געפילט זיכער, ווייל זיי אַרבעטן פאַר דער דייטשער אַרמיי.

דער געדאַנק, אַז מאָרגן וועט זי ווערן אַוועקגעשיקט מיטן „טראַנספּאָרט", צעשפּרייט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער אין דאַניעלאַס מוח. כאָטש נאָך האַריס אַוועקשיקן איז זי געווען גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס קען מיט איר געשען, פונדעסטוועגן כאַפּט זי איצט אַרום אַן אימה פאַר דעם בלויזן געדאַנק! מאָדנע, דאָ, אויפן הויף פון דער אָרדענונגס־דינסט, כאַפּט פלוצלינג אָן אַ בענקשאַפט צום שאַפּ; צו דער קופּע מלבושים; צו יער קליינער בעלאַ, וואָס קריכט אַריין און אַרויס פון חיים־ייִדלס „ווילע".

עס בענקט זיך צו די ליידן צו וועלכע מען איז שוין געווען צוגעווינט אין דער געטאָ; צום געלעגער, וואָס איז דאָרט געבליבן ליידיק נאָך איר אויפן „פונקט“. אַלץ וועט פּלוצלונג נאָענט, אַזוי שרעקלעך נאָענט...

וועווקע איז אַוודאי איצט אַרויפגעלאָפן אינעם „פונקט“ אַריין. ער דרייט זיך דאָרט אַוודאי צווישן די ליידיקע בעטן. וואָס קען ער איצט טון? אַרויסגיין בשעת דער „שפּער־שטונדע“ — איז פאַרבאָטן. מאָרגן, באַלד אינדערפרי, וועט ער מסתמא לויפן אינטערווענירן.

צי וועט עס אים דאָס מאָל ווידער געלונגען?

***

די מיידלעך זענען געוואָרן אויסגעשטעלט אין רייען. קודם־כל פירט מען זיי אַרויס פון דער געטאָ. מען פירט זיי צו די טראַמווייען, וואָס שטייען אויף דער אַרישער הויפּט־גאַס, וואַרטן, זיי אַוועקצופירן צום „דולאַג“ (דורכגאַנגס־לאַגער).

יענע מיידלעך, וועלכע זענען אַ מינוט פריער נאָך געווען ביי זיך זיכער, באַקומען איצט צעשראָקענע פּנימער. פון „דולאַג“ קומט מען זעלטן צוריק אַרויס. דאָרט איז די לעצטע גרענעץ צווישן געטאָ און אומבאַקאַנטן טויט.

אָן אַ שיעור מיידלעך, שורות צו זעקס אין דער ברייט, מאַרשירן אין מיטן דער נאַכט, אַרום זיי אַ קייט פון בלוי־ווייסע היטלען, באַגלייט פון געסטאַפּאָ־לייט מיט מאַשין־ביקסן אין די הענט, גרייט צו שיסן, אויב איינע פון זיי וועט מאַכן אַ שריט אויסער דער ריי. די לעצטע הייזער פון געטאָ קוקן מיט אויסגעלאָשענע פענצטער. הינטער די פענצטער באַהאַלטן זיך קעפּ פון נאָענטע. זיי האָבן מורא אַרויסצוקוקן בשעת מען פירט אַוועק זייערע שוועסטער, זייערע טעכטער.

די טראַמווייען וואַרטן שוין. פּוילישע קאָנדוקטאָרן שטייען גרייט ביי די מאָטאָרן. זיי קוקן אויס צו זיין גלייכגילטיק. זיי זענען שוין, ווייזט אויס, געוווינט צו אַזעלכע מיטנאַכטיקע נסיעות. זייערע פּנימער זענען טעמפּ און פאַרשלאָסן. שווער צו וויסן וואָס זיי טראַכטן. אפשר וווּנדערן זיי זיך ווי אַזוי אין דער ענגער געטאָ זאָל זיין פּלאַץ פאַר אַזויפיל מענטשן. זיי פירן די מענטשן טאָג און נאַכט צום „דולאַג“ און דאָרט, אין דער

יִדישער געטאָ, לאָזט זיך דאָס גאָרנישט אויס. און אפשר פאַרדריסט עס זיי: צוליב די פאַרשאָלטענע יִדן דאַרפן זיי איצט, אין מיטן דער נאַכט פירן די טראַמווייען. ווען נישט די יִדן וואָלטן זיי איצט געקענט רויִק שלאָפן אין זייערע היימען, צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער.

די טראַמווייען זענען אָנגעשטאָפּט מיט מיידלעך. איינע אַריינגעדריקט אין דער צווייטער. אוממעגלעך אַרויסצוציִען אַ האַנט. פון סופיט אַראָפּ שאָקלען זיך די „הענטלעך", ליידיקע, אַהער און אַהין, אַהער און אַהין. ביי די פאַררוקטע טירן היטן יִדישע מיליץ. זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צאָל „קעפּ". נאָך עטלעכע סטאַנציעס כאַפּן זיך אַרויף אויף די דרויסנדיקע פלאַטפאָרמעס, אַרבעטער פון דרייזערס שניידער־שאַפּ, וואָס פאָרן איצט צוריק פון דער ערשטער נאַכט־שיכט, און זיי קוקן דער־שראָקענע:

אַ מיידל־„אַקציע"!...

ווער ווייסט, צי אַהיימקומענדיק וועלן זיי נישט געוווּיר ווערן, אַז זייערס אַ שוועסטער געפינט זיך שוין אינעם „דולאַג". דאָס האַרץ וואַרפט זיך: פון איין זייט קען מען זיך נישט דערוואַרטן אויף דער מינוט שוין אַריינצוקומען אין שטוב, און פון דער צווייטער זייט וויל די שרעק צוריק־האַלטן דאָס אָנטרעפן זיך מיט דער טראַגעדיע פון דער אייגענער היים. מען האָט מורא צו זען מיט די אויגן דאָס בילד. די פּנימער פון די צו־זאַמענגעקוועטשטע מיידלעך אינעם אָפּגעשלאָסענעם טראַמוויי־וואַגאָן פאַר־שווינדן. די אויגן קוקן אויף די מיידלעך און זעען זיי נישט. פאַר די אויגן שוועבן די פּנימער פון אייגענע שוועסטער.

דורך די שויבן־טירן קוקן אַרויס די מיידלעך צו די יִדן, וועלכע פאָרן איצט אַהיים צו זייערע שטיבער. אַזוי קוקן פאַרמשפּטע צום הענגען אין דער געטאָ צו די אַרומשטייענדיקע יִדן, וואָס די געסטאַפּאָ האָט זיי באַפוילן קומען און צוצוקן זיך צו דער עקזעקוציע.

ביי דער פאַרמאַכטער טיר פון וואַגאָן שטייט דאָס „דרייצענטל" — אַ יִדישער אָרדנער פון האַמבורג. זיין בלויזער נאָמען האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אין דער געטאָ. דאָס „דרייצענטל"! ער טראָגט דעם לויף־נומער 13 אויף דעם בלוי־ווייסן היטל. ער איז אַ מיוחס אויף דער אָרדענונגס־דינסט. מען קען אים אינעם געסטאַפּאָ־הויז. אַלע ווייסן: אויב דאָס „דריי־

צענטל״ באַקומט אַ באַפעל צוצושטעלן אַ „קאַפּ״, וועט ער דאָס אויספירן מיט דייטשער פינקטלעכקייט. ער רעדט דייטש מיטן אַקצענט פון אַ געס־טאַפּאָוויעץ, און ער האָט הנאה דערפון. ער גופא איז אַ געוועזענער פּליט פון דייטשלאַנד. ער טראָגט געשוירן די האָר ווי אַן עכטער דייטש; אַ לעדערנע קורטקע, הויכע אָפיצירן־שטיוול, אַ רויט פּנים מיט פּאַרלאָפענע, רויט־אָדערדיקע אויגן פון שטענדיקער שיכרות. אויב דער יודענראַט זוכט אַזעלכע, וואָס זענען פאַרמשפט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ צו דער תליה, וועט זיי דאָס „דרייצענטל״ שוין געפינען, מעגן זיי זיך ווי גוט באַהאַלטן. איצט היט דאָס „דרייצענטל״ דעם פאַרמאַכטן וואַגאָן. ווייזט אויס, אַז געסטאַפּאָ היט אויף אַ ספּעציעל שטרענגן אופן דעם היינטיקן „טראַנספּאָרט״. אַ סימן — די שמירה איז געוואָרן איבערגעגעבן אין די הענט פון „דרייצענטל״ ער שטייט לעבן איינע פון די מיידלעך, נעמט זי אַרום, שטופּט זיין שיכורן רויטן פּנים צו איר און דריקט זיך צו איר. דאָס מיידל רייסט זיך אַוועק פון אים. זי וויל זיך אַריינשטופּן צווישן דער צוזאַמענגעקוועטשטער מאַסע אינעם וואַגאָן, נאָר זי קען נישט. זי קען אַפילו דאָס פּנים נישט אַוועקדרייען פון אים. און דאָס „דרייצענטל״ רעדט איר גלייך אין די צעשראָקענע אויגן אַריין מיט זיין עכטן דייטשן אַקצענט:

„פּאַס מאַל אַאוף!...״ ווען דו ווייסט וווהין מען פירט דיך, וואָלסטו דיר איצט נישט געריסן פון מיינע הענט!...

דאָס שיכורע פּנים פון „דרייצענטל״ צעלאַכט זיך. ער דריקט פעסטער דאָס מיידל צו זיך, בייגט זיך אַריבער איבער איר מיט זיין גוף און רעדט אין איר אַריין:

— דייטשע סאָלדאַטן וועלן דיך שוין לערנען ווי אַזוי אָפּצושטופּן אַרומאַרעמדיקע מענערישע הענט. „פּאַס מאַל אַאוף, מיין קעצכען!...״

די אַראָפּהענגענדיקע „הענטלעך״ פון טראַמוויי־סופיט האָבן זיך גע־וויגט, ליידיקע, הין און צוריק, הין און צוריק. דאַניעלאַ האָט זיך פאַר־שטעקט צווישן דער דריקנדיקער קערפּער־מאַסע פון די מיידלעך. דער טראַמוויי איז געפאָרן, נאָר זי האָט עס נישט געפילט. אין אירע שלייפן האָט עס געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער אָן אויפהער, און איינטאָניק:

„דייטשע סאָלדאַטן וועלן דיך שוין לערנען!...״

„דייטשע סאָלדאַטן וועלן דיך שוין לערנען!...״

## קאַפּיטל נײַנצן

# אַרבעטס־לאַגער

נאָכדעם ווי האַרי איז איבערגעשיקט געוואָרן פון לאַגער סאַקראַו צום לאַגער נידערוואַלדען, איז ער דאָרט פלוצלונג מגולגל געוואָרן אַלס „אַרצט".

אויף דעם פּאָן פון לאַגער האָט דער גאַנצער ענין „קראַנקען־שטובע" אויסגעזען ווי אַ קינדער־שפּילצייג אין דער האַנט פון אַ מטורף. דאָס שטיבל איז געווען קליין, ד' על ד', און איז לכתחילה נאָר געשאַפן געוואָרן ווי אַ קאַפּריז פון לאַגער־פירער, כדי ער זאָל זיך קענען באַרימען פאַר די קאַמעראַדן פון די אַנדערע אַרבעטס־לאַגערן — וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער אַרומיקער געגנט — אַז ביי אים אינעם לאַגער איז איינגעאָרדנט אַ קראַנקען־שטובע. דאָס איינציקע בעט וואָס איז דאָרט געשטאַנען איז געווען אַ קינדער־בעט. דער לאַגער־פירער האָט עס פון ערגעץ געשאַפן, ווייל עס איז געווען ווייס־לאַקירט. דער קאָליר איז אים געפעלן געוואָרן. עס מאַכט אַן איינדרוק. ממש ווי אין אַ שפּיטאָל. אַ קליין געגלאָזט שענקל מיט דריי פּאָליצעס, אויף וועלכע עס זענען געשטאַנען פלעשלעך. די הויפּט־זאַך: פלעשלעך! דער לאַגער־פירער האָט הנאה געהאַט אַז אַ סך פלעשלעך זאָלן דאָרט שטיין. נישט וויכטיק צי זיי זענען פול אָדער ליידיק. דער עיקר: די ווייסע, אַרויפגעקלעפּטע בלעטלעך מיט לאַטייניש שריפט.

אין האַריס אויגן האָט דאָס אַלץ אויסגעזען ווי איין חלום אין אַ צווייטן חלום.

דער גאַנצער אַרבעטס־לאַגער איז געווען ווי אַ קאָשמאַר־חלום. כאָטש די מענטשן, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען האָבן דאָס נישט געפילט. זיי האָבן דאָס נישט געקענט פילן. זיי האָבן זיך באַוועגט סיי אויפן שטח פון לאַגער, סיי אויף דער בוי־שטעלע, סיי ביי זייער אַרויסמאַרש פאַר־טאָג און סיי ביי זייער צוריקקומען אינאָוונט, ווי מענטשן פון וועלכע מען האָט אַרויסגעצויגן, נישט ווילנדיק וועגן און ווי אַזוי, דעם לעצטן ווילן פון די אָדערן. זיי האָבן זיך באַוועגט ווי אויסגעליידיקטע; ווי הוילע כלים אויף דער אויבערפלאַך פון אַ וואַסער. זיי זענען געגאַנגען ווו מען האָט זיי געהייסן, און געשטעלט זיך ווו מען האָט זיי באַפוילן. זיי זענען געווען ווי טויטע וואַגאָנעס וואָס לויפן אויף רעלצן, כאָטש דער לאָקאָמאָטיוו איז שוין פון זיי אָפּגעטשעפּעט. ביז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, פאַרמאַכט די אויגן, וועלכע האָבן פריִער אויך גאָרנישט געזען, געקוקט בלויז אויף אַלץ אַרום זיך מיט דער שיין פון טויט־גלאָז.

אַלס אַרצט, וועלכער האָט זיך געפונען אין ספּעציעלע גוטע באַ־דינגונגען, איז נאָך האַרי יאָ אימשטאַנד געווען צו זען דעם קאָשמאַר אַרום זיך און אים צו פילן. נאָר באַטראַכטנדיק זיך גופא אין דער קראַנ־קען־שטובע, און באַטראַכטנדיק אַלץ צוזאַמען אויפן פּאָן פון אַלגע־מיינעם אַרבעטס־לאַגער — האָט עס אויסגעקוקט אין זיינע אויגן ווי אַ טאָפּלט־חלום.

ווי ער וואָלט אין חלום געזען אַ חלום.

דער גורל האָט דווקא אים אויסגעקליבן. דאָס איז מאָדנע. ער גע־דענקט נישט, אַז ער זאָל זיך אַמאָל האָבן געשטופּט מען זאָל אים אַרויסזען; ער זאָל זיין פון אויבן; בולט. נישט אין חלום און נישט אויף דער וואָר. ער געדענקט נישט אַז ער זאָל אַזעלכעס האָבן אַמאָל געטון. זיין פריינט, דער מאָלער העברי באַום, האָט צו אים אַמאָל געזאָגט: „האַרי, דו האָסט נישט קיין „עלנבויגנס״; אָבער נישקשה, דו האָסט פליגלען, און מיט זיי דערגייסטו ווייטער ווי יענע, וועלכע שטופּן זיך מיט די עלנבויגנס״. מאָדנע, ווי דאָס זעלבע האָט מיט אים פּאַסירט אַפילו דאָ, אין אַ צווייטער וועלט, אינעם דייטשן לאַגער. אמת, ער האָט פאַרן קריג אָנגעהויבן צו לערנען מעדיצין, דער באַרוף איז אים געפעלן; אָבער דאָ, אינעם לאַגער, זענען מסתמא פאַראַן אַ סך אַזעלכע ווי ער. און מעגלעך אַפילו אויסגע־

שולטע דאָקטוירים. פונדעסטוועגן שפּייען זיי אויס זייערע פאַרפּייניקטע נשמות אויף דער בוי־שטעלע.

באַלד אינעם ערשטן טאָג, ווען ער איז נאָר אָנגעקומען אַהער, נאָכן צוריקמאַרש פון דער בוי־שטעלע, האָט דער לאַגער־פירער אים אַרויס־געררופן פון דער ריי, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס, און באַלד אים טיטולירט מיטן נייעם נאָמען: „אַרצט".

— אַרצט! מיר וועלן שאַפן אין אונדזער לאַגער אַ קראַנקען־שטובע...

נו, וואָס, האָט ער אפשר געקענט זיך אָפּרופן מיט אַ וואָרט און פּרווון זאָגן אַנדערש? ערשטנס האָט ער צוריקגייענדיק אויפן וועג פון דער בוי־שטעלע געוווּסט אויף קלאָר, אַז נאָך אַ פּאָר טעג אַזעלכע ווערט מען אים אַהיים שלעפּן אינעם לאַגער אַריין צווישן די טויטע. צווייטנס האָט זיך צום טאָן פון לאַגער־פירערס אַרויסגעזאָגטע ווערטער נישט גע־פּאַסט קיין שום באַמערקונג פון זיין זייט, וואָס קען דעם לאַגער־פירער אַנטוישן. אַזאַ זאַך וואָלט געהייסן ברענגען אויף זיך אַ באַלדיקן טויט־אורטייל דורך שמיץ.

און לעבן האָט ער געוואָלט.

אייך גאָט ווייסט, אַז ער שעמט זיך צו קוקן די מענטשן אינעם פּנים אַריין. עס איז אים שווער זיך צו באַגעגענען מיט זייערע בליקן בשעת זיי מאַרשירן אַרויס אינדערפרי צו דער אַרבעט, און אינאָוונט, ווען זיי קומען צוריק. זיי מאַרשירן אינדערפרי נאָכן „אַפּעל"*) אַרויס צו דער בוי־שטעלע — דער מאַרש צום טויט — און ער גייט צוריק אַריין אין זיין שפּילצייג־שטיבל. אינאָוונט קומען זיי צוריק, שלעפּן אויף די אַקסלען די פרישע טויטע, זיי שטעלן זיך אַוועק אויפן פּלאַץ צום „אַפּעל", און ער קומט אַרויס פון דער קראַנקען־שטובע און שטעלט זיך אויך אַוועק צום אַפּעל. פון זייערע אָפּגעריסענע מלבושים־שמאַטעס אָטעמט די בוי־שטעלע ווי ציין־סימנים פון אַ חיה אויפן צעריסענעם בגד פון אַ פאַר־צוקטן מענטש.

אייך גאָט ווייסט, אַז ער שעמט זיך פאַר זיי. ער ווייסט אַז ער איז מיט גאָרנישט בעסער פון זיי. ער האָט דאָס נישט פאַרדינט, ווייל צוליב

*) אַפּעל — ציילונגס־קאָנטראָל.

וועלכן זכות זיצט ער אַ גאַנצן טאָג אינעם לאַגער, טוט גאָרנישט. מיט וואָס איז ער אַנדערש פון זיי? בעצם דאַרפֿן זיי אויף אים קוקן מיט שנאה, מיט עקל. נאָר עס איז נישט אַזוי. פֿאַרקערט, זיי קוקן אויף אים מיט בליקן פון געשלאָגענע הינט, מיט דרך־ארץ: דער אַרצט! זיי שטייען אין דער ריי צו מיטאָג און זעען ווי ער גייט צוריק, דער ערשטער, מיט צוויי פולע פֿאָרציעס זופּ, און זייער דרך־ארץ וואַקסט נאָך גרעסער. עס איז אַ פֿאַרשטענדלעכע זאַך. דער אַרצט דאַרף נישט שטיין מיט אַלעמען אין דער ריי. דער אַרצט איז אַ מיוחס. דער אַרצט האָט אַ באַזונדער שטיבל, קריגט נישט געשלאָגן, גייט נישט אַרויס אויף דער בוי־שטעלע, ער קוקט נישט אויס אַזוי אָפּגעריסן ווי זיי און איז נישט וואָכעדיק אַזוי ווי זיי.

פֿאַרבייגייענדיק מיט די צוויי פֿאָרציעס זופּ אין די הענט, ריזיקירט עמעצער פון דער ריי־אַרויס אַ פרעג צו טון:

— אַרצט! ווען וועט מען קענען אַריינקומען מאַכן אַ באַנדאַזש אויפֿן פוס?

— ווען נאָר דו וועסט וועלן — ענטפערט האַרי.

די אויגן ביים פרעגער לייכטן אויף. ער איז צופרידן. ער האָט נישט באַקומען אַ זעץ איבערן קאָפּ, אָנשטאָט אַן ענטפער. ביים יודען־עלטסטן אָדער ביים קאַפּאָ, קען מען קיינמאָל נישט וויסן צי אָנשטאָט אַן ענטפער אויף אַ פראַגע וועט נישט קומען אַן אויסגעהאַקטער צאָן אין מויל, אָדער מיט אַ שפּיץ פון שטיוול צווישן די פיס. דאַקעגן מיטן אַרצט קען מען רעדן. דער פרעגער איז צופרידן. ער פילט זיך דערהויבן. זיין פנים לייטערט זיך אויס. ערשטנס, ווייל ער שטייט אין דער ריי צו נעמען די זופּ — דער חלום פון פֿאַרגאַנגענעם מעת־לעת וועט באַלד ווערן אַווירקלעכקייט. צווייטנס, האָט ער נאָר וואָס גערעדט מיט אַ פראָמינענטע פערזענלעכקייט פון לאַגער, און דווקא מיט הצלחה. ס'מזל האָט צו אים פון תהום אַ שמייכל געטון. און ער איז צופרידן.

מאָדנע. דער גורל האָט אים אויסגעקליבן פון אַלע אַנדערע ער זאָל ווייטער קענען לעבן אַפילו אינעם לאַגער. אפשר האָט זיין אויסערלעכער אויסזען אויך צוגעהאָלפן דערצו. דער לאַגער־פירער שוינט אים און פוצט אים ווי ער וואָלט געווען אַ חפץ, וואָס געהערט צו דער קראַנקען־שטובע.

ער האָט אים אַריינגעבראַכט אַ ווייסן מאַנטל פון וואַש־זײַדענעם לינען־געוועב, צוגענומען, מסתמא, פון עמעצן בשעתן אָנקומען:

„אַרצט! מאַך דיר דערפון אַ ווייסן קיטל, מען זאָל זען, אַז אינעם לאַגער איז פאַראַן אַן אַרצט".

אַ צווייט מאָל האָט דער לאַגער־פירער אים אַריינגעבראַכט אַ שטיק רויטע באַנד:

„אַרצט! ניי דערפון צו אויפן אַרבל אַ רויטן־קרייץ. גרויס זאָל ער זיין, מען זאָל אים גוט אָנזען".

בשעת די „אַפּעלן" שטייט ער נישט צווישן אַלע, נאָר אָפּגעזונדערט. דער יודען־עלטסטער שטייט צווישן אַלע אין דער שורה, די „פאָר־אַר־בעטער" שטייען צווישן אַלע. נאָר דער אַרצט, אינעם ווייסן קיטל מיטן גרויסן רויטן קרייץ אויפן אַרבל, שטייט באַזונדער. דער גרעסטער מיוחס אינעם אַרבעטס־לאַגער. אַלע מאַרשירן אַרויס צו דער אַרבעט, אַ סך פון זיי וועט מען שוין אינאָוונט צוריקברענגען טויטע, ביים אָוונט־„אַפּעל" וועלן אַ סך פון זיי שוין ליגן באַזונדער אויסגעלייגט ביים אָנהייב פון דער ערשטער שורה, מען וועט ציילן די לעבעדיקע, מען וועט צורעכע־נען די אויסגעלייגטע פּגרים אויף דער ערד. די צאָל שטימט. אַלץ אין אָרדענונג.

אַלע מאַרשירן אַרויס צו דער אַרבעט, און ער גייט צוריק אַריין אינעם בלאָק צו זיין קראַנקען־שטובע. דער גורל האָט געוואָלט אַז ער, האַרי, זאָל זיין דער אויסדערוויילטער.

אינעם מעדיקאַמענטן־שאַפּקעלע שטייען אויסגעשטעלט, אין גלייכע שורות, די פלעשלעך. נאָר אויפן טישל שטייען אויך — פלעשלעך. אַזוי איז שענער. עס מאַכט אַ גרעסערן איינדרוק. אויפן טישל ליגט אַ גלאָז אויף דעם גלאָז שטייען פאַרשיידענע סלאָיִקלעך מיט שמירעכץ. צווישן די אָנגעקומענע טראַנספּאָרטן צום לאַגער געפינען זיך אַזעלכע, וועלכע האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פאַרשיידענע מעדיקאַמענטן. הענט פון מאַמעס האָבן אַריינגעפּאַקט צוזאַמען מיט טרערן; איינגעוויקלט זיי אין שטיקלעך ווייסן לייוונט, און מיטגעגעבן זייערע קינדער אינעם דייטשן אַרבעטס־לאַגער אַריין: עס קען צופעליק קומען ביים צעקאַליעטשען זיך, חלילה, אַ פינגער בשעת דער אַרבעט.

## ק. צעטניק

נאָך יעדן אָנגעקומענעם „טראַנספּאָרט״ קומט דער לאַגער־פירער אַריין אין דער קראַנקען־שטובע מיט אַ פריילעכער בשורה:

— אַרצט! אַ שאַץ פאַר דער קראַנקען־שטובע. קום און נעם.

אין אַ ווינקל פון רעוויזיע־בלאָק ליגט אָוועקגעלייגט באַזונדער אין אַ זייט: פעקלעך באַנדאַזשן, גאַזע, וואַטע, פלעשלעך יאָד, וואַלעריאַן, שאַכטלען איכטיאָל, באָר, צינק, קאַלציום, טאַבלעטן צו קאָפּ־ווייטיק, צו עצירות, צו שלשול — אַ שאַץ פאַר דער קראַנקען־שטובע.

העכער טויזנט מענטשלעכע גופים, ווי אויסגעשטאָפּטע ליאַלקעס, וואָס דו ווייסט נישט וואָס אינעווייניק אין זיי געפינט זיך, און דו קענסט נישט, בשום אופן, געוווירע ווערן, וואָס אַזעלכעס אינעווייניק אין זיי באַוועגט זיך נאָך; מיט איין איינציקן ווילן בלויז — צו עסן; מיט גאַנגרענעס אויף די צעריסענע לייבער אַזוי גרויס ווי די אברים, אַזוי גרויס ווי דער בויך, ווי די פּלייצע, גאַנגרענעס — צו וועלכע זיי האָבן זיך שוין צוגעוווינט, ווי מען געוווינט זיך צו צו לאַק אויף מאַניקירטע נעגל. איבער נאַכט ווערן זיי געשוואָלן ווי פעסער. אַ נייע צרה: אינדערפרי קענען זיי נישט אַרויפציִען די הויזן אויף די גופים, מאַרשירן אַרויס אויף דער בוי־שטעלע באַקעטע, מיט אַרומגעבונדענע מאַרינאַרקעס אויפן אָרט פון דער שאַנדע. דער געשוואָלענער גוף גלאַנצט אַנטקעגן הימל ווי אַן אָנגעבלאָזענער קינדער־באַלאָן. דער עיקר: די שאַנדע איז צוגעדעקט.

— טאַהיטי־קאַלאָנע!... — שמייכלען די דייטשן.

— טאַרזאַנס, מאַרש!...

און די „באַלאָנען״ מאַרשירן אַרויס צו דער אַרבעט.

איבער נאַכט ווערן זיי פּלוצלונג צוריק דאַר, ווי לאַנגע, אָנגעשיילטע ביינער. דו ווייסט נישט ווי אַזוי און ווען דאָס ווונדער האָט פּאַסירט. דו דערקענסט זיי נישט מער, אַזוי ווי דו האָסט זיי נישט דערקענט ווען זיי זענען געשוואָלן געוואָרן. דאָס מענטשלעכע געשטאַלט זייערס איז פון לאַנג שוין אָפּגעריבן, ווי מיט אַ הובל אָפּגעהובלעוועט. אַפילו סימנים פון זייער גוף דערקענסטו אויך שוין נישט מער.

— אַרצט! אַ שאַץ פאַר דער קראַנקען־שטובע. קום און נעם.

## קאַפּיטל צוואַנציק

# א טרער!...

אויפֿן גלאָז פֿון ווייס־לאַקירטן טישל אין דער קראַנקען־שטובע קומען צו נאָך שפּילצייג: גלאַנציקע, דייטשע אַלומיניום־שאַכטלעך, שיינע מעדי־קאַמענטן־פֿלעשלעך, רעדעלעך לייקאָ־פּלאַסטער. די ליידיקע שאַכטלעך טאָר מען נישט אַוועקוואַרפֿן. דער אַרצט וואָלט געווען אַ מתחייב־בנפֿשו אין די אויגן פֿון לאַגער־פֿירער.

אַ רעגיסטער הענגט אויף דער וואַנט. מיט דייטשער פּינקטלעכקייט איז דאָרט פֿאַרשריבן יעדעס צוגעקומענע שאַכטל. אַלץ דאַרף ליגן גלייך אויסגעסדרט אין שורות, גרויס צו גרויס, קליין צו קליין, לויט דער הויך און לויט דער לענג: סדר! אָרדענונג! עס זאָל מאַכן אַן איינדרוק!

די שטאָל־גלאַנציקע אָפּעראַציע־אינסטרומענטן זענען דער ליבלינג פֿון לאַגער־פֿירער. ער האָט זיי באַקומען צוגעשיקט פֿון דער הויפּט־דינסט־שטעלע — אַ מתּנה פֿאַר דער קראַנקען־שטובע. זיי דאַרפֿן ליגן אויפֿן גלאָז פֿון טישל, אויסגעלייגט מיט גענויער פּינקטלעכקייט אין אַ גלייכער ריי לויט זייער גרויס: די קלעם־צוועגנגלעך, פּינצעטן און וויוויסעקציע־מעסערלעך.

ווען עס איז מעגלעך כאָטש איינעם פֿון די מענטשן איבערצולאָזן בלויז איין איינציקן טאָג אין דער קראַנקען־שטובע, ער זאָל זיך אויסרוען — פֿאַרשטייט זיך, נישט חלילה אינעם בעטל... אַלע ווייסן אַז דאָס בעטל שטייט אין דער קראַנקען־שטובע בלויז צוליב פּאַראַד. מען טאָר עס נישט

אָנרירן — נאָר כאָטש אויף דער ערד, ווען מען לאָזט אַזאַ איינעם ליגן אַ טאָג, וואָלט עס פּאַר אים געווען די בעסטע רפואה. נאָר אינעם לאַגער טאָרן נישט זיין קיין קראַנקע. צוליב דעם האָט דער לאַגער־פירער איינגע־אָרדנט אַ קראַנקען־שטובע, אַז אַלע זאָלן זיין געזונט.

אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, שטעלט זיך אַוועק אַ ריי ביי דער קראַנ־קען־שטובע. יענע וועלכע פילן נאָך דעם ברענענדיקן הונגער איבערן גאַנצן לייב און לעבן, שטעלן זיך נאָך אויך אַוועק אין דער ריי צום „אַרצט", נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין אַריינגעשלונגען די וואַסערדיקע זופּ און אויסגעלעקט דאָס בלעך פון דער שיסל פון דרויסן און פון אינע־ווייניק. נאָר יענע וועלכע נעמען שוין די זופּ בלויז פון געוווינהייט, יענע שטעלן זיך נישט מער אין דער ריי, מעג דאָס לייב זיין צעריסן ווי אַן אויסגעריבענער פּאָדלאָגע־לאַפּן. עס בלוטיקט סיי ווי נישט. זיי קריכן אַרויף אויף זייערע נאַרעס און וואַרטן ביז זיי וועלן ווידער הערן דעם אויפוועק־קונגס־גאָנג, און זיי וועלן ווידער אַרויסמאַרשירן צו דער בוי־שטעלע. זיי ווייסן אַפילו נישט אויב אינצווישן איז אַדורך די נאַכט, און זיי שפּירן נישט צי זיי זענען יאָ געשלאָפן אָדער נישט געשלאָפן. עס איז אַ המשך אַזעלכער, וואָס מען געדענקט נישט זיין אָנהייב און מען ווייסט נישט, צי עס איז דערצו פאַראַן אַ סוף. עס איז די מוזלמאַנישע פאַזע*), אין וועלכער מען נעמט נישט אויף ·זאַכן מיטן מוח נאָר מיטן גלאָז־אָפּשיין פון די אויגן.

אויגן, וואָס די שקיעה פון אייגענעם לעבן שפּיגלט זיך אין זיי בלויז צוריק פונדערווייטנס.

אָפּטמאָל, בשעת עס דערהערט זיך דער לעצטער גאָנג צום שלאָפן גיין, קריכן זיי צוריק אַראָפּ פון די נאַרעס, גייען אַרויס פון בלאָק, שטעלן זיך אַוועק אויפן „אַפּעל"־פּלאַץ אונטערן פינצטערן הימל, אין גלייכע, פּינקטלעך־אויסגעסדרטע שורות. זיי מיינען, אַז מען האָט שוין געקלאַפּט אינעם גאָנג צום פרימאָרגן־„אַפּעל", און זיי זענען שוין גרייט אַרויסצו־מאַרשירן צו דער אַרבעט. מען דאַרף זיי צוריק אַריינטרייבן אויף די נאַ־רעס אַרויף, און זיי פאַרשטייען נישט: וואָס פאַר אַ שינוי האָט פּאַסירט?

*) מוזלמאַן — מענטשן אין די דייטשע לאַגערן, וואָס דער וואָג פון זייער קערפּער איז ווי דער וואָג פון זייערע ביינער.

זיי אונטערשיידן נישט מער צווישן דער פינצטערניש פון דער נאַכט און דעם ליכט פון טאָג. זייערע פאַרקאַלכטע געהירן האָבן דאָך בפירוש גע־הערט דאָס קלאַפּן אינעם גאַנג, און זיי פאַרשטייען נישט, פאַרוואָס מאַר־שירט מען נישט אַרויס צו דער אַרבעט?

אין אָוונט איז די קראַנקען־שטובע פול מיט נאַקעטע פיס און הענט. פאַרשיידנאַרטיקע פיס. ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען פון בלויז פיס, קיין גופים זעט מען נישט. בלויז אַרויסגעוואָקסענע אברים. אָפּטמאָל טרעפט, אַז אין קראַנקען־שטובע גלאַנצן אויף אַ פּאָר אויגן. די אויגן האָבן דער־זען אויפן טישל דאָס געעפנטע שאַכטל ווייסן זאַלב. די זאַלב דערמאָנט: מאַרגאַרין, אָדער קעז. די אויגן ווילן דאָס איינשלינגען; איינבייסן זיך מיט די אַרויסגעשטעקטע, נאַקעטע ציין, וועלכע וואַקסן אַרויס גלייך פון די מויל־ביינער, אָן יאַסלע־פלייש. מען דאַרף אַוועקרוקן דאָס שאַכטל טי־פער אויפן טיש.

האַרי וויקלט אויף דעם באַנדאַזש פון אַ געשוואָלענעם פוס. די מכה ליגט אויסגעשפּרייט ווי אַ גרויסער ראָד איבער דער גאַנצער ברייט פון פוס. עס שטינקט פון פאַרפוילטן פלייש. עס היצט מיט אַ פּאַרע ווי פון אַ קופּע מיסט, בשעת מען הייבט אויף, נאָך אַ לאַנגער צייט, אַן אויבערשטן שיכט. דאָס פלייש איז ברוין ווי עס וואָלט זיך געבראָטן. עס איז גע־בלעזלט און געלעכערט ווי אַ גומי־שוואָם. נאָר אַ גומי־שוואָם איז ווייך און דאָ איז דאָס פוילעכץ האַרט ווי קיזל־שטיין. וואָס זאָל ער טון? דער געפּלאָכטענער פּאַפּיר־קויש איז שוין ווידער פול מיט אָט אַזעלכע שטיקער אויסגעשניטענע פוילעכצער. מערסטנטייל געלונגט דאָס. על־פּי־רוב ביי פינגער. עס הייבט זיך אָן ביי אַ פאַרפוילטן נאָגל, עס טראָגט זיך דערנאָך איבער צו דער דלאָניע אָדער צום שכנותדיקן פינגער, שניידט ער אַראָפּ דעם פאַרפוילטן פינגער און נאָך אַ פּאָר טעג איז די האַנט פאַרהיילט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויב דער העפטלינג שטאַרבט נישט פריער פון אַ באַקומענעם זעץ פון אַ קאַפּאָ אויף דער בוי־שטעלע, אָדער פון יודען־עלטסטן אין לאַגער.

זיי שרייען נישט, ער שניידט די שטיקער פלייש ווי מען שניידט אַריין מיט אַ שפּיץ־מעסער אין אַ פאַרפוילטער פרוכט ביז צו די קערנער. ער שאָבט טיפער, טיפער. ווען וועט דאָס זיך פאַרענדיקן? עס נעמט נישט

קיין סוף. וואָס געפינט זיך דאָרט הינטער דעם אויפגעשוואָלענעם פוי־לעכץ? צי איז דאָרט לגמרי נישט פֿאַראַן קיין ביין? ווו געפינט זיך דאָס לעבן אין אַ מענטשן?...

אָט זיצט אַ מענטש אויסגעבויגן אויף דער שטול, מיט אַן אַרויפגעצ־הויבענעם פוס אויף האַריס קני׳ען, דאָס מעסער קריכט טיפער און טיפער, און יענער זיצט דאָרט אויף דער שטול ווי דער פוס וואָלט נישט געהערט צו אים. אָבער מאָרגן וועט ער דאָך פאָרט מיט אָט דעם פוס אַרויסגיין אויף דער בוי־שטעלע? דער זעלבער פוס וועט אים דאָך באַלד צוריק אַרויספירן אויף זיין נאַרע. צי לעבט דאָס דאָזיקע פלייש אָדער נישט? אויב נישט, ווו באַהאַלט זיך דאָס לעבן אין אַזאַ מענטשן?

אַנומלט זעצט זיך אַוועק אויף דער שטול, אַנטקעגנאיבער, איינער.

— ווו טוט דיר וויי?

ער איז נישט געשוואָלן. בלויז אויסגעטרוקנטע ביינער מיט אַ דין געלבלעכער הויט איבערגעצויגן. ער האָט נישט קיין ווונדן אויפן לייב, דאָס מויל איז אָפן, ער וויל רעדן, נאָר ער געפינט נישט דאָס אייגענע קול. ווי אַ פלוצלינג בלינד־געוואָרענער וואָס טאַפּט מיט די הענט, אַזוי זוכט ער דאָס אייגענע קול און טרעפט דערלעבן. סוף־סוף ווייזט ער אָן מיט אַ פינגער:

די וו׳עס פון די אויגן טוען אים וויי...

אין סאַקראַו, אָדער אין אַן אַנדערן לאַגער, וואָלט אַזאַ איינער באַלד געקראָגן אַ „קלונג" איבערן אויסגעהוילטן שיידל־קאָפּ און אַ קאָפּע אַרויס פון דער קראַנקען־שטובע, אַז ער וואָלט זיך געקוילערט ביז צו דער שמעכל־דראָט. ווועמען איז ער דאָ געקומען פאַרדרייען אַ ספּאָדעק? די צייט איז קורץ, עס איז פאַראַן לעצטן גאַנג צום שלאָפן גיין; אינדרויסן שטייט נאָך אַ לאַנגע רייע קראַנקע, און דאָ — אַן אָנשיקעניש: די וו׳עס טוען אים וויי!...

ער זיצט און פּישטשעט דורכן מויל ווי אַ פייגעלע. זיינע שוואַרץ־אַפּלען זענען גרויס, פילן אויס די אויפגעריסענע אויגן, און גלאַנצן.

וואָס טוט מען מיט אים?...

די אָפּעראַציע־מעסערלעך ליגן אויפן טיש. — נישטאָ גאָרנישט ביי אים צו שניידן. די זאַלבן־שאַכטלעך שטייען גרייט — נישטאָ ביי אים קיין

איין מכה אויף אַ רפואה, ווו מען זאָל קענען שמירן, כאָטש גיי און טראַכט צו עפּעס אַ קרענק פאַר אים. ער פּישטשעט דורכן מויל און עס קוקט אויס ווי נישט דאָס אָפּן־שטייענדיקע מויל וואָלט דאָס געטון, נאָר ווי די גרויסע שוואַרצאַפּלען וואָלטן זיך אַזוי געבעטן. פריִער איז ער געווען שטיל. צוויי שעה איז ער געשטאַנען אינדרויסן אין דער ריי און מען האָט אים נישט געהערט. נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך נאָר אָוועקגעזעצט אויפן בענקל לעבן „אַרצט", האָט ער גענומען זיך טרייסלען ווי אַ פאַר־סמטער, קוים מען פאַרשטייט אים, קוים ער פּישטשעט אַרויס: מען זאָל אים העלפן, ער זאָל קענען אַרויסווייגען פון די אויגן כאָטש איין טרער, וועט אים באַלד בעסער ווערן! ער ווייסט דאָס. ער פילט דאָס. דער אַרצט זאָל אים בלויז העלפן אַרויסקריגן די טרער...

זיינע קאָנוואָלסיעס שטילן זיך איין. זיינע שוואַרצאַפּלען לעשן זיך איינציקווייז אויס. ער בלייבט זיצן אויפן בענקל רויִק, שטיל, ווי אַן אויס־געלאָשענער. די לעפּלעך אַרום די אויגן זענען געל און אויסגעטרוקנט, ווי פאַרברענטע ערד.

אָט איז דאָס לעבן! אָט איז עס! עס שטייט ביים אַרויסגאַנג פון זיין גוף ווי אַ פויגל אויף דער שוועל פון אַ חרובן נעסט. וועלכער בלינדער וואָלט נישט איצט באַשיינפּערלעך געקענט זען ווי עס קוקט אויס דאָס ריינע, נאַקעטע לעבן פון אַ מענטשן? אָט שטייט עס איצט פונדרויסן, אויף דער שוועל פון דער חרובער דירה, ווי עס וואָלט אַ לעצט מאָל נאָך גע־וואָלט אַ קוק טון צום אָרט וועלכן עס פאַרלאָזט. ווער ווייסט וויפל יאָר עס האָט דאָרט געוווינט; וויפל שיינע, זוניקע טעג עס האָט דאָרט געהאַט; וויפל פרייד און לייד; און וויפל מאָל אין צייטן פון שווערע ליידן עס איז פאָרט געבליבן געטריי אָט די דאָזיקע פיר ווענט פון דער נעסט און נישט געוואָלט זיך, בשום אופן, מיט זיי צעשיידן. איצט ליגט דער גוף — אַן אויסגעלאָשענע חורבה. דאָס לעבן גייט אַוועק. עס פאַרלאָזט דאָס אָרט ווי אַ פאַרשעמטע, אַרויסגעטריבענע כלה. — — —

ער איז געקומען אין דער קראַנקען־שטובע אַריין. ער איז צוויי שעה געשטאַנען אין דער ריי. עס האָט אים נישט געלאָזט רוען: דער אַרצט זאָל אים העלפן, ער זאָל קענען וויינען.

ווער וועט אַמאָל וויסן ווי גרויס עס איז געווען דער ווייטיק פון זיינע אויסגעטרוקנטע ווי׳עס?

ער האָט דערשפירט די אָנקומענדיקע מינוט: ער קען מער נישט האַלטן די ווייסע, אומשולדיקע כלה אין זיין חרובן גוף. זי פאַרלאָזט אים. פאַר דער צעשיידונג איז ער שנעל געקומען צולויפן אין דער קראַנקען־שטובע, מען זאָל אים העלפן אַרויסקריגן אַ טרער פון זיינע אויגן. ער האָט די טרער געוואָלט שענקען דעם אַוועקגייענדיקן לעבן ווי ווייסע רויזן פאַר איר געזעגענונג.

פון וואַנען נעמט מען אָבער, אינעם דייטשן אַרבעטס־לאַגער, אין דער לעצטער מינוט, אַ טרער?! בשעת די ביינער זענען אויסגעטרוקנט, די בלוט־געפעסן ליידיק. אַ טרער! אין דער לעצטער מינוט וויל ער — אַ טרער!... ווער קען אים איצט שאַפן אַ טרער?!

היפּאָקראַטעס אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אוניווערזום! פאַרשרייב פאַר דעם קראַנקן אַ רפואה. זי וועט נאָך זיין נויטיק...

— שטובען־דינסט! טראָגט אַרויס דעם טויטן הינטערן בלאָק! און פאַרגעסט נישט באַלד מעלדן דעם יודען־עלטסטן. מאָרגן ביים „אַפּעל״ דאַרף די צאָל שטימען!

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# אַ פּענצטערל...

אויסערלעך קוקט דער לאַגער נידערוואַלדען אויס אַנדערש פון דער גרויסער צאָל אַרבעטס־לאַגערן, וועלכע געפינען זיך אין דער זעלבער געגנט. אַנדערע לאַגערן זענען על־פּי־רוב פאַרשטעקטע אין אַ וואַלד, אין ספּעציעלע הילצערנע בלאָקן, אויפגעשטעלט צו דעם צוועק, אַרומגעצוימט מיט עלעקטריע־געלאָדענע שטעכל־דראָט; די דייטשן וווינען פון דרויסן און היטן דעם פאַרמאַכטן לאַגער. דאַקעגן דער לאַגער אין נידערוואַלדען געפינט זיך צווישן אַ גרופּע געמויערטע הייזער, ביים סוף פון אַ דייטשן דאָרף, אין אַ ריזיק־גרויסן בלאָק, וואָס איז וואַרשיינלעך פריִער געווען אַ פייערלעשער־זאַל, אָדער אַ קינאָ־זאַל, אָדער גאָר ביידע צוזאַמען, ווייל עס איז נאָך צו באַמערקן, ביים סוף פון זאַל, דאָס אָרט פון דער בינע. פון ביידע זייטן בינע זענען פאַראַן צוויי קליינע שטיבלעך. איצט איז דאָרט: אויף איין זייט — די קראַנקען־שטובע, און אויף דער צווייטער זייט — די דינסט־שטובע פון יודען־עלטסטן.

דער ריזיק־גרויסער בלאָק איז טונקל און אָנגעשטעלט פון עק ביז עק מיט דריי־שטאָקיקע הילצערנע נאַרעס, איינע אויף דער אַנדערער. אויף די נאַרעס שלאָפן און וווינען די ייִדן. ביים אַנדערן עק פון בלאָק געפינט זיך די קיך פונוואַנען עס ווערן, דורך אַ פענצטער, אַרויסגעגעבן די זופּן און ברויט־פּאָרציעס. אין דער קיך טאָר דער פוס פון אַ ייִדן נישט אַריינטרעטן, ווייל פון דער צווייטער זייט, גרענעצט זיך די קיך מיט די הויז־טרעפּן, וואָס פירן צו די שטיבער, ווו עס וווינען די דייטשן. דער בלאָק

און דער „אַפּעל״־פּלאַץ זענען ארומגעצוימט מיט שטעכל־דראָט און וואַך־טורעמס. בלויז די זייט, וואָס פירט צום דאָרף איז פאַרשטעלט מיט אַ הויכער מויער, איבערגעצויגן מיט אַן אָדערן־נעץ פון שטעכל־דראָט. פונדערווייטנס קוקט עס אויס ווי אַרויסגעצויגענע פלאַנצן־אָדערן, האַרבסט־צייט, אויף דער וואַנט פון אַ ווילע.

בייטאָג, ווען אַלע זענען אויף דער בוי־שטעלע, דרייט זיך האַרי, אייגער אַליין, צווישן די נאַרעס פון טונקעלן בלאָק. מיט וואָס קען ער זיי העלפן? ער ווייסט זייער טעם, כאָטש ער איז נאָר איין טאָג געווען אויף דער בוי־שטעלע. ער געדענקט אָבער נאָך גוט די בוי־שטעלע פון לאַגער אין סאַקראַו, ווו ער האָט געאַרבעט. ער האָט אויך נישט פאַרגעסן בשעת ער איז דאָרט געשטאַנען אין דער ריי צו דער קראַנקען־שטובע, געבעטן זיך מען זאָל אים פאַרבינדן די אייטערדיקע לעכער אויף די דלאָניעס פון זיינע הענט, אָט די דלאָניעס, אין וועלכע ער דאַרף האַלטן אַ שווערן קילאָף און האַקן מיט אים אַ גאַנצן טאָג, אָן אָפּרו, אין אַ שטיינערנעם באַרג.

— פאַרשווינד! נישטאָ קיין באַנדאַזשן פאַר אַזעלכע קליינע לעכלעך! הורן־זון, ווער אַ ווינט! — האָט מעלצער, דער סאַניטאַר פון סאַקראַוער לאַגער, צו אים געשריגן.

ווען ער אַנטלויפט נישט באַלד, וואָלט ער געשפּירט מעלצערס שטיוול צווישן די פיס. אַ נס איז אים דעמאָלט געשען.

פריִער פלעגט האַרי בייטאָג זיך דרייען אינעם בלאָק צווישן די געלעגערס און אויפרודערן דאָס שטרוי אויף די נאַרעס, עס זאָל זיי ווייכער זיין ביינאַכט צום שלאָפן. וואָס קען ער דען מער פאַר זיי טון? אין וואַלעריאַן־פלעשל איז מער נישט פאַראַן אַפילו קיין איין טראָפּן. די זאַלבן האָבן זיך אויסגעלאָזט. קיין באַנדאַזשן האָט ער פון לאַנג שוין נישט מער. וואָס קען ער טון, אויסער אויפרודערן דאָס שטרוי אויף די נאַרעס?

נאָר דער לאַגער־פירער האָט דאָס צופעליק באַמערקט און זיך אָנגעצונדן פון באַליידיקונג:

— העי! וואָס מאַכסטו דאָרט! דאָס איז אַן אַרבעט פאַר אַן אַרצט? שנעל טו אָן דעם ווייסן קיטל און מאַרש אַריין צו דיינע מעדיקאַמענטן! איך וועל זיי שוין היינט געבן אַ לעקציע ווי אַזוי צו האַלטן אין אָרדענונג די בעטן!...

ער האָט זיי געוואָלט אַ טובה טון, און גאָר געבראַכט אויף זייער קאָפּ אַ נייע צרה. די אומגליקלעכע ווייסן אַפילו נישט ס'אַרא קבלת־פּנים עס דערוואַרט זיי היינט אינעם לאַגער. מיט זיינע אייגענע הענט האָט ער פאַר־קאָכט אַ קאַשע.

אין דער קראַנקען־שטובע איז אויפגערוימט. האַרין איז ענג און פינצ־טער אויף דער נשמה. די ליידיקע פלעשלעך שטייען אויסגעסדרט אין גלייכע שורות אויפן טישל לעבן דער וואַנט. די העלדזלעך פון די פלעש־לעך שטעכן אינעם מוח. זיי הייבן זיך אַרויף און שפּיזלען פאַר זיינע אויגן ווי באַגנעטן־שפּיצן. זיי וואַקסן ארויס פון די שורות, שפּרינגען פאַר זיינע אויגן, איינס אַרויף, איינס אַראָפּ, איינס אַרויף, איינס אַראָפּ, און שטעכן אים אונטערן שיידל פון זיין קאָפּ.

דער שטרוי־געפלאָכטענער קויבער ביים פוס פון טישל שטייט אַן אויסגעליידיקטער, מיט אַן אָפענעם, ליידיקן מויל. דאָס בעטל איז איבער־געצויגן מיט אַ ווייסן ליילעך — גלייך, אָן אַ קנייטש. די צוויי בענקלעך שטייען פינקטלעך אויף זייער אָרט לעבן טישל: איינס פאַרן אַרצט, דאָס צווייטע פאַרן קראַנקן מוזלמאַן.

ס'איז שטיל. אַן אידיליע פון וועלכער מען קען פון זינען אַראָפּ...

ער נעמט אַ בענקל, רוקט צו צו דער וואַנט, שטעלט זיך ארויף, און קוקט אַרויס דורכן פענצטערל, וואָס איז פאַרשטעלט מיט דיקע אייזערנע קראַטן.

פון פענצטערל איז צו זען נאָר אַ ווינקל פון הויף, וווּ עס גע־פינט זיך דער ציוויל־טויער פון די דייטשן; דער ציוויל־אריינגאַנג צום לאַגער. אַן איין־איינציק יונג ביימל שטייט האַרט לעבן דער שטיינערנער מויער. די מויער גופא שטייט אַן אויסגעדרייטע צום לאַגער ווי אַ שטו־מער, פינצטערער רוקן פון אַ הויערנדיקער, פּרוכטבאַרער פּרעהיסטאָרי־שער חיה.

שטענדיק, ווען ער קוקט אויפן ביימל, כאַפּט אים אָן אַ נאָגענדיקער טרויער אינעם האַרץ. אָפּטמאָל אַזוי שטאַרק, אַז דער אָטעם ווערט ביי אים אַזש אָפּגעהאַקט. ער פאַרגעסט, אַז ער גופא איז אַ געפאַנגענער אינעם לאַגער, עס טוט אים ווייַ צו זען ווי די מויער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן רוקן לעבן ביימל, כדי צו פאַרשטעלן פאַר דעם ביימל די וועלט.

ער פילט ווי דאָס ביימל וואָלט זיך געשטיקט: אָט שטייט עס מיט אַן אָפּע־נעם מויל, עס וויל אַ שלונג לופט! עס שטיקט זיך! לופט! לופט!

דורך די קראַטן פון פענצטערל זעט מען נישט אַרויס דעם ציוויל־טויער פון לאַגער, ווי מיט אַ כוונה, אַז אַ ייד זאָל שוין קיינמאָל נישט קע־נען מער זען די צורה פון אַ פרייען מענטש. דאָ איז אַ שמאָלער פּאַס ערד; אַ שמאָלער פּאַס הימל; אַ שטומע, פינצטערע מויער, וואָס ציט זיך לענג־אויס לעבן פענצטער; און די רעדער שטעכל־דראָט פון אויבן איבער דער מויער, וועלכע שטעכן אַדורך דאָס נאַקעטע לייב פון הימל, ווי זיי וואָלטן אים צוגעניית מיט אַזאַ פאַרראָסטעטן פאָדעם, ער זאָל זיין באַהאָפטן צו דער מויער פון לאַגער.

זיבן פעל־קאַרטאָפל (קאַרטאָפל געקאָכט אין די שאָלעכץ), האָט ער היינט אָוועקגעלייגט צווישן די נאַרעס פון בלאָק: דריי אויף טעדעקס געלעגער, צוויי פאַר זיינוול לובלינער און צוויי פאַר אינזשעניער ווייס־בלום. פון איינער פון טעדעקס דריי קאַרטאָפל שטעקט אַרויס אַן ארויס־געוואָקסענער שפּיץ. די הויט פון קאַרטאָפל איז ווייס ווי אַלבאַסטער. עס רייצט און לאָקט און עס גיט אים נישט קיין מנוחה; דאָס שפּיצל! ער וואָלט דאָס אָנגעביסן. נישט מער, נאָר בלויז דאָס אַרויסגעוואָקסענע שפּיצל. ער וואָלט עס אַרונטערגעשטופּט מיט דער צונג צווישן דער אויי־בערשטער יאַסלע און באַקן־פלייש, געהאַלטן עס אין מויל אַ שעה צייט און געזויגן דערפון דאָס זאַפטיקע שפּייעכץ. ניין! ער וועט נישט גיין. ער טאָר זיך נישט צורירן צו די קאַרטאָפל. שטענדיק דאָס זעלביקע: אַ ביס... נאָך אַ ביס... צוערשט פון טעדעקס קאַרטאָפל, דערנאָך אַ ביס פון אינזשעניערס קאַרטאָפל. ביז ער ווערט ווילד. קען זיך מער נישט באַ־הערשן, די חיה אין אים וועקט זיך אויף, ער ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך מיט אים, און ער טוט אַ שלונג אַראָפּ דעם רעשט פון די אָנגעבי־סענע קאַרטאָפל. אָ, ניין... ער וועט דאָס היינט נישט טון! אַ שעה צייט וועט ער סיי ווי נישט קענען האַלטן אינעם מויל דאָס אַראָפּגעביסענע שפּיצל. עס צעקריכט נאָך אַ פּאָר מינוט. ער שטעקט סיי ווי באַלד אַרויף דעם שפּיץ־צונג צום באַהעלטעניש אינעם מויל. נאָך עטלעכע לעק אַזעל־כע, מיט דער צונג, צעקריכט עס דאָרט, און שוין, נישטאָ... ניין! דאָס

איז נאָר אַ בלויזער אויסריידו! ער וועט זיך דאָס הײַנט נישט מתיר זײַן. ער וועט נישט צוגיין צו די קאַרטאָפּל. ער וועט נישט קוקן אויף זיי. ער מוז זײַן שטאַרק. ער האָט זיי אַוועקגעלייגט — זאָלן זיי ליגן! אָסור ווי חזיר זאָלן זיי פאַר אים זײַן! זאָל זיך אים דאַכטן, אַז ער האָט זיי שוין אויפגעגעסן. נו, וועט ער דען דערנאָך זײַן זאַטער ווי איצט?

נאָכן צווייטן טאָג ווען האַרי איז געוואָרן אַרצט אינעם לאַגער, האָט זיך אין דער קראַנקען־שטובע באַוויזן טעדעק. האַרי האָט אים נישט דערקענט. אָבער טעדעק האָט האַרין יאָ דערקענט. טעדעק איז נאָך פריִער איבערגעשיקט געוואָרן אַהער מיט אַ „טראַנספּאָרט" פון יאָהאַנעסדאָרפער אַרבעטער־לאַגער. ווען טעדעק וואָלט נישט געווען אײַנער פון וועוויקע שוסטערס „פינף זין ווי דעמבעס", וואָלט ער נאָך אין יאָהאַנעסדאָרף אויסגעהויכט די נשמה. וואָס קען שוין איצט העלפן זײַן שטיצע? מיט וואָס קען ער אים שוין איצט העלפן? עס איז צו שפּעט. אמת, האַרי גנבעט יעדן טאָג אַראָפּ אַ שטיקל פון זײַן אייגענער פּאָרציע ברויט און גיט דאָס טעדעקן מיט אויף דער בוי־שטעלע. ער גיט אים יעדן טאָג אַ פּאָר לעפל פון זײַן זופּ. איין מאָל אין דער וואָך, ווען מען באַקומט, אָנשטאָט זופּ, פּעל־קאַרטאָפל, באַהאַלט האַרי פאַר טעדעקן עטלעכע קאַרטאָפל, ער זאָל דאָס האָבן צו עסן, ווען ער וועט אַהיים קומען פון דער בוי־שטעלע, כדי מאָרגן אין דער פרי זאָל ער קענען מיט זיך מיטנעמען די גאַנצע פּאָרציע ברויט צו דער אַרבעט. אָבער צי וועט דאָס אים העלפן?

אַ משונהדיקע זאַך. עס איז גאָרנישט מעגלעך צונויפצופּאָרן אינעם געדאַנק יענעם טעדעק פון געטאָ מיט דעם טעדעק פון לאַגער. אַפילו קיין שפּור פון ענלעכקייט נישט פאַראַן צווישן זיי. יענער האָט געהאַט אַ טיפּזיניקן, קלוגן פּנים; פול מיט אויסדרוק, ענערגיע און געוואַגטקייט — „ער ווייסט וואָס ער וויל און וועט אויך וויסן ווי אַזוי אַדורכזועצן זײַן ווילן!..." ווי אַזוי פאָרט זיך יענער קלוגער פּנים מיט דעם אויסגע־ליידיקטן קאָפּ פון הײַנטיקן טעדעק? ווו איז אַהינגעקומען אָט דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך דאָרט, אינעווייניק אין אים, געפונען? ווי אַזוי ווערט עפּעס אַ קאָפּ פון אַ מענטש אַזוי שוידערלעך ליידיק, אַזוי אידיאָטיש לער און אויסגעהוילט, אַז אַן אימה כאַפּט דיך אַזש אַרום קוקנדיק דערויף?

אָט, למשל, זיינוול לובלינער: זיינוול איז אין דער געטאָ געווען אַ

פראָסטער ייִדי, אָן חכמות. אַ שניידער פון אַ גאַנץ יאָר. זאָל מען אים איצט, למשל, אַוועקשטעלן אַנטקעגנאיבער טעדעקן — ביידע קוקן אויס גלייך, ביידע האָבן דעם זעלבן פּנים, כאָטש איינער איז אַלט פופציק יאָר און דער צווייטער — צוואַנציק, קוקן ביידע אויס ווי אויסגעדאַרטע ייִנגלעך פון פופצן יאָר. פונדעסטוועגן, אַז זיינוול לובלינער עפנט דאָס מויל, דער־קענט מען באַלד, אַז דאָס איז אַמאָל געווען אַ מענטש. כאָטש אַ פאַר־פייניקטער, אַ געבראָכענער, אַ געבראָכענער, — אָבער פאָרט אַ מענטש! פאָרט דער אַמאָליקער זיינוול! זיינוול האָט אַפילו דאָ, אינעם לאַגער, „צוזאַמענגעקלאַפּט" אַ מנין ייִדן אין דער נאַכט פון די ערשטע סליחות, און צעוויינענדיק זיך אויסגעזונגען מיטן סקאַרבאָוון ניגון: הנשמה לך והגוף שלך — —

און טעדעק — דער אינטעליגענטער, קלוגער טעדעק, דאַניעלאַס חבר — אַן אידיאָט! פונוואַנען נעמט עס זיך?

אָוונט־צייט, אַז טעדעק קומט אַהיים פון דער בוי־שטעלע, כאַפּט אים האַרי באַלד אַריין צו זיך, וואַשט אים אַרום, פאַרבינדט אים די ווונדן, זעצט אים אַוועק אין אַ ווינקל פון דער קראַנקען־שטובע: קודם־כל זאָל ער זיין געהיט פון קלעפּ; סיי פון די שטובען־דינסט, און סיי פון יודען־עלטסטע, און פון אַלע אַנדערע צרות, וואָס קומען פאַר אינעם בלאָק. נאָך די אויפנאַם־שעהן פון די קראַנקע, זעצט ער זיך מיט אים אַוועק, שמו־עסט מיט אים ווי מיט אַ קראַנק קינד. אין אָנהייב האָט טעדעק דערציילט דאָס אַלץ וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט זינט ער האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען דאַניעלאַן. האַרי איז געוווּיר געוואָרן פרטים פון דאַניעלאַס לעבן אין דער געטאָ, וועגן וועלכע ער האָט פריִער נישט געוווּסט, ווייל דאַניעלאַ האָט עס פון אים אויסבאַהאַלטן. נאָר הערנדיק ווי אַזוי טעדעק רעדט איצט וועגן יענע שיינע טעג און וועגן זיינע אינטימסטע געפילן צו דאַניעלאַן, ווערט האַרי אויפגעציטערט. די הייליקסטע דעראינערונגען זענען איצט אַרויסגעקומען פון טעדעקס מויל ווי פון אַן אויסגעליידיקטן, אידיאָטישן קאָפּ. ער האָט דערציילט, אָבער זיינע אויגן האָבן געגלאָצט צו האַריס פּאָרציע ברויט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט דורך דער שויב פון מעדיקאַמענטן־שענקל. זיינע אייגענע אויערן האָבן נישט געהערט די ווערטער, וועלכע ער רעדט. דאָס קלוגע פּנים פון דעם אַמאָליקן טעדעק

האָט איצט אויסגעדריקט אַן איינציקן, בהמהשן פאַרשטאַנד: „אַז ער וועט קריגן אַ שטיקל ברויט, וועט ער ווייטער דערציילן...‟ אָדער: „אַז ער וועט ווייטער דערציילן, וועט ער אַוודאַי קריגן אַ שטיקל ברויט..‟

ווי די בהמה וואָס פאַרשטייט, אַז מען מעלקט זי, דאַרף מען אַריינ־שיטן אין איר קאָרעטע צו עסן...

און טעדעק האָט דאָך ליב געהאַט דאַניעלאַן מיטן גאַנצן פייער פון זיין יונגער נשמה. ער האָט דאָך זיך פאַר איר מוסר־נפש געווען. ווי איז אַהינגעקומען די טיפּזיניקייט פון טעדעקס קאָפּ?

אויף אַן אַרויסגעשטעקטן צווייג פון ביימל, לעבן דער מויער, הענגט אַ בלעטל. דאָס בלעטל שאָקלט זיך אינעם ווינט מיט אַן איינטאָניקער שנעלקייט, אַהער און אַהין, ווי אַ געהיימער כוח וואָלט עס אָן אויפהער געטריבן. דאָס בלעטל שימערירט מיט אַ גרינעם גלאַנץ, אַהער און אַהין, אַהער און אַהין.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# אַ הײליקער

ניין! ער וועט זיך נישט לאָזן איבעררעדן פון קיין שום בייזן גע־דאַנק. ער וועט נישט צוגיין צו די פּעל־קאַרטאָפל! גאָט צו דאַנק, אַז ער האָט דעם שווערן טייל פון נסיון שוין איבערגעקומען. ווייל צום ערגסטן איז בשעת מען באַקומט די פּאָרציע. מען הייבט אָן צו עסן, דער הונגער איז אין דיר צעררייצט ווי אַ חיה — און דו דאַרפסט אַוועקלייגן חלקים פאַר יענע, וועלכע דו ביסט מחויב זיי צו אונטערשטיצן: זיי אַרבעטן אויף דער בוי־שטעלע און דו דרייסט זיך אַרום אינעם לאַגער, טוסט גאָרנישט און באַקומסט צוויי פּאָרציעס זופּ. עס איז אַ פאַרברעכערישער געדאַנק איצט צוצוגיין צו די נאַרעס, כלומרשט מיט אַן אויסרייד, בלויז אַ קוק צו טון אויף די קאַרטאָפּל. אויב דו ביסט געווען גענוג שטאַרק זיך אײַ־בערצוקעמפן בשעת די האָסט באַקומען די פּאָרציע קאַרטאָפּל, דאַרפסטו זיין גענוג שטאַרק אויך איצט, נאָכדעם ווי דו האָסט זיי שוין אַוועקגעלייגט.

אַ מאָדנע זאַך. אויף דער בוי־שטעלע פילט מען נישט אַזוי שטאַרק דעם הונגער. אויף דער בוי־שטעלע גייט די צייט שנעלער אַדורך. אין סאַקראַו, ווו ער האָט געאַרבעט אויף דער בוי־שטעלע, האָט ער קיין מאָל נישט געפילט אַזאַ שרעקלעכן הונגער ווי ער פילט דאָס היינט, בשעת ער דרייט זיך אַרום אינעם לאַגער. אמת, אויף דער בוי־שטעלע ווערט מען שוואַך, מען וויל חלשן, נאָר דער פּחד לאָזט נישט חלשן. די יסורים פון דער שרעק: טאָמער וועט מען קריגן געשלאָגן, מאַכן פאַרגעסן די יסורים פון הונגער. אָבער דאָס אַרומדרייען זיך דאָ, אינעם לאַגער, אַ

גאַנצן טאָג, דאָס איז אַ שרעקלעכע זאַך. דער הונגער צעזעגט די קישקעס. מען קען אַראָפּ פון זינען.

צו וועמענס חלק, אייגנטלעך, וואָלט ער זיך געקענט צורירן? — עס איז אַ אומזין! אויסגעשלאָסן! טעדעקס דריי קאַרטאָפל וועט ער נישט אָנרירן! טעדעק איז זיין אייגן בלוט און פלייש. טעדעק — דאָס איז דאַניעלאַ!

כאָטש זיינוול מאָנט נישט ביי אים, אָבער זיינוול לובלינערס צוויי קאַרטאָפל זענען הייליק. אָסור ווי חזיר! חלילה, ער וועט דאָס נישט טון. ער וועט נישט אָנרירן זיינוולס צוויי קאַרטאָפל. דער ייִד איז אים איינגע־באַקן אין האַרץ נאָך פון שוועכערס שניידער־שאַפּ. שוין אַ לאַנגע צייט ווי ער האָט אים גאָרנישט געגעבן. שוין עטלעכע טעג ווי ער באַמיט זיך מיט אַלע כוחות עפּעס אָוועקצורייסן פאַר אים — און נישט מעגלעך. ער קען זיך נישט ווייזן פאַר זיינוולען. ער קען אים נישט קוקן אין די אויגן אַריין. זיינוול מיינט מסתמא, אַז ער, האַרי, האָט אים שוין פאַרגעסן.

ניין! ניין! ער וועט עס נישט טון! אינזשעניער ווייסבלום איז מאַ־ניאַס אַ באַקאַנטער. דאָס אָוועקלייגן די צוויי קאַרטאָפל פאַרן אינזשעניער פילט אים אָן מיט אַ הייליקן ציטער, ווי ער וואָלט אָנגערירט מיטן לייב דעם אָנדענק פון סאַניאַן.

טאָג־טעגלעך שטייט אינזשעניער ווייסבלום ביי דער קראַנקען־שטו־בע און היט אָפּ האַריס טריט: אפשר וועט ער עפּעס באַקומען... נישט מעגלעך אַדורכצוגיין און זען דעם מאָנענדיקן בליק אין זיינע אויגן. עס טוט ווי אַזוי צו זען דעם אינזשעניער. דאָס באַליידיקט דעם אָנדענק פון סאַניאַ. דאָס שניידט אים מיט אַ שרעקלעכן ווי אינעם האַרץ. אַפּנים אַז דער אינזשעניער ווייסט פון דעם סוד; ער קען האַריס שוואַכע זייט און ער נוצט דאָס אויס; פאַרפאָלגט אים מיט זיין שנאָרעריש־הינטישער קרי־כעריי. אויב ער וועט איצט אָנרירן זיינע צוויי קאַרטאָפל, ווער ווייסט ווען ער וועט אים ווידער עפּעס קענען געבן? שטענדיק נאָרט ער זיך אָפּ, לייגט דאָס אָפּ פון איין טאָג אויפן צווייטן. אפשר ווייל דער אינזשע־ניער מאָנט דאָס ביי אים, ווי עס וואָלט אים געקומען אַ חוב.

ווילדע געלעכטערס און שיכורע קולות קומען אָן פון די דייטשע שטיבער. זיי רייסן זיך אַדורך דורכן הילצערן טירל פון דער קיך, קייקלען

זיך איבערן לאַנגן בלאָק ביז צו דער קראַנקען־שטובע און דערגרייכן צו־
האַריס אויערן.

על־פי־רוב, אַז האַרי דערהערט די ווילדע אָרגיעס פון די דייטשע
שטיבער, קריכט ער אַרויף אויף אַ דריט־שטאָקיקער נאַרע ערגעץ אין אַ
ווינקל פון טונקעלן בלאָק, און באַהאַלט זיך דאָרט. בעסער צו זיין פּאַר־
יכטיק. מען קען קיינמאָל נישט וויסן, וואָס עס דערוואַרט דיך בשעת
אַזאַ דייטשע אָרגיע. אין סאַקראַו, למשל, האָט אַ שיכורער דייטש אַריינ־
געשלעפּט דעם יודען־עלטסטן — אַ שיינער, יונגער בחור פון בערלין
— בשעת אַזאַ הוליאַנקע, און איידער די „העפּטלינגס"*) זענען אָנגעקומען
פון דער בוי־שטעלע, האָבן זיי אים צוריק אַריינגעוואָרפן אינעם בלאָק,
אַ דערשטיקטן, אַ נאַקעטן, מיט בלויע צייכנס אויפן גאַנצן לייב.

דאָס ביימעלע לעבן דער מויער איז באַהאַנגען מיט פּעל־קאַרטאָפל.
עס שווינדלט אים פאַר די אויגן: פּעל־קאַרטאָפל! יעדעס בלעטל — אַ
קאַרטאָפל! שווער אָפּצורייסן די אויגן. און אין דער מיט הענגט דער גרוי־
סער קאַרטאָפל, וואָס ליגט אויף טעדעקס נאַרע מיטן אַרויסגעוואָקסענעם
שפּיצל, און שווינדלט אים מיט גאָר אַ באַזונדער שטאַרקן רייץ פאַר די
אויגן. אָבער ווי נאָר ער קוקט אויף דעם „שפּיצל", מישט עס זיך באַלד
אויס מיט טעדעקס קאָפּ, מיט טעדעקס געשטאַלט. טעדעק — אַזוי ווי
ער קוקט אויס בשעת ער קומט אַהיים פון דער בוי־שטעלע; און אין דער
זעלבער רגע מישט זיך באַלד דער קאָפּ אויס מיט דאַניעלאַס פּנים. איין
קאָפּ אינעווייניק אינעם צווייטן קאָפּ. דורך טעדעקס ביינערדיקן שיידל־
קאָפּ קוקן אַדורך דאַניעלאַס בלויע, בעטנדיקע אויגן, ווי טעדעקס קאָפּ
וואָלט געווען פון געל גלאָז, דורכזיכטיק. דערנאָך, פּאַמעלעך, צעשיידן
זיך ווידער די קעפּ. זיי בלייבן שטיין איין קאָפּ לעבן אַנדערן. ער זעט
איצט ווידער, ממש אַזוי ווי ער האָט זיי געזען שטיין צוזאַמענגעפּלאָכטן
אין דער זון אויף חיים־יידלס זשאַלקע.

די „זשאַלקע" — —

דאָס איז געווען אין די זומער־חדשים אין דער געטאָ. דער יודענ־
ראַט האָט צעטיילט די פּעלדער, וואָס געפינען זיך צווישן די יידן־פירט־

*) „העפּטלינגס" — יידן אינעם לאַגער.

לען אויף חלקים צום באַאַרבעטן און פאַרזייען. די חלקים האָט מען גערופן „זשאַלקעס״. יעדער האָט געקענט דינגען אַזאַ זשאַלקע. נאָר אין אָנהייב זענען דערויף קיין סך בעלנים נישט געווען. „ביז מען וועט זען אַ פּאָמעדאָר פאַר די אויגן, וועט דערווייל די מלחמה זיך פאַרענדיקן, דער־ווייל דאַרף מען אַריינשטעקן געלט אין דער ערד. נייִן, דאָס איז אַ ניי „געשעפטל״ פון דער יודענראַט־חברה״. — האָבן יידן געטענהט.

חיים־יידל, וועלכער האָט תמיד געהאַט בלויז איין דאגה, אַז אין זיין „ווילע״ זאָל נישט זיין קיין הונגער, האָט באַלד געדונגען ביים יודענ־ראַט אַ זשאַלקע. סתם אַזוי. „ס׳ליגן פּילצן, זאָל אויך ליגן אַ זשאַלקע״! — האָט ער אַריינגעשריגן צום ווייב אין די טויבע אויערן. פאַרשטייט זיך, אַז חיים־יידל האָט נישט קיין צייט געהאַט און אויך נישט געוווסט ס׳אַראַ „המוציא״ מ׳דאַרף זאָגן איבער דער ערד, אַז זי זאָל באַווייזן פון זיך אַרויסצוגעבן אַ פּאָמעדאָר אָדער אַ רויט רעטעכל. איז דאַניעלאַ געוואָרן די פאַכטערין פון חיים־יידלס זשאַלקע.

דאָס זענען געווען די שענסטע טעג אין דער געטאָ. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען קען אין אַלץ אַרום פאַרגעסן. די שוואַרצע, אויפגע־אַקערטע ערד האָט אין זיך אַריינגעזויגן דעם שווייס פון שטערן, צוזאַמען מיטן געטאָ־טרויער. דער אויסגעשפּרייטער הימל אין דער הויך האָט זיך געצויגן פריי און אומענדלעך. דאַניעלאַ און טעדעק האָבןביידע צוזאַמען געאַקערט די ערד, צוזאַמען געזייט, צוזאַמען זי אָנגעטרונקען, און צו־זאַמען זיך געפרייט מיט דער פּרוכט פון זייער אַרבעט. עס זענען געוואָקסן רויטע רעטעכלעך, פּאָמעדאָרן, אַרבעס־שויט און קאַרטאָפל צום בראָטן.

דאָס זענען געווען די שענסטע טעג אין דער געטאָ.

ווי דאָס זאַפטיקע פּאָמעדאָרל, וואָס גלאַנצט מיט רויטער צייטיקייט אַנטקעגן דער זון און טראַכט נישט וועגן דער געטאָ־ערד, פון וועלכער זי שפּראָצט אַרויס — אַזוי האָבן דאַניעלאַ און טעדעק פאַרגעסן די וועלט, וואָס רינגלט זיי אַרום. חיים־יידלס זשאַלקע איז פאַר זיי געווען ווי אַ זיסער חלום, וואָס דער מלאך פון חלומות שענקט אַמאָל אַ מתנה אַ צום טויט פאַרמשפּטן אין דער לעצטער נאַכט אין דער תפיסה־צעלע; אַ פאַר־גיטיקונג פאַרן נישט זען מער דעם אויפגאַנג פון דער זון.

יעדן זונטיק איז האַרי געקומען צו חיים־יידלס זשאַלקע. זיי זענען צוזאַמען געזעסן אויף דער שטיינערנער באַנק, וואָס טעדעק האָט געמאַכט. דאַניעלאַ האָט אָנגעפילט זיינע טאַשן מיט דער גערעטעניש פון איר זשאַל־קע — אַ מתנה פאַר סאַניאַן. אַז ער איז צוריק אַוועק צו זיין יידן־פירטל, האָט ער פון דער וויטנס אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט זיי געזען שטיין צוזאַמענגעפלאָכטענע אין דער זון, קאָפּ ביי קאָפּ, בשעת זיי קוקן אים נאָך אויף זיין וועג. חיים־יידלס זשאַלקע האָט פלוצלונג אויסגעזען ווי אַן אָפּגעריסענער אינדזל, וואָס שווימט צווישן קריזעס אויפן אייז־ים. ער האָט שנעל אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אויסגעדרייט זיך און מיט אייליקע טריט אַוועק צו זיין יידן־פירטל.

איצט — קוקנדיק אויף דער פעל־קאַרטאָפל מיטן „שפיצל“, וואָס שווינדלט צו אים פון ביימל — שווימען זייערע קעפּ פלוצלונג ווידער אַרויף פאַר זיינע אויגן. ער זעט זיי, זיי שטייען צוזאַמענגעפלאָכטן אין דער זון, קאָפּ ביי קאָפּ, און קוקן אים נאָך אויף זיין וועג.

וואָס טוט דאַניעלאַ? — דאָס האַרץ אין אים גיט זיך אַ ריס. וואָס טוט איצט דאַניעלאַ? גוט וואָס זי אַרבעט אינעם שוסטער־שאָפּ פון „זאָנ־דער־באַאויפטראַגטען“. דאָרט איז אַ זיכערע „פלאַצוווקע“. דאָס איז אַ דאַנק וועווקע שוסטער, טעדעקס פאָטער. אַ ווונדערבאַרער מענטש, דער וועווקע שוסטער. גוט וואָס עס געפינען זיך נאָך אינעם געטאָ אַזעלכע מענטשן. דאַניעלאַ געפינט זיך אין גוטע הענט. ער דאַרף נישט זאָרגן. סאַניאַ אַרבעט אויך אין אַ גוטן שאָפּ. סאַניאַס קלוגער מוח האָט פאָרויס־געזען די זאַך און זי איז באַצייטנס אַוועק פון שוועכערס שניידער־שאָפּ. ווילדערמאַנס שאָפּ ווערט פאַררעכנט צווישן די זיכערע אַרבעטס־פּלעצער. זי האָט דאָרט אויך ביאַנקען אַלס לייטערין. דאָס פאַרלייכטערט איר אַוודאַי אַ סך. היינט אינאָוונט וועט ער איבערלאָזן פאַר טעדעקן אַ גאַנצע זופּ. די דריי קאַרטאָפל וועט טעדעק אַזוי אַרום מאָרגן קענען מיט זיך מיטנעמען אויף דער בוי־שטעלע. ער איז מחויב צו געבן טעדעקן יעדן טאָג אַ גאַנ־צע זופּ! ער איז מחויב מיט אים זיך צו טיילן העלפט אויף העלפט. פון היינט אָן וועט ער דאָס טאָן יעדן טאָג. דאָס איז אַ הייליקער נדר. ווי אַזוי האָט אים פריִער גאָר געקענט איינפאַלן —

— יאַגאַ! יאַגאַ!...

דאָס קול איז געקומען פון די פענצטער לעבן די דייטשע שטיבער. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און דערזען: אַ בלאָנדע שיינע פרוי שטייט אומבאַוועגלעך און קוקט אויף אים. זי איז אָנגעטון אין אַ מיליטערישן פרויען־אוניפאָרם, דאָס שיפל־היטל זיצט אויף דער זייט פון אירע העל־בלאָנדע האָר, אַ טונקעלע בייטש־רוט, ווי אַ פערד־רייטערין אונטערן אָרעם. ווער ווייסט ווי לאַנג זי שטייט שוין דאָרט אַט אַזוי און קוקט צו אים?

ס'איז אָן ספק די דייטשקע, וואָס קומט צום לאַגער־פירער. זיין גע־ליבטע. ווי אַזוי איז זי דאָ אויסגעוואָקסן לעבן דער מויער? ווי אַזוי האָט ער זי נישט באַמערקט בשעת זי האָט זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט אים אָבסערווירן? זי שטייט אומבאַוועגלעך און קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין. ער קלאַמערט די הענט אָן ראַנד פון פענצטער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַוועקשטופּן פון פענצטער; אַוועקרייסן זיך פון אָרט. נאָר ער קען דאָס נישט. דער דירעקטער בליק פון דער פרוי האַלט אים צוגעַ־שמידט צום אָרט. זיין פאַרשווונדן פון פענצטערל וואָלט געווען אַ בפירושע באַליידיקונג. ווי איינער וואָס ענטפערט נישט אויף אַ באַגריסונג, כאָטש יענער קוקט דיר גלייך אין די אויגן אַריין.

פון דער צווייטער זייט פלאַץ האָט מען גערופן: יאַגאַ! יאַגאַ!... נאָר די פרוי האָט זיך נישט גערירט פון פלאַץ. זי איז ווייטער געשטאַנען אָן אָנגעלענטע לעבן דער מויער ווי זי וואָלט נישט געהערט דאָס רופן, און אומאויפהערלעך ווייטער געקוקט צו אים. אָן ספק האָט זי געזען, אַז ער האָט זי שוין באַמערקט.

האַרי האָט געפילט די לעכערלעכקייט פון דער מינוט און גלייכ־צייטיק דעם פּחד פון דער מינוט. זיין קאָפּ האָט געהאָנגען צווישן די פענצטער־קראַמען ווי אָן אויפגעהאָנגען בילד אויף דער וואַנט — אַ „קאָפּ", איינגעראַמט אין אָן אייזערנעם ראַם.

עס האָט געדויערט אָן אויגנבליק — אָן אייביקייט. ער האָט לענגער נישט געקענט אַזוי שטיין. ער האָט זיך אַוועקגעריסן פון פענצטער, אַראָפּ־געשפּרונגען פון בענקל. דאָס טירל פון דער קראַנקען־שטובע איז גע־

שטאַנען אָפּן. דער דורכגאַנג צווישן די האָלצערנע געלעגערס האָט זיך געצויגן, ווי אַ לאַנגער, לאַנגער וועג און אויסגעגאַנגען אין דער טונקלקייט פון בלאָק. ער האָט נישט געוווסט צי זאָל ער צומאַכן די טיר פון דער קראַנקען־שטובע אָדער זאָל ער זי לאָזן אָפּן.

פון יענער זייט פענצטער האָט זיך געהערט איר שטימע:

— יודע! שרעק זיך נישט. באַווייז דיך נאָכאַמאָל...

ער האָט געוווסט, אַז ער געהערט נישט צו זיך. אַ געדאַנק איז אים אַדורכגעלאָפן אינעם קאָפּ: צי קען זי נישט אויך אַריינקומען דאָ צו אים אין דער קראַנקען־שטובע? און אפשר וועלן אויך מיט איר אַריינקומען דייטשן? ער דאַרף דאָס שנעל אויסמיידן. נאָר נישט אַריינקומען אַהער מיט דייטשן! מען קען קיינמאָל נישט וויסן מיט וואָס אַזאַ באַזוך קען זיך פאַרענדיקן.

ער איז צוריק אַרויפגעקראָכן אויפן בענקל צום פענצטער.

זי איז געשטאַנען נאָענט לעבן פענצטער. ער האָט איצט געזען דעם גרינלעכן פעלד־קאָליר פון איר ס. ס.־אוניפאָרם. אירע ווייסע, פולע רונ־דיקע באַקן האָבן אים געשווינדלט אין די אויגן. ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז עס געפינט זיך נאָך אַזאַ צורה אויף אַ מענטש. אין געטאָ האָט ער אַמאָל געפונען אַ שטיקל ברויט פון פאַרן קריג, און דאָס ווייס־קייט דערפון האָט אים געשווינדלט אין די אויגן. ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַמאָל האָט מען געגעסן אַזאַ ווייס ברויט. מיט ביידע הענט האָט זי געהאַלטן די געפלאָכטענע בייטש־רוט אין דער ברייט, האָריזאָנטאַל, פון פראָנט אויף איר קלייד. אויף דעם שפּיץ פון דער רוט האָט געגלאַנצט אַ קליין, שטאָלערן קייקעלע.

זי האָט געפרעגט:

— וואָס מאַכסטו איצט אינעם לאַגער?

— איך בין דער לאַגער־סאַניטאַר — האָט ער געענטפערט.

זיין פּנים איז געשטאַנען הינטער די אייזערנע קראַטן פון פענצטערל. זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים און איר מויל האָט גערעדט ווי צו זיך זעלבסט:

— ווי דער הייליקער קריסטוס... אַזוי וואַר איך לעב, דאָס פּנים פון הייליקן קריסטוס...

שיכורע דייטשע קולות האָבן זיך געטראָגן פון דער צווייטער זייט:

— יאַגאַ! יאַגאַ!...

זי האָט זיך אויסגעדרייט, דערוויטערט זיך, און אַוועקגייענדיק, אַ צווייט מאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ מיט דבקותדיקע אויגן צום פּאַרקראַ־טעוועטן פענצטערל:

— אַזוי וואַר איך לעב... דאָס פּנים פון הייליקן קריסטוס...

קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

# אינעם „דולאַג"

ווען דער מיידל־טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען אינעם „דולאַג" — איז דאָס הויז געשטאַנען פּוסט און לער.

דער דריי־שטאָקיקער „דולאַג"־בנין, וועלכער איז תמיד איבערגע־פּילט מיט געכאַפּטע, איז דאָס מאָל געווען לגמרי ליידיק. ווי די דייטשן וואָלטן אים ספּעציעל פּריִער אויסגעליידיקט לכבוד דער היינטיקער מיידל־אַקציע.

ביים אַריינגאַנג אינעם זאַמל־זאַל האָט געברענט אַ קליין לעמפּל, וואָס האָט קוים באַלויכטן דעם לייטער אַרויפצוקריכן אויף די ליג־ברעטער. די ברעטער זענען געווען אויסגעשפּרייט אין דער לופט, איבערן גאַנצן שטח פון זאַמל־זאַל, און געטיילט אים אויף צווייען, כדי ער זאָל אין זיך קענען אַריינבנעמען אַ טאָפּעלטע צאָל.

צענדליקער און צענדליקער טויזנטער זענען שוין דאָ געלעגן, אויף דעם שטרוי, איידער מען האָט זיי אַוועקגעשיקט. דאָ איז געווען די לעצטע גרענעץ פאַרן אַריבערגיין אין דער אומבאַקאַנטער, פאַרכטיקער וועלט אַריין. טייכן טרערן זענען שוין דאָ פאַרגאָסן געוואָרן, נאָר דאָס הויז זאַפּט אין זיך איין מענטשלעכן וויי ווי אַ תהום, און דער תהום ווערט קיינמאָל נישט פול.

די מיידלעך פון דער נאַכט־אַקציע זענען אַרויפגעקראָכן אויף דער אויבערשטער ברעטער־טייל. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויפן שטרוי. די פינצטערניש האָט זיי אין זיך אַריינגענומען.

קיין איינע האָט דאָ נישט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. יעדע איז געווען פאַרשלאָסן אין זיך, סיי די מיט דעם פונק האָפענונג, וואָס האָט נאָך גע־וואָרעמט און געטרייסט דאָס האַרץ, און סיי די מיט דעם ווייַ פון קאַלטן, קלעמענדיקן יאוש אינעם האַרץ. די ברעטער זענען געווען פול מיט אויס־געשיטע, ליגנדיקע גופים, פונדעסטוועגן האָט זיך יעדע באַזונדער געקענט אויסדאַכטן, אַז זי ליגט דאָ איינע אַליין, פאַראייניזאַמט און פאַרלוירן.

קיין איינע האָט דאָ נישט אַרויסגערעדט אַ וואָרט, ווי דאָס האַרץ וואָלט נישט געוואָלט ברענגען פאַרן מויל וועגן דעם וואָס עס דערוואַרט, זיי, און וועגן דעם וואָס עס וועט אויף זיי באַלד קומען. איצט האָט יעדע, אינעם האַרצן, זיך מתייחד געווען מיט די נאָענטע, וועלכע זי האָט איבער־געלאָזט נאָך זיך אינעם געטאָ; די נאָענטע, וועלכע קלאָגן איצט אין געטאָ־דיקע היימען איבערן גורל פון דער, וועלכע איז פון זיי געוואָרן אַוועקגע־ריסן און ליגט דאָ איצט אויפן שטרוי.

ליבע, טייערע פנימער. זיי שוועבן פאַר די אויגן. מען הערט זייער געוויין. מען זעט זיי. מען קען זיי מיט די הענט אָנרירן, מיט די אָרעמס אַרומקלאַמערן, אַז קיינער זאָל זיי נישט קענען מער אָפּרייסן איינער פון אַנדערן. די הענט ווילן זיך אויסציִען צו זיי —

אינעם פינצטערן חלל פון „דולאַג" הערשט אַ מוראדיקע שטילקייט.
ס'אַ פחד אַ ריר צו טון מיט אַן אבר.
דער פחד פאַר אַן אומבאַקאַנטן פחד.
די נאַכט האָט אויסגעטריפט איר לעצטן שוואַרצן טראָפּן.

**
*

אַ נייער טאָג האָט איינציקווייז אָנגעהויבן צו ווייסן די אייזערנע קראַ־טעס פון דעם האַלבן, אַדורכגעטיילטן פענצטער — אַ האַלב־פענצטער פאַר דעם אויבערשטן טייל פון זאַל, און אַ האַלב־פענצטער פאַר דעם אונטערשטן טייל פון זאַל. די מיידלעך האָבן נישט אויפגעהויבן די קעפּ, ווי זיי וואָלטן געוואָלט, אַז דער נייער טאָג זאָל זיי נישט באַמערקן; ער זאָל זיי לאָזן דאָ ליגן אייביק. נאָר דער טאָג האָט געטון דאָס זייניקע: ער האָט אַריינגע־קוקט דורך דעם פאַרקראַטעוועטן האַלב־פענצטער, ווי אַ טאָג־שומר, וועל־

כער טוישט איצט דעם נאַכט־שומר; ער האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער, ווי ער וואָלט געציילט די ליגנדיקע גופים אינעם שטרוי, וועלכע ער דאַרף איצט איבערנעמען אין זיין רשות אַריין; ער האָט זיי אָנגעקוקט, אָבסער־ווירט זיי מיט פאַמעלעך־געעפנטע אויגן און מיט געהיימנישפולע געדאַנקען. זיין בליק איז געקראָכן אויף די ווענט ביז אין די טיפסטע, פאַרטונקלטסטע ווינקלען, כדי ער זאָל זיי אַלעמען זען, און בשעת מעשה געהאַט וועגן זיי זיינע אייגענע פלענער, צוגעגרייטע נאָך פון נעכטן.

איינציקוויַיז האָבן זיך די קעפּ אויפגעהויבן. איינע האָט געקוקט אויף דער צווייטער און דאָס אויסזען פון דער צווייטער האָט דערמאָנט, אַז אייגנטלעך זענען זיי איצט — יעדע באַזונדער און אַלע צוזאַמען — די הויפּט־העלדן פון דער היינטיקער „אַקציע". דאָס „דולאַג"־הויז און די „אַקציע" ביינאַכט, דאָס אַלץ איז געווען לכבוד זיי.

אויגן האָבן זיך אַרומגעקוקט, געזוכט אַ באַקאַנט פּנים. יענע, וועלכע האָבן נישט געהאַט ביינאַכט קיין פּלאַץ צו ליגן, זיצן אָנגעלענטע ביי די ווענט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו די אויפגעשטעלטע קני, קוקן מיט שטומע בליקן צו יענע וועלכע ליגן אינעם שטרוי.

דאַניעלאַ זיצט אַן אָנגעלענטע ביי דער וואַנט: צי וועט וועווקען געלונגען זי אַרויסצונעמען פון דאַנען? פון דער אָרדענונגס־דינסט וואָלט דאָס אים אפשר לייכטער געווען. עס טרעפט, אַז מען קומט צוריק אַהיים פון דער מיליץ, נאָר פון „דולאַג" קומט מען זעלטן צוריק אַרויס. זי האָט נאָך נישט געהערט פון אַזאַ פאַל. חוץ די גאָר גרויסע „שרויפן־דרייער", וועלכע דער יודענראַט גופא נעמט צוריק אַרויס פון „דולאַג". אַז וועווקע וועט לויפן צום יודענראַט, דערין איז זי זיכער. זי איז זיכער, אַז ער וועט לויפן אינטערווענירן פאַר איר. אָבער צי וועט דאָס העלפן? אַן אומזין! קיין אויסקויף־געלט האָט ער נישט צו געבן פאַר איר. איבע־ריקנס זעט זי דאָך, אַז דאָ ליגן גרעסערע יחסנטעס פון איר; מיידלעך, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען אינעם געטאָ געשמינקטע, געפּאַרבטע; מייד־לעך, וועלכע האָבן געהאַט „פּראָטעקציע" אינעם יודענראַט, ביי דער מיליץ. אַלע, אַלע, ליגן איצט דאָ אינעם שטרוי, אויסגעמישט צוזאַמען מיט יענע, וועלכע האָבן שווער געאַרבעט אין קריגס־וויכטיקע שאָפּן.

צי וועט וועוועקן געלינגען אויסצופועלן ביים יודענראַט, אַז מען זאָל דווקא זי, פון צווישן אַזוי פיל מיידלעך, צוריק אַרויסלאָזן? — ס׳אַ אומזין.

באַלד וועלן אַלע אינעם שוסטער־שאָפּ קומען צו דער אַרבעט. מען וועט דאָרט זען, אַז זי פעלט. זיי וועלן הערן, אַז מען האָט זי ביינאַכט גענומען מיט דער מיידל־אַקציע. אַ סך וועלן אינעם האַרץ זי באַדויערן און ווייטער קלייבן די מלבושים פון דער קופּע. נאָך דער פרישטיק־הפסקה וועט מען זי שוין האָבן פאַרגעסן. אַזוי פּאַסירט עס תמיד: מען הערט אַז מען האָט ביינאַכט אַוועקגעפירט אַ שכן, אַ באַקאַנטן, אָדער אַזעלכן וואָס מען האָט ערשט נעכטן מיט אים צוזאַמען געאַרבעט. מען הערט דאָס — און נאָך אַ שעה צייט האָט מען שוין דערין פאַרגעסן. דאָס געפיל, אַז דער שאָטן פון אייגענעם „איך" איז נאָך געבליבן אינעם געטאָ, ווישט אָפּ און מאַכט פאַרגעסן אַלץ אַרום זיך. ווי דאָס עצם פאַר־געסן וואָלט געווען אַ סגולה פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ.

...ווען זי ווייסט, אַז מען וועט זי איצט שיקן אינעם זעלבן לאַגער ווו האַרי געפינט זיך, וואָלט זי מיט פרייד דאָרט אַהינגעלאָפן. דאָס בלויזע צוזאַמענזיין מיט האַרין וואָלט זיי געגעבן כוח איבערצוהאַלטן די שווער־סטעליידן. האַרי האָט לעצטנס אויסגעזעזן ווי אַ קראַנקער. ער האָט זיך נישט באַקלאָגט און נישט געלאָזט מען זאָל דערפון רעדן, אָבער מען האָט געזען, אַז האַרי איז זייער קראַנק. ווי אַזוי וועט ער דאָרט, אינעם לאַגער, אויסהאַלטן די שווערע אַרבעט? ווי זיי געפינען זיך דאָרט איינער לעבן צווייטן, וואָלטן זיי אפשר געקענט דאָרט אויך אַרבעטן צוזאַמען. אפשר זענען דאָרט פאַראַן אַזעלכע שאַפן ווי אינעם געטאָ. זי וואָלט אים געקענט צוהעלפן ביי דער אַרבעט. זי איז דאָך געזונטער און שטאַר־קער פון אים. כאָטש האַרי האָט נאָך ביז דער לעצטער מינוט זי געהאַלטן פאַר אַ קליין קינד.

ווּהין וועט מען זי איצט שיקן?

דאָס ערגסטע איז, וואָס זי ווייסט נישט ווּהין מען וועט זי איצט שיקן. און ס׳איז נישט מעגלעך געוואויר צו ווערן, ווּהין מען האָט גע־שיקט די אַלע אַוועקגעפירטע מענטשן. ווו געפינען זיך די אַרבעטס־לאַ־גערן? סאַראַ שאַפן זענען דאָרט פאַראַן? אוצרות גאָלד האָבן מענטשן זיך געוואָלט לאָזן קאָסטן, כדי געוואויר צו ווערן ווו מען האָט אַוועקגעשיקט

זייערע קרובים; וואָס אַזעלכעס זיי טוען דאָרט, אין די אַרבעטס־לאַגערן, פֿאַר קיין שום פּרייז איז נישט מעגלעך דאָס געוווּר צו ווערן, נישט אינעם יודענראַט און נישט ביי דער מיליץ. אפשר ווייסן זיי טאַקע אויך נישט.

מאַנכע פון די מיידלעך שטופּן זיך צו צו דעם פּאַרקראַטעוועטן האַלב־פענצטער. אינדרויסן הילט־אויף דער נייער טאָג אַ וועלט, וואָס געהערט נישט מער צו זיי. אייגנטלעך האָט די וועלט אויך נעכטן נישט געהערט צו זיי. פונדעסטוועגן ווייַנט דאָס האַרץ אויף דעם טריבן הימל פון געטאָ, וועלכע איז איצט פון זיי אויך געוואָרן צוגענומען. זיי קוקן אַרויס דורך די אייזערנע גראַטעס. אויגן זענען אויסגעטריקנט. נאָר פּלוצ־לונג דערפילט יעדע, אַז דאָס האַרץ, אינעווייניק אין איר, האָט אויגן, און פון דעם האַרצנס אויגן רינען איצט טרערן.

אויפן שטרוי ווערט אַ ביסל גראַמער. יענע מיידלעך, וועלכע זענען געזעסן אַ גאַנצע נאַכט, ציִען איצט אויס זייערע פיס: זיי פילן אַ דער־לייכטערונג. עס ווערט זיי בעסער. ווי עס וואָלט זיי איצט מער נישט געפעלט נאָר די הנאה צו קענען אויסציִען די פיס אויפן שטרוי.

אומעטום איז דער סופיט הויך. דאָ ליגט ער אויף די דלאָניעס פון די הענט. מען קען זיך נישט אויפשטעלן, ער דריקט אויפן קאָפּ. דאָס ערשטע מאָל רירט זי אָן אַ סופיט מיט די הענט. די ווענט און דער סופיט זענען איבערגעשריבן מיט דראָבנע, אָנגעפּינטלטע ווערטער, ווי חשבונות אין אַ שפּייז־קראָם אויף אַ שמוציק שטיקל פּאַפּיר. פאַרשיידענע אויפ־שריפטן און אויסקריצונגען זענען דאָ פאַראַן. איינס אַריין אינעם תחום פון צווייטן. אַ ברודער־קבר, אין וועלכן די קערפּערס רירן אָן איינער אין דעם צווייטן. די פּריִערדיקע, וועלכע זענען דאָ געוועזן, האָבן אַזוי אַרום נאָך זיך געוואָלט איבערלאָזן אַ זכר: די אויפשריפט אויף די ווענט פון „דולאַג".

לעבן אָרט, ווו דאַניעלאַ זיצט, איז אויסגעקריצט — סימעטריש, מיט טאַלאַנט — אַ מצבה. אין דער מיט פון דער מצבה — אַ מגן־דוד, מיט אַן אויפגעמאָלטן בוים. דער בוים הענגט אַראָפּ, אַן איבערגעבראָ־כענער פון זיין שטאַם. פון אונטן, אַ שורה נעמען, אַלע כמעט אינעם

זעלבן עלטער, ווי אַ חברים־גרופּע פון איין שול־קלאַס. אַלע פון איין שטעטל.

זי האָט אַ ציטער געטון: אפשר וועט זי דאָ אויך געפינען אַן איבער־געבליבענעם צייכן פון האַריין? זי זוכט אויף די ווענט, אויפן סופיט, וועלכער ליגט איבער איר קאָפּ — טויזנטער אויפשריפטן, קליינע און גרויסע; טויזנטער צייכענונגען און מאָנאָגראַמען: אויף יידיש, פּויליש, העברעיש, דייטש. איינער לאָזט איבער אויף דער וואַנט אַ בריוול צו זיינעם אַ ברודער; אַ צווייטער געזעגנט זיך מיט אַ מוטער; אַ דריטער — מיט אַ געליבטער; איינער שרייבט אַ ליד, אין וועלכער ער באַוויינט די לאַנגע, געפלאָכטענע צעפּלעך פון זיין קינד, וועלכעס ער וועט מער נישט זען; אַ צווייטער בעט מחילה ביי זיין פאָטער, וועלכן ער האָט נישט געגנוג אונטערגעשטיצט אינעם געטאָ. און אַלע אויפשריפטן ענדיקן זיך מיט דעם זעלבן:

„געדענקט צו נעמען נקמה!“

אַ ים פון נעמען און אויפשריפטן. פרויען־נעמען און מענער־נעמען. אַזעלכע וואָס האָבן געשריבן זייער צוואה גרופּנווייז, און אַזעלכע וואָס האָבן אויסגעקריצט זייער נאָמען ביחידות. אַן אָנגעשטאָפּטער בית־עולם. יעדער נאָמען — אַן איבערגעריסן לעבן; אַ טראַגעדיע פון אַן איינצלנעם מענטש און פון דעם אַלגעמיינעם באַשעפעניש וואָס רופט זיך מענטש.

זי זוכט צווישן די אויפשריפטן, ווי מען זוכט אַ קערפּער אין אַן אַנטדעקטן, אויפגעגראָבענעם מאַסן־קבר. די סקעלעטן שווינדלען פאַר דיינע אויגן. אין יעדן איינעם פון זיי קענסטו פּלוצלינג דערקענען דיינס אַ ברודער.

זי קניט אויף אירע פיס, זוכט האָפענונגסלאָז מיט די אויגן: אַ ים פון נעמען. אַ תהום — וואָס אין זיין טיף, איז האַריס נאָמען איינגעזונקען. שטיל איינגעזונקען. פאַרלוירן געגאַנגען, און נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין שפור.

דורך די פאַרגראַטעוועטע האַלב־פענצטער קוקן אַריין שפּיצן־הייזער פון די אַרומיקע אַרישע גאַסן; גאַסן ווו עס האָבן אַמאָל געוווינט בלויז ייִדן. היינט וווינען דאָרט פּאָליאַקן. די ייִדן געפינען זיך אָדער אינעם „דולאג“, אָדער אינעם געטאָ, ווו זיי וואַרטן אויף זייער ריי צום „דולאַג“.

די וועלט אינדרויסן שלאָפט נאָך, כאָטש דער נייער טאָג האָט שוין אויפ־געשיינט. נאָר דאָ, הינטער די אייזערנע גראַטעס פון די האַלב־פענצטער, טראַכט מען נישט און מען געדענקט נישט, צי עס איז אינדרויסן אַ זומער־טאָג אָדער אַ ווינטער־טאָג; צי פאַלט אַ שניי אָדער אַ רעגן. מען קוקט בלויז אויף דעם נייעם, אויפגייענדיקן טאָג און מען טראַכט: וואָס וועט ער מיט זיך ברענגען? וואָסערע איבערלעבונגען טראָגט ער מיט זיך פאַר די, וועלכע קוקן צו אים אַרויס פון הינטער די אייזערנע קראַטן פון די „דולאַג״־פענצטער.

איבער די זאַמל־זאַלן פון „דולאַג״־הויז, אויף די שטאָקן און אויף די טרעפּ, דרייען זיך אָן אַ שיעור מיידלעך, אַזעלכע וואָס מען האָט זיי דאָ אַהערגעבראַכט צוזאַמען מיט דאַניעלאַן און אַזעלכע וואָס מען האָט זיי שפּעטער געבראַכט פון די אַרומיקע געטאָס. דאַניעלאַ דרייט זיך צווישן זיי פון איין שטאָק צום צווייטן. זי זוכט אַ באַקאַנט פּנים, אפשר וועט זי געוווויר ווערן עפּעס נייעס; אפשר רופט מען אויס נעמען פון אַזעלכע וואָס דער שאַפּ נעמט זיי צוריק אַרויס פון „דולאַג״ ווער ווייסט? אפשר? דאָ קען אַלץ פּאַסירן.

דער טויט מאָלט דאָ אויס פאַנטאַזיעס ווי דער ווינטער זיינע בלומען אויף פראָסטיקע שויבן.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# צו די וואַגאָנעס

ביים אַרויסגאַנג צום הויף האָט דאַניעלאַ באַמערקט פעלאַן. פעלאַ שטייט און שמועסט מיט אַן אָרדנער.

פעלאַ איז אָנגעטון עלעגאַנט ווי שטענדיק. קענטיק אַז פעלאַ איז נישט געלעגן ווי אַלע אינעם שמוציקן שטרוי. אירע האָר־פּאַליעס זענען אין אָרדענונג, נישט צעשויבערט; איר מאַנטל נישט צעקנייטשט. נאָר איר פּנים קוקט נישט אויס צו זיין אַזוי האָפערדיק ווי תמיד. דאַניעלאַ שטייט פונדערווייטנס. זי וויל נישט שטערן פעלאַן אין מיטן פון איר געשפּרעך. פעלאַ באַמערקט זי, פעלאַ גייט צו איר צו. אויף אירע ווייסע ציין באַווייזט זיך אַ מידער, ביטערער שמייכל:

— נו, דאַניעלאַ, זענען מיר, הייסט עס, אינעם „דולאַג“, האַ?...

— דו האָסט אויך נישט קיין אויסזיכטן אַרויסצוקומען פון דאַנעט? דו ביסט דאָך אַן „אייגענע“ אויף דער אָרדענונגס־דינסט, דו האָסט דאָך אַ קאַרטע פון יודענראַט? — וווּנדערט זיך דאַניעלאַ.

אַ קאַרטע פון יודענראַט, טראַכט פעלאַ. נישט איינמאָל האָט מען איר דאָרט געזאָגט: „פעלאַ, דו האָסט אַ צו־גרויס מויל“... פעלאַ, דיין מויל וועט דיר קיין גוטס נישט ברענגען...“

— דאַכט זיך, אַז איך האָב נישט קיין גרויסע שאַנסן — זאָגט פעלאַ.

— אויב מאָניעק האָט מיך אַרויפגעשטעלט אויף דער ליסטע, איז אַ סימן, אַז ער וויל פון מיר פּטור ווערן. איך האָב מיך, ווייזט אויס, אים שוין צוגעגעסן...

דאַפּיעלאַ וויל עפּעס זאָגן. זי זוכט אַ פּאַסיק טרייסט וואָרט, נאָר פּעלאַ רייסט איר איבער:

— איך גיב מיך נאָך נישט אונטער. איך געהער נישט צו די וועלכע לאָזן באַלד אַראָפּ ווי אַ הינדל די פליגעלעך. איך וועל שוין וויסן ווי אַזוי מיך אָפּצורעכענען מיט דער יודענראַט־חברה! זיי וועלן נישט זיצן אין דער היים, פרעסן און זויפן, און מיך וועלן זיי שיקן אַרבעטן פאַר די דייטשן! זיי רויִק, דאַניעלאַ. דער יודענראַט ווערט נאָך נישט פון מיר אַזוי שנעל פּטור. מאָניעק מאַטראָז וועט מיך נאָך האָבן גוט צו געדענקען. קודם־כל לאָמיך נאָר פון דאַנען אַרויסקומען! נאָר אויב, חלילה, איז מיר באַשערט צו גיין איצט אינעם לאַגער, וועל איך מיר דאָרט אויך אַן עצה געבן. שאַדט נישט, איך וועל דאָרט נישט פאַרלוירן גיין. איך וועל אָנ־ווענדן אַלע מיטלען, אַז איך זאָל מיך נאָך קענען, ביי מיין לעבן, צוזאַמענ־טרעפן מיט מאָניעקלען. נאָר דעמאָלט, זאָג איך דיר, וועט צו אים זיין אָך־און־וויי! קענסט דיך פאַרלאָזן אויף מיר...

פּעלאַ האָט פאַרמאָגט אין זיך אַזעלכעס וואָס האָט געשאַפן אַרום איר זיכערקייט. אַפילו אין די שווערסטע סיטואַציעס האָט פון איר גע־שפּרודלט אַן אינערלעכע פעסטקייט; אַ מענערישע שטאַנדהאַפטיקייט. כאָטש דאַניעלאַ האָט ביז היינט נישט ווייניק סכנות איבערגעלעבט, און אָן ספק אַ סך מאָל מערער געזען דעם טויט פאַר די אויגן ווי פּעלאַ, פונ־דעסטוועגן האָט זי זיך געפילט אין פּעלאַס אָנוועזנהייט ווי אַ קליין קינד, וואָס טוליעט זיך צו דער זייט פון אַ דערוואַקסענעם בשעת אַ בייזער הונט באַפאַלט עס אין וועג. אינעם האַרצן האָט דאַניעלאַ זיך איצט גע־ווינטשן, אויב ס׳איז איר גורל אַוועקגעשיקט צו ווערן אינעם אַרבעטס־לאַגער, זאָל דאָס כאָטש זיין צוזאַמען מיט פּעלאַן. אויב עס זאָל פּעלאַן געלונגען איצט אַרויסצוקומען פון „דולאַג״, וואָלט זי, דאַניעלאַ, זיך גע־פילט טאָפּלט פאַריתומט. דאַקעגן, דאָס צוזאַמען זיין מיט פּעלאַן פאַר־לייכטערט איר איבערצוטראָגן די שרעק. אַפילו דאָרט, אינעם אַרבעטס־לאַגער, וועט איר לייכטער זיין, אויב פּעלאַ וועט זיך געפינען לעבן איר.

זי האָט פלוצלונג דערפילט אַ בושה אינעם האַרצן פאַר דעם מיאוסן, עגאָיסטישן געדאַנק, און כדי אים צו פאַרשרייען אין זיך, האָט זי געזאָגט:

— פּעלאַ, איך בין גרייט דיר צו געבן מיין שאַפּ־קאַרטע. אפשר

וועסטו דיך קענען אַרויסראַטעווען. דו האָסט דאָך פּראָטעקציע, און דיין קאַרטע האָט דער דייטש צעריסן...

— אָ, ס'אַראַ נאַריש קינד דו ביסט! דאָ האָבן אַלע גוטע זאָנדער־קאַרטן. מיינסט טאַקע, אַז גוטע שאַפּ־קאַרטן וועלן עפּעס העלפן? נאַיִוו קינד וואָס דו ביסט!

— איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט זיכער קענען דערמיט עפּעס אויפטון.

— מיך קענען זיי דאָ צו גוט — האָט פעלאַ סיי געשמייכלט און סיי מיט אַ טיפן ווייטיק געזאָגט. — מיין נאָמען איז זיי באַקאַנט, און זיי ווייסן, אַז איך האָב נישט געאַרבעט אין קיין שום שאַפּ. זיי ווייסן אַלץ. איבער־ריקנס, האָט אַן אָרדנער אויפן הויף פון דער מיליץ מיר געזאָגט, אַז דאָס איז עפּעס, אויסנאַמסווייז, אַ ספּעציעלע, שטרענגע „אַקציע". דאַכט זיך, אַז מיר זענען אַריין אין דער פּאַסטקע...

זי האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דאַניעלאַס אַקסל שווייגנדיק און געטריי. ביידע זענען אָט אַזוי, געאָרעמט, אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ צו די זאַמל־זאַלן.

אַרויפגייענדיק אויף די טרעפּ האָט דאַניעלאַ מיט אַן איינגעהאַלטע־נער, טרערנדיקער שטימע געזאָגט:

— פּעלאַ, לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען... איך בין אַזוי שרעקלעך איינזאַם...

— נאַרעלע, ווער איז דאָ נישט איינזאַם? — האָט פעלאַ פעסטער געדריקט דאַניעלאַן צו איר זייט.

⁂

אויף איינעם פון די באַלקאָנען, נישט ווייט פון „דולאַג" האָט אַ פאַמיליע זיך אויסגעזעצט אַרום טיש צום פרישטיק־מאָל. די פרוי האָט איינגעגאָסן פון אַ ווייס, פּאָרצעלייענער קרוג אין די אויסגעשטעלטע שאָלן, דאָס ערשטע פאַרן מאַן, דערנאָך פאַר די איבעריקע אַרומזיצנדיקע. די ווייסקייט פון דעם קרוג האָט זיך בלענדנדיק געשפּיגלט אין דעם העלן ליכט פון לויטערן פרימאָרגן. דאַניעלאַ איז געשטאַנען לעבן

פענצטער. איר קאָפּ איז געווען צוגעדריקט צו דעם אייזן פון די קראַטן-פלוצלונג —

אויפן טראָטואַר פון אַ דערנעבנדיקער גאַס, אַנטקעגן איבער דעם „דולאַג״, איז ווי פון דער ערד פּלוצלינג אַרויסגעוואָקסן — וועוקע.

ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבן יידן נאָך געמעגט גיין דאָ, אויף די גאַסן לעבן „דולאַג״. היינט טאָר דאָ קיין ייד נישט צוקומען. עס איז בפירושער לעבנס־געפאַר.

וועוקע שפּיזט אַרויף אָנגעשטרענגטע בליקן צו די פענצטער פון „דולאַג״. לעבן זיינע פיס שטייט אַ גרויסער קויש מיט הילצערנע שיך־קאָפּעטעס — אָן אויסרייד, אַז ער פירט דאָס אַוועק פאַרן שוסטער־שאַפּ. דאַניעלאַ האָט נישט געוווּסט וואָס זי זאָל טון: וועוקע קוקט צו איר, גלייך צו איר אין די אויגן. און זעט זי נישט צוליב די געדיכטע קראַטן.

זי איז אַוועקגעלאָפן רופן פעלאַן.

— אפשר האָט וועוקע געבראַכט אַ גוטע בשורה?... אפשר וויל ער אַ וויכטיקע זאַך איבערגעבן?... דאָס איז דאָך אָן ספק עפּעס אַ וויכטיקע זאַך. אַ מענטש וועט דאָך נישט סתם איינשטעלן דאָס לעבן און קומען אַהער צום „דולאַג״. נאָר ווי אַזוי קען מען זיך פאַרשטענדיקן מיט אים?... ווי אַזוי גיט מען צו אים אַ צייכן פון אַזאַ ווייטן מהלך? — האָט דאַניעלאַ אָן אויפהער געוואָרפן פון זיך די ווערטער.

פעלאַ פּרוּווט רופן, פייפן — נאָר אָן דערפּאָלג. עס איז אַ סכנה די דייטשע וואַך זאָל עס נישט באַמערקן. וועוקע דרייט זיך נערוועז, קען נישט איינשטיין במנוחה אויף זיין אָרט. דער קויש מיט שיך־קאָפּיטעס שטייט לעבן זיינע פיס, אַ שטייגער ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאָ בלויז אויף אַ מינוט אָפּרוען. ער קוקט אין אַלע זייטן צי קיינער זעט נישט, און שפּיזט באַלד דערנאָך ווידער אַרויף, בגנבה, זיינע אָנגעשפּיצטע בליקן צו די אייזן־פאַרקראַטעוועטע „דולאַג״־פענצטער. פון אַזאַ מרחק איז אָבער נישט מעגלעך ער זאָל זען אַ פּנים הינטער די געדיכטע קראַטעס, אָדער הערן דעם ציטערדיקן איינגעהאַלטענעם רוף וואָס קומט פון דאָרט אַרויס.

פעלאַ האָט רעזיגנירט:

— וועווקע וועט דאָ גאָרנישט קענען העלפן. ער איז אַוודאי געקומען דיך בלויז זען. אפשר וויל ער זיך געזעגענען מיר דיר, דער טיפּש?

דאַניעלאַס אויגן ווערן פול מיט טרערן. אינעם האַרצן לויפט איבער אַ הייסע כוואַליע: „דער טיפּש"...

וועווקע דרייט זיך אויפן טראָטואַר. ער קען זיך קיין אָרט נישט געפינען. קענטיק, אַז ער איז שטאַרק נערוועז, אַנגעשפּאַנט. נאָר ער רעזיגנירט נישט. אַז עס גייט אַדורך אַ דייטש, כאַפּט וועווקע דעם שווערן קויש, שלעפּט אים אַרויף אויף די ברייטע פּלייצעס, מאַניפּולירט מיט אַרויפגעהויבענע הענט איבערן קאָפּ, אַ שטייגער, ווי ער וואָלט געזוכט פּאַרן קויש שיך־קאָפּעטעס אַ גוטע פּאָזיציע צווישן זיינע אַקסלען. ווי נאָר דער דייטש האָט זיך דערווייטערט, לאָזט וועווקע באַלד צוריק אַראָפּ דעם שווערן קויש אויף דער ערד, שפּיזט ווידער אָן זיינע אויגן צו די אייזערנע קראַטעס פון „דולאַג"־פּענצטער. זוכט, זוכט.

וועווקעס דערשיינען לעבן „דולאַג" פּילט איצט אָן דאַניעלאַס האַרץ מיט אויפברויזנדיקע געפילן. עס קוועלט אין איר אַ טרערנדיקע, ווייטיק־לעכע פרייד. עס איז גוט אין דער איצטיקער מינוט צו זען, אַז עמעצער, אינדרויסן, אויסער די אייזערנע קראַטעס, געדענקט דיך. אַזוי פיל מייד־לעך געפינען זיך דאָ אינעם „דולאַג", יחסנטעס און פּראָטעקציע־קינדער. צו קיינעם איז מען נישט געקומען, נאָר בלויז צו איר. עס נעמט איר אַרום אַ געפיל פון אַן אויגנבליקלעכער אויסדערוויילטקייט, און אָט דער געפיל לייטערט איר ווי. אַפילו אויב וועווקע איז בלויז געקומען זיך מיט איר געזעגענען, פילט זי זיך אויך דערהויבן. זי וואָלט אָבער איצט געוואָלט נאָר איין זאַך: קענען אים וואָס שנעלער געבן אַ צייכן, אַז זי זעט אים, זי זעט אים! און זאָל ער שנעל אַוועקגיין פון דאַנען! מיט דעם שטיין דאָרט, שטעלט ער איין דאָס לעבן און איז אין אַ גרויסער סכנה. דער קויש שיך־קאָפּעטעס איז מער נישט ווי אַ בלויזער אויבערפלעכלע־כער אויסרייד. ביי אַן אויספאָרשונג אין געסטאַפּאָ, וועט ער פאַר אזאַ שווינדל באַשטראָפט ווערן מיט טאָפּלטע יסורים. זאָל ער שוין אַוועקגיין!

ווען זי וואָלט כאָטש געקענט צו אים אַרויסשטעקן אַ האַנט! כאָטש שטומערהייט אים געבן אַ צייכן: זי זעט אים! און זאָל ער וויסן, אַז זי, דאַניעלאַ, בעט אים ער זאָל שוין אַוועקגיין, כאָטש מיט וועווקעס אַוועק־

גיין פילט זי ווי דער לעצטער פאָדעם, וועלכער האָט זי ערשט באַהעפט מיט דער וועלט, ווערט איצט איבערגעריסן. אייגנטלעך וואָלט זי געוואָלט, אַז וועווקע זאָל דאָרט שטיין אייביק, זי זאָל אים קענען אָט אַזוי זען אָן אויפהער. דאָס קוקן איצט אויף וועווקען פילט אָן איר גאַנץ וועזן מיט אַ ציטער פון צוריק אויפגעוואַכטן היים־געפיל: פאַראַן נאָך עמעצער וואָס געדענקט זי! אָ, זי וואָלט אים איצט געוואָלט דאַנקען דערפאַר! זי וואָלט געוואָלט, אַז ער זאָל כאָטש וויסן וואָס דאָס באַטייט פאַר איר, און וואָס איר האַרץ פילט איצט צו אים. נאָר זאָל ער שוין אַוועקגיין! שנעלער, וואָס שנעלער, זאָל ער אַוועקגיין...

— אַלע אַראָפּ אויפן פּלאַץ!... אַלע אַראָפּ אויפן פּלאַץ!...

דאָס געשריי טראָגט זיך איבער אַלע זאַלן, איבער אַלע שטאָקן, איבער די טרעפּ, ווי מען וואָלט דעם „דולאַג״ געטרייסלט פון אַ טיפן שלאָף. אָרדנער לויפן און שרייען:

— אַלע אַראָפּ!... שנעלער!... שנעלער!...

דער „דולאַג״־פּלאַץ איז אַרומגערינגלט מיט געסטאַפּאָ און שופּאָ־פּאָליציי. די מיידלעך ווערן אויסגעשטעלט אין רייען. מען ציילט, מען רופט אויס פון אַ ליסטע די נעמען, צי אַלע זענען דאָ. די מיידלעך שטייען אין אויסגעשטעלטע שורות און ציטערן. ציין קלאַפּן אָן ציין. אַן אימה נעמט אַרום דעם פּלאַץ. אַ שטייגער, די אַקציע וואָלט זיך ערשט איצט אָנגעהויבן.

פעלאַ זאָגט שטיל, ווי צו זיך:

— איצט איז אַלץ פאַרלוירן...

דאַניעלאַ דערפילט ווי דער שוידער לויפט איבער אירע פּלייצעס. „איצט איז אַלץ פאַרלוירן...״

די צאָל שטימט. געסטאַפּאָ־לייט נעמען אַראָפּ די מאַשין־ביקסן פון די אַקסלען. עס הערט זיך אַ געקלאַפּעריי פון שטאָלענע צינגלעך — זיי פּרוּוון אויס פאַר די אויגן פון די מיידלעך צי די אויטאָמאַטן זענען גרייט צום שיסן. עס גייט אויף דער ריח פון עפּעס שוידערלעכעס:

צי איז איצט דער סוף? — — —

דער טויער פון „דולאַג״ עפנט זיך ברייט אויף: שורות מיידלעך, זעקס אין דער ברייט, שטייען אויסגעשטעלט מיטן פּנים צום געעפנטן

טויער, שטייען און וואַרטן אומבאַוועגלעך. דער אָטעם פֿאַרהאַקט. דער טויער צום טויט איז אָפֿן. באַלד וועלן זיך הערן די שאָסן. דאָס לעבן האַלט איין דעם אָטעם. דאָס לעבן שטייט און וואַרט —

— מאַרש!...

מען אָטעמט אָפּ. דאָס צאַפּלדיקע האַרץ ווייסט נאָך נישט צי עס זאָל זיך פֿרייען אָדער ווייטער זיך שרעקן. נישטאָ קיין צייט צו באַשליסן.

די שורות מאַרשירן.

וווהין?

צו דער באַן, מסתמא.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

# דורך יידישע גאסן

אויף די טראָטואַרן האָבן מענטשן שפּאַצירט פראַנק און פריי. אַ סך פון זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן ווי מען פירט געכאַפּטע „יזדישקעס" אין מיטן שאָסיי. אַנדערע האָבן געקוקט מיט שמייכלדיקער חניפה אין די אויגן פון די דייטשן, וועלכע טרייבן־אָן די געכאַפּטע און רינגלען זיי אַרום מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אין די הענט.

אַמאָל האָבן אויף די זעלבע גאַסן געוווינט בלויז יידן. זיי, די יידן, האָבן געבויט די הייזער און באַוווינט זיי. איצט וווינען דאָ פּאָליאַקן — די זעלבע פּאָליאַקן, וועלכע זענען פאַרן קריג געווען פייערדיקע פּאַטריאָטן, געשריגן: „די יידן פאַרקויפן אונדזער לאַנד צום שונא!" נאָר באַלד ווי די דייטשן זענען אָנגעקומען, זענען די זעלבע פּאַטריאָטן איבערנאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „פאָלקס־דויטשן". אַ סך פון זיי טראָגן איצט מיט שטאָלץ אין דער קלאַפּע פון זייערע מאַנטלען דעם צייכן פון דער היטלער־פּאַרטיי, און בשכר זה האָט יעדער פון זיי באַקומען אַ יידישע וווינונג, אָדער אַ יידיש געשעפט.

אַ סך פון די מיידלעך, וועלכע האָבן פריער געוווינט אויף די גאַסן, דורך וועלכע מען פירט זיי איצט אַדורך, קוקן אַרויף צו די פענצטער, ווו זיי האָבן אַמאָל געוווינט, צו די באַלקאָנען, אויף וועלכע זיי זענען אַמאָל געזעסן. פון דאָרט קוקן צו זיי צוריק לאַכנדיקע פּנימער פון פּוילישע שיקסעס. די אויגן פון די געפירטע מיידלעך בלאָנדזשען פאַרשעמטע איבער די ווענט פון די הייזער .זיי געזעגענען זיך מיט זיי.

דאָ, אין די הייזער, זענען זיי געבוירן געוואָרן. דאָ, אויף די גאַסן, האָבן זיי זיך געשפּילט קליינערהייט. פון אָט די טויערן זענען זיי אַרויס־געגאַנגען יעדן פרימאָרגן אין די שולן אַריין. דאָ איז געשטאַנען זייער וויג. דאָ האָבן זיי געשפּינען גאָלדענע חלומות...

יעדער שטיין דאָ דערמאָנט עפּעס. יעדעסביימל איז דאָ אַ געדעכע־ניש, נישט אויף איין בוים דאָ איז אויסגעקריצט אַ האַרץ, דורכגעשטאָכן מיט אַן אַמאָר־פייל, און דערלעבן — אויסגעקריצטע איניציאַלן פון אַ פאַרליבטן שול־חבר.

אונטער אָט־דעם הימל זענען זיי געוואָקסן און געפילט צו אים דאָס זעלבע, וואָס עס פילן קינדער אויף דער גאַנצער וועלט צו דעם הימל אונ־טער וועלכן זיי וואַקסן. איצט מאַרשירן זיי אויפן זעלבן שאָסיי, אַרומגע־רינגלטע פון פרעמדע, אומבאַקאַנטע מענטשן, מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אין די הענט, וואָס זייער פּנים האָבן די מיידלעך קיינמאָל נישט געזען; זייער כבוד האָבן זיי קיינמאָל נישט באַליידיקט.

די פרעמדע פירן זיי איצט אַוועק פון דאַנען.

וווּהין?

פאַרוואָס?...

דאַניעלאַ האָט נישט געוווינט אויף די גאַסן. זי איז דאָ נישט געבוירן געוואָרן. צו איר רעדן נישט די פענצטער און באַלקאָנען מיט דער שפּראַך פון אַן אַוועקגעריסענער היים. איר דערמאָנט עס בלויז די צייט ווען זי האָט מאַרשירט, צוזאַמען מיט אירע שול־חברטעס, איבער די קאָנגרעסיער גאַסן. דעמאָלט האָבן אויך פון אָפענע פענצטער אַרויסגעשטעקט קעפּ. נאָר דאָס זענען געווען קעפּ פון עלטערן, פון מאַמעס, פון שוועסטער, פון ברי־דער. זיי האָבן געפּאָכעט מיט ווייסע טיכלעך:

„אַנגענעמע רייזע!...“

„פיל פאַרגעניגן!...“

פון אַ זייטיק געסל קומט אָן צולויפן איינער מיט אַ גרויסן קויש שיך־קאָפּעטעס אויף די אַקסלען. ער שאַרט זיך לעבן די ווענט פון די הייזער, כדי זיך נישט אָנצושטויסן אין די צושויער, וועלכע קוקן מיט הנאה צו דער „פּראָצעסיע“ אינמיטן שאָסיי. זיינע פיס האָפּסלען אונטער, ווי זיי וואָלטן זיך געבראָכן אונטער דער שווערער משא וואָס ער טראָגט

אויף די פּלייצעס. מיט איין אויסגעשטרעקטער האַנט, אַרויף צום קאָפּ, האַלט ער דעם עק פון קויש, און מיט דער צווייטער האַנט — אַ פולע, אָן אָפענע, מיט אויסגעשפּרייטע פינגער, — ווישט ער אָן אויפהער דאָס פּנים פון אַראָפּגעדריקטן קאָפּ צו דער ערד, ער ווישט די נאָז, די אויגן, כדי דער טרערנדיקער נעפּל זאָל אים נישט שטערן צו זען. זיין האַנט און נאַקן זענען אָנגעשפּאַנט, אַרויסגעצויגן פון אונטער דעם דריקנדיקן קויש, ווי דער האַלדז פון אַ פערד בשעתן ציִען אַ שווערן יאָך. די אַרויפגעהויבענע בליקן פון אַראָפּגעדריקטן קאָפּ זוכן נערוועז, פינטלענדיק, און בגנבה, צווישן דער מאַסע מיידל־קעפּ, וועלכע מאַרשירן אינמיטן שאָסיי.

דאַניעלאַ באַמיט זיך צו כאַפּן זיין בליק. זי וויל ער זאָל זי דערזען. זי ווייסט, אַז וועוורקע לויפט איצט נאָך דעם „טראַנספּאָרט" צוליב איר. אפשר האָט ער איר עפּעס צו זאָגן אין דער לעצטער מינוט? וואָס קאָן וועוורקע איר איצט וועלן זאָגן? עפּעס וויכטיקס? אָדער אפשר איז ער בלויז געקומען זיך געזעגענען מיט איר? „דער טיפּש"... פעלאַ קאָן נישט וועוורקען. פונוואַנען זאָל פעלאַ וויסן סאַראַ מענטש וועוורקע איז? ער זוכט זי. ניין! זי וועט צו אים נישט געבן קיין צייכן. זי קאָן אויף אים ברענגען אַן אומגליק. ער זוכט זי. זי זעט עס. נאָר זיין טרערן־פאַרנעפּלטער בליק קאָן זיך בשום אופן נישט צוזאַמענטרעפן מיט אירע אויגן.

די ערשטע שורות זענען אַריין אינעם וואַקזאַל־הויז. וועוורקע בלייבט שטיין לעבן אַ וואַנט פון אַ הויז. ער האָט זי נישט געזען. פונדערווייטנס האָבן צו איר, פון איבער דער קעפּ־כוואַליע, צוריקגעקוקט די ווייסע שיך־קאָפּעטעס פון אויפגעהויבענעם קויש, ווי דער מאַסטבוים פון אַן אונטער־גייענדיקער זעגל־שיף.

וועוורקע האָט זי נישט געזען. וואָס האָט ער איר געוואָלט זאָגן?

**
*

פונדרויסן איז דער צוג געווען באַמאָלט מיט גרויסע דייטשע אותיות:
„רעדער ראָלען צום זיג!"

אַ ספּעציעלער צוג איז געוואָרן צוגעגרייט פאַר די מיידלעך פון דער ביינאַכטיקער „אַקציע". אַ סך רעלסן, וואַגאָנען, לאָקאָמאָטיוון. אַראָפּגע־

בויגענע קעפּ פון קאָנדוקטאָרן קוקן מיט לאַכענדיקע פּנימער אויף די שטייענדיקע מיידלעך, וואַרפנדיק שופלעס קוילן אינעם געעפנטן מויל פון לאָקאָמאָטיוו. געדיכטע קנוילן רויך — ווייסע, שוואַרצע, מיט פונקען באַשפּריצטע — רייסן זיך אַרויס פון די קוימענס. רעדער ראָלן צום זיג!

אָן אַ שיעור לאָקאָמאָטיוון... אָן אַ שיעור לאַכנדיקע פּנימער... אָן אַ שיעור קוימענס... דאַניעלאַ קוקט. עס שווינדלט איר פאַר די אויגן. אַלץ טאָפּלט זיך. מערער און מערער. צענפאַכיק, הונדערטפאַכיק, טויזנטפאַכיק... אַלע יאָגן זיך נאָך איר. באַלד וועלן זיי זי כאַפּן...

זי ציטערט אויף. אָט דאָס בילד האָט זי דאָך שוין אַמאָל געזען. ממש דאָס זעלבע... די זעלבע לאָקאָמאָטיוון... די זעלבע לאַכנדיקע פּנימער... דאָס זעלבע שרעק־געפיל... אַלץ, אַלץ, ממש דאָס זעלבע!...

זי ווייסט בלויז נישט: צי האָט זי דאָס דעמאָלט געזען אויף דער וואָר, און איצט חלומט זי אַ קאָשמאַרן חלום, אָדער פאַרקערט.

ווער קאָן לייענען די שריפט, וואָס אַ געהיימע האַנט שרייבט אַמאָל אויף דער וואַנט פון אונדזערע חלומות?

דייטשן, פרויען און מענער, „פרוילינס", רייכס־דויטשן און פאָלקס־דויטשן, פילן־אויס דעם וואָקזאַל, איילן זיך, יעדער צו זיין צוג, יעדער צו זיין היים, יעדער צו זיינע געשעפטן. שיינע לעדערנע וואַליזקעס אין זייערע הענט. אויף אַ סך פון די רייזע־וואַליזקעס זענען נאָך פאַראַן סימנים פון אַראָפּגעריסענע אותיות־איניציאַלן פון די ייִדן צו וועלכע די האַנט־וואַליזעס האָבן פריִער געהערט. אַ סך שטייען און וואַרטן אויף זייער צוג, וועלכער דאַרף ערשט אָנקומען. אַ סך שפּאַצירן אַרויף און אַראָפּ. מוטערס קויפן ביי די סטאַנציע־קיאָסקן זיסוואַרג פאַר זייערע קליינע קינדער. די קינדער זענען אויסגעפּוצט, שיין פאַרקעמט די האָר, מיט אַ לעקעלע אויפן שטערן „אַ־לאַ־היטלער".

פרייהייט. די שענסטע מתנה פון גאָט פאַרן מענטש. פרייהייט — ליב ווי אַ מאַמעס אַ גלעט, ווי אַ ווייטער, אויסגעשפּרייטער פליגל פון אַ טויב. נאָר יענע וועלכע האָבן דיך פאַרלוירן ווייסן דיך אָפּצושאַצן.

אינמיטן דער באַן־סטאַציע שוואַרצט־און־געלבט אַ ים קעפּ פון הונדערטער ייִדישע מיידלעך, צוזאַמענגעקוועטשטע איינע צו דער אַנדערער. אַרום זיי — אַ קייט פון געסטאַפּאָ מיט אויסגעשטרעקטע מאַשין־ביקסן. די

מיידלעך וואַרטן ביז דער ספּעציעל־צוגעגרייטער צוג וועט אַרויפקומען אויף די ריכטיקע רעלסן און וועט זיי אַריינגעמען אין זיך.

דייטשע פרויען גייען דורך לעבן דער צוזאַמענגעקוועטשטער מאַסע מיידלעך, גייען פאַרביי, וואַרפן אַ בליק — און זעצן פאָר דאָס געשפּרעך פון פריער.

דורכגייענדיקע קינדער וויקלען אויף די פּאַפּירלעך פון די געקויפטע צוקערקעס, זיי הייבן נישט אויף די אויגן און קוקן אַפילו נישט צו דער מחנה „ייִדישקעס", וועלכע שטייען אַרומגערינגלטע מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ קלאָרע, פאַרשטענדלעכע דערשיינונג; אַ זאַך צו וואָס זיי זענען שוין צוגעוווינט טאָג־טעגלעך; אַ זאַך וואָס ציט נישט מער אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז נישט מער קיין אַטראַקציע.

אַלע, אַלע שפּאַצירן דורך לעבן דעם צוזאַמענגעקוועטשטן קנויל מיידלעך. זיי מיידן זיי אויס, אַ שטייגער אַ הויפן באַגאַזש וואָלט געלעגן אינמיטן שפּאַציר־וועג פון דער סטאַנציע. דער „הויפן" וואַרט אַז דער צוג זאָל צופאָרן, כדי סטאַנציע־טרעגער זאָגן אים קאָנען אויפלאָדן: ס'איז אַ טראַנספּאָרט סחורה. טאָ וואָס איז דאָ פאַראַן צו קוקן? וואָס איז דאָ פאַראַן אַזעלכעס, וואָס עס איז כדאי דערוועגן צו רעדן? זיי, די דורכשפּאַצירנדיקע, זענען שוין צוגעוווינט דערצו: די זעלבע שרעק קוקט תמיד אַרויס פון די אויגן פון די אַוועקגעפירטע. אַלע מאָל די זעלבע שטומע פּנימער. אַמאָל זענען דאָס פּנימער פון פרויען און אַמאָל פּנימער פון מענער. אַמאָל פּנימער פון קינדער און אַמאָל פּנימער פון זקנים. זיי האָבן דאָס געזען הונדערטער מאָל. זיי קוקן דערויף מיט דער זעלבער גלייכגילטיקייט ווי אָרדענונגס־היטער אין קינאָ־זאַל אויף אַ פילם, וואָס שפּילט שוין חדשים־לאַנג.

באַנען קומען אָן. באַנען גייען אַוועק. די באַוועגונג איז גרויס. דייטשן, דייטשן, דייטשן. זייער שפּראַך פילט אויס די וועלט, קלינגט הויך, קאַנטיקבאַפעלעריש, מאַכט אויפשוידערן דאָס לייב.

דייטשן. פון אַלע עקן פון דייטשלאַנד זענען זיי דאָ אַהער אָנגעקומען. יעדער פון זיי — אַ גאָט. יעדער פון זיי — אַ הערשער איבער דער וועלט.

דער זעלבער הימל. די זעלבע באַנען. די וועלט פירט זיך ווייטער. גאָר ייִדישע מיידלעך, ווי „באַגאַזש" ביי האַנדלס־פּאָרטן, וואַרטן מען זאָל זיי אויפלאָדן.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

# רעדער ראָלן צום זיג

די וואַגאָנעס זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט מיידלעך. זיי זענען געזעסן אויף די בענק און אויפן דיל פון צוג. טירן און פענצטער — אָפּגעשלאָסן. די באַן לויפט — „רעדער ראָלן צום זיג!...״

דאַניעלאַ האָט זיך אַרויסגעבויגן פון איר ווינקל, ווו זי איז געזעסן. זי האָט געקוקט צום פענצטער. אינדרויסן האָט זיך געשפּרייט פאַר אירע אויגן אַ גרינע וועלט. פּלוצלונג, במשך אַן אויגנבליק, זענען די מחשבות אין איר קאָפּ אויסגערונען אין אַ געדיכטן גרינעם נעפּל. אַלץ איז פאַרשוווּנדן אין אַ ים פון גרינקייט און נישט עקזיסטירט מער. נישטאָ מער קיין דייטשן, נישטאָ מער קיין „אַקציע״, קיין געטאָ. די ווירקלעכקייט האָט זיך אָפּגערוקט, מטושטש געוואָרן, און אויסגעגאַנגען דאָרט אויף די אומענדלעכע גרינע קאַרטאָפל־פעלדער, וואָס ציִען זיך און שפּרייטן זיך אָן אַ סוף.

אויפן בלויען האָריזאָנט, ווייט־ווייט, בויגט זיך אַ זוניקער הימל אַראָפּ צו דער ערד, ווי אַ מאַמע מיט פולע אויפגעדעקטע ברוסטן צום מויל פון איר קינד. דער צוג פאָרט, די רעדער קלאַפּן אויף די רעלצן — אַקוראַט ווי דעמאָלט.

— — זי זיצט אין צוג. זי פאָרט. מיידל־קעפּ אַרום איר. ס'איז דער זעלבער צוג פון איר שול־אויספלוג... די זעלבע מיידלעך... די חברטעס

פון איר קלאַס... זיי זעצן איצט פאָר די רייזע... ס׳איז דאָך איר אויסגע־חלומטער שול־אויספלוג — —

ווי אַן איינצעלנער שפּין־פאָדעם, אַ וואַנדערנדיקער אין דער לופט, אַזוי האָט אָט דער געדאַנק אַרויסגעשטראַלט פון איר קאָפּ, געצויגן זיך, געוואַנדלט אין דער לופט, און זיך אַריבערגעוואָרפן ווי אַ זילבערנע בריק פון יענעם שול־אויספלוג־צוג צו דעם איצטיקן צוג. און איבער אָט דער בריק, דין ווי אַן איינצלנער שפּין־פאָדעם, איז איצט געלאָפן איר פאַנ־טאַזיע, היין און צוריק, היין און צוריק.

און עס איז איר געווען ליב דאָס לויפן; אַזוי שרעקלעך ליב און טייער — די אילוזיע...

זי ווייסט איצט פריִער, וואָס עס וועט פּאַסירן אַ רגע שפּעטער. אַלץ פון איצט איז מיט איר שוין אַמאָל געשען; אַלץ אַרום איר איז איצט אויפגעשווומען ווי אַ זאַך, וואָס זי האָט שוין איין מאָל איבערגעלעבט. אַן אָפּגעריסן שטיק פון אירס אַ צווייט לעבן. דעמאָלט האָט אַקוראַט אויך אַזוי פּאַסירט. אָט אַזוי איז זי דעמאָלט אויך געזעסן אין אַ ווינקל פון דער באַן; אָט אַזוי האָט עס אויך אינדרויסן אויסגעזען. אַ מיידל וואָס איז געזעסן לעבן איר האָט דעמאָלט אויך געפרעגט די זעלבע פראַגע: „אינעם צוג איז פאַראַן וואַסער?" „מ׳דאַרף זען". — האָט מען דעמאָלט אויך געענטפערט. דער זעלבער קול. דער זעלבער קאָליר אויף די ווענט פון צוג, און די זעלבע גרינע פעלדער אינעם וואגאָן־פענצטער. אָט באַלד וועלן זיך אַוודאַי באַווייזן פּויערישע הייזקעס... אָט זענען די ביימער —

דאַניעלאַ שוידערט אויף. די זעונג דערווייטערט זיך פון איר, דער נעפּל ווערט קלאָר, דער חלום רינט אויס. די זילבערנע בריק ווערט צוריק דין ווי אַן איינצלנער שפּין־פאָדעם אין דער לופט. אָט זעט זי נאָך דעם פאָדעם, נאָר אָט גייט ער אויס, פאַרשווינדט, ליידיק, בלויז לופט — —

פאַרפירערישער מיראַזש.

דער צוג פאָרט. דעמאָלט איז פרוי העלען, די קלאַס־דערציִערין, גע־שטאַנען ביי איין פענצטער פון וואַגאָן, און דער היסטאָריע־לערער ביים צווייטן פענצטער. ביידע האָבן געגעבן געאָגראַפישע אויפקלערונגען וועגן דעם געזעענעם דורכן פענצטער צו די מיידלעך, וואָס האָבן זיך געשטופּט אַרום זיי. לעבן דער סטאַנציע פון שטעטל יאַבלאָווע האָט דער צוג זיך

פלוצלונג אָפגעשטעלט, פאָרט נישט ווייטער. וויערניק, דער היסטאָריע־לערער, איז געלאָפן מיט אַ כעס געוווּיר ווערן די סיבה. אַלע מענטשן זענען אַרויסגעגאַנגען צום וואָקזאַל־פּלאַץ. דערנאָך האָט וויערניק גע־הייסן אַלע מיידלעך אויך אַרויסגיין. דער צוג איז געשטאַנען אַ ליידיקער מיט געעפנטע טירן. פון דערווייטנס האָט ער אויסגעזען ווי אַ שאָלעכץ פון אַן אויפגעקנאַקטער נוס, ליידיק, אומנוצלעך און אַוועקגעוואָרפן. נישטאָ מער קיין פרייע וועגן פאַר צוגן. מען האָט געוואַרט, אויגן האָבן לעכצנדיק געקוקט צום צוג: ווען וועט מען שוין קענען צוריק אַריינגיין אין אים און ווייטער פאָרן. אפשר איז דאָס דער זעלבער צוג?... דער קלאַס פאָרט ווייטער... ס׳איז גאָרנישט געווען. ס׳האָט גאָרנישט פּאַסירט. דער צוג פאָרט... מען פאָרט ווייטער אויפן אויספלוג קיין קראָקע...

ס׳איז גוט זיך איצט צו טוליען צו דער דאָזיקער אילוזיע, טרינקען דעם סם פון איר ווי זיסן זאַפט.

דאָרפישע כאַטעס שטייען צעשפרייט אויף די פעלדער. אינדרויסן האָט זיך גאָרנישט געענדערט. גרינע פעלדער. די זון שפּיגלט זיך נאָך אַלץ אין די קליינע פענצטערלעך פון די כאַטעס. די רויט־ווייסע שינדלען אויף די שיפּע דעכער זענען אויסגעסדרט, געלייגט מאָזאַיִק־מעסיק, און שטעלן מיט זיך אַרויס גרויסע ציפערן — דער דאַטום ווען מען האָט זיי געבויט. אין יעדער הייזקע וווינט אַ משפּחה. וועגן יעדער משפּחה דאָרט קען מען אָנשרייבן אַ שילדערונג, וואָס קען בלי־ספק איר ברענגען דעם ערשטן פרייז, בשעת דער פייערונג פון ערשטן יאָר־פערטל. אַזוי האָט זי דעמאָלט געטראַכט. זי געדענקט עס, ווי עס וואָלט איצט געשען.

אויף דער צווייטער זייט פון דער פאַרשלאָסענער וואַגאָן־טיר באַווייזט זיך דער קאָפּ פון אַ באַוואָפנטן ס. ס.־מאַן, דער שטאָלענער העלם איז ביי אים אַראָפּגעצויגן ביז צו די אויגן; די געלעכלטע רער פון דער מאַשין־ביקס באַוועגט זיך לעבן זיין קאָפּ. ער שטייט אינדרויסן אויפן ברעט פון לויפנדיקן צוג און היט די מיידלעך פון זיין אָפּטיילונג.

כאַטעס —

פּויערישע כאַטעס. עס איז געווען נאַכט ווען זי איז אַנטלאָפן פון יאַבלאָווער מאַרק. די דייטשן האָבן צוזאַמענגעטריבן אַלע יידן פון שטעטל צום מאַרק. די מיידלעך פון דער פינפטער קלאַס זענען געוואָרן צעשפּרייט.

איינע איז פאַרלוירן געגאַנגען פון דער צווייטער. פרוי העלען האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען: „מיידלעך, נאָר צוזאַמען!...״ ביז זי האָט מער נישט געהערט פרוי העלענס קול. ס׳קול איז ערגעץ פאַרזונקען געוואָרן צוזאַמען מיט פרוי העלען צווישן דער צוזאַמענגעדריקטער מענטשן־מאַסע.

דאָס וואַסער פון דעם פאָנטאַן, אין מיטן יאַבלאָנווער מאַרק, האָט געשפריצט אַרויף צום הימל. די אונטערגייענדיקע זון האָט געפאַרבט די בייטשן וואַסער — אויף רויט. עס האָט אויסגעזען ווי אַ שטראָם בלוט וואָלט געשפריצט פון יאַבלאָנווער מאַרק צו די הימלען. דערנאָך איז די זון אונטערגעגאַנגען. דער הימל האָט זיך פאַרשטעלט מיט אַ שטיק נאַכט די אויגן, כדי ער זאָל דערנאָך זאָגן, אַז ער האָט נישט געזען דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויפן מאַרק אין יאַבלאָנוע. ווי אַזוי האָט זי נאָך געקענט דערנאָך לויפן? ווי לאַנג איז זי געלעגן, אומבאַוועגלעך, צווישן די געשאָסענע? זי איז געלאָפן. זי געדענקט נישט ווו אַהין זי איז געלאָפן, און וויפל צייט זי איז געלאָפן. דער וואַלד איז אויסגעוואַקסן פלוצלונג לעבן אירע פיס. ווען נישט דער רוק־זאַק אויף אירע פלייצעס, און ווען נישט דאָס מעשענע שילדל אויפן טאָג־בוך, וואָס איז געלעגן אינעם רוק־זאַק — וואָלט זי שוין איצט נישט געפאָרן אינעם אַרבעטס־איינזאַץ. דאָס טאָג־בוך ליגט אויפן קאָפּל־אויוון פון „פונקט״. איצט ברויכט זי נישט מער דאָס טאָג־בוך. צו וואָס טויג איר דאָס טאָג־בוך? אַלץ איז איבעריק. אַלץ איז פאַרלוירן. זי וועט מער נישט זיין. קיינער וועט מער נישט זיין. אפשר וועט אַמאָל עמעצער געפינען דאָס טאָג־בוך?

כאַטעס. פויערישע כאַטעס. וואָס וואָלט די מענטשן אין די כאַטעס געאַרט ווען זיי וואָלטן זי דעמאָלט אַריינגעלאָזט? זי וואָלט געאַרבעט פאַר זיי אויפן פעלד. זי וואָלט געטריי געאַרבעט ביז די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן. עס וואָלט איר געווען זיס די אַרבעט. זי איז געלאָפן פון יאַבלאָנווער וואַלד. זי האָט געבעטן הילף. רישאַ מייערטשיק, די בעסטע שילערין אין קלאַס, איז געלעגן אויף דער ערד און אירע אויגן האָבן גערופן: ראַטעוועט מיך! ראַטעוועט מיך!... דאָס בלוט איז גערונען, דורך די אַרבל, פון אירע הענט. זי איז געלאָפן צו די פויערישע כאַטעס בעטן הילף. דער פּאָליאַק האָט געשריגן: „אַ ייִדישקע?! אַרויס!...״ וואָס וואָלט

זיי געשאַדט ווען זיי וואָלטן זי אויסבאַהאַלטן? זי וואָלט פֿאַר זיי געטריי געאַרבעט. זי איז געפֿאַלן צו די פֿיס. זי האָט געקושט די הענט פֿון דעם פּויליש מיידל זי זאָל בעטן ביי איר פֿאָטער, ביי איר מוטער, זיי זאָלן אויף איר רחמנות האָבן, זי נישט אַרויסטרייבן, זי איז דאָך אויך אַ שילערין; אַ שילערין פּונקט ווי זי, פּונקט ווי זי. זי האָט באַנעצט די הענט פֿון פּויליש מיידל מיט טרערן, און דאָס שיקסל האָט זיך געווישט די הענט פֿון דער נאַסקייט, געקוקט דערביי צו איר ברודער און אַרויסגעלאָזט פֿון זיך אַ קוויטשעדיקן, איינגעהאַלטענעם געלעכטער. זי האָט זיך גע־שעמט, וואָס מען קושט איר די הענט. דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן קושט מען איר די הענט און מען בעט ביי איר רחמנות. זי האָט איינ־האַלטנדיק געלאַכט און נישט אויפֿגעהערט צו ווישן אירע הענט ווי פֿון אַן אומרייניער נאַסקייט.

אינדרויסן, אויף די פֿענצטער פֿון די כאַטעס, איז געהאָנגען דאָס בילד פֿון דער הייליקער מוטער איבער אַן אָנגעצונדן נאָפֿט־לעמפּל.

איצט שפּיגלט זיך די זון אין די פֿענצטער פֿון די פּוילישע כאַטעס. אומענדלעכע גרינע פֿעלדער שפּרייטן זיך אויס. דער צוג לויפֿט. וווהין? מיידלעך אויף די בענק און אויף דער ערד. די קעפּ אַראָפּגעלאָזטע. די אויגן פֿאַרשטעקט, ווי עס וואָלט געווען אַ בושה דאָס איצטיקע פֿאָרן אינעם צוג; ווי זיי וואָלטן עס געווען די שולדיקע אין דעם, וואָס מען פֿירט זיי איצט אַוועק.

אָ, ניין! דאָס זענען נישט די קעפּ פֿון די מיידלעך פֿון פֿינפֿטן קלאַס. יענע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפֿן יאַבלאָווער מאַרק. זי האָט דעמאָלט געמיינט, אַז זי האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פֿון טויט. פֿון אַלע מיידלעך איז זי די איינציקע געבליבן לעבן. איצט פֿירט מען זי ווידער. ווידער מיט מיידלעך. וווהין?... אפֿשר ווידער צו אַזאַ מין יאַבלאָוועער מאַרק? איצט שטעלט זיך נישט אָפּ דער צוג אין מיטן וועג. „רעדער ראָלן צום זיג!“

איר האַנט הייבט זיך אויף צו פֿעלאַס אָרעם. ווי זי וואָלט זיך געוואָלט טוליען צו איר און זאָגן: „לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען...“

פֿעלאַ קוקט מיט די אויגן גלייך צו איין פּינטל, מורמלט שטיל ווי צו זיך:

זיי האָבן מיך אַריינגעגנאַרט אינעם „דולאַג״ אַריין, ווי אַ מייזל אין דער לאַפּקע... איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס זיי האָבן מיך געהייסן אַ פּאָר נעכט פריער אַהיימגיין שלאָפן. איך האָב מיך געלאָזט פון זיי כאַפּן ווי אַ פיש אויף דער ווענדקע, ווי אַזוי האָב איך דאָס נישט פאַר־שטאַנען? אויפן הויף פון דער אָרדענונגס־דינסט האָבן זיי מיך באַרויִקט: איצט איז נישט מעגלעך. אין דער איצטיקער רגע קענען זיי גאָרנישט טון. איך זאָל קודם־כל גיין אינעם „דולאַג״ אַריין. פון דאָרט וועלן זיי מיך שוין אַרויסנעמען. אַבראַמעק גלאַנץ גופא האָט עס געזאָגט. ער האָט זיך נאָך אָנגעבייזערט: „וואָס הייסט? דיך, פעלאַ, וועל איך אַוועקשיקן?! וואָס פאַלט דיר איין? דו ביסט דאָך אַן אייגענע. והא ראיה, דו האָסט דאָך אַ קאַרטע פון יודענראַט!״ אָט אַזוי האָבן זיי מיך אַריינגעגנאַרט אינעם „דולאַג״ אַריין...

דאַניעלאַ האָט נאָך ביז איצט נישט געזען אָט אַזוי פעלאַן. זי קען נישט זען דעם צער אויף פעלאַס פנים. פעלאַ האָט זיך אינגאַנצן געענ־דערט. דאַניעלאַ האָט געהאַט אַ געפיל ווי איינער וואָס דרימלט איין ביי־טאָג און ווען ער עפנט ווידער די אויגן זעט ער — נאַכט. נישט די זעלבע פעלאַ. אינעם געטאָ איז פעלאַ געוווינט געווען צו זיין צווישן די מיוחסים. אינעם מיליציע־הויז, ווו זי האָט פאַרבראַכט אין די נעכט, האָט זי אין זיך איינגעזאַפּט דאָס געפיל, אַז זי געהערט צו דער זיכערער „משפחה״. אַזוי ווי די אָרדנער, וועלכע זענען זיכער, אַז זיי וועלן תמיד אַוועקשיקן אַנדערע צום טויט, אָבער זיי וועט קיין שלעכטס נישט פאַסירן. עס איז די זעלבע פעלאַ! דאַניעלאַ שפּירט זיך איצט שטאַנדהאַפטיקער פון פעלאַן. ווי זייערע כאַראַקטערן וואָלטן זיך פּלוצלונג דאָ אינעם צוג איבערגעטוישט. זי וואָלט איצט געוואָלט טרייסטן פעלאַן און זי שטאַרקן. נאָר זי האָט דאָס נישט געטון. ווי דאָס וואָלט באַליידיקט דעם שטאָלץ פון דער אַמאָליקער פעלאַ.

דער קלאַפּ איז אויף פעלאַן געקומען אומגעריכט, טראַכט דאַניעלאַ. איצט, פאָרנדיק אינעם צוג, שפּירט דאַניעלאַ, אַז די שרעק איז אינעווייניק אין איר פאַראַליזירט געוואָרן צוזאַמען מיטן ווייַ. אפשר ווייל דאָס וואָרט „אַרבעטס־איינזאַץ״ איז סיי ווי געהאָנגען טאָג און נאַכט איבער איר קאָפּ ווי אַן עקזעקוציע איבער אַ פאַרמשפּטן; און אפשר ווייל טיף אין איר

האָט דער באַגריף „אַרבעטס־איינזאַץ״ זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט האַריץ. כאָטש זי האָט זיך דאָס געפיל נישט געקענט קלאָר מאַכן, ווייל צי איז דען מעגלעך, אַז דווקא וווהין מען פירט זי איצט אַוועק, וועט זי געפינען האַריץ און זי וועט קענען זיין מיט אים צוזאַמען? פונדעסטוועגן, אין איר אונטערבאַוו„סטזיין האָט אָט דער געדאַנק נישט אויפגעהערט צו פליִצן און איר שלעפּן מיט זיך ווי אַ שטראָם אונטער אַ געדיכטן אייז־שיכט. איינס האָט זי געוווּסט: דער שטראָם ציט אין אַ ים אַריין; דער ים רופט זיך „אַרבעטס־לאַגער״ — און דאָרט געפינט זיך האַרי!

אַלע אַנדערע געדאַנקען און געפילן זענען געשוווּמען ווי לייכטע שפּענער אויף אָט דעם שטראָם.

אויף פעלאַס פּנים איז אויסגעגאָסן אַ וויטיקלעכער יאוש. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי פעלאַן. דאָס טוט איר וויי. ווי דער ווייַ פון דער גאַנצער „אַקציע״ וואָלט זיך איצט אָנגעשפּיצט אין איין פּינטל און זיך קאָנצענטרירט אויף פעלאַס פּנים. דאַניעלאַ קוקט צו איר. זי וואָלט איר געוואָלט זאָגן מיט איר בליק, דאָס וואָס זי קען נישט זאָגן מיט קיין ווערטער. זי וויל אַז פעלאַ זאָל זען איר בליק, און אים פאַרשטיין. נאָר פעלאַ דרייט נישט אויס די אויגן, קוקט גלייך צו איין פּינטל, מורמלט שטיל ווי צו זיך:

„ווי אַ מייזל אין דער לאַפּקע אַריין...״

„זיי האָבן מיך אַריינגענאַרט...״

אַלע מיידלעך פון דער „אַקציע״ זענען סיי ווי געווען פאַרמשפּטע. קיינער וועט סיי ווי נישט בלייבן אינעם געטאָ. קיין שום „זאָנדער״ וועט נישט העלפן. אַלע זענען געווען אָנגעגרייט דערצו. איינע פריִער, איינע שפּעטער. אַ געשפּאָלטענער טעלער. אַז ער צעברעכט זיך, טוט נישט דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק וויי. מען האָט זיך געריכט דערויף. אָבער פעלאַ, פעלאַ האָט נישט געהערט צו די פאַרמשפּטע. פעלאַ איז דאָ אַריינגעפאַלן גערנוויליק, צוליב אַ נאַרישקייט. אויף איר זעט מען בפירוש: אַ לעבע־דיקער מענטש ווערט איצט געפירט צום טויט!

דאָס טוט וויי. דאָס איז אַ שאָד.

פון דרויסן, ביים פענצטער פון וואַגאָן, באַווייזט זיך אַ שוואַרצער

מונדיר־אַקסל. שוואַרץ. שוואַרץ. בלויז דער קליינינקער האַקן־קרייץ אויפן העלם איז — רויט. אַ בלוטסטראָפּן.

דעמאָלט איז ביים פענצטער פון וואַגאָן געשטאַנען די קלאַס־דער־ציִערין. זי האָט גערעדט וועגן גליקלעכן מאָרגן פון דער מענטשהייט — די טעלעוויזיע־צייט. איצט שטייט דאָרט דער שוואַרצער שאָטן פון ס. ס.־מאַן. ביי יעדן פענצטער פון דרויסן שטייט איינער פון זיי. זיי פירן איצט אָן מיטן „שול־אויספלוג״. זיינע אויגן קוקן אַריין צו די מיידלעך. לעבן זיין פּנים באַוועגט זיך די געלעכלטע רער פון דער מאַשין־ביקס, און עס קוקט אויס ווי ביידע — ער און די ביקס — וואָלטן זיך איצט אַוועקגעשטעלט אויפן פּלאַץ פון דער קלאַס־דערציִערין כדי פּאָרצוזעצן דעם אמתן פּירוש און אמתן זין פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

# „אַרבײַט דורך פֿרויִדע"

אַ ווילדער שטח. וויסט און ליידיק. הינטער איר האָבן זיך נאָך געטראָגן די דייטשע געשרייען: ראַוס!... ראַוס!... זי האָט געשפּירט ווי די ביקסן שטויסן דאָרט איבער קעפּ בשעתן אַרויסטרייבן פֿון צוג.

ראַוס!... ראַוס!...

זי האָט מורא געהאַט אויסצודרייען דעם קאָפּ.

פֿון האָריזאָנט ביז האָריזאָנט האָט זיך געצויגן דער וויסטער געלב־לעכער שטח, שוואַרץ־באַפּלעקט — סימנים פֿון אויסגעברענטע שייטערס; אַרויסגעקוילערטע ריזן שטיינער פֿון דער ערד; איבערגעקערטע ביימער־שטאַמען מיט אויסגעטריקנטע וואָרצלען, סטאַרטשענדיקע צו די הימלען, ווי אויסגעצויגענע געלבלעך־ביינערדיקע הענט פֿון געפֿאַלענע ריזן. די וויסטעניש האָט דאָ אַדורכגעשטראָמט ווי אַ ברייטער טייך. בלויז פֿונדער־ווייטנס האָט זיך געצויגן אַ טונקעלער פּאַס פֿון געדיכטע נאָדל־ביימער.

עס האָט אויסגעזען ווי די ביימער וואָלטן אָפּגעשפּרונגען פֿון שרעק און זיך פֿונדאַנען אָפּגערוקט.

די ביקסן זענען צו זיי געווען אויסגעשטרעקט מיט פֿינגער אויף די צינגלעך. די מיידלעך האָבן מאַרשירט, זעקס אין דער ברייט, זעקס אין דער ברייט. דער שטח איז געווען משופּעדיק, ווי באַרג־אַראָפּ. הינטער זיי האָט זיך געהערט דער פֿייף פֿון לאָקאָמאָטיוו. דער צוג פֿאָרט צוריק.

„רעדער ראָלן צום זיג!..."

דאָ איז מער נישט געווען קיין זכר פֿון אַ מענטשלעכן ישוב. דער

איינציקער סימן פון אַ וועלט — די באַן־ליניע, וועלכע האָט זיך געצויגן ביז אַהער — האָט זיך אויך דאָ פאַרענדיקט.

דאָ איז געווען סוף.

ווער האָט דאָ אַרויסגעצויגן די בוים־וואָרצלען פון דער ערד? ווער האָט אַרויסגעריסן די ריזיקע פעלדזן? תוהו ובוהו. ווי גייסטער פון וואָג־לענדיקע נשמות וואָלטן דאָ געווען באַשעפטיקט. מען פילט זיי, כאָטש זיי זענען אומזעבאַר.

מען מאַרשירט שורותווייז, פינקטלעך, זעקס אין דער ברייט. יעדע היט זיך נישט צו בלייבן הינטערשטעליק, נישט אַרויסבויגן זיך, חלילה, פון דער שורה. די רערן פון די ביקסן קוקן ווי שוואַרץ־אַפּלען פון דייטשע אויגן. מאַנכע וואָס האָבן אינעם ווילדן מאַרש פאַרלוירן די שיך פון די פיס, האָבן אַפילו נישט געפּרוווט זיי אויפהייבן. ווי זיי וואָלטן געוווסט, אַז די שיך וועלן פאַר זיי שוין מער נישט נייטיק זיין.

צווישן דיביימער האָט זיך געצויגן אַן אויסגעפלאַסטערטער וועג. עס איז געווען שטיל, שאָטנדיק און פורכטבאַר. מען האָט פאַרגעסן פונ־וואַנען מען קומט. מען האָט פאַרגעסן, אַז עס זענען פריִער געווען יאָרן, אין וועלכע מען האָט געלעבט.

אַ טויער. אין דער הויך, ווי אַ האַלבער בויגן, אַ שילד. איבער דער גאַנצער לענג פון בויגן, דייטשע גאָטישע שריפט:

„פרויען לאַגער".

און אין דער זייט — אַ צושריפט מיט קרייד:

„אַרבייט דורך פרוידע".

**
*

דאָס טויער הינטער זיי האָט זיך צוריק פאַרמאַכט.

די שורות זענען געבליבן שטיין. פון פראָנט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ גרויסער פּ. נָץ. ווייט אַרויף,ביים צווייטן עק פּלאַץ, האָט זיך איבער אָ טייך געצויגן אַ האַלצערנע בריק. דער טייך האָט אַרומגענומען דעם לאַגער ווי אַן אויסגעבויגענע שווערד. דער לאַגער איז געווען אויסגע־פלאַסטערט מיט שטיינער, זאָרגפעליק ריין. ראָז־געפאַרבטע באַראַקן האָבן אַרויסגעקוקט פון זייטיקע וועגן. זיי זענען געווען אַרומגעפלאַנצט מיט

דרויטע בלומען. עס האָט אויסגעזען ווי די באַראַקן וואָלטן אַרויסגעוואָקסן פון רויטער בלומען־ערד. קאָלירטע פאָרהאַנגלעך, שיין געשווירענע מיט שפּיצלעך, זענען געהאַנגען הינטער די באַראַקן־פענצטער, אַ פאַרכישופטע, פאַרביק־געמאָלטע אידיליע. אַ גן־עדן־ווינקל, וואָס עמעצער האָט דאָ פלוצלינג פאַר זיי אויפגעדעקט.

אויף רעכטס איז נאָך געווען ווילד, תוהו ובוהודיק, ווי דאָס אָרט ווו דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. די באַראַקן האָבן דאָרט אויסגעזען ווי פּראָוויזאָרישע קאַמערן, אין וועלכע שאָסיי־אַרבעטער האַלטן זייערע אַרבעטס־כלים. קענטיק, אַז דאָרט ווערט ערשט פאָרגעזעצט דער ווייטערער בוי פון לאַגער. מיט דער צייט וועט דאָרט מסתמא אויך אויסקוקן אַזוי ווי דאָ.

אַ בלוטיקע זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער זייט פון טייך. דער הימל האָט דאָרט געברענט אינעם פלאַם פון דער רויטער שקיעה. אויף דער האָלצערנער בריק איז געשטאַנען אַ דייטשער וואַכמאַן מיט אַ ביקס אויפן אַקסל. די זון האָט געברענט הינטער זיינע פּלייצעס און עס האָט אויסגעזען ווי אַ פייערדיקער געסטאַפּאָ־מאַן וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט פון אַ בלוטיקן פּלאַנעט און שטיין־געבליבן צווישן הימל און ערד.

לעבן איר האָבן מיידלעך זיך געשושקעט:

— האָסט געזען די אויפשריפט? „אַרבייט דורך פרוידע!...“

— איך האָב נישט קיין מורא פאַר אַרבעט. מיך שרעקט נישט אָפּ קיין אַרבעט.

— דאָ, על־כל־פּנים, וועט מען שוין מער קיין מורא נישט האָבן פאַר אַן „אַקציע“ צום „אַרבעטס־איינזאַץ“. פון דעם איז מען שוין איצט באַפרייט...

— איך בין צופרידן, אַז איך בין שוין דאָ. אַבי אַרויס פון גיהנומדיקן געטאָ...

— דאָ איז אַוודאַי זייער ריין. דייטשן האָבן ליב זויבער...

—אינעם געטאָ מיינט מען, אַז אינעם דייטשן לאַגער הרגעט מען מענטשן. האָסטו געזען די שילד איבערן טויער? גאַנץ מעגלעך, אַז די אַרבעט איז דאָ אפשר לייכטער ווי אינעם געטאָ...

— בלויז אַ שאָד, וואָס מען קען דאָ נישט זיין צוזאַמען מיט די פאַמיליעס...

האַרי... אָ, ווען זי וואָלט דאָ געקענט אויסגעפינען האַרין!... ווי נאָר זי וועט זיך באַקענען מיטן לאַגער וועט זי זיך באַלד אָנהייבן צו פאַראינטערעסירן אין דער זאַך. אפשר וועלן זיי קענען אַרבעטן צוזאַמען, דאָ, אין אַזאַ מין לאַגער, וואָלט געווען דאָס פּאַסיקסטע אָרט צוזאַמען איבערצוּוואַרטן דעם קריג. אייביק וועט דאָך די מלחמה נישט געדויערן.

אויף די בענק, וועלכע זענען געשטאַנען ביים טויער, זענען געזעסן די געסטאַפּאָ־לייט — די אָנפירער פון „טראַנספּאָרט". זיי האָבן איצט אויסגעזען גאָר אַנדערש. מענטשלעכער. גאָר נישט אַזוי פּחדימדיק־שרעקלעך ווי פריִער. זענען איצט געזעסן אויף די בענק מידע, ווי טרעגער נאָכן איבערפירן שווערע מעבל־שטיקער אויף אַ הויכן שטאָק אַרויף; ווישן דעם שווייס פון די שטערנס און וואַרטן אויף אַן אונטערשריפט: די סחורה איז געוואָרן צוגעשטעלט אויפן פּלאַץ אומבאַשעדיקט. מאַנכע פון זיי זיצן מיט פאַרלייגטע פיס; די אַראָפּגענומענע שוואַרצע געסטאַפּאָ־קאַשקעטן מיט די „טויטן־קעפּ"־צייכנס ליגן אויף זייערע קני, און זייערע אַנטבלויזטע קעפּ קוקן פּלוצלונג אויס ווי קעפּ פון מענטשן. זיי זענען מיד, און פון זייער מידקייט שלאָגט אַרויס אַ באַהאַלטענער פונק פון מענטשלעכקייט. די מידקייט פאַראייניקט זיי צוזאַמען מיט די מיידלעך פון „טראַנספּאָרט" און שאַפט צווישן די צוויי מחנות אַ געמיינזאַמע, בשותפותדיקע זאַך.

ווייזט אויס, אַז די אַוועקגעשיקטע מענטשן פון געטאָ לעבן אַלע אין די דייטשע לאַגערן — טראַכט דאַניעלאַ.

***

די דייטשע „טראַנספּאָרט"־פירער זענען אַוועק.

שווערע קלעפּ אין אַ גאַנג האָבן זיך פּלוצלינג דערהערט. די קלאַנגען האָבן זיך געקייקלט ווי ריזיקע, הוילע פעסער איבערן לאַגער. טירן האָבן זיך אויפגעפּראַלט. די „בלאָק־שפּערע"*), וועלכע האָט ביז איצט געהערשט אינעם לאַגער צוליבן אָנקום פון נייעם „טראַנספּאָרט", איז צוריק אָפּגע־

*) דאָס אָפּשליסן די געפאַנגענע אין די בלאָקן.

רופן געוואָרן. די דרימלענדיקע ראָז־געפּאַרבטע בלאָקן האָבן זיך ווי אויפגעוועקט מיט אַ בהלה. עס האָט אויסגעזען ווי ביי אַ פּלוצימדיקער איבערפאַל פון דייטשן בשעת אַן „אַקציע" אינעם געטאָ.

פון די בלאָקן אַרויס זענען אָנגעקומען, צו לויפן פרויען מיט שטע־קנס אין די הענט, בענדער מיט דער אויפשריפט „קאַלעפאַקטאָרין" אויף זייערע אָרעמס, קורץ־געשוירן די האָר, שטיוול אויף די פיס, זייערע קליי־דער־שירצן, געשטרייסט מיט בלויע, דינע שטרייפעלעך. פון אַלע פּנימער האָט אַרויסגעשריגן די זעלבע שטומע רציחה.

— אויפגיין!... אויפגיין!...

פונדערווייטנס האָבן זיך די קלעפּ פון גאַנג געקוילערט מיט אַן אומהיימלעכן רעש. דאַכט זיך — די זעלבע קלעפּ אינעם גאַנג האָט זי שוין אַמאָל געהערט. ווו און ווען איז דאָס געווען? דאַכט זיך — זי גופא האָט זיך שוין אַמאָל געזען אויפן זעלבן פּלאַץ, ווו זי שטייט איצט. ווי זי וואָלט שוין אַמאָל דאָ געווען; ווי זי וואָלט דאָס זעלבע שוין אַמאָל גע־זען. ווען איז דאָס געווען?

דער בין־השמשותדיקער ליכט־שטראָם, וואָס ציט זיך פון הימל צום לאַגער־פּלאַץ, גרוילעך און בלוילעך, ווערט ביי יעדן קלאַפּ אינעם גאַנג אַלץ ענלעכער און ענלעכער צו דעם לבנה־פּאַס, וועלכער האָט דעמאָלט, בשעתן קלינגען פון נאַכט־טראַמווײַ, אַריינגעשיינט דורכן פענצטער פון איר קינדער־צימער. זי האָט געפילט, אַז די קני ברעכן זיך ביי איר. זי האָט געהאַט אַ געפיל ווי די צייט וואָלט שטיין געבליבן אַרום איר.

— אויפגיין!... אויפגיין!...

מען טרייבט זיי. שטעקנס הייבן זיך איבער קעפּ. דאַניעלאַ לויפט צווישן אַלע. אַ לאַבירינט פון בלאָקן. אַ געהיים־שטאָט. אַ נייע וועלט. פרעמד און אומהיימלעך. אַ וועלט פון בלאָקן, גאַסן און בלאָקן. דאָס שיינע גן־עדן ווינקל איז פון לאַנג שוין פאַרשוווּנדן פון די אויגן, ווי עס פאַרשווינדט אַ מיראַזש אינעם מדבר. קאַלעפאַקטאָרינס טרייבן מיט שטעקנס: אויפגיין!... אויפגיין!...

דער לאַגער האָט זיך פּלוצלונג אַרויסגעוויזן אומגעהויער גרויס און מורא־אָנוואַרפנדיק. גאַסן און בלאָקן. בלאָקן און גאַסן.

פלוצלונג האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס ערשטע, אמתע בילד פון לאַגער „אַרבעט דורך פרוידע".

דורך די פענצטער־קראַטן פון אַ באַזונדער־שטייענדיקן בלאָק האָבן אַרויסגעקוקט אַ מענגע שיידל־קעפּ פון מענטשן. עס האָט אויסגעזען ווי דער בלאָק וואָלט געווען אָנגעפּילט ביז צום באַלקן מיט סקעלעטן־קעפּ. אַ סך פון זיי האָבן מיט ביינערדיקע הענט געביילט פויסטן צו די ניי־אָנגעקומענע, וועלכע מען טרייבט פאַרביי לעבן זייער בלאָק. אַנדערע האָבן געוואָרפן קללות דורך געעפנטע סקעלעטישע ציינער־שורות צו די פאַר־בייגעטריבענע. אַ שוידער איז באַפאַלן. אַן אימה האָט אַרומגעכאַפּט. צי זענען דאָס מענטשן אָדער בייזע מייסטער? וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס פאַר אַ לאַגער איז דאָ? וווהין טרייבט מען זיי איצט? וואָס וויל מען מיט זיי טון? פאַרוואָס ביילן די סקעלעטן צו זיי פויסטן? פאַרוואָס שעלטן זיי?

ווי אַלע פּרי׳ערדיקע „טראַנספּאָרטן", אַזוי האָבן אויך די מיידלעך פון איצטיקן „טראַנספּאָרט" נישט געוווסט, אַז צוליב זייער אָנקומען אינעם לאַגער אַריין וועט מאָרגן, מיט טאָג־אויפגאַנג, צופאָרן דאָ אַהער דער גרוי־סער אויטאָמאָביל און ער וועט אַוועקפירן אָט די סקעלעטן צום קרע־מאַטאָריום.

פונוואַנען זאָלן ניי־אָנגעקומענע וויסן, אַז די אַלטע, די שוין אויס־געזויגענע, קוקן אויף די נייע ווי אויף זייערן אָן אָנגעקומענעם מלאך־המות? און פונוואַנען זאָלן זיי דען וויסן, אַז עס וועט נישט לאַנג געדויערן, וועלן זיי גופא אויך אַזוי אַרויסקוקן פון דעם „איזאָלאַציע־בלאָק" צו די נייע „טראַנספּאָרטן", וואָס וועלן ווידער קומען נאָך זיי? און די ניי־אָנגע־קומענע וועלן דעמאָלט טראַכטן וועגן זיי דאָס זעלבע, וואָס זיי טראַכטן איצט וועגן אָט די סקעלעטן־קעפּ, וועלכע קוקן דאָרט אַרויס דורך די פענצטער־קראַטן.

— אַאופגיין!... אַאופגיין!...

די נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן איבערן לאַגער.

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

# “FELD-HURE”

ביוראָ־שרייבערינס זענען געזעסן אַרום אַ לאַנגן טיש און פאַרשריבן פּרטים פון די ניי־געקומענע. די אויפשריפט „דינסט־קאָמאַנדאָ“ האָט אַראָפּגעשריגן פון די ווייסע בענדער אויף זייערע אָרעמס.

גרופּעסווייז, פּופּציק, פּופּציק, זענען די מיידלעך פון נייעם „טראַנס־פּאָרט“ געוואָרן אַריינגעלאָזט אינעם גרויסן דינסט־בלאָק. פון אויבן־אָן, ביי אַ באַזונדערן טיש, איז געזעסן די לאַגער־אַרצטין — אַ רויטער קרייץ אויפן אָרעם־באַנד פון איר אַרבל. לעבן איר, ביים זעלבן טישל, איז גע־שטאַנען אַ פרוי: אַ פּנים ווי אַ מאַן, שטאָל־קאַלט און שווייגנדיק, די הענט פאַרלייגט אויף דער ברוסט, אַ געפלאָכטענע דיקע רוט האָט אַראָפּגעהאַנ־גען לעבן דער זייט פון איר פאַרלייגטער האַנט. זי האָט געטראָגן אַ גלאַטן, ברוינעם סוועטער, פאַרמאַכט ביז אַרויף צום האַלדז, אָנגעצויגן אויף אי׳ר קערפּער, און אַריינגעלאָזן אין רייט־הויזן; הויכע געפּוצטע שטיוול אויף די פיס; אַ שוואַרץ־זיידענע־באַנד אויפן אַרבל, אויסגעהאָפטן מיט רויטע שריפט: „קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע“.

די קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע האָט געשוויגן, נאָר איר שווייגן האָט מען געהערט ביז אין די ווייטסטע ווינקלען פון גרויסן דינסט־בלאָק; מען האָט געפילט, אַז דאָ געפינט זיך איצט די הערשערין פון לאַגער. אירע אויגן, אי׳רע שמאָל־פאַרקוועטשטע ליפּן, האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אַפילו אויף די שרייבערינס פון דער דינסט־קאָמאַנדאָ, די מורא האָט אַרומגע־כאַפּט די ערשט־אָנגעקומענע איידער זיי האָבן נאָך געוווּסט וואָס אייגנט־

לעך דאָ, אין דעם לאַגער, קומט פאָר; איידער זיי האָבן נאָך באַוויזן צו הערן די שטימע פון דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע.

אינעווייניק, ביים בלאָק־טויער, טוישן זיך די גרופּן: אויף לינקס טוען די אַרויסגייענדיקע אָן דעם לאַגער־מונדיר, וואָס מען טיילט זיי דאָרט אויס, און אויף רעכטס טוען די אַריינקומענדיקע זיך אויס נאַקעט, וואַרפּן אַוועק די קליידער אויף דער אַלגעמיינער קופּע, אַ הויכער קליידער־באַרג, און גייען צו צום לאַנגן טיש, וווּ עס ווערן אַדורכגעפירט די ערשטע פאַר־מאַליטעטן פון לאַגער.

ביי די ווענט שטייען אויסגעשטעלט קאַלעפאַקטאָרינס מיט שטעקנס אין די הענט. זיי שטייען גלייכע, אויסגעצויגענע, שווייגנדיקע. זייערע אויגן באַפעלן. אַ קאַלטע, שניידנדיקע רציחה קוקט אַרויס פון זייערע אויגן.

די אַרויסגייענדיקע האָבן זיך געשעמט צו קוקן צו די אַריינקומענ־דיקע, זיי האָבן אויסגעמיטן זייער בליק. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו די האָלצערנע שיך, וועלכע זיי האָבן נאָר וואָס אָנגעטון אויף די פיס. די האָלצערנע זוילן האָבן אומהיימלעך געקלאַפּט אויפן באָדן. דער פוס האָט נישט געוואָגט זיך אויפצוהייבן, כדי נישט צו שטערן די פּאָרכטיקע שטילקייט פון דינסט־בלאָק.

אָט זענען די שיך, וועלכע מען האָט אויסגעאַרבעט אינעם שוסטער־שאָפּ! די זעלבע שיך! זי האָט זיי דאָרט צוגעגרייט פאַר זיך, טראַכט דאַ־ניעלאַ. און אָט איז דער קליידער־באַרג! דער זעלבער קליידער־באַרג! איצט וועט מען דאָרט פון איר מאַנטל צוגרייטן שיך פאַר אַנדערע. עס איז איין וועלט. אַ דייטשע וועלט.

אַ מאָדנער ריח שלאָגט אַרויס פון די אויסגעטיילטע לאַגער־שירצן. די שירץ איז צעריסן, אָפּגענוצט. ווער ווייסט וויפל פרויען די זעלבע שירץ האָט שוין באַגלייט צום „איזאָלאַציע־בלאָק״, פונוואַנען דער נאַקעטער קערפּער איז געוואָרן אַוועקגעשיקט צום קרעמאַטאָריום, און די שירץ איז געוואָרן צוריקגעפירט צום דינסט־בלאָק, כדי נאָכאַמאָל אַרומצוּוויקלען דער קערפּער פון אַ ניי־אָנגעקומענער.

זי איז געשטאַנען אַ נאַקעטע. דער מעדאַליאָן! ווו זאָל זי איצט אויס־באַהאַלטן דעם מעדאַליאָן?... זי האָט אים אַראָפּגעכאַפּט פון האַלדז און

אים געהאַלטן פאַרקוועטשט אין דער האַנט־פויסט. וואָס זאָל זי טון? אפשר באַהאַלטן דעם מעדאַליאָן צווישן קליידער־באַרג?... זי האָט געזוכט איר רעגן־מאַנטל. ערשט איז ער געווען און אָט שוין פאַרשוווּנדן צווישן דעם באַרג קליידער. זי וועט דעם מעדאַליאָן אַריינלייגן אין דער טאַש פון איר מאַנטל. די טרעגערינס אין שמאַטע־זאַל וועלן דערנאָך געפינען דעם מע־דאַליאָן אין דער טאַש פון איר מאַנטל — —

די לעצטע מיידלעך פון דער פריערדיקער אַריינגעלאָזטער גרופּע, פאַרלאָזן דעם בלאָק. זייער ציוויל־קליידונג האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף דעם אַלגעמיינעם קליידער־באַרג, לעבן וועלכן דאַניעלאַ איז איצט גע־שטאַנען.

ווו זאָל זי פאַרשטעקן דעם מעדאַליאָן?...

די ריי האָט זיך גערוקט. מיידלעך פון דער נייער גרופּע זענען צו־גאַנגען צום טיש. אַ שווידערנדיקע שטילקייט האָט געהערשט אינעם דינסט־בלאָק. אימהדיקע אויגן פון קאַלעפאַקטאָרינס האָבן געוואָרנט די פאַרשפּעטיקטע, וועלכע זענען נאָך געשטאַנען ביי דער קופּע מלבושים. וואָס זאָל זי טון מיט דעם מעדאַליאָן?... אָט איז פעלאַ שוין אַוועק צום טיש. דאַניעלאַ האָט זיך צוגעאיילט און געשטעלט זיך הינטער פעלאַן אין דער ריי.

און דער מעדאַליאָן אַ פאַרקוועטשטער אין איר פויסט.

שרייבערינס האָבן איינגעשריבן גענוי מיט סדר און פּינקטלעכקייט אין קאַרטאָטעקן אַלע איינצלהייטן פון יעדער איינער.

— געווען אַמאָל קראַנק?

— ס׳אַרע קראַנקייט?

— אין דער פאַמיליע איז עמעצער געווען קראַנק?

— פאַרהייראַט.

— פריילײדיק?

— געהאַט אַ באַהעפטונג מיט אַ מאַן?

די ריי האָט זיך גערוקט. ביי אַ באַזונדערן טיש איז געשטאַנען איינע פון דער דינסט־קאָמאַנדאַ און אויסגעשטאָכן מיט בלויער פאַרב ציפערן פון אַ לויף־נומער צווישן די ברוסטן פון דעם צוקומענדיקן מיידל, און אַ

צווייטע האָט באַלד נאָך דעם צוגעפּרעסט צום פלייש, העכער איבערן לויף־נומער, אַ לאַנגן, עלעקטרישן שטעמפּל.

ווייל דאָס לעבן איז געהאַנגען פאַר דיינע אויגן ווי אַ פרעמדע זאַך, האָט דעריבער דער קערפּער נישט געפילט דעם ווייטיק בשעת העגט האָבן דיך געשטאָכן אינעם לייב דעם לויף־נומער; אָדער בשעת דער שטעמפּל האָט אויסגעבערענט אין דיין פלייש די דייטשע שריפט "Feld-Hure" אינעם דינסט־בלאָק פון דייטשן לאַגער „אַרבעט דורך פרוידע", נישט גע־פילט קיין שום שמערץ.

ביים לעצטן טיש, ווו עס האָבן זיך געפונען די לאַגער־אַרצטין און די קאַליפאַקטאָרין־עלטסטע, איז באַשטימט געוואָרן ענדגילטיק דער גורל פון יעדער באַזונדער.

דער לאַגער איז געטיילט געוואָרן אויף צוויי טיילן: „אַרבעטס־קאָ־מאַנדאָ" און „פרוידע־קאָמאַנדאָ". דאָ, ביי דעם טיש, איז געפאַלן דער גורל, צו וועלכן טייל פון לאַגער יעדע פון די מיידלעך זאָל געשיקט ווערן.

דאַניעלאַ איז שטיין געבליבן ביים לעצטן טיש. די לאַגער־אַרצטין האָט איינטאָניק געקלאַפּט מיט אַ לאַנגן געל־געפאַרבטן בליישטיפט אויף דער ליסטע, וואָס איז געלעגן פאַר איר אויפן טיש, און נישט אַראָפּגענו־מען די אויגן פון דאַניעלאַס נאַקעטן קערפּער. פּלוצלונג האָט איר בליק זיך פאַרהאַלטן אויף דאַניעלאַס פאַרקוועטשטער פויסט.

— די פויסט איז ביי דיר שטענדיק פאַרמאַכט? — האָט זי געפרעגט.

דאַניעלאַן האָט אַ בליץ געטון אין קאָפּ: אינעם געטאָ, בשעת די „אַקציעס", איז אַ מענטש מיט אַ קערפּער־פעלער פאַרמשפּט געווען צום טויט! זי האָט דעריבער שנעל איבערגעלייגט דעם מעדאַליאָן אין דער צווייטער האַנט אַריין, און געוויזן: אָט, זי איז נישט קיין בעל־מום. זי קען עפענען די האַנט!

די קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע, אַ שוויגנדיקע, מיט העגט פאַרלייגטע אויף דער ברוסט, איין פוס אַרויסגערוקט מיט אַן אויסגעפּוצטן שטיוול, האָט זיך פּלוצלינג אָפּגערופן:

— וואָס איז עס אַזעלכעס? ווייז אַהער!

— פאָטאָגראַפיעס... פאָטאָגראַפיעס פון מיין פאַמיליע...

די צוזאַמענגעפּרעסטע, טונקעלע ליפּן פון דער קאַלעפאַקטאָרין־

עלטסטע האָבן זיך אויסגעקרומט, אַרויפגעצויגן זיך אויף איין זייט צו דער צעשניטענער באַק. עס איז געווען אַ מאָדנע גרימאַסע: עקל, שנאה און אַ שמייכל. אומבאַוועגלעך, אין דער זעלבער פּאָזע ווי זי איז פריִער געשטאַנען, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן — אַ שטייגער די אָנגעקומענע פון דער דרויסנדיקער וועלט זענען נישט ראוי זי זאָל צו זיי קוקן — האָט זי דורך קורצע, שיטערע ציין באַפוילן:

— וואַרף אַוועק דאָס דרעק!...

די ווערטער האָבן זיך געשרויפט אין אירע אויערן. געשפּרייט אַרום זיך עכאָקרייזן, אומצאָליקע רעדער. דאָס אויסגעקרומטע פּנים פון דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע איז געוואָקסן פאַר אירע אויגן וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער. די ווערטער פון באַפעל האָבן זיך געשרויפט אין איר מוח, זי האָט מער נישט אויפגענומען זייער באַדייט. זי האָט זיך געבעטן:

— דער איינציקער אָנדענק... דאָס איינציקע...

די אויסגעקרימטע ליפּן האָבן זיך אויסגעצויגן צו דער זייט פון דער לאַגער־אַרצטין און באַפעלעריש, אָפּגעהאַקט, אַרויסגעזאָגט:

— אַרבעטס־קאָמאַנדאָ!...

די צוויי ווערטער זענען געפאַלן ווי אַ גזר־דין איבער אַ טויט־פאַר־משפּט. די לאַגער־אַרצטין האָט געקוקט אויף דאַניעלאַס שיינעם קערפּער און האָט נישט געקענט זיך באַשליסן. נאָר באַלד האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון. דער באַפעל פון דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע איז געהאַנגען אין דער לופט. זי האָט געקוקט אויף דעם אויסגעשטאָכענעם נומער, וואָס אויף דאַניעלאַס ברוסט, און באַלד אים אַריינגעשריבן אין איינעם פון די צוויי פּאַפּיר־בויגנס, וועלכע זענען געלעגן פאַר איר אויפן טיש.

די לאַגער־אַרצטין האָט נאָך געשריבן דעם נומער בשעת די קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע האָט פאַמעלעך אַרויסגעצויגן איין האַנט, וועלכע איז ביז איצט געווען פאַרלייגט אויף דער ברוסט. רויִק, קאַלטבלוטיק, האָט זי די האַנט אויסגעצויגן ווי אַ ברייטן בויגן צוזאַמען מיט דער געפלאָכטענער בייטש, און מיט דעם זעלבן שמייכל אויף די שמאָלע ליפּן האָט זי שווער און האַסטיק אַראָפּגעלאָזט די רוט איבער דאַניעלאַס נאַקעטן קערפּער.

— מאָרגן וועסטו שוין אַליין אַוועקוואַרפן דאָס דרעק!...

די שורות מיידלעך, וועלכע זענען נאָך געשטאַנען ביים לאַנגן טיש,

האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען פּאַר אירע אויגן. זי איז געלאָפן צום אַרויס־גאַנג. דאָרט האָט מען אויסגעטיילט די לאַגער־קליידונג. אויף איר ברוסט האָט נאָך געברענט די אויסטאַטויִרטע שריפט פון עלעקטרישן שטעמפּל, נאָר זי האָט דאָס נישט געפילט. איבער דער פּלייצע, ביז אַראָפּ צו דער רעכטער זייט פון איר בויך, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ שוואַרצע, אויפגע־לאָפענע ווונד אינעם פלייש, ברייט — ווי די געפלאָכטענע בייטש פון דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע. רעשטן פון שפּריצנדיקע פייער־פונקען זענען איר נאָך געשטאַנען אין די אויגן, זי האָט געפילט, אַז אויף דער פּלייצע ציט זיך איין דאָס פלייש ווי אַ שטאָלענע ספּרונזשינע וואָלט זיך דאָרט איינ־געקלעמט און מיטגעריסן מיט זיך דאָס פלייש.

אינדרויסן האָט אַ גלייכגילטיקער, ביינאַכטיקער הימל אַראָפּגעקוקט צום לאַגער. ערגעץ האָט אַ שטערן זיך צעפינקלט ווי אַ גלי־ווערעמל אין דער פינצטער. דער לאַגער האָט איצט אויסגעזען אומגעהייער גרויס, אומ־ענדלעך, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט דאָ אַריין אינעם לאַגער.

ערגעץ, ווייט־ווייט, האָט דער ווינט זיך געשפּילט מיט געשרייען פון געפּאַנגענע; אָפּגעריסענע קולות זענען געפלויגן אין דער נאַכט־פינצטער־קייט ווי באַלעמס אין פוטבאָל־שפּיל. רויטע לעמפּעלעך האָבן באַלויכטן אַ נעץ פון דראָטענע שטעכל־ווענט. די ווענט האָבן אויסגעזען ווי גרענעצן צווישן איין מדינה און דער צווייטער. ווייט־ווייט, אויף דער צווייטער זייט פון שטעכל־דראָט, אונטערן געלן אָפּשיין פון אַ לאָמפּ, האָבן זיך געדרייט העפטלינגס ווי איינוווינער אין אַ צווייטער מדינה. ווייט און פרעמד.

ביי דער וואַנט פון אַ דערנעבנדיקן בלאָק איז געשטאַנען פעלאַ און אָפּגעוואַרט די אַרויסגייענדיקע. פעלאַ האָט זי דערזען. זי איז צו איר צוגעלאָפן. זיי זענען אַרויפגעפאַלן איינע אויף דער אַנדערער. הייסע טרערן האָבן געשטראָמט פון דאַניעלאַס אויגן.

דאַניעלאַס ערשטע טרערן אינעם לאַגער „אַרבעט דורך פרוידע".

## קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

# געשטעמפּלטע פּערד

דער בלאָק איז געווען אומגעהייער לאַנג, ליידיק פון יעדן שפּור מעבל־שטיק. בלויז אַרום און אַרום אויף די ווענט, בערך אַ מעטער הויך פון דער ערד, זענען געווען אַריינגעשרויפט אייזערנע רינגען ווי אין אַ פערד־שטאַל.

הונדערטער מיידלעך זענען געלעגן אויסגעשפּרייט אויף דער ערד פון דעם צייטווייליקן זאַמל־בלאָק, וואָס איז צוגעגרייט פאַר ניי־אָנגעקו־מענע „טראַנספּאָרטן".

גרופּעסווייז, פּופּציק, פּופּציק, זענען די מיידלעך פון דאַנען אַרויס צום דערנעבנדיקן דינסט־בלאָק, כדי אַדורכצופירן די פאָרמאַליטעטן. יעדע צוריקגעקומענע גרופּע האָט זיך דאָ צוריק אַריינגעפּרעסט צווישן די ליגנ־דיקע; אַראָפּגעלאָזט זיך שטילערהייט אויף דער ערד, און זייער שווייגן האָט זיך באַלד אויסגעמישט מיטן שווייגן פון די פריערדיקע.

דאָ האָט דער פּחד אָפּגעטיילט יעדעס מיידל באַזונדער; אָפּגעשלאָסן יעדע באַזונדער אַליין מיט אירע געדאַנקען. כאָטש דער פּחד איז דאָ געווען אַן אַלגעמיינער, און ביי יעדע איינע דער זעלבער, האָט ער זיך פּאַרט מתעסק געווען מיט יעדע באַזונדער.

די מיידלעך זענען געלעגן אויף דער ערד ווי איינע וואָלט נישט געהאַט קיין שייכות מיט דער צווייטער. ווי נישט דער זעלבער גורל וואָלט זיי דאָ צוזאַמענגעפירט.

דאַניעלאַ האָט זיך אָנגעלענט מיט איין אַקסל־שפּיץ אויף דער וואַנט.

די ווונד האָט געברענט אויף איר פּלייצע און זי נישט געלאָזט איינליגן אויף איין אָרט. לעבן איר האָבן צוויי מיידלעך שטיל, דערשטיקנדיק, אַריינגעוויינט איינע אין דער צווייטער, ווי דאָס וויינען דאָ וואָלט געווען אַ בושה. פעלאַ איז געלעגן מיט אָפענע אויגן אַראָפּקוקנדיק צו דער ערד און געשוויגן. אַ מיידל דערלעבן, האָט זיך אויסגעדרייט צו דאַניעלאַס זייט. אירע טונקעלע האָר האָבן אַראָפּגעפאַליעט צו דער ערד. אַ שיין־געשניצט טונקל פּנים, שוואַרצע אויגן, אַ געזונטער, סעמיטישער טיפּ. די געשטרייפּטע לאַגער־שירץ איז געווען ענג אויף איר, פון פאָרנט אָפן, און פון צווישן אירע פולע ברוסטן האָט אַרויסגעקוקט דער אויסגעברענטער שטעמפּל.

— די לעצטע גרופּע איז שוין אַרויס צום דיגסט־בלאָק — האָט זי געזאָגט.

דאַניעלאַ האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון שטעמפּל. זי האָט געקוקט אויף דער שריפט און נישט באַגריפן דעם באַדייט דערפון.

— אפשר וועלן זיי איצט געבן נאַכט־מאָל? מען האָט אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן, — האָט דאָס מיידל ווייטער גערעדט.

דאַניעלאַ האָט נישט געענטפערט. זי האָט געטראַכט: וואָס פאַר אַ צייכן זאָל דאָס זיין? "Feld-Hure" וואָס קען עס באַטייטן? אויפן שטערן פון שלאָמעקס פאָטער איז געווען אויסגעקריצט „יודע”. דאָרט איז גערונען בלוט פון דעם אויסגעברענטן וואָרט. עס איז אויך געווען צו פאַרשטיין דעם מיין דערפון. עס איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַ שטייגער ווי עס וואָלט געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז פון דעם וואָרט „יודע” דאַרף ריִנען בלוט. נאָר די אויסגעברענטע שריפט דאָ, אויף אַלעמענס ברוסטן, דאָס איז אומפאַרשטענדלעך! נישט עס רינט בלוט פון די אותיות, און נישט זי פאַרשטייט דעם מיין פון דעם וואָרט. וואָס פאַר אַ סימן איז אָט די שריפט מיט וועלכער מען האָט זיי אַלעמען דאָ געצייכנט? אייגנטלעך זענען אַלע מיידלעך דאָ צוגעוווינט נאָך פון דער געטאָ צו זיין געצייכנט. עס איז נישט קיין איבערראַשונג צו זיין געצייכנט. כאָטש דאָס ערשטע מאָל, ווען עס איז אַרויס די דייטשע גזירה, אַז אַלע יידן דאַרפן טראָגן אויף דער לינקער האַנט דעם יידישן שאַנד־צייכן, האָט דאָס וויי געטון. די בושה האָט געברענט אויפן פּנים. אין אָנהייב זענען אַ סך נישט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, כדי נישט צו ווייזן זיך מיטן שאַנד־צייכן

אויפן אָרעם. אָבער דערנאָך האָט מען זיך צוגעוווינט. נאָך עטלעכע טעג האָט מען שוין געקענט זען: יעדן דרייען זיך אויף די גאַסן פון דער געטאָ, האַנדלען, וואַנדלען, און געדענקען אַפילו נישט, אַז אויף דער האַנט גע־פינט זיך אַ שאַנדע־באַנד. פאַרקערט: עלטערן האָבן אַכטונג געגעבן אויף קינדער, קינדער האָבן דערמאָנט זייערע עלטערן — פאַרן אַרויסגיין אין גאַס, חלילה נישט פאַרגעסן אָנצוטון די שאַנדע־באַנד! אין איינגעאָרדנטע הייזער, האָט ביים אַרויסגאַנג, לעבן דער קליאַמקע פון דער טיר, גע־האַנגען אַן אויפשריפט: „האָסט נישט פאַרגעסן דיין שאַנדע־באַנד?" דאָס איז געווען די נייע מזוזה, וואָס אָפּגעהיטע מאַמעס און טאַטעס האָבן אויפגעהאָנגען אויף זייערע טירן אין דער געטאָ. ביי פאַמיליעס ווו מען האָט נאָך אַכטונג געגעבן אויף זויבערקייט, האָבן מאַמעס מיטן לעצטן שטיקל זייף געוואַשן די שאַנדע־בענדער, כדי שבת זאָלן די קינדער האָבן אויף אַרויסצוגיין אין גאַס אַ ריינע „שאַנדע"־באַנד. כלות האָבן אויס־געהאָפטן מיט בלויען זיידענעם פאָדעם די דייטשע שריפט „יודע" אינעווייניק אינעם מגן־דוד פון דער „שאַנדע"־באַנד — אַ מתנה פאַר זייערע חתנים. אונטער דער געטאָ־זון האָבן זיך שטענדיק געוויגט אויסגעוואַשענע „שאַנדע"־בענדער, אַרויפגעצויגענע אויף שטריק, אַרויסגעהאָנגענע צום טריקענען. מען האָט זיך צוגעוויינט. מען האָט געוווסט, אַז מען איז גע־צייכנטע, אָבער מען האָט עס מער נישט געדענקט. דערנאָך איז געקו־מען די נייע גזירה: דער „יודע"־צייכן אויפן האַרץ! נישט אויפן אָרעם, נאָר אויפן האַרץ! אין אָנהייב האָט דאָס אויך ווי געטון, אָבער מען האָט זיך באַלד אויך דערצו צוגעוווינט, שנעלער ווי פריִער. פאַרקערט, אַ סך זענען איצט געווען צופרידענער, ווייל דעם נייעם יודע־צייכן איז מען מחויב געווען צוצונייען צום מלבוש. אַזוי אַרום איז מען פּטור געוואָרן פון אַ שטענדיקער דאגה: די סכנה פון חלילה פאַרגעסן און אַרויסגיין אין גאַס אָן אַ שאַנדע־צייכן. אייגנטלעך זענען אַלע מיידלעך דאָ געווען צוגעוווינט צו זיין געצייכנט. נאָר דעם נייעם צייכן „פעלד־הור" איז איר שווער צו באַגרייפן, טראַכט דאַניעלאַ. וואָס פאַר אַ שייכות קען האָבן אָט די אויפ־שריפט מיטן לאַגער און מיטן „אַרבעטס־איינזאַץ", וווהין דער יודענראַט האָט זיי געשיקט?

דאָס מיידל האָט באַמערקט דעם אָנגעשטרענגטן בליק פון דאַניעלאַס

## ק. צעטניק

אויגן אויף דער שריפט, וואָס אויף איר אַנטפּלעקטער ברוסט. זי האָט געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ מענטש, וואָס ווייסט:

— מען האָט אונדז „געשטעמפּלט!...״

— וואָס פאַר אַ צייכן קען דאָס זיין? — האָט אַ צווייטע געפרעגט.

— פון איצט אָן געהערן מיר צו דער דייטשער רעגירונג, — האָט דאָס מיידל געגעבן צו פאַרשטיין, — מיינע עלטערן האָבן פאַרן קריג זיך באַשעפטיקט מיט פערד. צוויי טעג פאַרן קריג־אויסברוך זענען באַאַמטע פון דער פוילישער רעגירונג געקומען צו אונדז און געשטעמפּלט אונדזערע פערד: „רעקוויזירט פאַר דער רעגירונג״. מען האָט זיך מער נישט געטאָרט מיט זיי באַנוצן. איצט איז די זעלבע זאַך. מען האָט אונדז געשטעמפּלט, אַז מיר געהערן צו דער דייטשער רעגירונג. קיינער טאָר אונדז מער נישט שלעכטס טון. מיר וועלן אַרבעטן פאַר די דייטשן, מיר וועלן באַקומען צו עסן. מיר זענען פון איצט אָן דאָס אייגנטום פון דער דייטשער רעגירונג, ביז די קריג וועט זיך פאַרענדיקן. איצט וועלן מיר על־כל־פּנים האָבן וועך עס זאָל פאַר אונדז זאָרגן. פון איצט אָן זענען מיר נישט הפקר. איצט וועלן מיר האָבן צו עסן, נישט אַזוי ווי אין דער געטאָ, ווו מיר זענען געווען הפקר, און יעדער דייטש האָט געקענט טון מיט אונדז וואָס ער האָט געוואָלט.

פעלאַט הייבט אויף דעם קאָפּ. קוקט אויף דעם מיידל, וועלכע טייטשט אויס דעם שטעמפּל. עס איז קענטיק, אַז פעלאַ האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. נאָר זי לאָזט באַלד צוריק אַראָפּ דעם קאָפּ צו דער ערד. פעלאַן זאָגט דאָס האַרץ עפּעס אַנדערש.

אין פעלאַס זכרון שווימען איצט אַרויף פאַרשיידענע אָפּגעריסענע ווערטער פון מיליציאָנערן, און די ווערטער גיבן פון זיך אַרויס גאָר אַן אַנדערן פּירוש צו דעם אומפאַרשטענדלעכן דייטשן וואָרט. נאָך איינעם „דולאַג״ האָבן באַקאַנטע מיליציאָנערן איר געזאָגט: „דאָס איז אַן „אַקציע״ פאַר אַ ספּעציעלן טראַנספּאָרט, וואָס האָט נישט קיין מינדסטע שייכות מיטן אַרבעטס־איינזאַץ...״ דעמאָלט האָט זי נישט געלייגט קיין אַכט אויף די ווערטער. זיי זענען נישט אַריין אין איר קאָפּ. אירע געדאַנקען זענען דעמאָלט געווען באַשעפטיקט נישט מיטן טראַנספּאָרט גופא, נאָר מיט פּלענער ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דער „אַקציע״. ערשט איצט הייבן

איר אָן קלאָר ווערן אַ סך זאַכן, וואָס פריִער האָט זי דערויף נישט קיין אַכט געלייגט. ערשט אַ־יצט באַקומען זיי אַ באַזונדערן מיין: אָט האָבן זיי אויסגעקליבן די געזונטסטע און שענסטע מיידלעך פון דער געטאָ; מאַניעק, דער לייטער פון יודענראַט גופא, האָט געמאַכט די ליסטע און אָנגעפירט מיט דער „אַקציע". פעלאַ ווייסט, אַז ביז איצט האָט דער „לייטער" זיך נאָך נישט באַטייליקט אין קיין שום „אַקציע" צום אַרבעטס־איינזאַץ. שטענ־דיק געפינט זיך דאָס אין די הענט פון דער אָרדענונגס־דינסט. די אָרדענער דאַרפן צושטעלן די געוווּנטשטע צאָל קעפּ, אָבער ווער און וועמען זיי ברענגען — דאָס איז שוין זייער אייגענע זאַך. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פון דער דייטשער זייט פירט שטענדיק אָן מיט אַזאַ „אַקציע" דער זאָנדער־באַאויפטראַגטער, וועלכער פאָדערט, אַז די אָרדענער זאָלן כאַפּן נאָר אַזעל־כע מיידלעך, וועלכע אַרבעטן נישט אין די שאַפּן. דאָס מאָל האָט אָבער מיט דער „אַקציע" אָנגעפירט די געסטאַפּאָ... קיין איינעם פון זאָנדער־באַאויפטראַגטן האָט מען דאָס מאָל נישט געזען פאַר די אויגן. פעלאַ קען זיי זייער גוט. יעדעס קינד אין געטאָ קען זיי און יעדעס קינד אין דער געטאָ ווייסט אויך, אַז אַרבעטס־איינזאַץ געהערט צום זאָנדער־באַאויפט־ראַגטן. היינט, ווי קומט עס פלוצלונג, אַז געסטאַפּאָ זאָל זיך באַשעפטיקן מיטן אַוועקשיקן יידישע מיידלעך אינעם אַרבעטס־לאַגער? און ווי קומט עס, אַז מען זאָל אַוועקשיקן מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער געטאָ אין קריגס־וויכטיקע שאַפּן פון זאָנדער־באַאויפטראַגטן גופא, בשעת אין דער געטאָ זענען נאָך פאַראַן אַ סך מיידלעך, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס און אַרבעטן איבערהויפּט נישט? און דער עיקר: ווי קומט עס, וואָס מען האָט אַפילו קיין איינע פון די מיידלעך דערנאָך נישט צוריק אַרויס־געלאָזט? דאָ, זעט זי דאָך, זענען פאַראַן די רייכסטע און אָנגעזעענסטע מיידלעך פון דער געטאָ. פון וואַן אָן העלפט שוין נישט קיין געלט און פּראָטעקציע ביים יודענראַט?

— אָט איז די לעצטע גרופּע שוין צוריקגעקומען פון דינסט־בלאָק,

— זאָגט דאָס מיידל. — מיר וועלן אַוודאי באַלד באַקומען נאַכט־מאָל.

אַנטקעגנאיבער, אויף דער צווייטער זייט, ליגן די צוויי טשעבינער שוועסטער, די פרומע מיידלעך חנה און צביה. זיי האַלטן זיך ביידע גע־אָרעמט. יעדע פון זיי וויל אונטערלייגן איר האַנט, אַז דער צווייטער זאָל

זיין ווייכער ביים האַלטן דעם קאָפּ אויף דער ערד. זיי קוקן אויס ווי צוויי פאַרלאָזענע, דערשראָקענע קינדער. חנה זעצט זיך אויף, קוקט זיך אַרום מיט דערשראָקענע אויגן, און צביה פאָלגט איר נאָך מיט שרעק. די לאַגער־שירצן זענען ענג אויף זייערע קערפּערס און אָפּן פון פאָרנט. אויף זייערע לייבער איז אויסגעקריצט דאָס דייטשע וואָרט — „פעלד־הור״. זיי ווייסן נישט, וואָס אַזעלכעס דאָס באַטייט, נאָר זייערע ליפּן בעטן:

— רבונו של עולם! פאַרלאָז אונדז נישט...

דאָס טויער האָט זיך אויפגעפּראַלט. כאָטש עס האָט זיך נישט גע־הערט קיין באַפעל, זענען אַלע פאָרט אויפגעשפּרונגען פון די ערטער. די קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע מיט איר שטאַב־געה־לפערינס זענען אַריינגעקו־מען אין בלאָק. די רויטע שריפט האָט געגלאַנצט אויף דער שוואַרצער זיידענער באַנד. עס איז געווען גענוג צו זען די אימה פון דער מלאכי־חבלה פאַר זייער הערשערין, אַז געוויינלעכע בשר־ודמס זאָלן ווערן אַרומגעכאַפּט מיט אַ ציטערניש און אַ פלאַטערניש.

עס האָט זיך געהערט אַ באַפעל:

— אַלע קוקן אויף דעם נומער, וואָס איז אויסגעקריצט אויפן לייב און געדענקען אים פון אויסנווייניק!

אַ קאַלעפאַקטאָרין פון דער דינסט־קאָמאַנדע האָט אויסגעלייענט נו־מערן פון אַ ליסטע. די מיידלעך מיט די אַרויסגערופענע נומערן זענען געוואָרן אַוועקגעשטעלט באַזונדער.

פינף־ציפערדיקע נומערן. שווער זיי צו זען אויפן אייגענעם לייב בשעת שרעק טאַנצט אין די אויגן. שנעל און בהלהדיק האָט איינע געבעטן ביי דער צווייטער זי זאָל קוקן אויף איר אויפגעעפנטער ברוסט און איר זאָגן געניי דעם נומער.

די צווייטע האָט געטון דאָס זעלבע ביי דער ערשטער.

נישטאָ מער קיין אָנדענק פון מענטשן. נומערן! — אַלע זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין נומערן. אויערן זענען געווען אָנגעשפּיצט, צי מען רופט נישט אויס דעם נייעם נאָמען, וועלכן מען האָט דאָ כהרף־עין באַ־קומען.

אויף דאַניעלאַס ברוסט איז געווען אויסגעקריצט: פעלד־הורע A 13653.

און אויף פעלאַס ברוסט איז געווען אויסגעקריצט: פעלד־הורע A 13652.

פרייד. טויזנטער פּנימער האָט זי. זי באַגלייט אונדז כּל־זמן אונדזער בלוט איז וואַרעם. דאַניעלאַ און פעלאַ האָבן געקוקט איינע אויף דעם אויס־געקריצטן נומער פון דער צווייטער, און זיי זענען געפאַלן איינע אין די אָרעמס פון דער צווייטער: מען וועט זיי נישט צעשיידן! זיי וועלן ווייטער קענען זיין צוזאַמען — זייערע נומערן זענען איינער נאָך דעם צווייטן.

ביים אויסרופן פעלאָס נומער האָט דאַניעלאַ זיך געגרייט איר באַלד נאָכצוגיין. זי האָט געוואַרט צו דערהערן דעם אויסגעשריי פון איר אייגענעם נומער. נאָר דאָרט האָט מען גאָר אויסגערופן אַן אַנדערע, אַ ווייטערן נומער. זי איז געוואָרן איבערגעהיפּט.

אַן אַנדערע איז אַרויסגעטראָטן און אַוועקגעשטעלט זיך צו דער אַרויס־גערופענער גרופּע.

„אַרבעטס־קאָמאַנדאָ!"...

דאָס עכאָ פון די צוויי ווערטער, וואָס זענען געפאַלן אינעם דינסט־בלאָק ווי אַ גזר־דין אויף איר קאָפּ — האָט אויפסניי איצט אָפּגעקלונגען אין אירע אויערן. איר גורל איז שוין געחתמעט. דאָס אויסגעקרומטע פּנים פון דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע איז איר פּלוצלונג אַרויסגעשווומען פאַר די אויגן. „אַרבעטס־קאָמאַנדאָ!"... וואָס באַטייט פאַר איר דאָס וואָרט? זי האָט נישט געוווּסט צי דאָס וואָרט וועט איר ברענגען גוטס אָדער שלעכטס. און ווייל זי האָט דאָס נישט געוווּסט, דערפאַר איז איר באַפאַלן אַזאַ פּחד. עס האָט דערמאָנט די „אַקציע" אין דער געטאָ; דאָס צעטיילן די מענטשן בשעת אַן „אַקציע" אויף צוויי גרופּעס, צערייסט שטענדיק דעם געטאָ־מענטש אויף צווייען. מען ווייסט נישט ווו, אין וועלכער גרופּע עס איז בעסער. וועלכע גרופּע איז פאַרמשפּט צום טויט און וועלכע — צום לעבן. די „אַקציעס" אין דער געטאָ האָבן אויסגעלערנט אַזוי צו טראַכטן, ווייל אַז איין גרופּע ווערט אויסגעקליבן צום טויט — דערין איז דאָך נישט קיין צווייפל.

די שענסטע מיידלעך ווערן אַרויסגערופן צו דער באַזונדערער גרופּע. אַ יאוש נעמט זי אַרום. זי האָט נישט צו וועמען זיך דאָ צו ווענדן. וואָלט כאָטש פעלאַ מיט איר געבליבן! ביים אַריינגאַנג פון בלאָק שטייט דער קאַלטער, שווייגנדיקער, אַ־לאַ־גאַרסאָן געשוירענער קאָפּ פון דער קאַלע־פאַקטאָרין־עלטסטע. „מאָרגן וועסטו שוין אַליין אַוועקוואַרפן דאָס דרעק!"...

א״רע אויגן האָבן זיך פֿאַרקוועטשט פֿון ווייטיק. איר האַנט האָט זיך אויפֿ־געהויבן צו דער ברוסט. אויף איר לייב איז אויסגעברענט אַ צייכן. זי איז געשטעמפּלט... ציטערנדיק און פּאַמעלעך האָט די האַנט אָנגערירט דעם מעדאַליאָן, וואָס איז דאָרט, אויף דעם זעלבן אָרט געהאָנגען. זי האָט אים אַרויסגעצויגן. פֿון איר האַלב־געעפֿנטער האַנט־דלאָניע האָבן צו א״ר איצט אַרויפֿגעקוקט מאָניס גרויסע, סאַמעטענע אויגן:

„דאַניש, פֿאַרוואָס ביסטו אַוועקגעפֿאָרן פֿון מיר?...״

„כדי דיר צו ברענגען אַ מתּנה, זיסער...״

אירע אויגן ווערן פֿאַרנעפּלט, ווי וואָלקנס וואָלטן זיך געבייכיקט אויף זייערע ראַנדן. אַ טרויער, וואָס אַזעלכן האָט זי נאָך נישט געפֿילט ביז איצט איז איר באַפֿאַלן. גרויסע טראָפּנס טרערן פֿאַלן אַראָפּ צו דער האַלב־געעפֿנטער האַנט. דער טרערנדיקער נעפּל הענגט אויף אירע אויגן און שווינדלט זיי. די ווייסע שלייפֿן פֿון אירע צעפּ אינעם פֿאָטאָגראַפֿל הייבן זיך אַוועק פֿון זייער אָרט און רוקן זיך אַרויף אויף די סאַמעטענע אויגן פֿון מאָני. און אַזוי ווי אויף דעם פֿאָטאָגראַפֿל, אַזוי אויך אין איר מוח מישן זיך ווערטער, איינס איבער דאָס אַנדערע:

„מאָרגן וועסטו שוין אַליין אַוועקוואַרפֿן דאָס דרעק!...״

„דאַניש, פֿאַרוואָס ביסטו אַוועקגעפֿאָרן פֿון מיר?...״

די מיידלעך פֿון ביידע גרופּעס זענען געוואָרן אויסגעשטעלט אין רייען. די אויסגערופֿענע נומערן האָבן מאַרשירט צו דער לינקער זייט פֿון לאַגער — צו דער „פֿרוידע־אָפּטיילונג״; די צווייטע גרופּע, די נישט אויס־גערופֿענע נומערן, זענען אַוועק צו דער צווייטער זייט פֿון לאַגער — צו דער „אַרבעטס־אָפּטיילונג״.

## קאַפּיטל דרייסיק

# הונגער

אַ קליין עלעקטריש לעמפּל האָט באַלויכטן דעם נומער איבערן טויער. דאַניעלאַ האָט זיך נאָכאַמאָל איינגעקוקט — 29. עס איז דער נומער פון באַראַק צו וועלכן זי איז געוואָרן צוגעטיילט. דאָ דאַרף זי וווינען. זי האָט געעפנט דאָס טויער. זי איז אַריין אינעווייניק.

זי איז געבליבן שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן: אַ מטושטשד׳יקער, ענדלאָזער וועג. אַ פאַרצויגענער מיט אַ נעפּל. אָן אַ צאָל שאָטנס פון מענטשן האָבן געשטראָמט אינעם נעפּל. נישט וויסנדיק פונוואַנען און וווהין, אָן תיקון, אָן רו. אַלץ האָט דאָ אויסגעזען ווי אונטערן שפּיגל פון אַ זומפּיקן וואַסער.

אין דער הויך, אונטער בעלקעס, האָבן געברענט עטלעכע לעמפּלעך, וועלכע האָבן געוויזן, אַז אַלץ איז דאָ געל, טרייסטלאָז. עס איז נישט געווען צו באַמערקן דעם צווייטן עק פון דעם באַראַק. אַן ענדלאָזער וועג. פון ביידע זייטן ביי די ווענט האָבן זיך געצויגן צוויי שיכטן ברעטער, איין שיכט איבער דער צווייטער. פון אויבן און פון אונטן זענען געלעגן און געזעסן, געדיכטע, איינער לעבן צווייטן, אָן אַ שיעור שאָטנס פון מענטשן, געהילטע אין שמאַטעס. שמאַטעס אויף די פיס, שמאַטעס אויף די קעפּ. נישט מעגלעך צו דערקענען צו וואָס פאַר אַ געשלעכט זיי געהערן און פון וועלכן עלטער זיי זענען. סקעלעטן, אָן אַ צאָל, אָן אַ ברעג. ווו נאָר דאָס אויג דערגרייכט — שווימענדיקע סקעלעטן אין אַ געלב־שמוציקן שטראָם.

דאָס טויער הינטער איר האָט זיך אויפגעריסן. אַ קאַלעפאַקטאָרין מיט אַ שטעקן אין האַנט האָט זיך באַוויזן. זי האָט אויסגעשריגן:

— אַלע אַרויף אויף די ברעטער!

דאַניעלאַ איז צוגעלאָפן צו די ברעטער. זי האָט געוואָלט אַרויפקריכן. מיילער מיט גרויסע ציין האָבן זיך צו איר אויסגעשטשירעט, אויפגעריסענע אויגן מיט שנאה. זיי האָבן געקאָפּעט מיט די פיס אויף אירע הענט און זי נישט אַרויפגעלאָזט. אין מיטן בלאָק האָט די קאַלעפאַקטאָרין געשלאָגן מיטן שטעקן איבער די קעפּ פון יענע, וועלכע האָבן זיך נאָך געדרייט אין מיטן בלאָק. די קלעפּ האָבן אָפּגעהילכט ווי קלעפּ פון האָלץ אויף ליידיקע טעפּ. דאַניעלאַ איז געלאָפן פון איין אָרט צום צווייטן ביז זי איז צוזאַמען, צווישן אַנדערע, אַרויף אויף די ברעטער.

אויף די ברעטער איז געוועזן אויסגעשפּרייט פאַרפוילטע שטרוי ווי אין אַ שמוציקער שטאַל. די שכנות האָבן זיך פון איר אָפּגערוקט מיט אַן עקלדיקער שנאה. זיי האָבן זי אויסגעמיטן, ווי זי וואָלט דאָ אַהערגעקומען מיט איר גוטן ווילן, כדי צו ירשנען זייער פּלאַץ. איצט זענען זיי באַשעפטיקט. זיי האָבן נישט קיין צייט צו איר. יעדע האַלט אַ פאַרראָסטעטע קאָנסערוונפּושקע צווישן די פיס. אין דער פּושקע געפינט זיך די אויסגעטיילטע פאַרציע, שמוציקע טיי. זיי וואַרטן מיט אַ ציטערדיקן פיבער מען זאָל זיי שוין אויסטיילן די פּאָרציע ברויט. איצט האָבן זיי נישט קיין צייט צו איר. זי, די נייע, מיינט אוודאי, אַז זי וועט זיי איבערלעבן, ווייל זי איז ערשט געקומען אינעם לאַגער אַריין. נאָר מאָרגן, אויף דער בוי־שטעלע, וועלן זיי איר שוין ווייזן.

דאָס טויער עפנט זיך אויף. קאַלעפאַקטאָרינס. די ערשטע שרייט:

— רועז!...

צוויי העפטלינגס טראָגן אַ קאָרב מיט גלייך־געשניטענע שטיקלעך ברויט. קאַלעפאַקטאָרינס, מיט שטעקנס אין די הענט, גייען נאָך נאָכן קאָרב. די העפטלינגס זיצן מיט אַ סדר אויפן שטרוי, שורות, שורות. איינע פון די קאַלעפאַקטאָרינס וואַרפט צו די פּאָרציעס. יעדע כאַפּט דאָס שטיקל שוואַרצע ברויט, וואָס דאַרף געבוג זיין ביז מאָרגן אין דער איצטיקער צייט.

דאַניעלאַ כאַפּט מעכאַניש איר פּאָרציע ברויט, האַלט דאָס אין אירע הענט. כאָטש זי האָט פון נעכטן נאָך נישט געהאַט אַפילו אַ ביסל וואַסער

אין מויל, פילט זי פונדעסטוועגן נישט, און געדענקט נישט, דעם טעם פון הונגער. פאַרקערט, ווען מען צווינגט זי איצט עסן, וואָלט זי אויך נישט געקענט אַראָפּשלינגען.

די שכנטע לעבן דאַניעלאַן האַלט דאָס שטיקל ברויט אין צוויי ביינער־דיקע הענט. מיט אָנגעצונדענע אויגן באַטראַכט זי די פּאָרציע פון אַלע זייטן. די פאַרראָסטעטע פּושקע מיט טיי שטייט צווישן אירע פיס. זי עפנט אַ מויל מיט צוויי שורות גרויסע ציין. עס קוקט אויס, אַז די ציין וועלן אויף איין מאָל איינשלינגען דאָס גאַנצע שטיקל ברויט. נאָר די ציין נעמען בלויז אַרום דאָס שטיקל ברויט, באַרירן עס, און לאָזן עס צוריק אַרויס גאַנץ. די ציין קייען און די פּאָרציע ליגט ווייטער אין אירע הענט ווי פריִער. אפשר איז אַ שטיקל געמינערט געוואָרן, נאָר פון איין ביס צום צווייטן איז אַזעלכעס נישט צו באַמערקן. די ציין בייסן זיך כסדר איין אין דעם ברויט, נעמען אַרום די פּאָרציע מיט אַ ציטערדיקן עקסטאַז, און לאָזן זי צוריק אַרויס פון מויל גאַנץ. איינציקווייז ווערט דאָס שטיקל ברויט אין אירע הענט וואָס אַמאָל ווייניקער, ביז עס בלייבט דאָרט גאָרנישט. אָבער די ציין הערן נישט אויף ווייטער זיך אויפצושאַרצן און ווייטער זיך אַריינצובייסן אין די שמוציקע, ביינערדיקע דלאָניעס אין וועלכע עס האָט זיך פריִער געפונען אַ פּאָרציע ברויט.

ווען זי איז מיד געוואָרן צו לעקן די ליידיקע הענט, האָבן זיך אירע אויגן אויסגעדרייט צו דער פּאָרציע, וועלכע איז נאָך געלעגן אַ גאַנצע אין דאַניעלאַס הענט, די אויגן האָבן זיך איינגעשטאָכן אינעם שוואַרצן שטיקל ברויט און פונדערווייטנס דערפון געזויגן.

דאַניעלאַ האָט געקוקט אַרום זיך. זי איז אַלץ געווען צעטומלט. איז דאָס טאַקע אמתע, לעבעדיקע ווירקלעכקייט? פּלוצלונג האָט זי באַמערקט: בעטנדיקע אויגן פון דער שכנטע קוקן צו איר. אין דעם בליק איז איצט געלעגן אונטערטעניקייט, רחמים. אָנשטאָט די שפּאַרנדיקע שנאה פון פריִער, האָט איצט אַרויסגעקוקט פון די אויגן אַ ווייכקייט פון אַ פאַרלאָ־זענער, קראַנקער זקנה. זייערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. די זקנה האָט מיד צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי אַ געשלאָגענע פון ביזן גורל, און אַפילו פון זיך קיין זיפץ נישט אַרויסגעבראַכט.

דאַניעלאַ האָט פאַרגעסן אין אַלץ אַרום זיך. דער בלאָק און דער

לאַגער זענען פאַרשוווּנדן. זי האָט געפילט אַ באַגער אַרומצוכאַפּן דעם אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ פון דער אַלטער פרוי, דריקן אים צו זיך און אַרויס־ברעכן אין אַ געוויין.

די פרוי האָט אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויפן שטרוי, אויסגעצויגן אים צו דאַני־עלאַס זייט. זי האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון ברויט, וואָס איז געלעגן אין די הענט פון דער ערשט־געקומענער.

דאַניעלאַן איז פּלוצלונג קלאָר געוואָרן. זי האָט אַ כאַפּ געטון דאָס ברויט און מיט אויסגעשטרעקטע הענט עס דערלאַנגט צום קאָפּ פון דער זקנה.

— עסט, טייערע... — האָט זי געזאָגט.

פּאַמעלעך האָט די אַלטע אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון שטרוי, געקוקט אויף דער ניי־געקומענער מיט חשד. ווי זי וואָלט נישט געגלויבט, וואָס אי־רע אויגן זעען. נאָר אַז זי האָט נאָך אַלץ געזען די הענט אויסגעשטרעקטע מיטן ברויט, האָט זי עס מיט איין שפּרונג אַ כאַפּ געטון ווי אַ ווילדע חיה אין אירע נעגל אַריין, פאַרקלעמט עס הינטער זיך און געוואַרט. זי איז איצט גרייט געווען צו קעמפן ביז טויט, אויב עמעצער וועט דאָס וועלן צוריק אַרויסנעמען פון איר.

דער גרויל פון הונגער האָט צו איר איצט געקוקט מיט צוויי תהום־געעפנטע אויגן.

זי האָט ווייך געזאָגט:

— עסט, טייערע. איך גיב אייך דאָס פון מיין גאַנצן האַרץ...

די זקנה האָט שנעל איינגעביסן גרויסע ציין אינעם ברויט. זי האָט נאָך אַלץ נישט געגלויבט. זי האָט געקוקט צו דאַניעלאַן און געשלונגען. געקוקט און געשלונגען. דערנאָך האָט זי צוגענומען די בלעכענע פושקע צום מויל. פּלוצלונג האָט זי די פושקע אַוועקגעשטעלט, אויפגעהערט צו קייען — און אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין. מיט ביינערדיקע הענט האָט זי געהאַלטן פאַרשטעלט דאָס אַלטע פּנים. אַ רעשטל פונעם אַרומגעבי־סענעם ברויט איז געבליבן ליגן אויפן שטרוי לעבן אירע פיס.

דאַניעלאַ האָט אויסגעשטרעקט צו איר די הענט, אַרומגענומען זי. די זקנה איז געלעגן אויף איר ברוסט ווי אַ קליין גופל פון אַ קינד. ביס־לעכווייז האָט זי זיך באַרויקט. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און אַרויפ־

געקוקט צו די טרערן, וועלכע זענען געראָנען שטילערהייט אויף דאַניעלאַס פּנים.

דאַניעלאַ האָט צאַרט געגלעט דאָס ביינערדיקע, געלע פּנים פון דער זקנה. זי האָט אויפגעהויבן דאָס שטיקל ברויט, וואָס איז געלעגן אויפן שטרוי און איר דאָס אַריינגעגעבן אינעם מויל, ווי מען גיט איין אַ לעפל גריץ צו אַ קראַנק קינד.

אַרום און אַרום זענען די העפטלינגס אויף די ברעטער שוין גע־שלאָפן. די אַלטע האָט מיט אַ שוואַך קול געפרעגט:

— פון וואַנען האָט מען דיך געבראַכט?

— פון יידן־פירטל 3, — האָט דאַניעלאַ געענטפערט.

— און איך בין פון יידן־פירטל 1, — האָט זי געזאָגט. — עס זענען דאָרט נאָך פאַראַן יידן?

— אין די שאָפּן אַרבעטן נאָך אַ סך יידן.

— איך הייס זיידנער. רעגינאַ זיידנער. אויפן ערשטן „פונקט" האָט מען מיך אָפּגעשיידט פון מיין פאַמיליע. מיך האָט מען דאָ אַהער געשיקט. פון מיין „טראַנספּאָרט" איז שוין קיינער נישט געבליבן. אפשר יענע, וועלכע מען האָט אַריבערגעשיקט אויף דער צווייטער זייט, אינעם „פּופּען־הויז", אפשר איז פון זיי דאָרט נאָך עמעצער געבליבן. האָסט נישט צו־פעליק געהערט צי עס האָט זיך ווער פון מיין פאַמיליע אָפּגעראַטעוועט פון „פונקט"? מיר האָבן געוווינט אויף סלאָוואַצקי גאַס, נומער 19.

דאַניעלאַ האָט נישט געקענט אַזאַ פאַמיליע. זי גופא איז בשעת דעם ערשטן „פונקט" נישט געווען אין די יידן־פירטלען. איבערהויפּט האָט זי קיינעם אויסער האַרין אין יידן־פירטל 1 נישט געקענט. „פּופּן־האַוז". וואָס איז דאָס אַזעלכעס? וואָס טוט מען דאָ אינעם לאַגער?

— איך גופא בין פון קאָנגרעסיאַ, — האָט דאַניעלאַ געזאָגט. — צו־ליבן קריג בין איך געבליבן שטעקן אין מעטראָפּאָלי. איך קען קיינעם נישט אין די יידן־פערטלען. וואָס טוט מען דאָ אינעם לאַגער? וואָס פאַר אַ שאָפּן זענען דאָ פאַראַן? וואָס איז דאָרט אויף דער צווייטער זייט?

אַז רעגינאַ זיידנער האָט דערהערט דערמאָנען דעם צווייטן טייל פון לאַגער, האָבן זיך אירע אויגן אָנגעצונדן מיט אַ שנאה — זיי דאָרט פרעסן אויף אונדזער ברויט! — האָבן זיך די ווערטער געריסן פון איר מויל מיט

האָס. — זיי קריגן ווורשט, מאַרגאַרין, צוויי זופּן טעגלעך, טיי איז דאָרט פראַנק און פריי. בשעת אַ „רייניקונגס־עקזעקוציע" וועסטו זען ווי אויסגע־פּאַשעט זיי זענען דאָרט. פון אונדזער לאַגער פירט מען יעדן טאָג אַרויס „מוזלמאַנקעס"*) צום איזאָלאַציע־בלאָק, אָבער ביי זיי מאַכט מען אַן „עק־זעקוציע" נאָר ווען עס קומט אָן אַ נייער „טראַנספּאָרט". מיר איז שוין אַלץ איינס. איך וועל שוין סיי ווי לאַנג נישט זיין, — האָט זי צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ — איך וואָלט נאָר פריער געוואָלט וויסן אויב עמעצער פון מיין פאַמיליע איז כאָטש איבערגעבליבן. איך וואָלט געוואָלט עמעצן פון זיי זען...

די אַלטע האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אויפן שטרוי. אירע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ ווייט, ווייט. דאַניעלאַ האָט מער נישט געקענט געוויר־ווערן וועגן לאַגער. איר שכנטע איז איצט אינגאַנצן אַוועק פון איר צו אירע אַ פאַרגאַנגענער וועלט. אפשר צו איר היים? אפשר צו אירע קינדער? אַן אומבאַשרייבלעכער צער איז איצט געלעגן אויף דעם ביינערדיקן פּנים. דאַניעלאַ האָט זיך געפילט שולדיק דערין, ווי איר אַנוועזנקייט וואָלט דערצו גורם געווען. איר דערשיינען פון דער דרויסנדיקער וועלט האָט אָן ספק איצט אויפגעפרישט פאַרגעסענע ווונדן אין דער אומגליקלעכער האַרץ, און כדי צו מאַכן איר פאַרגעסן פון דעם ווייטיק, האָט דאַניעלאַ סתם געפרעגט:

— פרוי זיידנער, ווי אַלט זענט איר?

די אַלטע האָט מיד צו דאַניעלאַן אויסגעדרייט די אויגן. זי איז ווייטער געלעגן אינעם שטרוי, אין דער זעלבער פּאָזע, אַ פאַרטיפטע נאָך אין אירע געדאַנקען. גלייכגילטיק האָט זי אַרויסגערעדט:

— ווען די קריג האָט אויסגעבראָכן בין איך געווען אין דעם פינפטן קלאַס גימנאַזיע.

דאַניעלאַס גלידער זענען פלוצלונג געוואָרן פאַרגליווערט. אין איין אויגנבליק האָט זי געוואָלט אויפשפּרונגען פון אָרט און אָנהייבן לויפן, שרייען און לויפן, לויפן אָן אַ צוריקהאַלט, אָן אַ גרענעץ, און שרייען אָן אַ צוריקהאַלט און אָן אַ סוף. נאָר זי האָט נישט געקענט. זי איז געווען

*) מוזלמאַנקעס — פרויען אין לאַגער וואָס די וואָג פון זייער קערפּער איז געווען ווי די וואָג פון זייערע ביינער.

ווי איינער וואָס חלומט אַ קאָשמאַרן חלום: ער וויל אַנטלויפן פון אַ גע־שפּענסט, נאָר ער קען נישט. די אברים זענען אָפּגעשטאָרבן.

פון צווישן די סופיט־בעלקעס האָבן אַראָפּגעקוקט צוויי טונקל־ברע־נענדיקע לעמפּלעך ווי מרה־שחורהדיקע אויגן פון אַן אימהדיקער חיה, וועלכע ליגט אויבן אין דער הויך און היט דעם באַראַק. אויף די ברעטער זענען געלעגן הונדערטער גופים פון פרויען. זיי האָבן אויסגעזען ווי אויס־געסדרטע אַלטע, פאַרפוילטע שטיקלעך שמאַטעס, אויסגעלייגט צום טריי־קענען. זיי זענען געשלאָפן. מען האָט נישט געהערט זייער אָטעם.

רעניאַ זיידנער, דאָס מיידל וואָס האָט נאָך נישט פאַרענדיקט די שול, האָט פאַרמאַכט די אויגן, שטיל איינגעשלאָפן. פון איר אָפענעם מויל האָט אַרויסגעקוקט די אויבערשטע שורה גרויסע ציינער. זיי האָבן אַרויסגעשטעקט גלייך פון יאַסלע־ביין, אָן פליישׁ.

דאַניעלאַ האָט זיך פאַרשטעלט מיט די הענט איר קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט שיצן פאַר דעם פחד, וואָס איז איר באַפאַלן.

זי איז דאָך אין דעם זעלבן עלטער פון אָט דער זקנה...

## קאַפּיטל איין און דרייסיק

# עקזעקוציע

— אַאוף!... אַאוף!... אַאוף!...

נאָך דריי אַזעלכע אַרויסגעשרייען פון דער קאַלעפּאַקטאָרין ווערט אַ בהלה צווישן דעם שטרוי. אַלע שפּרינגען שנעל אַראָפּ פון די ברעטער ווי זיי וואָלטן נישט אַ רגע פריִער געווען פאַרזונקען אין אַ קראַנקהאַפטן שלאָף, נאָר ווי זיי וואָלטן אַ גאַנצע נאַכט געוואַרט אין נערוועזער שפּאַנונג צו הערן דעם באַפעל־אויסגעשריי: „אַאוף!״ ווי לויף־ספּאָרטלער, וועלכע וואַרטן אויף דעם געגעבענעם צייכן, אַז זיי מעגן שוין אָנהייבן זייער לויף.

רעניאַ זיידנער האָט געריסן דאַניעלאַן פון שלאָף, כדי זי צו ראַטעווען פון דער קאַלאַפּאַקטאָרינס שטעקן. עס האָט לאַנג געדויערט ביז דאַניעלאַ האָט באַנומען ווו זי געפינט זיך. זי איז איצט געווען מידער און שוואַכער פון די העפטלינגס. איינציקווייז האָט דער אַרום זי צוריק וואַכעדיק געמאַכט.

אינדרויסן איז נאָך געווען פינצטער. ביים טויער פון דעם באַראַק האָט מען אויסגעטיילט טיי — אַ שמוציק וואַסער געמישט מיט בלעטער. אַלע זענען געשטאַנען אין ריי מיט פאַרראָסטעטע קאָנסערוון־פּושקעס אין די הענט. במשך דעם גאַנצן טאָג זענען די פּושקעס געהאָנגען אויף אַ שטריק, אָדער אַ דראָט אַרומגעגאַרטלט אַרום בויך. ביים אויסטיילן טיי אָדער מיטיק־זופּ, האָט יעדע אַראָפּגענומען די פּושקע פון די לענדן.

רעניאַ איז צוריקגעקומען פון פּאַס. זי האָט אויפגעזוכט דאַניעלאַן, דערלאַנגט איר טיי צום טרינקען. כאָטש דאַניעלאַ האָט דעם צווייטן טאָג

נאָך גאָרנישט געהאַט אין מויל, איז אָבער גענוג געווען זי זאָל אַ קוק טון אויף דער פּושקע עס זאָל איר אָנכאַפּן אַן עקל.

אינדרויסן האָט אַ נייער טאָג זיך געקליבן אינעם לאַגער אַריין. זעקס אַזייגער הייבט זיך אָן די אַרבעט. אַלע לויפן. איילן זיך. מען דאַרף צו־גרייטן די אַרבעטס־כּלים. בשעת הענטשעל, דער דייטשער אַרבעטס־אויפזעער, וועט מאַכן אַן אינספּעקציע, דאַרף יעדע פון זיי קענען וויזן, אַז איר אַרבעטס־כּלי איז אין אָרדענונג. ווי צו אַזעלכע, אויב הענטשעל געפינט אויף זייער „אַרבעטס־צויג" אַ פּגם.

מאַסן פּרויען־העפטלינגס זענען געווען צעשפּרייט אויפן אַרבעטס־פּלאַץ. דעם צווייטן לאַגער, דאָרט וווּ עס זענען די בלומען און ראָזע־בלאָקן, האָט מען פון דאַנען נישט אַרויסגעזען, ווי אַזאַ אָפּטיילונג וואָלט זיך איבערהויפּט דאָ נישט געפונען. דאָ זענען געווען גריבער, בערג און שטיינערדיקע ערד. וואַגאָנעטקעס זענען געשטאַנען אויף פּראָוויזאָרישע רעלצן. קיינער האָט נישט געוווּסט און נישט געפרעגט, וואָס עס ווערט דאָ אייגנטלעך געבויט. טויזנטער יונגע לעבנס האָט דאָ די ערד שוין איינגעשלונגען. און קיין איינע פון די קרבנות האָט נישט געוווּסט צוליב וואָס פאַר אַ צוועק. ווייל ביז אַ שטיקל ערד איז דאָ געוואָרן אויסגעגלייכט, איז אַ גאַנצער „טראַנספּאָרט" מיידלעך אומגעקומען. און די נייע האָבן נישט געוווּסט וואָס די פריערדיקע האָבן דאָ געשאַפן, און זיי האָבן זיך אויך נישט דערוואַרט צו זען, וואָס די קומענדיקע נאָך זיי וועלן דאָ שאַפן.

אַלע לויפן רייניקן די אַרבעטס־כּלים. זייערע גופים זענען פול מיט שמוץ און לייז. נאָר הענטשעל די „לבנה", דער דייטשער אַרבעטס־אויפזע־ער, קאָנטראָלירט פאַרן אָנהייבן די אַרבעט, צי אינעם שפּאַלט — וווּ דאָס האָלץ זיצט אין דער לאָפּעטע־אייזן — געפינט זיך נישט חלילה אַ זעמדל.

אויפן פּלאַץ האָט דאַניעלאַ פּלוצלונג דערזען חנהן, די עלטערע פון די טשעבינער שוועסטער. חנה איז אַרויסגעפאַלן אויף איר האַלדז. חנה, וועלכע האָט תמיד אין געטאָ שטיל געטראָגן דעם צער באַהאַלטן טיף אין האַרץ; נישט מתרעם געווען, נישט געוויינט, נאָר פאַר ליב גענומען אַלץ ווי אַ שטראָף פון גאָט — האָט זיך איצט צעוויינט ווי אַ קליין קינד: מען האָט פון איר צוגענומען איר שוועסטער! נעכטן האָט מען זיי צעשיידט, און חנה האָט מורא, אַז צביהלע, איר יינגערע שוועסטער, וועט זיך דאָרט נישט

קענען קיין עצה געבן אָן איר. ווען אַלץ אַרום זיי אויפן פּלאַץ רעדט נישט חנה; ווען איר ערשטער נאַכט אין דעם באַראַק, ווו זי איז געלעגן צווישן לעבעדיקע מתים, דערמאָנט זי נישט קיין וואָרט. זי רעדט נאָר וועגן איר יינגערער שוועסטער: פאַרוואָס האָט מען זיי צעשיידט? ווי אַזוי ווערט צביה זיך דאָרט קענען אַן עצה געבן אָן איר?

דאַניעלאַ קוקט אויף חנהן און שווייגט. צי האָט זי דען נישט דאָס זעלבע געפילט בשעת זי האָט געהערט, אַז האַרי איז אַוועק? און נעכטן, ווען מען האָט זי פאַנאַנדערגעשיידט פון פעלאַן? אָבער וואָס קען דאָס העלפן חנהן?

— לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען, חנה. — האָט זי געזאָגט.

זי דערציילט חנהן, אַז זי האָט זיך דאָ באַקענט מיט איינער אַ וועטע־ראַנין אינעם לאַגער. אָט רייניגט זי דאָרט איר לאָפּעטע. ביידע זענען צוגעגאַנגען צו רעניאַ זיידנער.

רעניאַ האָט איצט אויסגעזען אַ סך יינגער, רירעוודיקער ווי נעכטן ביינאַכט אויפן שטרוי. רעניא זיצט אויף דער ערד, רייבט מיט אַ קיזל־שטיין דעם שאַרף פון איר לאָפּעטע. רעניאַ באַציט זיך צו זיי פריינטלעך מיט צוגעלאָזנקייט, נישט אַזוי ווי אַנדערע, וועלכע קוקן אויף ניי־געקומע־נע מיט שנאה, ווייל שטענדיק, נאָכן קומען פון אַ נייעם „טראַנספּאָרט“, קומט פאָר אַ „סעלעקציע“. די אויטאָמאָבילן קומען אָן. הענטשעל די „לבנה“ קלייבט אַרויס מיידלעך אין מיטן דער אַרבעט, הייסט זיי אַוועק־לייגן די לאָפּעטע און אַרויפקריכן אויפן אויטאָמאָביל.

— אין הימל אַריין, מיין ליבכען, דאָרט וועסטו איצט העלפן בויען אַן אויטאָ־פּראָמינאַדע.... — אַזוי וויצלט זיך הענטשעל די „לבנה“ בשעת זיינע אַרבעטערינס, פון וועלכע ער האָט שוין אַרויסגעזויגן דעם לעצטן טראָפּן חיות, קריכן אינעם אויטאָמאָביל אַריין.

אויפן ליידיקן אָרט פון דער אַוועקגעגאַנגענער ווערט באַלד אַוועק־געשטעלט אַ ניי־אָנגעקומענע. די לאָפּעטע גייט באַלד איבער צו אַ פרישער האַנט. אַלץ פירט זיך ווייטער. ביז עס קומט ווידער אַ נייער „טראַנספּאָרט“, און איינע פון די פרישע נעמט ווידער די זעלבע לאָפּעטע און שטעלט זיך אויפן אָרט פון דער פריערדיקער. אַזוי גייט די לאָפּעטע איבער פון

האַנט צו האַנט, אָן אויפהער, און אַזוי, אָן אויפהער, קוקן די אַלטע אויף די ניי־געקומענע ווי אויף זייער אָנגעקומענעם טויט.

רעניאַ זיידנער ציט זיך אויס אויפן זאַמד. זי האָט שוין פאַרענדיקט דאָס רייניקן די לאָפּעטע — לייגט זי זיך אַוועק אויסרוען. די לאָפּעטע ליגט אויף איר קערפּער מיט דער גלאַנציקער שאַרף לעבן איר האַרץ. זי האַלט די לאָפּעטע פאַרמאַכט צווישן די אָרעמס ווי אַן אוצר, איבער וועלכן מען ציטערט עס זאָל אים עמעצער נישט צוגנבענען.

רעניאַ זיידנער איז צופרידן. היינט וועט מען אוודאי אָנהייבן צו אַרבעטן צוויי שעה שפּעטער, און דאָס גיט איר די אילוזיע פון אַ יום טוב־געפיל: זי קען רוען אין אַ צייט, וואָס אין אַ געוויינלעכן טאָג מוז מען שווער אַרבעטן. היינט וועט זיך דער גיהנום אויף דער בוי־שטעלע אָנהייבן שפּעטער. ווייל אויב מען האָט נעכטן אַריבערגעשיקט אַ נייעם „טראַנספּאָרט" צו דער „פּרוידע־אָפּטיילונג", וועט היינט אינדערפרי דאָרט אוודאי פאָרקומען אַ „רייניקונגס"־עקזעקוציע. ווען נישט, וואָלט הענטשעל די „לבנה" זיך שוין געפונען אויף דער בוי־שטעלע. אויב אַזוי, מעג זיך רעניאַ דערווייל אויסרוען אויפן זאַמד און הנאה האָבן. עס א־ז יום טוב אינעם לאַגער.

— זיי דאָרט, — ווייזט רעניאַ צו דער זייט פון דער „פּרוידע"־אָפּ־טיילונג, — פּרעסן זיך כאָטש פּרי‌ער גוט אָן, איידער מען שיקט זיי אין אויוון אַריין. אמת, דערנאָך גייען זיי אַוועק אויפן זעלבן אויטאָמאָביל אַזוי ווי מיר. נאָר כל־זמן זיי לעבן לײדן זיי נישט קיין הונגער. אונדזער ברויט! אונדזערע פּאָרציעס מאַרמעלאַדן! — גיט מען זיי אַוועק. אַי, די שמיץ וועלכע זיי באַקומען אינעם לעצטן טאָג? אַזעלכע שמיץ קריגן מיר דאָך יעדן טאָג!

***

ווי שווערע, לאַנגע דונערס האָבן זיך געטראָגן איבערן לאַגער דריי קלעפּ אינעם גאַנג. זייער עכאָ האָט זיך געקוילערט פון די הימלען צום פּלאַץ פון דער בוי־שטעלע. קאַלעפאַקטאָרינס זענען אַרויס פון בלאָקן, מיט שטעקנס אין זייערע הענט. זיי האָבן געשלאָגן א־בער קעפּ פון העפטלינגס, געטריבן צום עקזעקוציע־פּלאַץ, אַלע העפטלינגס פוןביידע זייטן פון לאַ־

גער דאַרפֿן זיין אָנגעוועזנד בשעת מען פירט אויס „אַ ריייניקונגס־עקזעקוציע״ אין דער „פּרווידע״־אָפּטיילונג. אַז מען שלאָגט אינעם לאַגער, דאַרפֿן אַלע העפטלינגס זיך דערצו צוקוקן.

אַ דייטשע מעטאָדע אַזאַ.

די צוויי לאַגערן זענען אָפּגעטיילט איינער פֿון אַנדערן מיט טאָפּלטע ווענט פֿון שטעכל־דראָט. אין דער מיטן, צווישן די צוויי לאַגערן, געפֿינט זיך דער „עקזעקוציע־פּלאַץ״.

קאַלעפֿאַקטאָרינס פֿון צווייטן לאַגער פֿירן אַרויס צום פּלאַץ אַ גרופּע פֿון עטלעכע און צוואַנציק מיידלעך, אַלע נאַקעטע. זיי ווערן צוגעבונדן יעדע צו אַ באַזונדערן שטול, די פֿיס — צו די פֿאָדערשטע צוויי פֿיס פֿון שטול, און די הענט — צו די הינטערשטע פֿיס פֿון שטול. ביי יעדע איינע פֿון זיי שטייט אַ קאַלעפֿאַקטאָרין מיט אַ שטעקן אין האַנט. די קאַלעפֿאַקטאָרין־עלטסטע, אַ שווייגנדיקע, פּירט אָן מיט דער עקזעקוציע. אַלע וואַרטן אויף איר צייכן, און זי, ווידער, וואַרט אויף יאַגאַן, די בלאָנדע לאַגער־קאָמענדאַנטין, וועלכע דאַרף אָנקומען אויפֿן פּלאַץ מיט איר סוויטע, כדי בייצוווינען די עקזעקוציע.

אַז די „בלאָנדע בעסטיע״ באַווייזט זיך אויפֿן פּלאַץ, גיט די קאַלעפֿאַקטאָרין־עלטסטע אַ שמיץ מיט איר בייטש אויפֿן רוקן פֿון איינער פֿון די קאַלעפֿאַקטאָרינס — אַ צייכן, אַז די עקזעקוציע הייבט זיך אָן.

די ספּעציעל־אויסגעשולטע קאַלעפֿאַקטאָרינס צו דער רוצחישער מיסיע הייבן אָן זייער אַרבעט.

שטעקנס הייבן זיך אויף אין איין טאַקט, מיט סדר, מיט דייטשער פּינקטלעכקייט, און לאָזן זיך אַראָפּ אויף די נאַקעטע לייבער. אַזוי אָן אויפֿהער. די יללות שפּאַלטן די הימלען, רייסן זיך אַרויף אין דער הויך — אָן סדר. נאָר די הימלען שווייגן, ווי אויף דייטשער קאָמאַנדע מיט אַ סדר.

פֿוןביידע זייטן עקזעקוציע־פּלאַץ זענען אויפֿגעשנורט אויף די שטעכל־דראָטן — אויגן. אָן אַ שיעור אויגן. דאָס זענען די אויגן פֿון די מיידל־העפטלינגס פֿון ביידע זייטן לאַגער, וועלכע קוקן זיך צו צו דער „ריייניקונג״ פֿון זינד, וואָס קומט איצט פֿאָר אויפֿן עקזעקוציע־פּלאַץ.

## דאָס הויז פֿון די ליאַלקעס

דער גרויסער לאַסט־אויטאָמאָביל שטייט גרייט. קאַלעפּאַקטאָרינס וואַרפֿן דאָרט אַהין אַריין די צעהאַקטע גופים פֿון די „געריייניקטע“. דער נאָך פֿאָרט דער אויטאָמאָביל צו צום „אַרבעטס“־לאַגער, כדי אין איינוועגס שוין מיטצונעמען מיט זיך די סקעלעטן פֿון „איזאָלאַציע“־בלאָק.

אויף דער „אַרבעטס“־אָפּטיילונג קריכן די מוזלמאַנקעס אַליין אַריין אין דעם אויטאָמאָביל. עס קוקט אויס ווי מתים וואָלטן גוטוויליק צוריק־געגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן, אין אַ בשותּפֿותדיקן קבר אַריין.

## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

# הענטשעל „לבנה“

הענטשעל „לבנה“, דער דייטשער אויפזעער, האָט טאַקע געהאַט אַ קאָפּ ווי אַ פולע לבנה: רונדיק, ווי מיט אַ צירקל געצייכנט, און קיילעכדיק; די האָר תמיד אָפּגעראַזירט; קליינע אויערן, קליינע אויגן, אַ קליין נעזל, אַ קליין מויל — אַלץ מיט ראָזע־פליייש פאַרגאָסן; און מיט אַ גרויסן, גראָבן שטעקן אין דער האַנט.

אַז הענטשעל האָט געשלאָגן — און הענטשעל האָט געשלאָגן ביז טויט — האָט מען קיינמאָל נישט געקענט דערקענען אויף זיין „לבנה“־קאָפּ צי ער איז אויפגערעגט, צי ער טוט דאָס פון שנאה, אָדער פון סאַדיסטישער הנאה. ער איז געווען ווי אַ מאַשין, וועלכע מען האָט דאָ אַריינגעשיקט אינעם לאַגער כדי צו הרגענען. און ער פירט אויס זיין מיסיע מיט דייטשער פּינקטלעכקייט.

מעגלעך, אַז אין דער היים האָט הענטשעל אַ פרוי און קינדער; מעגלעך אַז יעדן זונטיק היט ער אָפּ דאָס גיין אין דער קירכע; מעגלעך אַז אין קרייז פון משפחה, קרובים אָדער שכנים, איז הענטשעל באַקאַנט אַלס עניו, שטעלט זיך אויף אינעם טראַמוויי און טרעט־אָפּ זיין פּלאַץ פאַר אַ פרוי; מעגלעך אַז ביז צום קריג־אויסברוך האָט הענטשעל געאַרבעט אַלס סאָלידער באַאַמטער ערגעץ אין אַ בוי־ביוראָ. זיין פרוי האָט אים יעדן פרימאָרגן פּינקטלעך צוגעגרייט אַ שינקען־סענדוויטש צום צווייטן פרישטיק, ער האָט איר פּינקטלעך יעדן פרימאָרגן, פאַרן אַוועקגיין, געגעבן אַ קוש. נאָר דאָ, אינעם לאַגער „אַרבעט דורך פרוידע“, שווימט הענטשעל

יעדן טאָג אין אַ ים פון בלוט, אין אַ גיהנום פון יסורים, וואָס קיין שפּראַך קען נישט דערצו געבן קיין אויסדרוק.

מיט די זעלבע הענט מיט וועלכע הענטשעל פּאַקט אויף יעדן פרי־מאָרגן, פּינקטלעך צען אַזייגער, דעם זאָרגפעלטיק איינגעפּאַקטן „בוטער־בראָט״ — וואָס מען זעט, אַז אַ פּרויס אַ האַנט האָט דאָס צוגעגרייט — מיט אָט די זעלבע הענט מאָרדעט ער טאָג־טעגלעך יונגע, צאַפּלדיקע, מיידלשע לעבנס.

מעגלעך, אַז נאָך אַזאַ טאָג קומט הענטשעל אַהיים, ווי אַמאָל פון זיין אַרבעט אין ביוראָ, מאַכט זיך אַ פוס־באָד, שכנים קומען אַריין, מען שמועסט, מען שפּילט צוזאַמען דאָמינאָ, אַ קאַנאַריק זינגט אינעם שטייגל, קינדער שפּילן פוטבאָל אויפן הויף. הענטשעל שטעלט זיך אויף, גיסט אָן וואַסער אין די בלומען־טעפּ אויף זיין פענצטער; בלומען זענען ווי מענטשן. זיי לעבן. און אַזוי ווי עס ציט מענטשן צום עסן, אַזוי ציט עס בלומען צו וואַסער. אויב נישט, — וועלקן זיי. און דאָס איז אַ גרוי־סער צער.

הענטשעל פילט דעם צער.

מעגלעך, אַז הענטשעל גיסט אָן מיט אייגענע הענט אַ טעלערל מילך און שטעלט עס אַוועק אויף דער ערד פאַר דעם קעצל, וואָס ער האָדעוועט ביי זיך אין שטוב.

דערנאָך, אַז שכנים גייען אַוועק, נעמט הענטשעל אַרויס פון וועסטל־קעשענע דעם גראָבן „ציבעלע״־זייגער, ציט אים אָן, גרייט זיך שלאָפן גיין. מאָרגן, באַלד אינדערפרי, דאַרף ער ווידער אויפשטיין צו זיין אַרבעט אין לאַגער „אַרבעט דורך פרוידע״.

**
*

די ניי־אָנגעקומענע מיידלעך פון נעכטיקן „טראַנספּאָרט״ האָבן נישט קיין אַרבעטס־כּלים. צוליב דער עקזעקוציע איז הענטשעל היינט געקומען שפּעטער אין לאַגער, און נישט באַוויזן אַרויסצוקלייבן זיינע קרבנות. דער אויטאָמאָביל איז שוין אַוועקגעפאָרן. דעריבער זענען אויך נישט פאַראַן קיין ליידיקע אַרבעטס־כּלים. רופט הענטשעל צוזאַמען די נייע, קוקט זיי

אָן, אָבסערווירט יעדע באַזונדער מיט אַ געניט אויג פון אַ זאַך־קענער: וועלכע פון זיי וועט לענגער אויסהאַלטן ביי דער אַרבעט, און וועלכע וועט באַלד אָפּשטיין?

— אַ פּאַרפּלוכטעס פּישן־פּאָלק! — פּלעגט העגטשעל תּמיד זידלען, — ווי אַרויסגעצויגענע פיש פון וואַסער: מאַנכע לעבן לענגער און מאַנ־כע בלייבן באַלד ליגן, אָפּגעשטאַנען...

העגטשעל האָט שוין זיין שיטה. ער ווייסט, אַז קודם כל דאַרף ער זיי ווייזן ווי אַזוי דאָ, ביי אים, ווערט געאַרבעט. ער ווייסט, אַז דער איינצי־קער מקור וואָס גיט דאָ כּוח צו דער אַרבעט איז די שרעק. די הויפּט־זאַך איז — שרעק! דעריבער דאַרף ער באַלד פאַר זיי עפענען אָט דעם מקור. אזוי פירט ער זיך תּמיד. אַן אויסגעפּרוווטע מעטאָדע ביי אים.

אויפן פּלאַץ ליגן רעלצן, אויף וועלכע מען שטופּט די וואַגאָנעטקעס מיט שטיינער פון איין אָרט צום צווייטן. די רעלצן דאַרף מען שטענדיק איבערטראָגן פון איין פּלאַץ צום אַנדערן. און לויט העגטשעלס מעטאָדע איז דאָס די געוווּנטשנסטע אַרבעט פאַר מיידלעך פון אַ נייעם טראַנספּאָרט.

העגטשעל גיט אַ באַפעל. אַ גרופּע מיידלעך פון נייעם טראַנספּאָרט גייען אַריין צווישן די רעלצן, שטעלן זיך אויס אין אַ שורה איבער דער גאַנצער לענג פון פילמעטער־לאַנגן רעלץ. די רעלצן זענען צוגעשרויפּט צו דיקע קלעצער. די קלעצער זענען אַריינגעוואָקסן אין דער ערד צוליב דער שווערער משא פון וואַגאָנעטקעס מיט שטיינער, וועלכע דריקן אויף זיי תּמיד. העגטשעלס קאָפּ שטייט גלייכגילטיק, ווי אַ גלייכגילטיקע לבנה. און באמת: ווען מען קוקט זיך גוט איין אין העגטשעלס פּנים זעט מען דערויף אַזאַ מין שמייכל, ווי נאָר קינדער זעען דאָס אויפן פּנים פון דער לבנה.

און אַלץ איז שוין גרייט, גיט די „לבנה" אַ געשריי:

„אַנפאַסען!..."

די מיידלעך בייגן זיך אַראָפּ. „פאַסען אַן" מיט די הענט רעכטס און לינקס דאָס קאַלטע אייזן פון די רעלצן. דערנאָך גיט די „לבנה" אַ געשריי:

„האָך העבען!..."

די מיידלעך שטייען אַראָפּגעבויגענע מיט איינגעקלעמטע פינגער אין די אייזנס, פּרווון „האָך העבען" די רעלצן, נאָר די רעלצן רירן זיך נישט

פון אָרט. אַפילו די משא פון בלויזן אייזן איז אויך איבער זייערע כוחות אויפצוהייבן. דערצו ערשט די שווערע צוגעשרויפטע קלעצער אונטער זיי; און על אחת כמה וכמה, אַז די קלעצער זענען נאָך דערצו אַריינגעוואָקסע־נע אין דער ערד און די ערד האָט זיך איינגעשפּאַרט: זי האַלט די קלעצער אין איר מויל מיט פאַרביסענע ציין און וויל זיי בשום אויפן פון זיך נישט אַרויסגעבן.

די מיידלעך זענען פאַרנומען יעדע מיט זיך. זיי שטייען אַראָפּגעבוי־גענע צו דער ערד ווי אין אַ תפילה: זי, די ערד, זאָל זיך מרחם זיין און אַרויסגעבן פון זיך די רעלצן.

לכתחילה האָבן זיי עס נישט באַמערקט. נאָר פלוצימדיקע געשרייען האָבן זיי אַלעמען אויפגעציטערט. זיי האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און גע־זען ווי הענטשעל שטייט איבער חנה די טשעבינערין, שלאָגט מיט אַ האַלץ פון אַ לאָפּעטע איבער איר קערפּער און ווערט גאָרנישט מיד שלאָגנ־דיק, ווי ער וואָלט געשלאָגן מיט אַ ציל, מיט אַ כוונה, ווי דאָס עצם שלאָגן וואָלט ביי אים געווען דער ציל.

חנה ליגט אויף דער ערד, אַן איבערגעוואָרפענע איבערן רעלץ, און הענטשעל זעצט איבער די פיס, איבערן קאָפּ, איבער די ביינער פון די הענט. חנה שרייט צו גאָט, זי וואַלגערט זיך אויף דער ערד, בייסט זיך איין אינעם זאַמד מיטן מויל, רייסט די האָר פון קאָפּ, די ציין קריכן איר אַרויס פון אָפענעם מויל, די אויגן קריכן איר אַרויס פון די לעכער, און די „לבנה" שטייט איבער איר ווי ער וואָלט אויף אַ האָר נישט געווען אין כעס, ווי ער וואָלט זיך אַפילו נישט דערשוויצט — און זעצט מיטן שטעקן איבער די אַקסל־ביינער, איבער די פיס און הענט. חנה וויל חלשן. זי וויל שטאַרבן:

— רבונו של עולם!! נעם מיך אַרויף צו דיר!... רבונו של עולם!!....

נאָר הענטשעל די „לבנה" לאָזט זי נישט חלשן. הענטשעל לאָזט זי נישט אָפּשטאַרבן.

הענטשעל פירט איצט אַ קאַמף מיטן „רבונו של עולם". ער וועט חנהן נישט איבערגעבן אַזוי שנעל אין גאָטס הענט אַריין. הענטשעל איז איינגעשפּאַרט ווי די איינגעשפּאַרטע ערד, וועלכע וויל אויך נישט פון זיך אַרויסגעבן די רעלצן.

הענטשעל ווייסט, אַז חנה דאַרף פריִער, איידער זי שטאַרבט, גוט צו שרייען. אַלע פונעם נייעם „טראַנספּאָרט" דאַרפן דערנאָך הערן די געשרייען אַזוי לאַנג ווי נאָר עס וועט זיי באַשערט זיין צו זיין אונטער זיין רשות. און ער זעצט מיטן שטעקן איבער חנהסביינער מיט אַן אויסרע־כענונג, מיט אַ מעטאָדע; רק זי זאָל נישט חלשן, ווייל אויב חנה וועט אויפהערן צו שרייען — וועט זי שוין זיין טויט. דאָס ווייסט ער. תמיד איז אַזוי.

„אַנפּאַסען!..." הערט זיך אַ צווייט מאָל הענטשעלס באַפעל.

די מיידלעך באַפאַלן די רעלצן. בייגן זיך אַראָפּ. קלעמען איין זייע־רע הענט אין דעם אייזן.

„האָך העבען!..."

דער מקור איז געעפנט. די שרעק שטראָמט אַריין אַן איבערמענטש־לעכן כוח אין די הענט. חנה ליגט אויף דער ערד. עפּעס טרייסלט זיך נאָך אין איר: אַ פּוס, אַ האַנט; עפּעס טוט זיך נאָך אַ וואָרף פון צייט צו צייט. אָט — — זי ליגט שטיל ווי אַן אויסגעליידיקטע, נאָר אירע פריִערדיקע געשרייען שוועבן נאָך אין דער הויך, פילן אויס דעם חלל.

איצט קומט פאַר אַ קאַמף צווישן דער ערד און מיידלשע הענט איבער רעלצן מיט אַריינגעוואַקסענע קלעצער אין דער ערד. וויזט אויס, אַז די מיידלשע הענט זענען שטאַרקער פון דער ערדס כוח, ווייל די קלעצער קריכן איינציקווייז אַרויס פון דער ערדס פאַרקוועטשטע ציינער.

הענטשעל שרייט:

„אַאוס דעם קרויץ!..."

דאָס הייסט: אויסגלייכן די רוקנס, שטיין שטאָלץ און גלייך ביים טראָגן די רעלצן. די ערד ציט אָבער צו זיך צוריק אַראָפּ די אייזערנע רעלצן מיט אַן אומגעהויערער מאַגנעטישער קראַפט. זי, די ערד, האָט וויזט אויס נאָך נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף. זי וויל די משא צוריק אַראָפּבאַקומען צו זיך. נאָר אין דער הויך, איבער די קעפּ, רייסן זיך, ווי צוריקגעוואָרפענע פון די הימלען, חנהס געשרייען:

„רבונו של עולם!..." „רבונו של עולם!..."

און מיידלשע הענט באַזיגן די מאַגנעטישע קראַפט פון דער ערד. זיי טראָגן די רעלצן.

די מיידלעך האָבן באַזיגט די ערד אינעם קאַמף איבער די רעלצן, און גאָט האָט באַזיגט הענטשעלן אינעם קאַמף איבער חנהס נשמה. קאַ־לעפאַקטאָרינס וואַרפן אַריין חנה די טשעבינערינס גוף אין איזאָלאַציע־בלאָק, ער זאָל נישט שטערן אויף דער בוי־שטעלע.

הענטשעל נעמט אַרויס פון וועסטל־קעשענע דעם „ציבעלע״־זייגער: פינקטלעך צען! זעצט ער זיך אַוועק אויף אַן איבערגעקערטער וואַגאָנעטקע עסן זיין צווייטן פרישטיק. ער פּאַקט אויף דעם זאָרגפעלטיק איינגעפּאַקטן „בוטער־שניט״, בייסט איין די קליינע, רויטע ליפּעלעך, איידלמעסיק, אי־נעם סענדוויטש. די קליינע אייגעלעך קוקן זיך אַרום בשעתן עסן איבער דער גאַנצער גרויס און ברייט פון דער בוי־שטעלע, ווי אַ צופרידענער פּאַרמער אויף דער שפע־ברכה פון זיין לעבעדיקן אינווענטאַר.

צווישן די הונדערטער אַרבעטנדיקע, איינגעבויגענע מיידלעך אויף דער בוי־שטעלע גייט אַדורך אַ שטראָם פון נערוועזער פלייסיקייט:

„זעקס!...״ „זעקס!...״ די „לבנה״ קוקט!...

***

אַפּעל!

אַלע ניי־געקומענע שטייען אויסגעשטעלט אויפן פּלאַץ, נאַקעטע. יאַגאַ, די „בלאָנדע בעסטיע״, צוזאַמען מיטן דייטשן לאַגער־אַרצט קומען אָן זען דעם נייעם „טראַנספּאָרט״.

דער לאַגער־אַרצט איז פאַרבייגעגאַנגען לעבן די מיידלעך, אָבסער־ווירט זיי. צוקומענדיק צו דאַניעלאַן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געקוקט אויפן שוואַרצן צייכן, וואָס האָט זיך געצויגן אויף דער גאַנצער לענג פון דאַניעלאַס פּלייצע — אַן איבערבלייבעניש פון דער קאַלעפאַק־טאָרין־עלטסטע פּייטשע. ער איז געווען דערשטוינט: היתכן?... דאָ, אינעם דייטשן אַרבעטס־לאַגער שלאָגט מען?... זיין פּנים האָט נישט אויפגעהערט אויסצודריקן דערשטוינונג, ווי דאָ וואָלט באַגאַנגען געוואָרן אַ פאַרברעך אַקעגן דער דייטשער עטיק. ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן אַקסל, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שוואַרצער צייכן: — ווען האָט דאָס פּאַ־סירט? — האָט ער געפרעגט.

דאַניעלאַ האָט זיך דערמאָנט אינעם מעדאַליאָן, וואָס ליגט פאַר־שטעקט אין אַ טאַש צווישן אירע שמאַטעס אויף דער ערד. זי האָט גע־שוויגן.

דער לאַגער־אַרצט האָט געקוקט אויף דאַניעלאַס קערפּער און נישט געקענט פאַרשטיין. דאָ איז בלי ספק, באַגאַנגען געוואָרן אַ טעות. ער האָט איר געהייסן עפענען דאָס מויל, געקוקט איר אין די אויגן אַריין, באַטאַפּט אירע ברוסטן, און לסוף זיך אויסגעדרייט צו דער לאַגער־קאָמענ־דאַנטין, גערעדט מיט איר עפּעס אין דער שטיל.

יאַגאַ איז צוגעגאַנגען צו דאַניעלאַן, אָבסערווירט זי פון דער נאָענט שטעלנדיק דערביי פראַגן: צי דאַניעלאַ ליידט נישט פון אַ געוויסער קרענק? צי זי איז נישט געווען אַמאָל קראַנק מיט אַן אַנשטעקנדיקער קראַנקייט? צי זי איז אַ פאַרהייראַטע? — כמעט די זעלבע פראַגן, וועלכע דאַניעלאַ האָט שוין געהערט מיט צוויי טעג צוריק בשעת דעם דורכפירן פאָרמאַליטעטן אינעם דינסט־בלאָק.

— ניין — האָט דאַניעלאַ אויף יעדער פראַגע געענטפערט.

די לאַגער־פירערין האָט דאַניעלאַן אַרויסגענומען פון דער ריי, אַוועקגעשטעלט זי אין אַ זייט, געהייסן איר אָנטון זיך. אַז דער „אַפּעל" האָט זיך געענדיקט, און די מיידלעך פון נייעם „טראַנספּאָרט" זענען צוריק אַוועק צו הענטשעלן, האָט יאַגאַ מיט זיך מיטגענומען דאַניעלאַן, אַריינ־געפירט זי אין „שטאַנדעס־אַמט", נאָכגעקוקט דאָרט דאַניעלאַס מעדיצי־נישע קאַרטע און געשיקט רופן די סלאָוואַקישע העפטלינגס־אַרצטין, וועל־כע האָט דאַניעלאַן איינגעשריבן אויף דער ליסטע פון אַרבעטס־קאָמאַנדאָ.

אַז די אַרצטין איז אַריינגעקומען, האָט יאַגאַ זי קודם כל מכבד געווען מיט אַ קאַפּע אינעם בויך אַריין, און דערנאָך ערשט איבערגעגעבן דאַניעלאַן אין אירע הענט אַריין, ברומענדיק דערביי:

— אַזאַ בלום שיקט מען אין שטיין־ברוך? אַ סך אַזעלכע האָסטו דאָרט אין דיין „באָרדעל"?!...

פון יענער מינוט האָט דאַניעלאַ געהערט צום „פרוידע־לאַגער".

## קאַפּיטל דריי און דרייסיק

# די צאל שטימט

האַרי האָט אין יענעם טאָג אָפּגעהיט די דריי קאַרטאָפל, ער האָט זיך צו זיי נישט צוגערירט, אָבער טעדעק האָט זיי שוין נישט געגעסן.

דורכן פאַרקראַטעוועטן פענצטערל פון דער קראַנקען־שטובע האָט האַרי געהערט דאָס געזאַנג פון ליד: „מעדלס, די איך ליבע...“ — אַ סימן אַז די העפטלינגס מאַרשירן שוין צוריק פון דער בוי־שטעלע. צווישן די לידער וואָס זיי זענען מחויב צו זינגען אויפן וועג, איז עס דאָס לעצטע ליד וואָס זיי זינגען בשעת זיי דערנענטערן זיך צום לאַגער־טויער.

אין אמתן איז אין דעם ליד פאַראַן אַ געוויסע האָפערדיקייט, סיי אין די ווערטער און סיי אין דער מעלאָדיע. יעדער העפטלינג פילט דאָס. ווייל בשעת די מיילער זינגען וועגן „גרעטלס הויכע ברוסטן...“ זעען שוין די אויגן פונדערווייטנס דעם לעפל הייסע זופּ, וואָס זיי וועלן באַלד קריגן אינעם לאַגער; און זיי זעען שוין די נאַרע, ווו זיי וועלן זיך באַלד קענען אַוועקלייגן. און ווייל די ס. ס.־לייט זענען געוואָרן אויפמערקזאַם, אַז דאָס ליד זינגען די העפטלינגס מיט מער חשק — מען דאַרף נישט שפּאַלטן מיט דער ביקס עמעצנס אַ קאָפּ, כדי די אַנדערע זאָלן שוין וויסן, אַז גייענדיק צו דער בוי־שטעלע, אָדער פון דער בוי־שטעלע, דאַרף ווערן געזונגען — און ווייל זיי מיינען, אַז דער תוכן פון דעם ליד איז דערצו גורם, הייסן זיי דעריבער שטענדיק זינגען די „מעדלס, די איך ליבע...“ פאַרן אַריינמאַרש אינעם לאַגער.

זאָל דער לאַגער־פירער הערן מיט וואָס פאַר אַ חשק עס ווערט געזונגען אין זיין לאַגער.

האַרי איז אַרויס אויפן אַפּעל־פּלאַץ באַלד דאַרף זיין דער אַפּעל. דער לאַגער־פירער וועט באַלד אָפּנעמען דעם ראַפּאָרט פון דער צאָל צוריק־געקומענע: וויפל טויטע און וויפל לעבעדיקע. עס דאַרף אַלץ שטימען מיט גענויער פּינקטלעכקייט.

די ערשטע שורות מאַרשירן אַריין אינעם לאַגער. שטעלן זיך אַוועק אויפן אַפּעל־פּלאַץ לויטן באַוווסטן סדר: נידעריקע— פון פאָרנט, העכערע — הינטער זיי. די מיילער פון די ערשטע שורות זינגען נאָך די לעצטע סטראָפן פון די „מעדלס, די איך ליבע...״ בשעת די לעצטע שורות מאַר־שירן אַריין דורכן לאַגער־טויער מיט די טויטע אויף זייערע אַקסלען, לייגן אַוועק די קעפּ פון די טויטע גלייך לעבן די פיס פון די ערשטע שורות, אויסגעלייגט איינער לעבן צווייטן, די פיס אויסגעצויגענע גלייך, די הענט איבערגעלייגט אויפן בויך — זיי זאָלן זיך חלילה נישט אויסמישן. איצט קען שוין ליגן אַ קורצער ביי אַ לאַנגן. דער עיקר: די קעפּ זאָלן ליגן אין אַ גלייכער ליניע, דאָרט ווו עס פאַרענדיקן זיך די פיס פון דער ערשטער שטייענדיקער שורה.

האַרי שטייט, בשעתן אַפּעל,ביים צווייטן עק, באַזונדער, ווי עס פּאַסט פאַרן כבוד פון זיין ווייסן כאַלאַט מיטן רויטן קרייץ אויפן אַרבל. ער זוכט מיט די אויגן צווישן די שורות, ער וווּנדערט זיך: מען זעט נישט טעדעקן! ווו האָט ער זיך ערגעץ פאַרשטעקט?

די „קאַץ״ קומט אַרויס פון די דייטשע שטיבער. אָן דער ביקס שוין. ער האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט. ער רופט צו זיך דעם יודען־עלטסטן, גיט אים איבער אַן אויפגעשריבענעם צעטל מיט צוויי נעמען פון העפט־לינגע, וועלכע ער באַפעלט שטרענג צו באַשטראָפן.

— צוואַנציק „אָם אַש!״*) הערסט, שפּיץ? — שרייט די „קאַץ״ מיט דעם ציין־לײדיקן מויל צום יודען־עלטסטן.

די „קאַץ״ — דאָס איז אַן אַלטער ס. ס.־מאַן, לגמרי אָן ציינער. מיט צוויי אַראָפּגעהאַנגענע, אויסגעקראָכענע וואָנצעס, צוליב וועלכע מען רופט

---

*) אָם אַש — אויפן געזעס.

א״ם די „קאַץ״. ער זיצט אויף דער בוי־שטעלע און דרימלט אונטער דער זון. נאָר אַז ער כאַפּט זיך אויף צווישן איין דרימל און צווייטן, און ער וויל וויזן פאַר די הימלען, פאַר דער וועלט, פאַר זיינע קאַמעראַדן און פאַר דעם אייגענעם געוויסן, אַז ער האָט חלילה נישט געדרימלט — כאַפּט ער אַרויס דאָס שוואַרצע נאָטיץ־ביכל, רופט צו איינעם פון די העפטלינגע, פרעגט אים זיין נאָמען און שרייבט דאָס אַריין אין דעם ביכל. דערנאָך ג״ט ער איבער דעם צעטל צום יודען־עלטסטן, ער זאָל די אויפגעשריבענע באַשטראָפן.

די „קאַץ״ איז אַלט און פויל אַליין אויסצופירן די שטראָף. נאָר שאַט נישט. ער קען זיך פאַרלאָזן. נישט איינער פון די אויפגעשריבענע הייבט זיך מער נישט אויף פון דער האַלצערנער באַנק בשעת שפּיץ ציילט אין אים אַריין די קלעפּ.

און זאָל מען וויסן, אַז די „קאַץ״ דרימלט נישט.

ווו האָט זיך טעדעק אַוועקגעשטעלט? איטלעכעס מאָל, ווען האַרי וואַרפט אַ בליק איבער די שורות, שטויסט ער זיך אָן אינעם אַרויסרופנ־דיקן בליק פון אינזשעניער ווייסבלום, ווי דער בליק וואָלט צו אים גע־שריגן: „אָט־אָ דאָ בין א״ך!...״ ער וויל אַז האַרי זאָל אים דערזען, האַרי זאָל חלילה נישט פאַרגעסן אין אים. דער קראַגן פון אינזשעניערס בגד איז אַראָפּגעריסן, די מאַרינאַרקע איז פאַרפוילט, מיט אויפגעטרענטע נעט. מען זעט אַרויס אַ שטיק נאַקעטן, שמוציקן אַקסל־ביין. דער אָפּגעגאָלטער שיידל־קאָפּ א״ז פאַרשפּריצט מיט שמוץ און איינגעבאַקענער בלאָטע פון דער בוי־שטעלע. „פּרינץ אָוו וועילס״ פלעגט אים סאַניאַ, אין גוטן מוט, רופן. און ער איז געווען שטאָלץ דערמיט. זי האָט אים ליב געהאַט צוליב זיין שאַרם, און נאָך מער, ווייל ער האָט זיך מיט אייגענע כוחות אַרויפּ־געשלאָגן צו אַזאַ הויכער שטעלונג אינעם לעבן. די מאָדערנסטע בנינ״ם פון גאַנצן מעטראָפּאָלער־קרייז זענען געבויט געוואָרן לויט אינזשעניער ווייסבלומס פּלענער. אַפילו דער אַנטיסעמיטישער מאַגיסטראַט האָט געמוזט אָנקומען צו אים ביים בוי פון מלוכהשע אָדער שטאָטישע בנינים. צוויי מאָל אין יאָר איז ער אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד לערנען פון דער נאָענט די מאָדערנע אַרכיטעקטור, און קיין איין מאָל האָט ער נישט פאַרגעסן צו שיקן פאָטאָגראַפיעס פון זיינע אויפנאַמען, סיי פון ניו יאָרק, סיי פון

פאַריז, צו סאַניאַן; און קיין איין מאָל האָט ער נישט פאַרגעסן, גלייך נאָכן צוריקקומען פון אויסלאַנד, דאָס ערשטע זיך צו ווייזן פאַר סאַניאַן אין די עלעגאַנטע, אויסלענדישע קאָסטיומען, וועלכע ער האָט געבראַכט מיט זיך... „פּרינץ אָוו וועילס!" דער טיטל האָט אים ווירקלעך געקליידט. זיין שיינע מענער־פיגור האָט זיך געפּאַסט צו זיין עלעגאַנטער קליידונג, וועלכע איז געווען אַ שם־דבר. די „ווייסבלום"־קראַוואַטן, די „ווייסבלום"־פּאַנטאָפל, דער „ווייסבלום"־קנייטש פון קאַפּעליוש־ראַנד, — האָבן געדינט ווי אַ מאָדעל פאַר דער מעטראָפּאָלער גאָלדענער־יוגנט פון מענלעכן מין. מען האָט גערעדט וועגן זיי ווי מען רעדט צווי׳שן קונסט־זאַמלער וועגן אַ „בידערמייער"־שטיק. ער איז געווען דער ליבלינג פון דער מעטראָפּאָלער סנאָבישער געזעלשאַפט, און איז געווינט געווען געצערטלט צו ווערן פון די בליקן און חניפהשע, קאָקעטישע ריידעלעך פון שיינע עלעגאַנטע פרויען. פונדעסטוועגן איז ער שטענדיק געשוועמען צווישן די זאַקאָפּאַנער שנייבערג, ווען נאָר סאַניאַ פלעגט דאָרט אַרו׳ספאָרן צוליב איר באַליבטן סקי־לויף־ספּאָרט, כאָטש עס האָט אים קיינער וועגן דעם נישט מודיע געווען. ער פלעגט שוין, אויף אַ געהיימנישפולן אופן, דערפון געוווירווערן.

ער האָט, ווייזט אויס, סאַניאַן אויף אַן אמת ליב געהאַט.

איצט שטייט ער דאָ, דער „פּרינץ אָוו וועילס", צווישן די אַפּעל־שורות, און שפּ׳זט מיט די אויגן צו האַרין: ער זאָל געדענקען — אין נאָמען פון זייערע אַמאָליקע, בשותפותדיקע געפילן צו סאַניאַן, זאָל האַרי נישט פאַרגעסן — און אים געבן אַ פּאָר לעפל זופּ פון זיין פּאָרציע.

— העפטלינגס!... אויף מיין קאָמאַנדאָ! גלייך געשטאַנדען!!!

דער אַפּעל הייבט זיך אָן.

די העפטלינגס גיבן זיך אַלע אַ צי אויס ווי טויטע, אָן אָטעם — אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, די אמתע טויטע, וועלכע ליגן ווייטער אויף דער ערד מיט אַ שלווה אויף די פּנימער, רויקע, גלייכגילטיקע, די הענט פאַרלייגט אויף די בויך־גריבער, ווי דער אַפּעל וואָלט זיי מער נישט אָנגעגאַנגען. זייער באַפרייטקייט פונעם אַפּעל דעמאָנסטרירן זיי בשעתן באַפּעל: „גלייך געשטאַנדען!". זיי גיבן זיך אַפילו נישט קיין ריר. זייערע או׳גן קוקן אַרויף צום הימל, וועלכער דעקט זיי צו ווי אַ ווייסע פערענע, און זיי חלומען זייער באַפרייטן טויטן־חלום. בלויז ביי מאַנכע איז דאָס פּנים

אויסגעקרומט ווי בשעת אַ נאַכט־קאָשמאַר. אפשר איז דער דייטשער אַר־בעטס־לאַגער זיי איצט געקומען צו חלום אין קרומט אויס די שלווה אויף זייערע פּנימער.

דער יודען־עלטסטער לויפט צו צום שאַר־פירער — און מעלדעט!

דער שאַר־פירער דרייט זיך אויס צום לאַגער־פירער און מעלדעט! דער לאַגער־פירער שפּאַנט אַדורך לעבן די פיס פון דער ערשטער ריי, ציילט די פיס־פּאָר. ביים אָרט ווו עס פאַרענדיקן זיך די פיס, הייבן זיך אָן די שיידל־קעפּ פון די טויטע — און ער ציילט זיי מיטן זעלבן אָטעם. די צאָל שטימט.

אַלץ איז אין אָרדענונג. דער אַפּעל איז געענדיקט.

אַלע הייבן אָן צו לויפן אינעם בלאָק אַריין, שטעלן זיך אין דער ריי צו דער זופּ־אויסטיילונג. יעדער וויל זיין דער ערשטער. דער הונגער קען נישט מסכים זיין צו זיין דער צווייטער אין דער ריי צו דער זופּ־אויסטיילונג.

האַרי בלייבט שטיין אויף זיין אָרט. די העפטלינגס שטראָמען אַדורך לעבן אים ווי לויפנדיק וואַסער אַרום אַ ליגנדיקן שטיין. ער וואַרט, ער זוכט מיט די אויגן, ער וויל געפינען טעדעקן. ער וויל אים אַרייננעמען צו זיך אין דער קראַנקען־שטובע.

דער אינזשעניער לויפט אַדורך מיטן שטראָם. אַז ער דערזעט האַרין, דרייט ער אויס דעם קאָפּ ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרהאַלטן אין מיטן לויפן, נאָר קענטלעך, אַז ער קען נישט באַשליסן: צי זאָל ער ווייטער לויפן, אָדער צי זאָל ער זיך דאָ אפשר דרייען פאַר האַריס אויגן, כדי האַרי זאָל אים זען. ער קוקט צוריק צו האַרין ווי ער וואָלט אים עפּעס וויכטיקס געהאַט איבערצוגעבן. לסוף לאָזט ער זיך ווייטער לויפן, צוזאַמען מיט אַלע, צום בלאָק.

ער האָט נישט געקענט, ווייזט אויס, מוותר זיין פון צו זיין צווישן די ערשטע אין דער ריי ביים אויסטיילן די זופּ.

דער אַפּעל־פּלאַץ ווערט ליידיק. עפּעס שרעקלעכעס קלאָרט זיך אין האַריס מוח, נאָר ער וויל נישט דערפון הערן. ער פילט אַז דער בלויזער געדאַנק ברעכט אים אונטער די קני.

פון בלאָק אַרויס טראָגט זיך אַ געוואַלדיקער גערויש. אינדרויסן. אויסערן בלאָק, הערט מען דעם גערויש שטאַרקער ווי מען האָט אים געהערט זייענדיק אינעווייניק, אינעם בלאָק. עס איז דאָרט אַ געקלאַפּ פון בלעכענע שיסלען. מען שטופּט זיך אין דער ריי, אַ שטייגער ווי נאָכן אַראָפּשלינגען די פּאָרציע זופּ־וואַסער, איז דער הונגער דערנאָך נישט טויזנט מאָל שטאַרקער ווי פריִער. אינעם בלאָק רוישט נאָך דאָס לעבן, נאָר אויף דער צווייטער זייט פון אַפּעל־פּלאַץ הויערט שוין דער טויט, אַ שטילער. בקרוב וועלן די אַלע, וועלכע רוישן איצט אינעם בלאָק, אויך אַזוי שטיל זיין, ווי די וועלכע ליגן דאָ — אויסגעדרייטע, קאָפּ ביי קאָפּ — און שווייגן, שווייגן.

צי האָבן דען היינט אין דער פרי ביים אויסטיילן די ברויט־פּאָרציעס, אָט די זעלבע, וועלכע ליגן דאָ איצט, נישט געצאַפּלט און גע־רוישט, ממש, ווי יענע איצטער אינעם בלאָק?

## קאַפּיטל פיר און דרייסיק

# טויטן־קאַמער

די טויטע ליגן אויסגעלייגט ביי דער מויער. אויפן אַפּעל־פּלאַץ איז ליידיק. די שרעק קלאַפּט אינעם האַרץ. ער האָט מורא אַהין צו גיין. ער וויל נאָך האַלטן די אילוזיע אין די הענט: אפשר איז טעדעק אינעם בלאָק? אפשר האָט ער אים נישט באַמערקט אַריינגיין? אינעם מוח איז דער אמת שוין קלאָר, נאָר ער וויל אים נאָך נישט זען מיט די אויגן.

דער פּלאַץ איז ליידיק און דער הימל קוקט אויס ליידיק. האַריס אויגן זענען אָנגעשטרענגט קוקנדיק צו די גופים וואָס ליגן דאָרט ביי דער מויער. זיי ליגן אויפן צווייטן עק פּלאַץ, אויסגעסדרטע אויף דער ערד, איינער לעבן צווייטן.

אינעם בלאָק שטופּט מען זיך ביים אויסטיילן די זופּ, נאָר זיי דאָרט, ביי דער מויער, זענען איבערגעבליבן ליגן, גלייכע, אויסגעצויגענע, ווי זיי וואָלטן נישט געוווסט אַז דער אַפּעל האָט זיך שוין געענדיקט; ווי זיי וואָלטן אָט אַזוי פּאַרשטיינט געבליבן אינעם אַפּעל. מען דאַרף זיי וועקן זיי זאָלן אַריינגיין אין בלאָק — מען טיילט שוין אויס די מיטיק־זופּ!

אויף דער צווייטער זייט שטעכל־דראָט קומט אַרויס אַן ס. ס.־מאַן פון די דייטשע שטיבער, אַן שוואַרצן ראָק, אָן היטל, בלויז אינעם ווייסן לייב־העמד. אין דער האַנט טראָגט ער אַ ווייס האַנטעך און זייף, ער גייט צום וואַש־צימער זיך וואַשן. די הילצערנע הויז־שיך אויף זיינע פיס קלאַפּן אויף די שטיינער און דערמאָנען די אידיליע פון אַ טאָג־אַרבעטער, וועלכער קומט אַהיים אין אָוונט פון דער אַרבעט און גייט זיך אַרומוואַשן מיט

קאַלטן, פרישן וואַסער. ער פּייפט זיך אונטער די מעלאָדיע פון דייטשן ליד: „מעדלס, די איך ליבע...", און די מעלאָדיע קומט אַרויס מאָדנע פרעמד פונעם מויל פון אַן ס. ס.־מאַן. ווי דאָס ליד וואָלט געהערט צו די העפט־לינגס, ווי עס וואָלט געווען אַ טייל פון זיי; אַ שטיק פון זייער לעבן, ווי דאָס געזאַנג וועגן „גרעטלס הויכע ברוסטן" וואָלט געפּאַסט בלויז צום מויל פון די העפטלינגס, און נאָר זיי דאַרפן דאָס ליד זינגען.

דער פּלאַץ איז ליידיק. האַרי גייט אַרויס צום צווייטן עק. ער פילט אַפילו נישט אַז די פּ״ס פירן אים צו דער מויער. ער פרעגט זיך אַפילו נישט — צו וואָס גייט ער איצט דאָרטן אַהין? פּשוט: ער איז דאָך דער סאַניטאַר אינעם לאַגער, און דער שכל איז מחייב, אַז ער דאַרף צוגיין זען די טויטע.

דער ערשטער ליגט טעדעק. די מאַרינאַרקע אויפגעעפנט. מען זעט אַרויס דאָס צעהאַקטע לייב. די הויזן זענען צעריסן, ווי דער שטאָף וואָלט געפּלאַצט פון די קלעפּ וואָס ער האָט געקראָגן. זיין מויל אויסגעקרימט, ווי ער וואָלט עמעצן געוואָלט בייסן. ער קוקט צו האַרין גלייך אין די אויגן אַריין. ער לעבט נאָך!... דער דופק קלאַפּט נישט מער, נאָר ער לעבט נאָך!... אָט הערט מען דאָך בפירוש ווי ער רעדט... אַ געשריי לויפט אינע־ווייניק אין אים אַרום. דאָס אויסגעקרימטע מויל באַוועגט זיך נישט, נאָר דאָס געשריי קומט פאָרט אַרויס. ווי עס וואָלט זיך אַרויסגעריסן דורך די אָפענע, צעהאַקטע לעבער פון זיין לייב.

די אויגן לעבן... די אויגן שרייען צו אים. זיי בעטן ער זאָל אים ראַטעווען.

טעדעק!... טעדעק!...

שטובען־דינסט קומען אַרויס פון בלאָק. זיי האָבן שוין גענומען זייערע זופּן און זיי זענען איצט מחויב אַריינצוטראָגן די טויטע אין דער טויטן־קאַמער. זיי הייבן זיי אָן צו שלעפּן. איינער פון די שטובען־דינסט שעלט צווישן די ציינער:

— אַ כאָלערע אין זייערע געפּגרטע לייבער אַריין! די זופּ קען מען נישט רויק אויפעסן צוליב זיי! — און טוט אַ שלעפּ איינעם פון די טויטע מיט כעס.

— סאַניטאַרער! מען גיט שוין די זופּ אין בלאָק, — זאָגט אַ צווייטער מיט חניפהדיקער אונטערטעניגקייט, אָנכאַפּנדיק טעדעקן ביי אַ פוס.

האַרי האָט זיך אַראָפּגעבויגן. „איך וועל אייך צוהעלפן טראָגן", האָט ער געזאָגט.

ער האָט גענומען טעדעקן אויף די הענט.

דער מת איז געווען לייכט ווי אַן אויסגעטריקנטער, מענטשן־סקעלעט. ער האָט אים געטראָגן אויף די הענט צו דער קאַמער פון די טויטע. איבער זיינע הענט האָט דער הימל זיך געשפּרייט איבער דעם טויטן און אים צוגעדעקט ווי אַן אויסגעשפּרייטער ליילעך. דער ס. ס.־מאַן איז צוריקגעגאַנגען פון וואַש־צימער מיטן האַנטעך אויף דער האַנט. ער האָט געקעמט מיט אַ קעמל די נאַסע האָר פון אונטערשטן טייל קאָפּ. ער האָט געמיטלעך געפייפט, און מיט די הילצערנע טרעפּעס אויף זיינע פיס צוגעקלאַפּט זיך, גייענדיק, דעם טאַקט פון דער מעלאָדיע „מעדלס, די איך ליבע".

— דער סאַניטאַרער האָט, ווייזט אויס, נישט קיין בעסערע עסקים, — האָט איינער פון די שטובען־דינסט איינגערוימט דעם צווייטן. — זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן די טויטע אויף דער ערד פון דער קאַמער, און זיי זענען שנעל אַוועקגעלאָפן צום בלאָק, כדי אָנהייבן אויסלעקן דאָס פאַס פון דער זופּ, וואָס נאָר די שטובען־דינסט האָבן דאָס רעכט דערצו.

ער האָט אַראָפּגעלייגט טעדעקן אויף דער ערד. דער מת האָט צו אים צוריקגעקוקט מיט לעבעדיקע אויגן. קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געזען טעדעקן דאָ, אינעם לאַגער, מיט אַזעלכע לעבעדיקע אויגן ווי איצט. די גרענעצן צווישן טויט און לעבן זענען פּלוצלונג געוואָרן אָפּגעווישט.

עס האָט זיך אים פּלוצלונג געוואָלט אַ זאָג טון:

„טעדעק, איך האָב דיר אַוועקגעלייגט אויף דער נאַרע דריי פּעל־קאַרטאָפל. זאָלסט זיי עסן מאָרגן אינדערפרי פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט. און דאָס ברויט זאָלסטו דיר מיטנעמען אויף דער בוי־שטעלע".

ער האָט אים געוואָלט זאָגן:

„טעדעק, בנאמנות, דו זעסט היינט בעסער אויס ווי שטענדיק"...

אין טעדעקס אויגן איז איצט געלעגן אַן עקשנותדיקער ווילן. עס האָט פון זיי אַרויסגעקוקט אַ שטאַנדהאַפטיקייט; מענלעכע רייפקייט און אויסדויער. מען זעט: „דער בחור ווייסט וואָס ער וויל, און ער וועט אויך

וויסן ווי אַזוי אַדורכצוזעצן זיין ווילן״. דער אַמאַליקער דעטעק! די כאַראַק־טער־שטריכן פון דעם אַמאַליקן טעדעק, וועלכע ער, האַרי, האָט זיי ביי אים געזוכט במשך דער גאַנצער צייט פון זייער צוזאַמענזיין אינעם לאַגער און בשום אופן זיי נישט געקענט מער געפינען. איצט האָבן זיי זיך ווידער אָפּגעשפּיגלט אין טעדעקס אויגן, נאָר מיט אַן אויפגעפּראַלטער, טיף־שוויינדיקער אַכזריות, ווי עס פּאַסט אין דער טויטן־קאַמער פון נידער־וואַלדען.

אין די ווינקלען פון דער קאַמער האָבן זיך באַוויזן קעפּ פון שטשורעס מיט גלאַנציקן השתוממות אין קיילעכדיקע, שוואַרצע אויגן. זיי האָבן גע־קוקט האַרין גלייך אין די אויגן אַריין און נישט געקענט פאַרשטיין די רעטעניש: לעבט ער, דער אַרצט, אָדער לעבט ער נישט? לעבט ער — טאָ וואָס זוכט ער דאָ אין דער טויטן־קאַמער? ווען איז ער דאָ געקומען פאַרדרייען אַ קאָפּ? פאַרוואָס שטערט ער זיי? זיי קומען עפּעס צו אים אין דער קראַנקען־שטובע? זיי וואַרטן דאָ געדולדיק, זיי ווייסן, אַז זיי וועלן דאָ אַהער באַקומען דאָס זייעריקע. די קאַמער געהערט צו זיי, און די טויטע געהערן צו זיי. ער דאַרף זיי נישט מקנא זיין. קיין פעטע סעודה וועלן זיי דאָ סיי ווי סיי נישט האָבן. מישטיינס געזאָגט, וואָס די בוי־שטעלע קען שוין פאַר זיי איבערלאָזן.

טעדעקס לייב איז געווען צעהאַקט. די לעכער האָבן אַרויסגעקוקט פון די אויפגעריסענע בגדים. די צעריסענע הויט אויף זיין לייב האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַן אויפגעטרענטע פעל פון אַ שפּיל־פערד פאַר קינדער, פון וואַנען עס רינט נישט קיין בלוט.

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן איבער טעדעקס קאָפּ און מיט צוויי אויס־געשטרעקטע פינגער צוגעמאַכט די לעפּלעך פון זיינע אויגן.

איצט ערשט איז טעדעק געלעגן אַ טויטער. דאָס אויסגעקרימטע מויל האָט איצט אויסגעזען ווי אַ פאַרגליווערטער, לעצטער געשריי פון אַ פאַר־פייניקטן מוזלמאַן, וואָס זיין ווייז איז שוידערהאַפטער פון אַלע טויטן.

נישטאָ מער טעדעק. ער וועט אים מער נישט קענען אַריינגעמען אין דער קראַנקען־שטובע. טעדעק וועט שוין מער נישט אַרויסקומען פו־נעם לאַגער. די לעצטע האָפענונג איז איצט געלעגן אויף דער ערד אין דער טויטן־קאַמער.

ערשט איצט האָט האַרי דערפילט דעם גרויל פון טעדעקס טויט. ערשט איצט האָט ער דאָס באַנומען: „לאָמיר אַלע אַרויסגיין קעגן די דייטשן...“ האָט זיך פערבער געבעטן. סאָניאַ האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. נישט ווייל סאניא איז געווען אַ פּחדנטע, נאָר ווייל זי האָט געוואָלט אַז ער, האַרי, זאָל איבערלעבן די מלחמה; און ער אַליין האָט אויך נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז נאָך אַזוי פיל יסורים אינעם געטאָ זאָלן דאַניעלאַ און סאניא דערשאָסן ווערן פון די דייטשע קוילן. איצט שטייט ער דאָ, אין דער טויטן־קאַמער פון נידער־וואַלדען; וואָס וועט זיין ווען אַלע וועלן שוין האָבן אַדורכגעגאַנגען אָט די קאַמער דאָ? וואָס פאַר אַ טויט וועלן די דייטשן פאַר אים אויסטראַכטן? סאניא אַרבעט אין אַ גוטן שאַפּ, און דאַניעלאַ אַרבעט אינעם שוסטער־שאַפּ פון „זאָנדער־באַאויפטראַגטן“. דאָס געפיל, אַז סאָניאַ און דאַניעלאַ זענען אין דרויסן, ווייעט אויף אים אָן אַ דערהויבנקייט. דאָס געפיל מאַכט אים לייכט, און זיפּט אַדורך זיין ווי דורך אַ זיפּ פון מאַרטירערישער אויסגעלייטערטקייט. ווי איינער וואָס שטייט מיט דער פּעטליע פון דער תליה אויפן האַלדז און ווייסט, אַז ער שטאַרבט כדי אַנדערע זאָלן קענען לעבן... צי קען דען טעדעק זיך מאַכן אַ פאָרוווּרף? צי האָט ער דען זיך נישט מוסר־נפש געווען? איך גיי אַרויס פון געטאָ כדי צו ברענגען לעבן פאַר אַנדערע...“ „איך וועל אויסבאַנען פאַר אייך דעם וועג...“ צי האָט דען אָט דער פאַרפייניקטער מוזלמאַן נישט אַלץ געטון? „איך וועל אויסבאַנען אַ וועג...“ ווער ווייסט וואָס פאַר אַ וועג דו באַנסט איצט, טעדעק, ווידער אויס?...

דורך די לעכער פון קאַמער־טירל קוקן אַריין קעפּ פון העפטלינגס. זיי דרייען זיך אין דרויסן אומגעדולדיקע, און קענען זיך נישט דערוואַרטן דער סאַניטאַרער זאָל שוין אַרויסגיין פון דער קאַמער. זיי ווילן אַראָפּציִען די שיך און די שמאַטעס פון די טויטע. זיי קענען נישט פאַרשטיין: וואָס האָט זיך היינט דער סאַניטאַרער אַוועקגעשטעלט אין דער טויטן־קאַמער?...

פון די ווינקלען זענען די שטשורעס שוין אַרויסגעקראָכן אינגאַנצן. זיי שטייען אומבאַוועגלעך, קוקן צו אים און וואַרטן: צי וויל ער טאַקע דאָ שטיין ביז דער אויטאָ וועט קומען און אַוועקפירן די טויטע? אמת, זיי פאַרשטייען זיינע געפילן: כיבוד המת! אָבער גענוג שוין. וויפל איז דער שיעור?...

אין דרויסן האָט שוין דער טאָג אָנגעהויבן אויסצוגיין איבערן אַפּעל־פּלאַץ. האַרי איז געגאַנגען צום בלאָק. פון דער ווייטנס זענען געשטאַנען די העפטלינגס און געהיט זיינע טריט. ער האָט אויפגעהויבן צו זיי די אויגן. זיי זענען געשטאַנען צעשפּרייט אויפן פּלאַץ, קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן אַריין.

די זעלבע אויגן ווי ביי די שטשורעס!... די זעלבע בליקן!... אַ כעס און אַן עקל האָבן אים אָנגעכאַפּט.

— כיענעס! עקלהאַפטע כיענעס! — האָט ער צו זיי געשריגן. — צען שמיץ „אָם אַש" וועט יעדער באַקומען אויב ס'וועט עמעצער פון אייך וואַגן אַריינצוגיין אין דער קאַמער!

די העפטלינגס האָבן זיך געדרייט ווי אין פאַרלעגנהייט, יעדער אויף זיין אָרט, און נישט פאַרשטאַנען וואָס האָט היינט פּלוצלינג פּאַסירט. וואָס מישט ער זיך אַריין?...

איינער פון זיי האָט שטומערהייט געקוקט אויף די אַרומגעוויקלטע שמאַטעס פון זיינע פיס. ער האָט זיך דערנענטערט צו האַרין, אויפגעהויבן בעטנדיקע אויגן, קוים מיט אַ שוואַכן קול אַרויסגערעדט:

— וואָס קען שאַטן, אַרצט?... איך אַרבעט אויף שפּיציקע שטיינער.... עס צעשטעכט מיר די פיס אַ גאַנצן טאָג אויף דער בוי־שטעלע... דער אויטאָ וועט סיי ווי אַוועקפירן זייער אָנטועכץ... וואָס קען שאַטן, אַרצט?...

ער האָט זיך אויסגעדרייט, אַ שווייגנדיקער, ווייטער געגאַנגען צום בלאָק. פּאַר זיינע אויגן איז נאָך געשטאַנען דאָס אויסגעקרימטע, בעטנ־דיקע פּנים פון העפטלינג. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז טעדעק האָט געטראָגן אויף די פיס אַ פּאָר פעסטע שיך. שיך, וואָס האָבן אים געדאַרפט פירן דורך וועלדער און בערג צו דער סלאָוואַקישער גרענעץ. וועוועקע שוסטער האָט מסתמא דאָרט אַריינגעאַרבעט דאָס גאַנצע וואַרעמקייט פון זיין פאַ־טערלעך האַרץ. אַ סימן, זיי האָבן נאָך אויסגעהאַלטן ביז היינט. „וואָס קען שאַטן, אַרצט? דער אויטאָ וועט זיי סיי ווי אַוועקפירן...״

ער איז אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ צום בלאָק.

## קאַפּיטל פינף און דרייסיק

## "R 6"

אינעווייניק, ביים טויער פון בלאָק, איז געשטאַנען די באַנק אויף וועלכער דער יודען־עלטסטער, שפּיץ, ציילט אַריין די שמיץ אין די העפּט־לינגס. לעבן דער באַנק איז געשטאַנען דער געלער איטשע־מאיר, היינטער א״ם — זיין זון. שפּיץ האָט געהאַלטן איין באַשטיוולטן פוס אויף דער באַנק, דעם שטעקן אין איין האַנט, און דעם צעטל פון דער „קאַץ" אין דער צווייטער האַנט. ער האָט געקוקט אויף זיין קרבן, דעם פּופּציק־יעריקן געלן איטשע־מאיר, געגלעט דערביי זיין שטעקן, ווי ער וואָלט הנאה געהאַט פון זיין פּאַך, און געוואַרט, אַז דער צווייטער אויפגעשריבענער אויפן צעטל זאָל שוין צוקומען צו דער באַנק.

ער האָט נאַכאַמאָל געוואָרפן אַ בליק אינעם צעטל אַריין און אַריינגעשריגן אינעם בלאָק:

— זיינוול לובלינער!... שנעלער! שנעלער! צוואַנציק „אַם אַש!..."

שפּיץ איז געווען אַ נידעריק־געוואָקסן בחורל פון דייטשלאַנד, בערך צוואַנציק יאָר אַלט. זיינע אַ שוועסטער האָט געאַרבעט ביי די דייטשן אין מעטראָפּאָלי, אין דער ביורא פון „זאָנדער־בעאויפטראַגטן". און שפּיץ האָט זיך צוליב דעם געפילט אַ גרויסער יחסן. זי, די שוועסטער זיינע, האָט מסתמא אויך אַדורכגעפירט אין דער דייטשער „דינסט־שטעלע", אַז ער זאָל ווערן יודען־עלטסטער אין איינעם פון די אַרבעטס־לאַגערן. בעצם האָט מען נישט געוווסט צי ער שטאַמט פון דייטשלאַנד אָדער פון גאַליציע. ער גופא האָט זיך באַרימט, אַז מען האָט אים אַרויסגעפירט פון „אַלטן

רייך". ער האָט גערעדט ווי אַן עכטער ס. ס.־מאַן, געהאַט אַ הויכע הויקערדיקע נאָז, אויסגעקרומט ווי אַ סערפּ. צוליב אָט דער נאָז האָט זיין פּנים אויסגעקוקט ווי דער קאָפּ פון אַ ווילדער רויב־קראָ.

דער געלער איטשע־מאיר איז געשטאַנען גרייט. שפּיץ האָט אויף אים געקוקט. נאָר דער ייִד האָט צו אים נישט צוריקגעקוקט. זיי האָבן ביידע געוווסט, אַז נאָך צוואַנציק „אַש אַש" וועט מען דעם געשלאָגענעם אַרויסטראָגן אין דעם טויטן־קאַמער אַריין. דער אָפּגעגאָלטער קאָפּ פון געלן איטשע־מאיר איז געווען פיאָלעט. מען האָט געזען פונדערווייטנס ווי עס קלאַפּן די אָדערלעך ביי זיינע שלייפן. אויף זיין אויסגעדאַרטן האַלדז איז אַרויפגעלאָפן אַ געשוואָלענער אָדער — ווי אַן אָנגעפילטער וואַסערשלויך. הינטער זיינע פּלייצעס איז געשטאַנען דער זון. ער האָט זיך געשאָקלט ווי אַ חסיד ביים דאַווענען און פאַרכטיקע תפילה, און נישט אויפגעהערט צו קנייפּן די הויט פון זיינע ביינערדיקע הענט.

זיינוול לובלינער איז אַרויסגעקומען פון צווישן די הילצערנע נאַרעס. זיינע בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט האַריס אויגן. ער האָט געשוויגן, און באַלד אַוועקגענומען זיין בליק פון האַרין, ווי ער וואָלט זיך געשעמט, און ווייטער געגאַנגען צו דער באַנק. האַרי האָט דערפילט, אַז דאָס בלוט ווערט אים פאַרקילט. ער איז צוגעלאָפן צו דער באַנק און אויסגעשריגן:

— ניין! זיינוול איז אַ גוטער אַרבעטער! איך דאַרף אים אַ־צט מאַכן אַ באַנדאַזש. איך וועל אים נישט לאָזן הרגענען!...

שפּיץ האָט אַראָפּגענומען דעם באַשטיוולטן פוס פון דער באַנק. ער האָט פאַרמאַכט דעם שטעקן אין דער צווייטער האַנט און אים אַרויסגעצויגן פון דער פאַרמאַכטער פויסט, ווי מען ציט אַרויס אַ שווערד פון שייד. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט צוויי פויסטן אויף די זייטן, ווי זיגפריד, דער ס. ס.־מאַן, בשעת יענער גרייט זיך צו וואַרפן אויף אַ העפטלינג.

— זיינוול, לייג דיך אַוועק אויף דער באַנק!... — האָט שפּיץ באַפוילן.

— ניין!... איך זאָג: ניין!... — האָט האַרי פעסט און זיכער אַ געשריי געטון. ער האָט זיך געשטעלט צווישן זיינוולען און דער באַנק. דאָס פאַרקילטע בלוט האָט אַ פלייץ געטון מיט דער גאַנצער קראַפט אין האַריס

אָדערן. ער האָט געפילט, אַז די מוסקולן פון זיינע הענט שפּאַנען זיך אָן, ער איז איצט גרייט געווען אויף אַלץ: — ניין! איך זאָג: ניין!...

— סאַניטאַרער, מיש דיך נישט אַריין! — האָט שפּיץ געוואָרנט. ער האָט אים אַ שטויס געטון דאָס פּאַפּירל אין פּנים אַריין. — אָט האָסטו דעם צעטל פון דער „קאַץ”! ווער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם? איך אָדער דו? — האָט ער געשריגן.

— גיי צום גאַלער־פירער! מאַך אַ ראַפּאָרט! איך נעם אויף זיך די שטראָף! הערסט?! איך נעם אויף זיך די שטראָף!...

— איך האָב באַקומען אַ באַפעל און איך וועל אים אויספירן. גיי דו צום לאַגער־פירער מעלדן. גיי זאָג, אַז איך הרגע אַ גוטן אַרבעטער. נאָר געדענק, סאַניטאַרער! די פליי בייסן דיך שוין צו פיל אין דער נאָז!...

— נישט כדאַי, פּרעלעשניק, נישט כדאי... — האָט זיינוול גערעדט הינטער האַריס פּלייצע.

— לייג דיך אַוועק, געלע נבלה!... — האָט שפּיץ זיך אויסגעדרייט צום אַלטן איטשע־מאיר. דער כעס האָט געבריענט אין אים. קלאָר, אַז דער ייִד וועט זיך מער נישט אויפהייבן פון דער באַנק. האַרי האָט געפילט, אַז ער האָט איצט אָנגעגליט דעם שטעקן אין שפּיצס הענט.

אין דער מינוט איז אַרויסגעשפּרונגען דעם געלן איטשע־מאירס זון, וועלכער איז געשטאַנען הינטער זיין פאָטערס פּלייצע. ער איז צוגעלאָפן צו דער באַנק, אַוועקגעוואָרפן זיך איבער איר, און געשריגן:

— יודען־עלטסטער, דערבאַרעמט אייך! שלאָגט מיך אָנשטאָט דעם טאַטן! טייערער יודען־עלטסטער!... זיסער יודען־עלטסטער!... דערבאַרעמט אייך, שלאָגט מיך!...

דער געלער איטשע־מאיר, וועלכער איז במשך דער גאַנצער צייט געשטאַנען ווי אַ שטיינערנע סטאַטוע, האָט זיך פּלוצלונג אויפגעוועקט. ער איז צוגעלאָפן צו דער באַנק, אָנגעכאַפּט זיין זון מיט די נעגל ביים האַלדז, ווי ער וואָלט אים געוואָלט וואַרגן:

— אַוועק פון דאַנען, פּיניע! אַוועק פון דאַנען! אַוועק זאָלסטו גיין!...

— פון זיינע אויגן האָט געשפּריצט אַ פייער, דער אָדער אויף זיין האַלדז איז איצט געווען אויפגעשוואָלן ווי צום פּלאַצן. — פּיניע, אַוועק!... פּיניע, אַוועק!... — האָט ער געשריגן.

האַרי האָט זיך פּלוצלונג אין עפּעס דערמאָנט. אַ געדאַנק האָט אים אויפגעבליצט אין קאָפּ. ער איז צוגעגאַנגען נענטער צום יודען־עלטסטן און אים איינגערוימט:

— שפּיץ, איך האָב אין דער קראַנקען־שטובע אַן „ר 6".

— טאָ פאַרוואָס האָסטו געשוויגן ביז איצט?... הורן־זונס! צוריק אין די נאַרעס אַריין!... איך וועל מיך שוין מיט אייך אָפּרעכענען אַ צווייט מאָל! — האָט שפּיץ אויסגעשריגן מיט אַ געמאַכטן געבייזער צו די צוויי פאַרמשפּטע יידן.

— „ר 6" — דאָס איז אַ דייטשער ציגאַרעט, וואָס נאָר מיוחסדיקע רייכס־דייטשן רויכערן. נאָר צו האַרין האָט זיך דער ציגאַרעט פאַרוואַל־גערט אויף גאָר אַ מאָדנעם אופן.

היינט פרי, ווען האַרי איז געזעסן ביי זיך אין דער קראַנקען־שטובע, און געטראַכט זיינע געדאַנקען, האָט זיך פּלוצלינג די טיר פון דער קיך אויפגעריסן און צוזאַמען מיט די שיכורע, אַרגיע־קולות פון די דייטשע שטיבער אַרויס, האָט זיך אויך עמעצער אַריינגעריסן אינעם טונקעלן בלאָק אַריין און געלאָפן גלייך צו דער קראַנקען־שטובע. האַרי האָט גע־וואָלט אַרויסלויפן און זיך באַהאַלטן ערגעץ אויף אַ נאַרע, אַזוי ווי ער טוט דאָס שטענדיק בשעת עס דערהערן זיך די אַרגיע־קולות פון די דייטשע שטיבער אַרויס. נאָר ער האָט דאָס שוין מער נישט באַוויזן צו טון. עס איז שוין געווען צו שפּעט. ביי דער אָפענער טיר פון דער קראַנ־קען־שטובע האָט ער דערזען דעם צעפּלאָשעטן קאָפּ האָר פון דער בלאָנדער דייטשקע. די זעלבע, וועלכע ער האָט פריער געזען דורך די קראַטעס פון פענצטער. איצט איז זי געווען שיכור. האַלב־נאַקעט. פון פאָרנט האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט אירע צוויי נאַקעטע פולע ברוסטן. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ משוגעדיקן עקסטאַז, זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד צו זיינע פיס, אַרומגענומען זיי מיט אירע נאַקעטע אָרעמס, און אין האַלב־קעווין, האַלב־עקסטאַז, האָט זי געוויעט:

— אָ, הייליקער! קום מיט מיר...

דער לאַגער־פירער איז געקומען צו לויפן. ער האָט זי אויפגעע־הויבן פון דער ערד, אַוועקגעשלעפּט פון אים און זי צוריקגעפירט צו די דייטשע שטיבער. איבער דער גאַנצער לענג פון בלאָק האָט זי

נישט אויפגעהערט זיך צו רייסן צוריק צו דער קראַנקען־שטובע, און נישט אויפגעהערט צו וויען:

— אָ, כריסטוס!... אָ, הייליקער!...

דערנאָך איז דער לאַגער־פירער אַריינגעקומען אין דער קראַנקען־שטובע און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— נו אַרצט, האָסט אויסגעזען צו זיין זייער דערשראָקן פאַר דער בלאָנדער „מאַגדאַלענאַ“...

ער האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַרעטן־טאַש, פאַררויכערט אַ ציגאַרעט, און איידער ער האָט צוריק פאַרמאַכט דעם ציגאַרעטן־טאַש איז פון דאָרט אַרויסגעפאַלן, אויף דער ערד אַראָפּ, אַ ציגאַרעט.

— זיי רויק, אַרצט. מען וועט דיר מער נישט שטערן. — האָט ער געזאָגט.

ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער קראַנקען־שטובע און צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, אַז אַזאַ ציגאַרעט „פאַלט“ אַרויס פון לאַגער־פירערס ציגאַרעטן־טאַש אין דער אָנוועזנהייט פון האַריק. דאָס פּאַסירט אָפטמאָל, ווען דער לאַגער־פירער קומט אַריין אויף אַן אינספּעקציע אין דער קראַנקען־שטובע און זעט ווי אַלץ איז דאָרט איינגעאָרדנט מיט טעם. ממש אַזוי ווי ער האָט דאָס ליב: די פלעשלעך שטייען אויפן טיש מיט דער גענויסטער פּינקטלעכקייט, אַלץ אין גלייכע, סימעטרישע ליניעס — ווי סאָלדאַטן; איבערהויפּט די אינווענטאַר־ליסטעס, וועלכע הענגען אויף דער וואַנט; ער איז אַנטציקט פון דער ריינער, פּערלדיקער שריפט און פון די גלייכע ליניעס, וועלכע זענען דאָרט געצייכנט. נישטאָ אויף גאָרנישט אויפמערקזאַם צו מאַכן. אַלץ קלאַפּט. נעמט דער לאַגער־פירער אַרויס די פּאָרטציגאַר, פאַררויכערט זיך אַ ציגאַרעט, און אויף דער ערד פאַלט דעמאָלט אַראָפּ אַן „ר 6“...

פאַר האַריק איז דערנאָך אַזאַ ציגאַרעט אַ רעטונג. האַרי האָט שוין זיין שיטה ווי אַזוי אַ״ם צו רויכערן: ער רויכערט נישט, נאָר ער עסט דעם רויך. במשך אַ וואָך־צייט דערנאָך, בשעת ער עסט דאָס שטיקל ברויט פון זיין פּאָרציע, טוט ער אַ צי פון ציגאַרעט. דער רויך מישט זיך אויס מיט דעם צעקייטן ברויט אין מויל, דערנאָך שלינגט ער דאָס

אַראָפּ צוזאַמען — דעם רויך צוזאַמען מיטן ברויט! און זינט ער האָט געגעסן אין זיין לעבן; און זינט ער האָט געררויכערט אין זיין לעבן, האָט ער נאָך אַזאַ גוטן טעם נישט געשפּירט. דאָס איז אַ מין געטלעכער טעם פון גן־עדן. אויב דאָס ברויט איז אַדורכגעקנאָטן מיטן רויך פון ציגאַרעט, ליגט דאָס אויך לענגער אינעם מאָגן. ער פילט דעם אַראָפּגעשלונגענעם ביסן אין מאָגן, ווייל געוויינלעך, אָן דעם רויך, פילט מען נישט אין מאָגן, אַז מען זאָל האָבן עפּעס וואָס אַראָפּגעשלונגען. געוויינלעך גייט דער ביסן אַדורך דורכן מויל, דורכן האַלדז — און שוין. אַ שטייגער ווי דער ביסן וואָלט ערגעץ אַוועק אין דער לופט אַריין; ווי ער וואָלט ערגעץ באַלד פאַרברענט געוואָרן, אָדער נעלם געוואָרן. דער הונגער אינעם מאָגן איז ווייטער דער זעלבער ווי פריִער. דער הונגער אין די קישקעס — דער זעלבער ווי פריִער. פאַרקערט, איצט איז דער הונגער נאָך מער צערייצט. די קישקעס זענען געוואָרן געוויר, אַז דאָס מויל האָט געגעסן. קומען זיי זיך צוזאַמענצולויפן אויף איין פּלאַץ, און וואַרטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט: נו... נו... עפּעס זאָגט מען דאָך, אַז דאָס מויל האָט געגעסן!... נו, וווּ איז דאָס עסעכץ?... וווּהין איז דאָס פאַרשוווּנדן? וואָס פאַר אַ שווינדל ווערט דאָ באַגאַנגען? פון וועמען מאַכט מען דאָ חוזק?...

גאָר עפּעס אַנדערש איז בשעת דער ביסן ווערט אַדורכגעקנעטן אינעם מויל צוזאמען מיט אַ צי פון ציגאַרעטן־רויך. דעמאָלט פילן אַלע אברים אַ טעם אינעם עסן; סיי דער גומען, סיי דער מאָגן און סיי די קישקעס. אינעם מויל קיצלט אַזש די סלינע פון דעם זיסן, אָפּגעברענטן, געטלעכן טעם פון ציגאַרעטן־רויך.

איצט בשעת שפּיץ איז געשטאַנען מיטן חלף איבערן לעבן פון די צוויי אויפגעשריבענע, און קיין אויסוועג זיי צו ראַטעווען איז מער נישט געווען, האָט האַרי זיך פּלוצלונג דערמאָנט אין דער מתנה פון לאַגער־פירער — — און זיין „ר 6“ האָט איצט אָפּגעראַטעוועט צוויי ייִדן פון דעם טויטן־קאַמער.

זיינוול לובלינער איז געשטאַנען הינטער האַריס פּלייצעס. אַז האַרי האָט זיך אויסגעדרייט, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין זיין בליק. זיינוול האָט צו אים צוריקגעקוקט מיט אַ פאַרטערערטן, נאַסן בליק. צוערשט, ווען ער איז אַהערגעקומען צו דער באַנק, זענען זיינע אויגן געווען טרוקן ווי־

אוי־סגעבאַקענע גלאָז־שערבלעך. דווקא איצט זענען זיי פּאַרטרערט. זיינוול האָט געשוויגן און איז אַוועק צוריק צווישן די נאַרעס, אַזוי ווי דער ייִדן־עלטסטער האָט באַפוילן.

אַז האַרי איז אַרויפגעגאַנגען צו דער קראַנקען־שטובע, האָט פּיניע זיך אַראָפּגעבויגן צו אים פון אַ דריט־שטאָקיקער נאַרע. ער האָט זיך גע־ריסן צו אים מיטן קאָפּ און מיט אויסגעצויגענע הענט און געוויינט:

— אָי, סאַניטעטער... סאַניטעטער...

מער האָט ער נישט געקענט פון זיך אַרויסברענגען.

האַרי איז געגאַנגען אַרויף צו דער קראַנקען־שטובע. פון דעם דער־נעבנדיקן נארעס־אַדורכגאַנג האָט שפּיץ צו אים אַריבערגעשריגן:

— סאַניטאַרער! נאָכן לעצטן גאַנג וועל איך צו דיר אַריינקומען אין דער קראַנקען־שטובע!...

האַרי האָט נישט געענטפערט. ער איז ווייטער געגאַנגען. לעבן דער קראַנקן־שטובע האָט ער געהערט עמעצער רופט אויס זיין נאָמען. ער האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען דעם אינזשעניער ווייסבלום.

— הער פּרעלעשניק, איך האָב אייך געוואָלט דערציילן אַז אַן ס. ס.־מאַן האָט היינט, אויף דער בוי־שטעלע געהרגעט טעדעקן מיט אַ לאָפּעטע. אפשר קען איך פון היינט אָן באַקומען די האַלבע פּאָרציע זופּ, וואָס טעדעק פלעגט פון אייך קריגן?...

האַרי האָט דערפילט, אַז דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטון אינעם קאָפּ אַריין. ער האָט אַ ביס געטון די ליפּ צווישן די ציין, ער האָט זיך שנעל אויסגעדרייט און אַריינגעגאַנגען אין דער קראַנקען־שטובע.

ער האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ לאַנגע ריי קראַנקע. זיי האָבן געוואַרט דער סאַניטאַרער זאָל זיי העלפן.

## קאַפּיטל זעקס און דרייסיק

# ווייסנשאַפּטס-בלאָק

ערשט נאָך האַלבן טאָג האָט דאַניעלאַ געשפּירט, אַז די שמערצן לאָזן איר אַ ביסל אָפּ. דאָס העלישע פֿייער וואָס האָט ביז איצט געברענט אין דעם הינטערשטן טייל פֿון איר בויך — האָט זיך אָפּגעשטעלט. נאָר דער גלי פֿון די פֿריִערדיקע פֿלאַמען האָט נאָך געסמאַליעט און געבראָטן דעם גאַנצן פּרויען־טייל אינעווייניק אין איר.

איצט האָט דער ווייַ זיך אויסגעשפּרייט איבער איר גאַנצן קערפּער און דעריבער אָפּגעטעמפּט דעם שפּ־ציקן ווייטיק, וועלכער איז פֿריִער געווען קאָנצענטרירט אויף איין אָרט און דאָרט געעגבערט ווי אַן אָנגע־גליטער עקבויער.

גרויסע טראָפּנס שווייס זענען גערונען פֿון איר נאַקעטן קערפּער. זי האָט זיי ערשט איצט דערשפּירט. ערשט איצט האָט זי דערפֿילט, אַז זי גליט אין נאַסקייט פֿון אייגענעם, רינענדיקן שווייס. זי איז געלעגן מיט אויפֿגעשטעלטע, אויסגעשפּרייטע קני, צוגעבונדענע צו אייזנס. די אייזנס האָבן אַרויסגעשטעקט פֿון ביידע זייטן טיש צו וועלכן איר קערפּער איז געווען צוגעבונדן. פֿון צייט צו צייט האָט דער הינטערשטער טייל פֿון איר חוט השדרה נאָך צוריקגעשפּיגלט אַן אייַנגעשניטענעם ווייטיק, ווי פֿון דעם שוין דערשטיקטן פֿייער וואָלט זיך אויפֿסניי פּלוצלונג אַרויסגע־ריסן אַ פֿלאַם, און זיך צעלאָפֿן, מיט אַ שרעקלעכן ווייטיק, ביז אַרויף צו די צוזאַמענגעקוועטשטע ציין אין מויל, און ביז אַראָפּ צו די שפּיץ־נעגל פֿון די אַראָפּהענגענדיקע פֿיס. אייַנציקווייז זענען די הפסקות פֿון

אין שטאָך צום צווייטן געוואָרן לענגער. זי האָט געפילט אַ דערלייכטערונג. נאָר דאָס געבונדענע לעבן אין איר האָט מיט פּחד כּסדר אָפּגעוואַרט דעם ווייטיק פון אָנקומענדיקן שטאָך.

זי האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זי האָט געקוקט אַרום זיך. דורך דער דראָטענער נעץ פון איר שטייג האָט זי געזען ווי אין די אַנט־קעגנאיבערדיקע שטייגן שטיקן מיידלעך מיט קאָלירטן פּאָדעם — בלומען אויף לייוונטענע טישטעכער. אויפן פענצטער פון בלאָק זענען געהאָנגען פאָרהאַנגלעך פון קאָלירטן פּאַפּיר, אויסגעשוירענע מיט שפּיצלעך אין די עקן און פאַרשיידענע פיגורן אין דערמיט. אָט די פאָרהאַנגלעך האָט זי געזען פונדערווייטנס אין דעם ערשטן טאָג, ווען זי איז נאָר אָנגעקומען אין לאַגער.

פון אַ זייט־קער טיר איז אַריינגעפאָרן אַ טיש אויף גומענע רעדלעך. די האָר פון אַ מיידל־קאָפּ האָבן אַראָפּגעפּאַליעט פון עק־טיש. צוויי געהילפן אין ווייסע כאַלאַטן האָבן געשטופּט דעם טיש. אין דעם בלאָק איז ווייטער געווען שטיל ווי פריִער. זיי זענען צוגעפאָרן צו אַ שטייג. געעפנט די טיר, און אַריינגעשטופּט דעם טיש מיטן מיידל, און צוריק פאַרשלאָסן דאָס טירל פון דער שטייג.

פון צווייטן עק בלאָק איז אָנגעקומען דער דייטשער הויפּט־אַרצט. הינטער אים זענען נאָכגעגאַנגען אַ שטאַב געהילפן. דאָס פּנים פון הויפּט־אַרצט איז געווען ערנסט. ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ וויסנשאַפטס־מאַן, וואָס איז באַשעפטיקט מיט וויכטיקע פאָרשונגען. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ ווייסער־שירץ, פאַרמאַכט ביז צום האַלדז, נאָר אויף זיין קאָפּ האָט ער געטראָגן דעם שוואַרצן ס. ס.־הוט, מיטן טויטן־קאָפּ־אָפּצייכן פון פאָרנט. ער איז געגאַנגען פון איין שטייג צו דער צווייטער, קאָנטראָלירט דאָס געשריבענע אויף דער שוואַרצער טאַבעלע, וואָס איז געהאָנגען איבער יעדער שטייג. ער האָט גערעדט רויִק, געלאַסן. זיין שטימע איז געווען ערנסט, ממש אַזוי ווי ער האָט גערעדט צו דאַניעלאַן דעמאָלט, בשעת ער האָט באַמערקט אויף איר לייב דעם צייכן פון דער קאַלעפּאַק־טאָרין־עלטסטערס בייטש:

„היתּכן?... אינעם דייטשן אַרבעטס־לאַגער זאָל מען שלאָגן?...“

ער איז געגאַנגען פון איין שטייג צו דער צווייטער. ער האָט אַריינ־

געקוקט צו די מיידלעך, ער האָט זיי באַטראַכט דורך דעם דראָטן־נעץ, ווי אַ וויסנשאַפטלער, וואָס קוקט אַריין אין די שטייגן צו זיינע קראָליקעס, איבער וועלכע ער פירט דורך וויכטיקע עקספּערימענטן. די מיידלעך האָבן נישט אויפגעהויבן די אויגן. זיי האָבן ווייטער געשטיקט די בלומען אויף די טישטעכער.

דאָרט אין די אַנטקעגנאיבערדיקע ריי שטייגן, האָבן זיך געפונען יענע, וואָס די עקספּערימענטן איבער זיי דאַרפן דויערן אַ לענגערע צייט: אַזעלכע איבער וועלכע עס ווערן אויסגעפּרוווט קינסטלעכע־באַפרוכפּע־רונג; צווילינגס־באַפרוכפּערונג־עקספּערימענטן; פרי־געבורט; פאַרשיידע־נע פּרוּוון פון סטעריליזאַציע און קאַסטעריזאַציע

די ריי שטייגן אויף לינקס האָט געהערט צו דעם כירורגיש־עקס־פּערימענטן־טייל. די מיידלעך פון דער דאָזיקער ריי האָבן זיך שנעל געטווישט. זיי האָבן נישט לאַנג געלעבט; פון זייערע קערפּערס זענען גע־וואָרן אַרויסגעשניטן פאַרשיידענע פּרויען־טיילן, און אויף זייער אָרט זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן קינסטלעכע טיילן. אין דער זעלבער ריי האָבן זיך אויך געפונען די, אויף וועלכע ס׳זענען געוואָרן אויסגעפּרוווט פאַרשיידענע סם־טאַבלעטן, וואָס דייטשע פירמעס האָבן צוגעשיקט צום הויפּט־אַרצט כדי זיי אויסצופּרוּוון אויף מענטשן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די פירמעס האָבן דערפאַר באַצאָלט דעם פאַרלאַנגטן פּרייז, וואָס דער הויפּט־אַרצט האָט דערפאַר געפאָדערט.

דאָ איז געווען דער „וויסנשאַפטס־בלאָק" פונעם לאַגער. דער בלאָק האָט זיך געפונען אין אַ זייטיקער אַלייע, אַרומגעפלאַנצט מיט רויטע בלו־מען. אַפילו די שטעכלדראָט איז דאָ געווען באַצירט און אַדורכגעפלאָכטן מיט גרינע פלאַנצן. קיינער פון דרויסן האָט אַהער נישט געטאָרט צוגיין.

„אינסטיטוט פאַר היגענע און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג", — איז געהאָנגען פונדרויסן אַ קליין שילדל.

אַז עס איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט אין דער „פרוידע"־אָפּטיי־לונג, זענען די מיידלעך צוערשט אַדורכגעגאַנגען דורך דעם אָפּעראַציע־בלאָק, וואָס געפינט זיך אין דער וויסנשאַפטס־אָפּטיילונג. דער אָפּעראַציע־בלאָק איז פריִער געוואָרן צוגעגרייט, און איבער אַלע מיידלעך פון נייעם „טראַנספּאָרט" איז מיטאַמאָל געוואָרן אַדורכגעפירט די סטעריליזאַציע.

אויפן צווייטן טאָג זענען די מיידלעך שוין געווען גרייט אויפגענומען צו ווערן אין דער „פרווידע״־אָפּטיילונג. היות דאַניעלאַ איז געווען אַן אויסער־אָרדענטלעכער איינצל־פאַל, איז דער סטעריליזאַציע־אַקט געוואָרן איבער איר אַדורכגעפירט אינעם וויסנשאַפטס־בלאָק; אין אַ שטייג וואָס איז גראָד געווען ליידיק.

דער הויפּט־אַרצט האָט זיך דערנענטערט צו דאַניעלאַס שטייג. נאָך אים זענען נאָכגעגאַנגען זיינע געהילפן. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט, גע־קוקט צו איר. איר האָט זיך פּלוצלונג געדאַכט: שולצע שטייט אינעם שוואַרצן געסטאַפּאָ־הוט און צי׳ט אויס צו אירע אויגן דעם שטעקן... זי ליגט אויף דער ערד אינעם וואַלד... שולצע וועט איצט איבער איר אויס־פירן אַ מיסטעריעזן טויט... דאָס איז נישט קיין חלום! איצט איז העלער טאָג!...

דורך דער דראָטענער נעץ האָבן אויגן פון די אינדרוי׳סן אַרומשטיי־ענדיקע אַריינגעקוקט צו איר ווי מען קוקט אַריין אין אַ שטייג פון אַ אויסטערלישער געפאַנגענער חיה אינעם זאָאָלאָגישן גאָרטן. זי איז געלעגן אַ נאַקעטע, די אויסגעשפרייטע קני זענען נאָך געווען צוגעבונדן צו די אויפגעשטעלטע אייזנס פון ביידע זייטן טיש. אין איינעם פון די אַסיס־טענטנס הענט האָט זי געזען דעם מכשיר, וועלכן מען האָט איר היינט אינדערפרי אַריינגעשטיקט טיף אין איר פרויען־גליד. איר קערפּער האָט אינסטינקטיוו אַ צי׳טער געטון. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער מכשיר ציט זיך אויס צו אירע אויגן ווי שולצעס שטעקן. זיי וועלן באַלד דאָ אַריינברענגען האַרין, זיי וועלן אים האַלטן אַ געבונדענעם, ער זאָל קוקן וואָס מען וועט מיט איר איצט טון. זי האָט געוואָלט שרייען, נאָר אַזוי ווי דעמאָלט, אין חלום, אַזוי זענען אויך איצט די געשרייען נישט אַרויס־געקומען פון איר האַלדז. דאָס געבונדענע לעבן האָט זיך אינעווייניק אין איר געוואָרפן. איר לייב האָט געציטערט.

דער לאַגער־אַרצט האָט געקוקט צו איר מיט גוטמוטיקע אויגן, און מיט אַ ווייכער שטימע זי באַרויִקט:

— שרעק דיך נישט. מאָרגן קומסטו שוין אַרויס פון דאַנען. — און ווי פאַרענדיקנדיק דעם זאַץ האָט ער אַוועקגייענדיק אַ זאָג געטון צו זיינע געהילפן: — די „יונגען״ וועלן פון איר זיין צופרידן...

## ק. צעטניק

פון דערנעבנדיקן צימער איז אַריינגעקומען די סלאָוואַקישע אַרצטין. זי האָט געהאַלטן אַ סלאָי אין דער האַנט. אינעווייניק איז געשווומען אַ בלוטיק שטיק־פלייש, מיט אַן אויסזען ווי אַ מענטשלעך האַרץ. זי האָט דאָס דערלאַנגט דעם הויפּט־אַרצט. ער האָט דאָס אויפגעהויבן לעבן דעם ליכט פון פענצטער. געקוקט דערויף דורכן גלאָז פון סלאָי. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דער שטייג, ווו עס איז געלעגן דאָס מיידל, וועלכע מען האָט פריִער אַריינגעבראַכט אויפן טיש. ער האָט געקוקט אויף איר און געקוקט אויף דעם שווימענדיקן, אַרויסגעשניטענעם אבר אינעם סלאָי. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דער שוואַרצער טאַבעלע, וואָס איז געהאַנגען ביי דער טיר פון איר שטייג, און מיט קרייד געמאַכט צוויי שטריכן ווי אַן „איקס" — ס׳הייסט, אויסגעמעקט דאָס געשריבענע פון פריִער: דאָס עקספּערימענטן־שטיק וועט שטאַרבן. מאָרגן וועט די שטייג קענען זיין פריי...

דעם הויפּט־אַרצטס פּנים איז געווען ערנסט. ער האָט אָנגעוויזן דער סלאָוואַקישער אַרצטין אויף דאַניעלאַס שטייג: דאָרט דאַרף מען פאַרענדיקן די „באַהאַנדלונג". מאָרגן דאַרף די שטייג זיין פריי, — האָט ער געזאָגט. ער איז אַרויס פון בלאָק און דער שטאַב געהילפן זענען מיט דרך־ארץ אים נאָכגעגאַנגען.

אינעם בלאָק איז געווען שטיל ווי עס וואָלט זיך דאָ נישט געפונען קיין לעבעדיקע מענטשן. פאַרוואָס האָט זי נישט געהערט אירע אייגענע געשרייען בשעת די סלאָוואַקישע אַרצטין האָט אָנגעצונדן דאָס פייער אינעווייניק אין איר בויך? זי האָט דאָך דעמאָלט בפירוש געפילט, אַז זי שרייט... זי האָט געהאַט אַ געפיל ווי זי וואָלט געשריגן אין דער אויסגעשעפּטער לופט אַריין.

קיינער האָט דאָ נישט אַרויסגעבראַכט פון זיך קיין קול. עס איז געווען שטיל ווי אין אַן אונטערערדישן אַקוואַריום. די שטייגן זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט, שורותווייז, איבער דער גאַנצער לענג פון בלאָק. זיי האָבן געמאַכט אַן איינדרוק ווי שטייגן מיט דרעמלענדיקע חיות, וואָס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן במשך דעם טאָג אין אַן אויפגעקלאַפּטן געצעלט פון אַ וואַנדערנדיקן צירק. איצט רוען זיי. ביינאַכט וועט מען זיי ווייזן פאַר דעם פּובליקום.

סאַניטאַרקעס זענען אַריינגעקומען מיט טאַצן שפּייז אין ווייסע און אין רויטע שיסלען. אויף די פיס האָבן זיי געטראָגן לייוונטענע שיך. מען האָט נישט געהערט זייערע טריט. זיי זענען שווייגנדיקע צוגעגאַנגען צו די שטייגן, געעפנט די טירלעך, אַריינגעשטעלט אַ שיסל שפּייז, צוריק צוגעמאַכט דאָס טירל ,און אַזוי געגאַנגען פון איין שטייג צו דער צווייטער. לויט די סימנים אויף דער שוואַרצער טאַבעלע האָבן זיי שוין געוווּסט וואָס פאַר אַ קאָליר שיסל זיי דאַרפן אַריינשטעלן און צו וועלכער שטייג זיי דאַרפן איבערהויפּט נישט צוגיין. ווו עס איז געווען אַ גרויסער „איקס" האָבן זיי געוווּסט, אַז דאָרט איז שוין אַ שאָד אַריינצושטעלן די שפּייז. בעסער אָוועקצוגעבן די פּאָרציע צו די שטייגן ווו עס געפינען זיך די עקספּערימענט־שטיקער מיט די אויפגעשוואָלענע טראָגנדיקע בייכער.

דאָס באַשעפעניש אין דער לעצטער שטייג קוקט אַרויס דורך די גראַטעס, קען זיך נישט דערוואַרטן מען זאָל שוין צו איר אַריינשטעלן די שיסל מיט עסן. די אויגן קוקן אַרויס שטום און מטומטום פון אונטער געדיכטע לאַנגע ברעמען, דאָס מויל שווייגט, אָן לשון. ווען מען האָט זי אַריינגעזעצט אין דער שטייג איז זי געווען אַ שיין, יונג, בליִענדיק מיידל. איצט קוקט זי אויס אַ מומיע, אַן אויפגעוויקלטע פון דער פּאַל־מעסונג. זי האָט אַ שפּיציקן שטערן, די האָר וואַקסן ביי איר אַנדערש, און זייער קאָליר איז משונה. דאָס פּנים איז אַדורכגעוועלבט מיט קנייטשן ווי דער קערן פון אַ וועלשענער נוס. נישט מעגלעך צו דערקענען צי דאָס איז אַ מאַן אָדער אַ פרוי. מער איז זי ענלעך צו אַ מאַן. זי פּירט זיך אויף נאָרמאַל, ווי אַ מענטש פון דעם פּלאַנעט, וועלכער געהערט אָבער צו אַ פאַרגאַנגענער אור־אַלטער עפּאָכע. אַ שטייגער ווי די דייטשן וואָלטן איצט צוריק אויפגעלעבט זייער פריסישן נעאַנדערטאַל־מענטש...

פון דערנעבנדיקן צימער איז אַריינגעקומען די סלאָוואַקישע אַרצטין. זי האָט געעפנט דאַנ־עלאַס שטייג. מען דאַרף פאַרענדיקן די באַהאַנדלונג. מאָרגן דאַרף די שטייג זיין פריי. אין איר יעדער באַוועגונג איז צו באַ־מערקן, אַז זי איז זייער אויפגערעגט. זי האָט נאָך נישט פאַרגעסן דעם שטויס אין בויך, וואָס זי האָט צוליב דאַניעלאַן באַקומען פון דער לאַגער־קאָמאַנדאַנטין. מיט אַ כעס בינדט זי אויף די לעדערנע שנאָלן פון דאַניע־לאַס הענט און אויפגעשטעלטע קני, נעמט אַרויס אַ בלוט־פּרווו־נאָדל

פון איר ווייסן אַרצט־כאַלאַט, שטעכט שנעל און האַסטיק אַריין אין אַן אַדער פון דאַניעלאַס האַנט, ברומענדיק דערביי:

— ס׳איז דיר שלעכט געווען אויף דער אַרבעטס־אָפּטיילונג, האַ?... האָסט דיך געריסן דאָ אַהער צו קומען! נאָר די סאָלדאַטן וועלן דיך שוין דאָ לערנען...

אינעם גלעזערנעם רערל פון איינשפּריצער האָט זיך געהויבן די טונקל־רויטע פליסיקייט: איר בלוט! זי האָט געקוקט דערויף. דאָס אַרויס־געזויגענע בלוט אינעם רערל איז איר פלוצלונג געוואָרן שרעקלעך נאָ־ענט. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז מען ציט איצט פון איר אַרויס איר לעצטע, אינטימסטע זאַך —איר לעבן! דאָס פאַרבאָרגנסטע אין איר, וואָס זי אַליין האָט עס אויך קיינמאָל נישט געזען — ווערט איצט איבער־געפירט אינעם רערל פון איינשפּריצער. זיי וועלן זי פאַרוואַנדלען אין אַ טונקל־רויטע באַשעפעניש!... משונהדיקע רויטע האָר!... אַ שפּיציקן שטערן!... זיי וועלן זי פאַרשליסן אין אַ גלעזערנעם סלאָי, ווו זי וועט אייביק אַרומשווימען...

די אַרצטין האָט פאַרענדיקט די באַהאַנדלונג. זי איז אַרויס, און פאַרקלאַפּט די שטייג הינטער זיך.

דאַניעלאַ ליגט אַן אויפגעבונדענע אויפן טיש, נאָר זי פילט, אַז זי קען נישט רירן מיט קיין אבר. „סאָלדאַטן וועלן דיך שוין לערנען"... זי האָט שוין אַמאָל געהערט אָט די זעלבע ווערטער... ווען איז דאָס געווען?...

— — — אַן אָנגעשטאָפּטער טראַמוויי מיט מיידלעך. אין מיטן דער נאַכט. אין דער הויך ברענט אַ געלער עלעקטרישער לאָמפּ. די אַראָפּהענ־גענדיקע „הענטלעך" פון טראַמוויי־סופיט שאָקלען זיך אַהער און אַהין, אַהער און אַהין. דאָס „דרייצענטל" דריקט אַ מיידל צו זיך, און זיין הייזע־ריקער דייטשער קול לאַכט אין איר אַריין: „די סאָלדאַטן וועלן דיך שוין לערנען". ווען דו ווייסט וווהין מען פירט דיך, וואָלסטו דיך איצט נישט געריסן פון מיינע הענט..."

זי האָט זיך פאַמעלעך אויפגעזעצט אויפן טיש. פון אַנטקעגנאיבער האָט צו איר צוריקגעקוקט דער ווייסער „איקס"־צייכן אויף דער שוואַר־צער טאַבעלע פון דער שטייג, ווו עס געפינט זיך די פריער־אַריינגעבראַכ־טע. דאָס מיידל האָט דאָרט געדרייט מיטן קאָפּ פון איין זייט צו דער

צווייטער אָן אויפהער, אַהין און אַהער, אַהין און אַהער. אירע אויגן זענען געווען פאַרשלאָסן. פון צייט צו צייט האָט איר מויל זיך געעפנט מיט אַן אויסגעקרומטער גרימאַסע, ווי זי וואָלט געשריגן אין אַ יסורימדיקן חלום. נאָר קיין קול איז פון איר מויל נישט אַרויסגעקומען. דאַניעלאַ האָט זיך איינגעקוקט. דאָס פּנים איז איר אויסגעקומען שרעקלעך באַקאַנט. ווו האָט זי געזען אָט דאָס פּנים?... זי האָט זיך בשום אופן נישט געקענט דערמאָנען.

אין די דערנעבנדיקע שטייגן האָבן מיידלעך מיט טראָגנדיקע בייכער געשטיקט רויטע בלומען אויף ווייסע טישטעכער. זיי זענען געווען אַריינגעטון אין דער אַרבעט. זיי האָבן נישט אַרויסגעהויבן די אויגן פון לייוונט. זייערע הענט האָבן געאַרבעט פלינק, פלינק, און פלוצלונג פאַרהאַלטן זיך מיט אַ האַלב־אַריינגעשטאָכענער נאָדל אינעם לייוונט. וו דער פלינק, און ווידער פאַרהאַלטן זיך. ווי דער געדאַנק וואָלט זיך פלוצלונג ביי זיי אָפּגעשטעלט. אין בלאָק איז געווען שטיל, ווי אין אַן אונטערערדישן אַקוואַריום, און די מיידל־הענט — פישעלעך, וואָס לויפן פלינק, פלינק, און בלייבן פלוצלינג שטיין, פאַרטראַכט...

דאָס איז דאָך דאָס זעלבע מיידל, וואָס איז געלעגן לעבן איר אינעם זאַמל־בלאָק אין דער ערשטער נאַכט, ווען זיי זענען אָנגעקומען אַהער!... דאָס איז דאָך דאָס מיידל, וואָס האָט דעמאָלט, ליגנדיק אויף דער ערד, אויפגעקלערט דעם טייטש פונעם שטעמפּל „פעלד הור". „מיר וועלן זיין דאָס אייגנטום פון דער דייטשער רעגירונג, אַזוי ווי מיין פּאָטערס פערד זענען געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער פּוילישער רעגירונג. פון איצט אָן וועלן מיר נישט דאַרפן מער זאָרגן", האָט זי געזאָגט. „די דייטשן וועלן שוין פאַר אונדז זאָרגן. זיי וועלן אונדז געבן צו עסן, און קיינער וועט אונדז מער נישט טאָרן קיין שלעכטס טון..."

איצט ליגט זי דאָרט אין דער שטייג, און דער אבר וואָס האָט באַלעבט איר יונג־פרוילעכקייט, ווי דער זאַפטיקער קערן פון אַ פּירות־טראָגנדיקן בוים, שווימט איצט אַרום אין אַ סלאָי ביי דייטשן הויפּט־אַרצט. אפשר וועט אים געלינגען דאָס אויסגעשניטענע שטיק־לעבן איינצופלאַנצן אינעם בויך פון אַ דייטשער פרוי, דער אבר וועט ווייטער לעבן, ער וועט ברענגען אויף דער וועלט אַ סך אַזעלכע וויסנשאַפטסלייט ווי ער...

„ביז דער קריג וועט זיך פאַרענדיקן וועלן מיר געהערן צו די

דייטשן..." פאַר איר, וואָס ליגט איצט דאָרט, האָט זיך דער קריג שוין געענדיקט. איבערן צוקאָפּנס פון איר שטייג איז דאָס אָנגעחתמעט — דער ווייסער „איקס" אויף דער גאַנצער גרויס פון דער שוואַרצער טאַ־בעלע! דער ווייטיק ליגט אין איר אַ געבונדענער. זי שווייגט. זי קען אים אַפילו נישט אַרויסשרייען. דער לאַגער־אַרצט האָט דאָס געשריי אין איר געבונדן. ביז צו דער קעל קען דער געשריי קומען — ווייטער נישט! אין „וויסנשאַפטס־בלאָק" דאַרף זיין שטיל. אַבסאָלוט רויק, כדי נישט צו שטערן די פאָרשונגען, וועלכע קומען דאָ פאָר לטובת דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

„אינסטיטוט פאַר היגיענע און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג".

פון דרויסן האָבן זיך געצויגן שיינע אַלייען מיטביימער און פלאַנצן. אַרום די ווענט פון בלאָק זענען געוואָקסן געדיכט, איינע לעבן דער אַנדע־רער, בלומען. די בלומען זענען געווען רויט. פונדערווייטנס האָט עס אויס־געזען ווי דער דייטשער וויסנשאַפטס־בלאָק וואָלט געשווומען אויף אַ רויטן טייך בלוט.

## קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

# „פרוידע־אפּטיילונג"

„פרוידע־אָפּטיילונג".

דאָ, אין די ראָזע־קאָליר געפּאַרבטע בלאָקן, האָט מען נישט געשלאָגן. דאָ האָט מען געהיט די קערפּערס פון די מיידלעך זיי זאָלן זיין גאַנץ: זיי זאָלן חלילה נישט זיין צעשעדיקט. דאָ, אַז אַ מיידל האָט באַקומען גע־שלאָגן, האָט זי מער נישט געטאָרט צוריקגיין אינעם לאַגער. מען האָט זי באַלד אַרויפגעוואָרפן אויפן אויטאָ, און היידאַ — צום קרעמאַטאָריום.

דאָ האָט יעדעס מיידל באַקומען אַ נייעם מונדיר, יעדע וואָך — ריינע וועש. לגבי דעם עסן אויף דער אַרבעטס־אָפּטיילונג איז דאָ טאַקע געווען אַ גן־עדן, ווי רעניאַ זיידנער האָט געזאָגט. נאָר די מיידלעך, וועלכע האָבן זיך פאַרזינדיקט דאָ, אין דעם גן־עדן, האָבן באַקומען אַ „מעלדונג". נישט מער ווי — אַ „מעלדונג". און זינדיקע מיט דריי אַזעלכע „מעלדונגען", זענען געוואָרן אַרויסגעפירט — מערסטן טייל נאָכן אָנקום פון אַ נייעם טראַנספּאָרט — אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ. דאָרט האָט עלזע די קאַלעפּאַק־טאָרין־עלטסטע אַדורכגעפירט איבער זייערע קערפּערס די „זינד־רייני־קונג". באַלד דערנאָך זענען די געריינִיקטע קערפּערס אַרויפגעוואָרפן גע־וואָרן אויפן לאַסט־אויטאָ, און די אַנדערע מיידלעך פון „גן־עדן" האָבן זיך שוין געהיט נישט צו זינדיקן.

דאָ זענען יעדן טאָג, צוויי אזייגער, אָנגעקומען דייטשע סאָלדאַטן פון די דורכגאַנגס־קאַזאַרמעס — פאַרן אָפּמאַרש צום רוסישן פראָנט, — פאַרווײַלן זיך מיט די מיידלעך פון „פופן־האַוז". די מיידלעך האָבן זיך

געדאַרפט באַמיִען צופרידנצושטעלן די הויך־געשטעלטע געסט. אויב אַזאַ הויך־געשטעלטער גאַסט איז נישט געווען צופרידן פון דער „פאַרווייליונג", האָט ער וועגן דעם בלויז געדאַרפט מעלדן ביים אַרויסגאַנג, אינעם דייטשן ביוראָ אויפגעבן דעם נומער, וועלכער איז געווען אויסגעקריצט אינעם פלייש פון דעם מיידלס ברוסט — און דאָס איז געווען גענוג. נאָך דריי אַזעלכע „מעלדונגען" איז דאָס מיידל געווען אַ פאַרמשפּטע. איר פּסק־דין — אָפּגעחתמעט: זי האָט נישט געוווּסט ווי געהעריק אָפּצושאַצן דעם גרויסן כבוד, וועלכער איז איר געוואָרן צוגעטיילט. זי האָט באַליידיקט דעם ערן־געפיל פון אַ דייטשן סאָלדאַט!

עלזאַ, די קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע, איז אַ בלוט־ריינע דייטשקע פון דיסלדאָרף. זי טראָגט אַ גרינעם פאַרברעכער, דריי־ווינקל־אָפּצייכן אויף דעם ברוינעם סוועטער: אַ סימן, אַז פאַרן קריג איז זי שוין געווען פאַר־משפּט צו אייביקער תּפיסה. צוליב וואָס פאַר אַ מערדעריי זי איז פאַר־משפּט געוואָרן, ווייסט מען נישט אינעם לאַגער. מען ווייסט נאָר, אַז ווען די דייטשן האָבן דאָ געעפנט דעם לאַגער, האָבן זיי אַרויסגענומען עלזען פון דער טורמע אין דייטשלאַנד, ווו זי איז געווען פאַרשפּאַרט, און איר דאָ אַהער געבראַכט אַלס קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע. און ווי עס ווייזט זיך אַרויס, האָבן די דייטשן גוט געוווּסט וועמען אויסצוקלייבן צו דעם אַמט.

עלזע פון דיסלדאָרף איז איצט די אַלמעכטיקע הערשערין איבער די מיידלעך פון „פרוידע־לאַגער". שווער פעסטצושטעלן איר עלטער, צוליב דעם שלעכטן צוזאַמענוווּקס פון עטלעכע מעסער־שניטן אויף איר פּנים. זי האָט אַ שלאַנקן, שמאָלן גוף, זי באַמיט זיך אים נאָך מער אונטערצו־שטרייכן דורך די געפּאַסטע רייט־הויזן, וואָס זי טראָגט אַריינגעלאָזענע אין שטיוול, ווי אַ פערד־רייטערין. זי האָט שמאָל־געעפנטע אויגן, פאַרקוועטש־טע ליפּן און אַ לאַנג, מאָנסטער, צעשניטן, טונקל פּנים, וואָס ווערט פאַר־ברענט אין אַן אייביקן פייער פון נישט געזעטיקטער, סעקסועלער תּאווה און אייפערזיכט.

מעגלעך, אַז מענער האָבן שטענדיק אויסגעמיטן עלזען. אפשר איז דאָס צעשניטענע פּנ״ם אויך אַ זכר דערפון. נאָר דאָ, אינעם „פרוידע"־לאַגער, ווו זי איז אַן אלמעכטיקע הערשערין, ווערט עלזע פאַרברענט פון אַ טאָפּלטן פייער. און זי לאָזט אויס איר צאָרן צו די, איבער וועמען זי

הערשט. זי דרייט זיך שטענדיק אין די בלאָקן בשעת דער „פּאַרוויילונגס־דינסט". זי וויל צ‏ִיען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַ דייטשן גאַסט. זי וואַרט אָפּ אין דרויסן, פאַר די בלאָקן, בשעת זיי קומען אָן אינעם לאַגער אַריין. זי שטעלט זיך פאַר זיי אַרויס מיט איר יחוס אַלס בלוט־ריינע רייכס־דויטשע. זי ציט אַרויף אַ שוואַרץ־זיידענע באַנד אויך אויף דעם צווייטן אָרעם: מען זאָל באַמערקן פון אַלע זייטן ווער און וואָס זי איז דאָ אינעם לאַגער. נאָר דאָס אַלץ העלפט נישט. קיינער פון די סאָל־דאַטן וויל נישט אָננעמען איר איינלאַדונג־פּראָפּאָזיציע. זיי דרייען זיך פון איר אַוועק. זיי גייען ליבער אַריין אין די בלאָקן צו אירע שפּלדיקע אונ־טערטאַנעריננס...

פּאַר אַזאַ זאַך האָט שוין די אַלמעכטיקע קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע, בכבודה ובעצמה, געקראָגן גוט צעשלאָגן פאַר אַלעמענס אויגן. זי איז אַמאָל מיט כוח באַפאַלן איינעם פון די געסט. דער סאָלדאַט האָט זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט, אַ שפּיי געטון אין איר דעמאָניש פּנים אַריין און אַוועק זיך פאַרקלאָגן אינעם ביוראָ. דערנאָך איז יאַגאַ, די בלאָנדע לאַגער־פירערין, אַרויסגעקומען מיט דער געפלאָכטענער בייטש. די בייטש איז געפאַלן איבערן קאָפּ פון דער תאווה־צערייצטער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע.

עלזע האָט געקראָגן די שמיץ און געשוויגן. אירע ליפּן האָבן זיך בלויז ווילד אויסגעקרימט, די קליינע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ פריידיקע שנאה צו דער „בלאָנדער בעסטיע". זי האָט געוווּסט, אַז יאַגאַ פאַרט יעדע פּאָר טעג צו איר געליבטן — דער לאַגער־פירער פון שכנותדיקן אַרבעטס־לאַגער אין נידערוואַלדען — כדי צו זעטיקן איר אייגענע תאווה, נאָר עלזע האָט אויך געוווּסט, אַז זי מוז אַראָפּשלינגען די שמיץ און שווייגן, ווייל לגבי יאַגאַן איז עלזע דאָ, אינעם לאַגער, נישט מער ווי אַ געוויינלעכער העפטלינג.

דערנאָך האָט עלזע צוליב די באַקומענע שמיץ זיך נוקם געווען אין די מיידלעך פון „פרוידע"־לאַגער, איבער וועלכע זי, ווידער, האָט פול־שטענדיק געהערשט.

בשעת דער „פּאַרוויילונגס־דינסט" דרייט זיך עלזע אין די בלאָקן. זי גיט, לויט די פאָרשריפטן, כלומרשט אַכטונג צי די מיידלעך פירן זיך אויף

פאַרשריפטלעך, צי זיי שטעלן צופרידן די גאַסט. זי אָבסערווירט די מייד־לעך בשעת זיי ליגן אונטער די סאָלדאַטן. זי וויל זיי כאַפּן ביי דער עבירה פון „גלייכגילטיקער אויפפירונג". זי דערמאָנט די געסט, אַז זיי קענען זיך דערויף באַקלאָגן; אַז אינעם ביוראָ ווערט אַזאַ סאָרט אויפפירונג פון אַ מיידל באַטראַכט ווי אַ „מעלדונג".

עלזע האָט געגאַרט צו לעשן דאָס פייער פון איר תאווה מיטן בלוט פון די מיידלעך. איר העכסטער פאַרגעניגן איז געווען בשעת זי האָט „געריייניקט" די קערפּערס פון די מיידלעך אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ.

נאָך די פאַרווייליונגס־שעהן, אַז די דייטשן פאַרלאָזן דעם „פרוידע"־לאַגער, איז עלזע ווי אַ צערייצטע חיה. אַלע מיידלעך ציטערן דעמאָלט פאַר איר. נאָך די דייטשן קומט — עלזע. עס איז אַן איבערגאַנג פון איין גיהנום צום צווייטן. נישט איין מאָל כאַפּט עלזע אַרויס איינע פון די מיידלעך, שלעפּט זי אַריין צו זיך אין שטיבל, וואַרפט זיך אויף איר, און זוכט אויף איר לייב דעם ריח פון ערשט־אַוועקגעגאַנגענעם מאַן. ווי צו דעם מיידל, וועלכע פירט נישט אויס עלזעס אַלע פאַרלאַנגען. עלזע ווייסט ווי אַזוי צו דערפירן אַזאַ צושטאַנד־מיידל צו אַ מצב, אַז זי זאָל במילא באַקומען אַ „מעלדונג".

און ווער פון די מיידלעך קען דען אָפּשטילן עלזעס נישט געזעטיקטע תאווה?

די גרעסטע הנאה האָט עלזע פון ד׳סעלדאָרף, ווען זי קען אָנזאָגן אַ בשורה צו אַ מיידל, אַז זי האָט שוין באַקומען די דריטע „מעלדונג". דע־מאָלט צינדן זיך אירע אויגן אָן מיט פייער. דאָס מיידל שטייט ווי אַ היפּנאָטיזירטע.ביידע — סיי עלזע און סיי דאָס מיידל — שפּירן איצט, אַז דער קרבן געהערט שוין אינגאַנצן צו עלזען. סיי איר קערפּער און סיי איר נשמה זענען איצט איבערגעגאַנגען אינגאַנצן אין די הענט פון דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע, עלזעס מויל קרומט זיך משונהדיק אויס. זי שאַרצט אַרויף די שמאָלע ליפּן, עס באַווייזן זיך די קליינע, שיטערע ציינדלעך. זי קוקט מיט אירע אויגן ווי אַ שלאַנג איידער ער בייסט זיך איין אין זיין קרבן, און צ׳ענדיק דעמאָניש, לאַנגזאַם די ווערטער, זאָגט זי:

— איך וועל דיך רייניקן... איצט געהערסטו אינגאַנצן צו מיר... איך וועל דיך רייניקן... נאָר פריער קום מיט מיר...

דאָס מיידל שטייט אַ היפּנאָטיזירטע, עלזעס אויגן זענען אַריינגע־שטאָכן אין אירע אויגן. זי קען זיך פון די אויגן מער נישט באַפרייען. זי שרייט נישט. זי וויינט נישט. אַנטלויפט נישט. זי קוקט אויף עלזעס פּנים, און זעט דאָרטן — דעם עקזעקוציע־פּלאַץ. דאָס בילד פון „זינד־רייניקונג" איז איר גוט באַקאַנט. זי האָט דאָך דאָס נישט איין מאָל שוין צוגעזען. איצט איז זי באַטויבט. געגצלעך באַטויבט. עלזע נעמט זי אַרום, באַטאַפּט מיט די הענט איר גוף, דריקט זי צום ברוינעם סוועטער. פון עלזעס אויסגעקרימטן מויל דערגייען צום מיידלס אויערן ווערטער, ווי פון אַ טיפן אָפּגרונט אַרויס:

— איך וועל דיך רייניקן... איך וועל דיך רייניקן... נאָר פריִער קום מיט מיר אינעם שטיבל אַריין...

עלזע פון דיסעלדאָרף גייט, און צוגעדריקט צו זיך פירט זי, אַרומ־געאַרעמט איר קרבן. ביידע גייען מיט לאַנגזאַמע טריט, ווי זיי וואָלטן ביידע געווען באַטויבט. זיי גייען צום שטיבל, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אָפּריכטן אַ שווידערלעכע דינסט.

ווי דאָרט, אין עלזעס שטיבל, וואָלט זיך געפונען דער טעמפּל פון דער נייער מענטשלעכער קולטור.

## קאַפּיטל אַכט און דרייסיק

# „בעטען־באַו“

ווען דאַניעלאַ איז נאָר אָנגעקומען צום סקוועער פון דער „פּרווידע“־אָפּטיילונג, איז די ערשטע צו איר אַנטקעגנגעלאָפן צביה די טשעבינערין. זי וויל וויסן, וואָס איר שוועסטער חנה מאַכט דאָרט אויף דער אַרבעטס־אָפּטיילונג, פונוואַנען דאַניעלאַ איז איצט אָנגעקומען.

אינעם ערשטן אויגנבליק איז דאַניעלאַ געוואָרן צעמישט. זי האָט זיך נישט גערייכט אויף אַזאַ פראַגע. זי איז נישט געווען צוגעגרייט דערצו. נאָכן עקספּערימענטן־בלאָק האָט זי לגמרי פאַרגעסן אינעם אַרבעטס־לאַגער. נאָר בשעת צביה האָט איר דערמאָנט חנהס נאָמען, איז פּלוצלונג דאָס בילד נאָכאַמאָל אַרויפגעשוווּמען פאַר אירע אויגן: חנה ליגט אַן איבער־געוואָרפענע איבער די רעלצן, און הענטשעל, די „לבנה“, שפּרייזט אַ רויִקער אַרום, אַרום איר ליגנדיקן קערפּער, אַמאָל פון דער זייט און אַמאָל פון דער זייט, אַמאָל ביי איר צוקאָפּנס און אַמאָל ביי איר צופיסנס, און מיטן שטעקן פון דער לאָפּעטע זעצט ער איבער אירע פיס, איבער אירע הענט; ער וואַרט זי זאָל שרייען. וואָס מער שרייען; דער עיקר — שרייען. וואָס יאָמערלעכער, וואָס האַרץ־רייסנדיקער — אַלץ בעסער. ער האָט, דאַכט זיך, אַזוי מער הנאה. ווי חנהס געשרייען וואָלטן געווען אַ נחת פאַר זיינע אויערן. דאַניעלאַ האָט איצט נאָכאַמאָל דערהערט חנהס געוואָלדן. זיי האָבן איצט נאָכאַמאָל אָפּגעהילכט אין אירע אויערן, ווי חנה וואָלט איצט דאָ, לעבן איר, געשריגן:

— „רבונו של עולם!... רבונו של עולם!...“

דאַני׳עלאַ איז געשטאַנען אַ צעמישטע. צביה האָט איר געקוקט גלייך אין מויל אַריין און געוואַרט אויף אַן ענטפער.

— וואָס איז, דאַניעלאַ? וואָס האָט פּאַסירט?... — האָט צביה אַ דערשראָקענע געפרעגט.

דאַניעלאַ האָט זיך אינסטינקטיוו אַ טרייסל געטון ווי איינער, וואָס קומט צוריק צום באַוווסטזיין נאָך אַ פאַרטויבנדיקן קלאַפּ איבערן קאָפּ. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז צביה האָט איר געשטעלט אַ פראַגע. זי האָט שנעל אַרויסגעוואָרפן פון מויל:

— וואָס הייסט „וואָס חנה מאַכט?" זי אַרבעט ווי אַלע אַנדערע... — זי האָט זיך געוווּנדערט פאַרוואָס די ווערטער זענען אַרויס פון איר מויל מיט אַזאַ תרעומת.

— איך האָב געהערט, אַז מען אַרבעט דאָרט שווער. ווי אַזוי פילט זיך חנה ביי דער אַרבעט? זי איז דאָך אַ שוואַכע, — האָט צביה ווייטער־געזאָגט.

ביים אַרויספלוס פון טייך זיצן מיידלעך און שייערן זייער עס־געשיר. אויף דער בריק פון טייך שטייט דער ס. ס.־מאַן. ער האַלט אָנגעלענט די ביקס אויפן פאָרענטש פון דער בריק, אָנגעשטעלט מיט דער רער צו די מיידלעך. אויף די סלופּעס פון דער שטעכל־דראָט־מויער ברענען רויטע לעמפּעלעך, אַ סימן, אַז די דראָטן זענען אָנגעפילט מיט עלעקטרישן שטראָם. אויף רעכטס צי׳ען זיך די בלאָקן. מיידלעך גייען דאָרט אַריין און אַרויס. דורך דעם קליי׳נעם שטח פון איין בלאָק צום צווייטן זעט מען אַרויס די צווייטע שטעכל־דראָט־וואַנט, וואָס ציט זיך הינטער די בלאָקן און רינגלט אַרום דעם „פרוידע"־לאַגער. פון דערווייטנס קוקט עס אויס ווי די שטעכל־דראָט־מויער וואָלט אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד צוזאַמען מי׳ט די רויטע בלומען. אויף דער צווייטער זייט שטעכל־דראָט געפינט זיך דער אַרבעטס־לאַגער, די בוי־שטעלע. רעניא זיידנער טראַכט איצט דאָך אַוודאַי וועגן איר: זי, דאַניעלאַ, איז אַריבער צו דער „פרוידע"־אָפּטיילונג; זי וועט איצט אויך עסן צוויי זופּן טעגלעך; די פאַרציעס ווורשט, מאַרגאַרינע, וועלכע געהערן צו די מיידלעך פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג, וועט דאַני׳עלאַ איצט אויפעסן. בשעת מען וועט זי דאָ אַרויפפירן צום עקזעקוציע־פּלאַץ, וועט זי אפשר זיך באַגעגענען מיט די אויגן

פון רעניאַ זיידנער, וועלכע וועט קוקן צו איר דורך די דראָטן. רעניאַ וועט דעמאָלט זען, אַז זי איז אויסגעפּאַשעט. רעניאַ וועט צו איר קוקן... ניין! נאָר זי זאָל צו איר אַזוי נישט קוקן!... רעניאַ זיידנערס אויגן שטעכן זי איצט אַדורך און אַדורך... זי וועט דאָס נישט קענען אויסהאַלטן! רעניאַ זיידנערס אויגן קוקן צו איר דורך דער שטעכל־דראָט... מען פירט זי אַרויס אַ נאַקעטע צו די בענקלעך אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ — —

— ווי אַזוי פילט זיך חנה בשעת דער אַרבעט?... — חזרט צביה נאָכאַמאָל איבער איר פראַגע.

דאַניעלאַ האָט זיך געוואָלט אַרויסמאַכן פון דעם שווידערלעכן גע־שפּרעך. זי האָט געפילט, אַז זי וועט דאָס נישט קענען איבערטראָגן. די דראָטן, די בריק איבערן טייך, די דעכער פון די בלאָקן — האָבן זיך געדרייט פאַר אירע אויגן. נאָך אַ מינוט, און זי וועט אַוועקפאַלן אויף דער ערד.

— חנה פילט זיך דאָרט גלייך מיט אַלע!... — האָט זי שנעל גע־ענטפערט.

— איך האָב באַשלאָסן אַריבערצוגיין צו חנהן, — האָט צביה גע־זאָגט. — איך וועל דאָ נישט זיין, אַפילו מען זאָל מיך הרגענען. איך וויל זיין צוזאַמען מיט מיין שוועסטער. איך וועל דאָ נישט בלייבן!

דאַניעלאַ האָט אויף איר אויפגעשטעלט צעשראָקענע אויגן.

— צביה, דו ביסט פון זינען אַראָפּ?... צביה, דערבאַרעם דיך!...

— איך האָב שוין וועגן דעם געמאָלדן דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע, — האָט זי געזאָגט.

דאַניעלאַ האָט זי אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט. — וואָס האָט די קאַ־לעפאַקטאָרין־עלטסטע געזאָגט? — האָט זי געפרעגט.

— אַז איך וועל האָבן דריי „מעלדונגען", וועט זי מיך אַריבערשיקן צו חנהן, — האָט צביה, תמימותדיק, איבערגעחזרט דער קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטעס ענטפער.

***

זיבן אַזייגער אינדערפרי קומט פאַר אין די ראָזע בלאָקן אַן „אַפּעל" לכבוד דעם „בעטן־באַו". עלזע, די קאַלעפאַקטאָרין־עלטסטע, גייט מיט

איר סוויטע איבער די בלאָקן, קאָנטראָלירן צי די בעטן זענען „געבאַוט" לויטן געזעץ. דאָ, אינעם „פרוידע"־לאַגער, איז דאָס בעט דאָס היילקסטע און אַלערהעכסטע, פאַרוואָס די אײַנוווינערינס פון דעם גן־עדן זענען פאַראַנטוואָרטלעך.

אויף די צופוסנס־ברעטער פון יעדן בעט הענגט דער זעלבער נומער, וועלכער איז אויך אויסגעקריצט אויף דער ברוסט פונעם מיידל — די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דעם בעט. און עלזע פון דיסלדאָרף האָט דאָ פאַר זיך אַ ברייט פעלד ווי אַזוי צו דערפירן, אַז אַ מיידל זאָל בשעת דער „פאַרווײַלונגס"־דינסט ממילא באַקומען אַ „מעלדונג".

פופציק בעטן געפינען זיך אינעם בלאָק. פינף און צוואַנציק שטייען אויף דער רעכטער זייט, לענג־אויס ביי דער וואַנט, און פינף און צוואַנציק — אויף דער לינקער זייט. אין דער מיט איז אַ ליידיקער דורכגאַנג. לעבן צוקאָפּנס פון יעדן בעט שטייט אַ שמאָלע שאַפע. די הויכגעשטעלטע געסט, וועלכע קומען דאָ אַהער זיך פאַרווײַלן, זאָלן האָבן וווּ אויפצוהענגען זייערע מלבושים. אויף דער אײַנציקער פאָליצע, אויבן אין דער שאַפע, געפינט זיך דאָס עס־געשיר פונעם מיידל. וועגן דער זויבערקייט פון עס־געשיר קומט פאָר יעדן טאָג, צען אַזייגער, אַ באַזונדערער „כלים־אַפּעל". ווײי צו דעם מיידל אויב עלזע געפינט אַ פגם אויף די כלים; אויב דער לעפל ליגט נישט געננוי לויטן געזעץ, אָדער דער ריח פון דער שיסל געפעלט נישט עלזען. דאָס הייסט: דאָס מיידל האָט זיך נישט גערעכנט מיט דעם עסטעטישן געפיל פון די הויכגעשטעלטע געסט, וועלכע באַנוצן זיך אויך מיט דער שאַפע! פאַר אַזאַ עבירה האָט עלזע איר אייגנאַרטיקע שטראָפס־מעטאָדן, וועלכע דערפירן דעם מיידל, סוף כל סוף צו אַ „מעלדונג".

באַלד אײַנדערפרי, נאָכן הערן דעם ערשטן גאָנג, ווערט אַ בהלה אין די בלאָקן: „בעטן־באַו"! יעדעס מיידל, אַ געבויגענע איבער איר בעט, אַרבעט פיבערהאַפט .די הענט ציטערן: צי וועט איר נאָר היינט געלינגען די „בעטען־באַו"? צי וועט זי מצליח זײַן? צי וועט זי היינט חלילה נישט געשטרויכלט ווערן?...

„גאָט! העלף מיר... גאָט! העלף מיר!..." — שעפּטשען ציטעריק די ליפּן פון די מיידלעך בשעתן „בעטען־באַו".

ווער וועט אַמאָל וויסן וויפל טרערן עס זענען פאַרגאָסן געוואָרן בלויז

ביים „באַון" דאָס בעט; וויפל ווי עס איז געוואָרן אַריינגעבעט יעדן פּרי־מאָרגן אין די שמאָלע, לאַנגע קברים?

דאָס בעט קוקט אויס ווי אַ שמאָלער, לאַנגער קאַסטן. א' נעווייניק, אינעם קאַסטן, ליגט האָלץ־שניצעכץ צוגעדעקט מיט אַ טונקל־גרויע דעק, דאָס איז — דער שעניק. דערויף ליגט אַ צווייטע דעק צום צודעקן זיך, און צוקאָפּנס — אַן אָנגעפּילט קישעלע מיט האָלץ־שניצעכץ. דאָס איז אייגנטלעך אַלץ. נאָר וויפל אומשולדיקע לעבנס האָט דאָס בלויזע „באַוען" אַזאַ בעט איינגעשלונגען?...

ווייל דאָס בעט האָט געדאַרפט געבויט ווערן מיט דייטשער פּינקט־לעכקייט.

דערויף האָט אַכטונג געגעבן עלזע פון דיסעלדאָרף.

קודם כל, דאַרף די אונטערשטע דעק, דאָס הייסט: דער שעניק, זיין גלייך ווי אַ שפּיגל, נישט קיין גריבל, נישט קיין בערגל, גלייך מיט דער וואַסער־וואָג. צוליב דעם דאַרף מען ראשית־כל אויסדרן דאָס האָלץ־שניצעכץ, וואָס צוליבן ליגן דערויף, סיי ביינאַכט און סיי בייטאָג, פאַר־וואַנדלט עס זיך אין אַ פאַרפּלאָנטערט האַרט שטיק אויף איין אָרט, און ממילא שאָפט זיך אַ ליידיקע גרוב דערלעבן.

וועגן דעם קען מען אָבער דאָ, אינעם גן־עדן, קיינעם נישט געבן צו פאַרשטיין, ווייל סיי יאַגאַ, די „בלאָנדע בעסטיע", און סיי עלזע פון דיסעל־דאָרף שלאָפן נישט אויף קיין האָלץ־שניצעכץ און זיי „באַוען" אויך נישט קיינמאָל נישט זייערע בעטן. דאָס טוען די קאַלעפאַקטאָרינס, וועלכע באַ־דינען זיי.

דערנאָך קומט ערשט די שווערע גזירה פון „בעטען־באַו": די שעניק־דעק דאַרף זיך אַרויסהייבן צען צענטימעטער העכער פון בעט־קאַסטן. פּינקטלעך צען! נישט מער און נישט ווייניקער. אַז צוזאַמען מיט דער אויבערשטער דעק זאָל דאָס „געבאַו" זיין פופצן צענטימעטער העכער פון די האָלץ־קאַנטן. די צענטימעטערס זענען גענוי מיט פּינקטלעכקייט אָנגע־צייכנט אויף דעם צוקאָפּנס־ברעט פון יעדן בעט.

צען צענטימעטער! די שוידערלעכע צען צענטימעטער פון „בעטען־באַו".

לסוף דאַרף די אויבערשטע דעק ליגן גלייך אויף דער גאַנצער לענג

פון בעט. צוקאָפּנס, ווו די דעק הייבט זיך אַרויף איבערן קאָפּ־קישעלע, דאַרף זי זיך בייגן אין צוויי גראַד־ליניקע קאַנטן, ווי פון בלעך געבויגן. ואחרי ככלות־הכל איז ערשט דאָס לעבן פאַרמשפּט צו אַ יסורימדיקן טויט, אויב, חלילה, עס ווערט געפונען אַ פּגם אויף דער אויבערשטער דעק פון בעט.

„דאָס בעט איז דאָס אַלערהייליקסטע!״ — הענגט אַ שילדל אין יעדן בלאָק אויף דער וואַנט.

זיבן אַזייגער אינדערפרי קומט עלזע אַריין מיט איר סוויטע אויף אַן אינספּעקציע. די מיידלעך שטייען אויסגעצויגענע, גלייך, יעדע לעבן איר בעט, פאַר וועלכן זי איז פאַראַנטוואָרטלעך. דאָס בעט ווערט איצט אַ טייל פון איר; אַ צענטראַלער אבר פון איר קערפּער, ווו איר גאַנצער נערוון־סיסטעם איז קאָנצענטרירט. איר לעבן איז איצט אַריין אין דעם טונקעלן שמאָלן קאַסטן. זיי האָבן זיך איצט ביידע צוזאַמענגעגאָסן — דאָס מיידל און דאָס בעט. דער־זעלבער נומער איז אויסגעקריצט אויף זיי ביידן. דאָס האַרץ קלאַפּט נישט ביי איר אונטער דער ברוסט, נאָר דאָרט, אינעם שמאָלן, לאַנגן קאַסטן, קלאַפּט עס. דאָרט געפינט עס זיך. זי פילט נישט דעם פּחד אויף איר לייב, נאָר זי פילט אים דאָרט, אויף דער טונקעלער ליניע, ווו די דעק הייבט זיך אַרויף אויפן קאָפּ־קישעלע, לעבן די צען צענטימעטער.

דער שו־דערלעכער שטריך, וואָס ווייזט: צען צענטימעטער!

„גאָט! העלף מיר... גאָט! העלף מיר...״ — בעט זיך דאָס האַרץ פון בעט אַרויס.

עלזע שטעלט זיך אַוועק ביים ערשטן בעט. זי קניט אַראָפּ אויף דער ערד און קוקט מיט איין שמאָל־געעפנט אויג איבער דער גאַנצער לענג שורה בעטן. די ליניע ביים קאָפּ־קישעלע דאַרף זיך ציִען גלייך איבער אַלע בעטן. איין בעט דאַרף זיין גלייך מיטן צווייטן, און די ליניע פון ערשטן בעט דאַרף זיך צוזאַמענגיסן מיט דער ליניע פון דעם פינף און צוואַנציקסטן בעט. עלזע איז אַן עכטע רייכסדויטשע פון דיסלדאָרף. זי ווייסט וואָס דאָס הייסט דייטשע פּינקטלעכקייט, און זי וועט דאָס אויסלע־רנען דעם שייס־פאָלק — די יידישע זונות...

אויב אַ בעט שטימט נישט לויט דער גענויער ליניע פון די אַנדערע

בעטן, הייסט עלזע באַלד איינשרייבן דעם נומער פון בעט אין אַ ביכל. עלזע האָט הנאה פון בלויזן אַרויסזאָגן דעם באַפעל. און בשעת איר געהילפין שרייבט איין דעם נומער, קוקט דערווייל עלזע מיט שמאָל־געעפנטע אויגן אויף איר קרבן. אירע הענט זענען פאַרלייגט אויף דער ברוסט, איין באַשטיוולטער פוס אַרויסגערוקט. איר מויל קרימט זיך אויס פון תאווה. עס באַווייזן זיך די קליינע, שיטערע ציינדלעך. עלזע האָט אַ באַזונדערע הנאה, אויב דער גורל פאַלט אויס אויף אַ שיין מיידל. שיינע מיידלעך האָט עלזע פיינט שנאת־מוות.

נאָכן „אַפּעל" נעמט עלזע צוזאַמען די קרבנות פון שלעכטן „בעטען־באַו", זעצט זיי אַוועק „קני־בויגן", דאָס הייסט: זיצן אין דער לופט, די קני געבויגן, חלילה נישט אָנרירן מיטן געזעס די ערד, די הענט אויפ־געהויבענע, פאַרפלאָכטן אויפן נאַקן. אָט אַזוי דאַרפן די מיידלעך זיצן פון פרי ביז צום פאַרוויילונגס־גאַנג; ביז צוויי אַזייגער, ווען די דייטשן קומען אָן אין „פופען־האַוז" זיך פאַרוויילן. דעמאָלט ערשט ווערן זיי באַפרייט.

נאָך אַזאַ „קני־בויגן" קענען די מיידלעך נישט רירן, נישט מיט די פיס און נישט מיט די הענט. דער גאַנצער גוף איז אַ שטיק ווייטיק, וועלכן מען טאָר נישט אָנרירן. די מיידלעך קענען נישט גיין. מען דאַרף זיי פירן. און אָט אַזוי, אָנגעלענטע אויף פרעמדע אַקסלען, שלעפּן זיי זיך קוים אַריין אין זייערע בעטן, כדי אויסצופירן די פליכט פון דעם „פאַרוויילונגס־דינסט".

דער הויכגעשטעלטער גאַסט גייט דערנאָך אַוועק מיט אַן אָנקלאַגע: ער איז נישט געווען צופרידן פון דער „פאַרוויילונג". דער „נומער" האָט אים שלעכט אויפגענומען. זי האָט זיך צו אים באַצויגן מיט גלייכגילטיקייט...

יאָ, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער האָט אויפגעשריבן דעם נומער פון מיידל. אָט דאָ איז ער... —און ער גיט איבער דעם נומער אין ביוראָ. אַ „מעלדונג!"...

נאָכן „בעטען־באַו־אַפּעל" קומט פאָר אַן עס־געשיר־אַפּעל, שאַפע־אַפּעל, קליידער־אַפּעל. נאָך יעדן אַפּעל פאַלן קרבנות. עלזע דערפירט די קרבנות צו אַ צושטאַנד, אַז זיי זאָלן באַקומען אַ „מעלדונג".

און עלזע דיסלדאָרף קען זיך אַלץ נישט אָנזעטיקן.

## קאַפּיטל נײַן און דרײַסיק

# „פּאַרווײַלונגס-דינסט“

אינעם בלאָק איז שטיל. די מיידלעך זיצן יעדע אויף איר בעט. די פיס אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

פּופּציק בעטן, אויסגעשטעלטע אין צוויי רייען, און פּופּציק מיידלעך זיצן אויף די בעטן, איינע מיטן פּנים צום רוקן פון דער צווייטער. קיינער האָט זיי דאָ נישט אַזוי אויסגעזעצט. קיינער האָט זיי נישט באַפוילן צו זיצן אַזוי גלייך. עס קומט אויס ווי זיי וואָלטן זיך מיט אַ כוונה אַזוי געזעצט, כדי נישט צו באַגעגענען איינע דאָס פּנים פון דער צווייטער. דער פּחד איז אָנשטעקנדיק. באַלד וועלן זיי דאַרפן שמייכלען. דאָס שמייכלען איז אַ חוב. דער שמייכל איז אַן עדות אויף דער באַציִונג פון מיידל צו דער „פּאַרווײַלונג“. פונעם שמייכל איז אָפּהענגיק איר לעבן. באַלד וועלן זיי דאַרפן זיין פריילעך.

אינעם בלאָק איז שטיל.

איצט קענען זיי זיך נאָך מתייחד זיין מיט דעם, וואָס עס וועט באַלד דאָ פאָרקומען. איצט מעגן זיי נאָך פילן דעם שוידער פון דעם, וואָס דערוואַרט זיי. איצט גיבן זיי זיך איבער דעם פּחד מיט לייב און לעבן, מיט געעפנטע אָרעמס. נאָר באַלד וועט ער, דער פּחד, דאַרפן אָפּטרעטן זיין פּלאַץ פאַר די דייטשן, וועלכע קומען איצט אַהער, אינעם בלאָק אַריין, זיך פאַרווײַלן. באַלד וועלן די מיידלעך דאַרפן אַרויפּציִען אויפן פּנים אַ שמייכל, ווייל דער הויכגעשטעלטער דייטשער גאַסט איז נישט געקומען

אַהער זען טרויעריקע אויגן: פאַרווײלן זיך איז ער געקומען! שעפּן פרוי־דע!... צי האָט דאָס פאַרשטאַנען די „פּופּע?" אָדער צי האָט זי דאָס נישט פאַרשטאַנען? אויב האָט זי דאָס נישט פאַרשטאַנען, וועט ער איר דאָס באַלד געבן צו פאַרשטיין: קודם כל — אַהער מיטן נומער!... ער וויל אים האָבן ליגן אויפגעשריבן אין דער טאַש. סתם אַזוי. דערנאָך, בשעת ער וועט פאַרביי גיין לעבן ביורא, וועט ער שוין זען וואָס ער האָט צו טון. און איצט, אַז דער אויסגעברענטער נומער פון איר ברוסט ליגט אַן אויפ־געשריבענער ביי אים אין טאַש, זאָל די „פּופּע" אים געבן איר ליבע!... און דאָס מיטן גאַנצן האַרץ! מיט פרוידע! אַזוי ווי ער האָט דאָס ליב! ער וויל פון איר טרינקען ווי ער טרינקט אויס אַ קופּליע פרייסישן ביר, צוזאַמען מיטן ווייסן, איבערלויפנדיקן שוים...

אינדרויסן קלאַפּט מען אינעם גאָנג.

צוויי אַזייגער.

ס'הייבט זיך אָן.

אינעם בלאָק איז שטיל. פּופּציק מיידלעך. ווי זיי וואָלטן נישט געהאַט גאָרנישט צו זאָגן איינע דער צווייטער. פּופּציק בעטן, ווי פּופּציק אויס־געשטעלטע שטולן אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ, איידער מען בינדט צו זיי צו די נאַקעטע מיידלשע קערפּערס.

פון דרויסן דערטראָגן זיך דערנענטערנדיקע דייטשע קולות. עלזעס שרייט דאָרט, ג׳ט אַרויס לעצטע באַפעלן צו די קאַלעפאַקטאָרינס. עלזעס קול איז העכער פון די דייטשע געלעכטערס. זי וויל, אַז די סאָלדאַטן זאָלן זי באַמערקן; זיי זאָלן זען ווער זי איז דאָ אינעם לאַגער. יאַגאַ געפינט זיך אויך אויפן פּלאַץ. זיי פאָרען זיך אינדרויסן, זיי זענען שטאַרק באַשעפּ־טיקט, ווי טעאַטער־ד׳רעקטאָרן פאַרן פאָרהאַנג־אויפהייב פון אַ פייערלעכן שפּיל. באַלד וועט די טיר פון בלאָק זיך אויפרייסן און די דייטשן וועלן אַריין.

פּופּציק בעטן ווי פּופּציק צום טויט־פאַרמשפּטע, וועלכע שטייען אויס־געשטעלט אין איין ריי, אומבאַוועגלעך, קוקן צו די רערן פון די ביקסן, וואַרטן ביז זיי וועלן דערפּ׳לן די קויל אינעם האַרץ, און — שווייגן. האָבן נישט גאָרנישט וואָס צו זאָגן איינער דעם צווייטן.

אַזוי יעדן טאָג. פּינקטלעך צוויי אַזייגער.

דאַניעלאַ קוקט אויפן רוקן פון מיידל, וועלכע זיצט אויפן בעטל פאַר איר. די בלויע דינע שטרייפעלעך פון דער לאַגער־שירץ, וואָס ציִען זיך אויף דעם מיידלס פּלייצע, בלענדן דאַניעלאַן אין די אויגן. די האָר פון מיידלס קאָפּ פאַלן אַראָפּ אויף איר נאַקן, און די שטרייפעלעך אויף דער פּלייצע הייבן זיך אַרויס פון לייוונט, וואַקסן וואָס אַמאָל העכער און דעקן צו אויך די האָר. און אָט: די שטרייפעלעך רוקן זיך אָפּ פון דעם מיידל, דערווייטערן זיך פון איר פּלייצע, בלייבן שטיין אין דער לופט. אַ שטייג!... פּלוצלונג קוקן די שטרייפעלעך אויס ווי קראַטעס. ווי דאָס מיידל וואָלט זיך געפונען אין אַ שטייג הינטער קראַטעס... אַלע שטרייפעלעך פון אַלע מיידלעך רוקן זיך פּלוצלונג אָפּ פון זייערע פּלייצעס. צוויי רייען אויסגעשטעלטע שטייגן! אין יעדער שטייג זיצט אַ רוקן פון אַ מיידל, אומבאַוועגלעך, און וואַרט, אַז דער הויפּט־אַרצט זאָל קומען, אויספירן אויף איר לעבן אַ וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג...

שטיל. ווי די לופט וואָלט דאָ געווען פאַרטויבט. נאָר דורכן פענצטער פון בלאָקן רייסן זיך אַריין די דייטשע קולות. די קלעפּ אינעם גאָנג קוי־לערן זיך פון די הימלען, באַגלייט מיט אַן עכאָ, ווי זיי וואָלטן געווען איינגעהילט אין אַ לאַנגער, שוואַרצער פעלערינע. די גאָנג־קלעפּ פליִען אין דער הויך, לאָזן זיך אַראָפּ און דער עק פון זייער אויסגעשפּרייטער פעלערינע שלעפּט זיך נאָך איבערן דאַך פון בלאָק און דעקט אים צו מיט אַ שוואַרצן צודעק.

ס׳איז פינצטער. דאַניעלאַ פילט, אַז די קלעפּ פון גאָנג קומען צו איר אַריין דורכן פענצטער פון בלאָק, צוזאַמען מיט קולות פון דייטשן. זיי לאַכן... די קעפּ פון די מיידלעך דרייען זיך פאַר אירע אויגן ווי רעדער. רעדער פון נאַכט־טראַמוויי אויף די שלאָפנדיקע גאַסן פון קאָנגרעסיאַ... רעדער פון לאָקאָמאָטיוון... „רעדער ראָלן צום זיג!"... לאַכנדיקע פּנימער פון דייטשע קאָנדוקטאָרן... אָט איז איר קינדער־צימער, און אָט שטייט זי אויפן מעטראָפּאָל׳ער וואָקזאַל צווישן די מיידלעך פון טראַנספּאָרט... „דאַניש, פאַרוואָס פאָרסטו אַוועק פון מיר?..." „כדי דיר צו ברענגען אַ מתנה, זיסער..." די רעדער שניידן זיך אויף די רעלצן מיט אַ רעש. מעסערס שאַרפן זיך אויף די רעדער. זי וועט כאַפּן אַ מעסער און צע־שניידן דאָס לייב פונעם דייטש בשעת ער וועט ליגן אויף איר. דאָס מע־

סער שניידט, שניידט און דאָס בלוט פון דייטש רינט אויף איר ברוסט, אויף דעם אויסגעבערענטן נומער. ס'איז נאַכט. טונקל־רויטע נאַכט. די קאָנגרעסיער גאַסן שלאָפן שוין. נאָר די אייזערנע רעדער פון נאַכט־טראַמווייַ שניידן זיך מיט אַ רעש, מיט אַ געקלינגעריי אויף די רעלצן. זי שטעכט און שניידט מיטן מעסער, און די בלויע שריפט "Feld-Hure" איז רויט, פאַרגאָסן מיטן בלוט פונעם דייטש. אירע פינגער קלעפּן זיך פון בלוט, און זי זעט ווי פון די אות־ות "Feld-Hure" רינט בלוט, אַזוי ווי עס איז געווען פון דעם אויסגעבערענטן וואָרט "Jude" אויפן שטערן פון שלאַמעקס פאָטער. בלויט פאַר בלוט. דייטשיש בלוט — —

דער בלאָק איז פול מיט דייטשן. עס איז אַ רעש. אָן אַ שיעור שוואַר־צע שטיוול. עס קאָכט ווי אין אַ קעסל. דייטשע געשרייען. דייטשע גע־לעכטערס. נישטאָ מער קיין קראַטעס. קיין שטייגן. אַלץ איז אויפגעריסן. נישטאָ מער קיין רעדער. דער רונדיקער קאָפּ פון מיידל ליגט אויפן פאָ־דער־בעטל אָן אַראָפּגעוואָרפענער —

„פאַרוויילונגס־דינסט".

ביי דאַניעלאָס בעטל הענגט דער דייטש אַריין זיין מונדיר אין דער שאַפע. אַנטקעגאיבער, אויפן דערנעבנדיקן בעטל, קוקט דאָס מיידל אין די אויגן פון דייטש. זי שמייכלט, נאָר איר שמייכל וויינט. עס קוקט אויס ווי זי וואָלט דעם שמייכל ערשט אַרויסגעצויגן פון אַ סלאַי טרערן, ווי ער האָט זיך געווייקט. די אויגן פון דעם מיידל גריבלען זיך אינעם דייטשס געשטאַלט, זי פרווט טרעפן ווי פון חכמת־הפרצוף: וואָס וועט דאָס גע־שטאַלט היינט מיט זיך ברענגען פאַר איר?... צי געפינט זיך דאָרט, הינ־טער דעם געשטאַלט, פאַרשטעקט אַ מענטשלעכער פונק?... זי זוכט דעם פונק. זי וויל אים געפינען. זי וויל זיך אין אים אָנכאַפּן. זי וויל צו אים אויסשטרעקן אַ האַנט ווי אַ טרינקנדיקע. אין זיינע הענט ליגט איצט דער גורל פון איר לעבן. זי געהערט איצט צו אים. ער וועט אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן איר. זיין מיינונג איז אַ פסק־דין. צי וועט ער זיך אָנזע־טיקן, ווי אַ חיה, וואָס פאַרצוקט, פרעסט זיך אָן און גייט אַוועק, אָדער צי וועט ער, סתם, דערנאָך איר מאַכן אַ „מעלדונג", כדי זיך צו פאַרשאַפן אַזאַ מין פאַרגעניגן?

דאַניעלאַס אויערן זענען פאַרטויבט. די דייטשע געשריי־הולערייען רייסן זיך אַדורך דורך דער פאַרטויבטקייט און דרינגען אַריין אין אירע אויערן ווי פון אַ ווייטן מרחק; ווי אַ פאַרטויבטער עכאָ פון אַ שרייענדיקער מענטשן־פרעסער צערעמאָניאַל. זי ווייסט, אַז מען רייסט איר די האָר פון קאָפּ, נאָר זי פילט נישט קיין ווייטיק. אירע אויגן זענען פאַרמאַכט, נאָר זי זעט, פונדעסטוועגן, ווייטער די שפּיצן פון די פאָרהענגלעך, וואָס הענגען אויף די פענצטער פון בלאָק, מיט די אויסגעשוירענע פיגורלעך אין זייער מיטן. די פיגורלעך זענען ווייס פון הימל־שיין, וועלכער קוקט דורך זיי אַדורך. „דייטשע סאָלדאַטן וועלן דיך לערנען!...“ פון תהום ווילדע געשרייען הערט זיך אַרויס דאָס דעמפּיקע, הייזעריקע קול פון דייטש, וועלכער וואָיעט אין איר אויער אַריין. אירע אויגן זענען פאַרשלאָסן. דאָס קול האָט אַ רויט, ש׳כורדיקן פּנים, אַ לעדערנע מאַרינאַרקע — דאָס „דריי־צענטל“... די זעלבע פאָרהענגלעך ווי אויפן פענצטער פון וויסענשאַפט־בלאָק... „דייטשע סאָלדאַטן וועלן דיך שוין לערנען!...“ דאָס מומיע־פּנים פון דעם נעאַנדערטאַל־מענטש ליגט איצט אויף איר, נעמט זי אַרום, לעקט איר דאָס פּנים. אין דער שטייג איז ער געווען רויק, געקוקט צו איר און געשוויגן. איצט האָבן זיי אים פון דאָרט אַרויסגעלאָזט און ער איז זי באַפאַלן. זי ליגט אַ געבונדענע, אַזוי ווי זי איז געלעגן אין דער שטייג אינעם וויסנשאַפטס־בלאָק, אירע קני׳ען אויסגעשפּרייטע, צוגעבונדן צו די אייזנס פון טיש. זי קען נישט רירן מיט קיין אבר. זי קען נישט אַנטלויפן. פונקען, געלע פונקען שפּריצן אַרויס פון רויטע קרייזן. די „מומיע“ דעקט זי צו. זי פילט זיין ריח. זיין מויל איז אָפן. גרויסע ציין ווי פון אַ חיה שאַרצן זיך אויף. ער שטעקט אַריין זיינע הענט אין איר קערפּער ווי צוואַנגען פון אַ ראַק. דער הויפּט־אַרצט קוקט צו איר אַריין אין דער שטייג. זיינע אויגן זענען גוטמוטיקע און שמייכלען. זי ליגט מיט אויסגעשפּרייטע קני׳ען, אַ צוגעבונדענע צו די אייזנס פון טיש. זי קער זיך נישט רירן. שולצע ציט אויס דעם לאַנגן שטעקן. דאָס גומענע רעדל דערנענטערט זיך צו איר אויג. באַלד וועט דאָס רעדעלע אַריין אין איר אויג. ער וועט פון איר אַרויסציִען דאָס לעבן. שולצע לאַכט. ער טראָגט אַ שוואַרצן ס. ס.־הוט. ער איז — שולצע; און ער איז — דער לאַגער־אַרצט. זיין פּנים איז ערנסט. ער זאָג צו די דייטשן, וועלכע שטייען הינטער אים:

„די יונגען וועלן פון איר זיין צופרידן...‟ די מיידלעך אין די אַנטקעגנ־איבערדיקע שטייגן נייען קאָלירטע בלומען אויף לייוונטענע טישטעכער. אַ נישט אויסגעפּאַרטיקטע בלום קוקט אויס ווי דער אויפגעריסענער קאָפּ פון אַ היסטאָריע־לערער אויף די הויז־טרעפּן אין יאַבלאָווע, מיט דער רויטער בלוט־קאַלוזשע צוקאָפּנס. זי וויל שרייען, זי דרייט מיטן קאָפּ אַהער און אַהין, ווי דאָס מיידל פונעם אַרויסגעשניטענעם אבר אינעם סלאָי. זי עפנט דאָס מויל. זי וויל שרייען, נאָר זי קען נישט. דער פּחד שטעקט ווי אַ פּראָפּן אין איר האַלדז. אינעם אונטערשטן טייל פון איר בויך צינדט זיך אָן אַ ווייטיק, ווי אַן אַרויסגעשלאָגענער פלאַם פון קופּע אַש. די סלאָ־וואַקישע אַרצטין שטעכט אַריין אַ נאָדל. דאָס בלוט הייבט זיך אינעם גלעזערנעם רערל. „דייטשע סאָלדאַטן וועלן דיך לערנען...‟ „די יונגען וועלן פון איר זיין צופרידן...‟ די בלומען ליגן אויסגעשאָטן אויפן ווייסן טישטעך הינטער די גראַטעס פון דער אַנטקעגנאיבערדיקער שטייג. „דאַניש איז ווי אַ בלומען־קנאָספּ. אַז זי וועט זיך עפענען, וועט פאַרבלענדן איר רייץ...‟ „אוודאי האָב איך געזאָגט, אַז דו ביסט אַ בלום...‟ האַרי... האַרי...

אויף די פאַרהאַנגלעך איבער די פענצטער פון בלאָק מאָלט דער הימל אַ מאָדנעם שיפל פון פ׳גורלעך. מענטשן לויפן דאָרט אין אַ גע־דיכטן וואַלד.

פון אַ דערנעבנדיקן בעטל הייבט זיך אויף אַ דייטש, גרייט זיך אַוועקצוגיין. דאָס מיידל נעמט אים אַרום מיט נאַקעטע אָרעמס. איר פּנים קרימט זיך אויס אין אַ שמייכל. אירע ליפּן שעפּטשען:

— גענעדיקער הער, וואַרען זי צופרידען?...

דער דייטש שטופּט זי אָפּ פון זיך. שפּייט אויס. גייט אַוועק. דאָס מיידל בלייבט זיצן. אירע נאַקעטע הענט בלייבן ליגן, אַראָפּגעלאָזטע, אויף אירע קני׳ען. זי קוקט אים נאָך. ער גייט אַוועק און טראָגט מיט זיך מיט אין זיינע הענט דעם גורל פון איר געשענדעט לעבן. דער עקזעקוציע־פּלאַץ שווימט איר אַרויף פאַר די אויגן. זי קוקט, קוקט. דער דייטש איז שוין אַרויס פון בלאָק, און זי קוקט נאָך אַלץ.

צי איז ער געווען צופרידן?...

## קאַפּיטל פערציק

# נאכן לעצטן גאנג

... היינטיקע נאַכט וועט די זאַך געשען! היינטיקע נאַכט... נאָכן לעצטן גאַנג... דאָס מוז פּאַסירן! — באַשליסט דאַניעלאַ ביי זיך אינעם האַרצן.

דער בלאָק איז אויפגערוימט, אָפּגעשט־לט, אויסגעליידיקט. עס קוקט אויס ווי עס וואָלט זיך קיינער אין אים נישט געפונען. באַלד וועט דאָס ליכט זיך אויסלעשן. באַלד וועט זיך הערן דער לעצטער גאָנג, און נאָכן לעצטן גאָנג דאַרפן אַלע שלאָפן. אַ געזעץ אַזעלכער אינעם לאַגער. די דייטשן זאָרגן פאַרן וואויל פון די מיידלעך, זיי זאָלן זיין אויסגערוטע צום מאָרגנד־קן — צוויי אַזייגער בייטאָג...

די בעטן, אויסגעשטעלטע אין צוויי רייען, שטעקן אַרויס אין דער מיט בלאָק אַריין ווי צוויי שורות מתים, אויסגעסדרטע ביי די ווענט, מיט גלייך אויסגעצויגענע פיס.

שלאָפן! נאָר דווקא איצט שווימט אַרויף פאַר די אויגן דער עקזעקו־ציע־פּלאַץ; דווקא איצט, ליגנדיק אויפן געלעגער אָפּגעזונדערט מיט זיך אַליין — מאַכט דאָס האַרץ דעם חשבון פון פאַרגאַנגענעם טאָג: צי וועט ער, דער היינטיקער טאָג, נישט ברענגען איר אַ „מעלדונג?...‟ צי וועט זי נישט הערן, מאָרגן ביים פרי־מאָרגן־אַפּעל, אויסרופן איר נומער צווישן די, וועלכע האָבן היינט געקראָגן אַ „מעלדונג?...‟

שלאָפן! נאָכן לעצטן גאָנג דאַרפן אַלע שלאָפן...

ווי אַזוי קען מען אָבער אַרויפצווינגען דעם דייטשן באַפעל אויפן שלאָף? ווי אַזוי באַפעלט מען אויף דעם שלאָף ער זאָל קומען און ארומ־

הילן די בילדער פון עקזעקוציע־פלאַץ, וועלכע שוועבן אָן אויפהער אונטער די לעפלעך פון די פאַרמאַפּטע אויגן? ווי אַזוי קען מען אים באַפעלן, אַז ער זאָל קומען און איינוויגן דעם טויט־צאַפּל אינעם האַרץ?

ס׳איז נאָר בלויז אַ בלינדער שפּיל מיטן מזל — טראַכט דאַניעלאַ. — דאָ דרייען זיך דאָך אַרום מיידלעך מיט צוויי „מעלדונגען”. די, וואָס מען רופט זיי: די „מזלדיקע”. זיי האָבן שוין איבערגעלעבט אַזעלכע, וואָס בשעת זייער אָנקומען אין „פּרוידע”־לאַגער האָבן זיי, די אַלטע, די „מזלדיקע”, שוין געהאַט די צוויי „מעלדונגען”. לויט דער לאַגער־טראַדי־ציע, וועלן די „מזלדיקע” דערלעבן די פריי. פונדעסטוועגן, ביינאַכט אויפן געלעגער, ציטערן די מיידלעך מיט צוויי „מעלדונגען” מער פון אַלע אַנ־דערע פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג.

ס׳איז לייכט צו גלויבן אין דער לאַגער־טראַדיציע, ווען אויף דער וואָג־שאָל ליגט נישט דיין אייגן לעבן.

איצט, צווישן צווייטן און לעצטן גאַנג, שווימען נאָכאַמאָל אַרויף פאַר פאַר די אויגן די פנימער פון די דייטשן, וועלכע יעדע פון זיי האָט דאָ הייבט, אויף דעם זעלבן געלעגער, געגעבן „פּרוידע”. יעדע איינע גריבלט זיך איצט נאָכאַמאָל אין דעם געשטאַלט פון דייטש, פּרוּווט זיך דערמאָנען יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט; זיין מינע בשעת ער איז פון איר אַוועק. זי וויל איצט אַראָפּלייענען פון דעם געשטאַלט אַן ענטפער: צי איז ער געווען צופרידן?...

... היינטיקע נאַכט! נאָכן לעצטן גאַנג, טראַכט דאַניעלאַ, ווען עס וועט זיך אויסלעשן דאָס ליכט אין די בלאָקן, וועט זי אַרויסגיין צו דער לאַט־רינע. פון דאָרט איז נישט ווייט צום סטאַוו. דאָס וואַסער וועט זי אַריינ־נעמען אין זיך אויף אייביק. עס וועט מער שוין נישט זיין „צוויי אַזייגער בייטאָג”. דאָס וואַסער וועט זי צודעקן. דאָס וואַסער וועט לעשן דאָס פייער, וואָס ברענט אינעם קאָפּ. זי וועט ליגן טיף, אויף דעם דנאָ פון טייך, אָט אַזוי ווי זי ליגט איצט אויפן געלעגער. זי וועט ליגן רויִק, לייכט, פריי. דאָס וואַסער פון טייך וועט שטראָמען איבער איר נאַקעטן גוף און שווענקען אים פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק און אים רייניקן. זי וועט זיין לייכט, פריי...

איצט צווישן צוויטן און לעצטן גאַנג, טאָר זיך קיינער נישט געפינען אויפן פּלאַץ. איצט טאָר מען אַפילו נישט אַרויסגיין צו דער לאַטרינע. איצט וועט דער וואַכמאַן אויף איר שיסן. און ער וועט דערפאַר באַקומען אַ פּרייז — דריי טעג אורלויב: „אַ פופע האָט געוואָלט צוגיין צו דער דראָטן־צוים...״ — וועט ער זאָגן. ניין! נאָר נישט דערשאָסן ווערן איבערדרויסן פאַר די בלאָקן... ביז טאָג־אויפגאַנג איז דעמאָלט געלעגן דאָס דערשאָסענע מיידל אינדרויסן, פאַרן בלאָק 8, און אירע האַרצרייסנדיקע געשרייען האָבן אַ גאַנצע נאַכט אַלע פון זינען אַראָפּגעפירט. ניין! נאָר נישט דערשאָסן ווערן אין דרויסן פאַר די בלאָקן...

אַלע וועלן קריגן „מעלדונגען״. אַלע וועט מען אַרויספירן צום עקזעקוציע־פּלאַץ. קיין איינע וועט דאָ נישט בלייבן. די דייטשן וועלן אין דער לעצטער מינוט אַלע הרגענען. און די וועלט וועט אַפילו נישט וויסן ס׳אַראַ לאַגער דאָ איז אַמאָל געווען.

מאָרגן, איבערמאָרגן, וועט מען אויך זי אַרויספירן צו דער „ריי־ניקונג״. וווּהין פירט מען די אַרויפגעוואָרפענע אויפן אויטאָמאָביל? וואָס טוט מען מיט זיי דאָרט, אויף דעם אָרט, ווו מען פירט זיי אַוועק?

היינט ביינאַכט!... זי וועט נישט וואַרטן ביז מען וועט זי אַרויספירן צום עקזעקוציע־פּלאַץ און דערנאָך זי אַרויפוואַרפן אויפן אויטאָמאָביל. אָ, אויך היינטיקע נאַכט וועט איר אויספעלן מוט דאָס צו טון, פּונקט ווי עס פעלט איר אויס מוט יעדע נאַכט. אויך היינטיקע נאַכט וועט זי נישט אַרויסגיין פון בלאָק, זי וועט אַזוי ווי אַלע אַנדערע מיידלעך וואַרטן ביז מען וועט זי אַרויפוואַרפן אויפן אויטאָמאָביל. ווען וועקע וואָלט איר דעמאָלט נישט געשטערט צו קויפן די גיפט־טאַבלעטן ביים בופעטניק, וואָלט זי דעמאָלט אַוועק צום וועג צווישן ייִדן־פּירטל 1 און ייִדן־פּירטל 3. אין איינעם פון די שפּאַלטן פון גרויסן באַרג וואָלט זי דאָס אַראָפּגעשלונגען און וואָלט געווען באַפרייט! דאָרט איז געווען שטיל. אַ סך ליכט איז געווען אין די שפּאַלטן פון באַרג. עס וואָלט גוט געווען דאָרט צו זיצן אין אַ ווינקל און אַרויסקוקן. ווען מען לאָזט זי דאָרט לעבן, וואָלט זי געקענט אייביק זיצן אין אַזאַ באַהעלטעניש פונעם באַרג. עס וואָלט איר נישט מיאוס געוואָרן. אין גאַנצן געטאָ איז נישט פאַראַן אַזאַ גוטע, אַזאַ אינטימע

באַהעלטעניש. זי וואָלט דאָרט געוועזן אַליין, אָן מענטשן. עס וואָלט א־ר
נישט נמאס געוואָרן. אין די לעכער פון באַרג איז פאַראַן אַ סך רחמנות.
זי וואָלט דעם באַרג ליב געהאַט. זי וואָלט אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.
נאָך דער מלחמה וואָלט זי געגאַנגען אַהיים צופוס קיין קאָנגרעסיאַ, אַ
פרייע איבער פרייע גאַסן. זי וואָלט גענומען מאָנין ביי דער האַנט און מיט
אים צוריקגעגאַנגען צופוס פון באַרג, זאָל ער אים זען. זאָלן אַלע זען
דעם באַרג, וועלכער האָט זי אויסבאַהאַלטן. ער, דער באַרג, האָט זי
נישט אַרויסגעטריבן פון זיך, ער האָט נישט געשריגן צו איר: „ייִדישקע,
אַרויס!...” אַזוי ווי עס האָבן פּאָליאַקן צו איר געשריגן. דאָ וואָלטן זיי זיך
אַלע צוזאַמענגעטראָפן: מאָני, האַרי, פּאַ און מאַ. זי וואָלט זיי געפירט צום
דער אומזיסטער קיך און געוואַרט דאָרט אויף זייער אָנקום. זי וואָלט זיי דער־
זען פון דער ווייטנס, זי וואָלט באַלד געוווּסט ווער עס זענען די „פּינטעלעך”.
זי וואָלט זיי דערקענט פון דער ווייטנס. זי וואָלט צו זיי אַנטקעגנגעלאָפן. די
זון וואָלט געשיינט צווישן הויכן און נידעריקן באַרג. זי וואָלט זיי געפירט
צו דער „זשאַלקע”. דאָרט שטייט נאָך אוודאי די באַנק, וואָס טעדעק האָט
געמאַכט. אַלע וואָלטן זיך אַוועקגעזעצט. זי וואָלט זיי געגעבן צו פאַרזוכן
פון די רויטע רעטעכלעך, וואָס זי האָט פאַרזייט. דערנאָך וואָלט זי זיי
געפירט צום „פּונקט” פון די אומלעגאַלע: אָט איז די „ווילע” פון חיים־
ייִדל... דאָ, אין דעם בעטל, איז זי געשלאָפן... אויבן, אויפן קאַכל־אויוון,
הינטערן סופיט, ליגן די דריי אויסגעשריבענע העפטן פון איר טאָג־בוך.
און דאָרט, לעבן פענצטער, צווישן דער איינגעמויערטער לופט־שאַנק און
וואַנט, ליגט פאַרשטעקט איר לעצטער העפט. זי וואָלט די העפטן צוריק
אַרויסגענומען פון באַהעלטעניש. אין זיי איז פאַרשריבן אַלץ וואָס עס האָט
מיט איר פּאַס־ירט — —

דורכן פענצטער האָבן זיך אַריינגעריסן קלעפּ פון לעצטן גאַנג, און
דערמאָנט דעם אָנקומענדיקן מאָרגענדיקן טאָג. מיידלעך האָבן זיך איבער־
געדרייט אויף די בעטלעך פון איין זייט צו דער צווייטער. שוואַרצע דעקן
האָבן זיך ווי שאָטנס געהויבן איבער אויפגעהויבענע פיס אוי־ף די בעטן.
די קלאַנגען פון גאַנג האָבן אָפּגעהילכט אין די אויערן מיט אַ באַקאַנטן
שוידער. פּלוצלונג האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די טירלעך פון די שאַפעס
רייסן זיך אויף, דער בלאָק ווערט פול מיט דייטשע קולות, עס קאָכט ווי־

אין אַ קעסל, דייטשן הענגען אַריין אויסגעצויגענע מונדירן אין די גע־עפנטע שאַפקעס: מאָרגן צוויי אַזייגער...

— — אין די העפטן איז פאַרשריבן אַלץ, וואָס עס האָט מיט איר פּאַסירט... און וועגן „מאָרגן צוויי אַזייגער?...״ קיינער וועט דערפון קיינמאָל נישט וויסן. קיינער וועט נישט וויסן וואָס דאָ, אין דעם לאַגער, איז פאָר־געקומען. אַלע וועלן דאָ אומקומען. אַלע וועלן דאָ קריגן „מעלדונגען״. די דייטשן וועלן אַלעמען „רייניקן״ אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ. קיין איינע וועט נישט איבערבלייבן...

...הייגטיקע נאַכט וועט זי אַרויס צום טייך! ווען זי וואָלט דעמאָלט געקויפט ביים בופעטניק פון שוסטער־שאַפּ די גיפט־טאַבלעטן!... פעלאַ וועט אוודאי בלייבן לעבן. פעלא איז אַ „מזלדיקע״. ווען זי שרייבט אויף וואָס דאָ, אין דעם לאַגער, קומט פאָר, וואָלט דאָס פעלא אפשר געקענט דערנאָך עמעצן איבערגעבן. פעלאַ איז אַ „מזלדיקע״. יאַגאַ האָט פעלאַן צוגעזאָגט, אַז נאָכן קריג וועט זי זי מיטנעמען מיט זיך קיין דרעזדן. די דייטשן וועלן פעלאַן אוודאי אויך הרגענען. קיינער וועט פון דאַנען נישט אַרויסקומען. עלזע וועט אַרויפוואַרפן פעלאַן אויפן אויטאָמאָביל —

— פון וואַנען האָט מען דיך געברענגט?...

דאָס קול איז געקומען פון דערנעבנדיקן בעטל. דאָס מיידל איז גע־לעגן אויסגעדרייט צו דאַניעלאַן, געקוקט צו איר און נאָכאַמאָל איבערגע־חזרט די פראַגע:

— פון וואַנען האָט מען דיך געברענגט?...

די פראַגע הענגט אין דאַניעלאַס אויערן: „פון וואַנען האָט מען דיך געברענגט?... „פון צווייטן בעטל קוקן צו איר אַ פּאָר אויגן, וואַרטן אויף אַן ענטפער. אין דער אַרבעטס־אָפּטיילונג, בשעת זי איז געלעגן אין דער ערשטער נאַכט אויפן שטרוי, האָט זי אויך געהערט די זעלבע פראַגע.

— פון יידן־פירטל 3 — האָט זי געענטפערט.

דאָס מיידל אינעם שכנותדיקן בעטל האָט זיך אויפגעהויבן.

איך בין פון יידן־פירטל 1. אפשר האָסטו דאָרט באַגעגנט מיין פאַמי־ליע? אפשר ווייסטו וואָס זיי מאַכן? איך הייס שאַפּראַן. צפּורה שאַפּראַן. אויפן ערשטן „פונקט״ האָט מען צעשיידט אונדזער משפחה. האָסט נישט

געהערט אויב עמעצער פון זיי האָט זיך אָפּגעראַטעוועט? מיר האָבן גע־וווינט אויף פרייהייטס־פּלאַץ 12.

די געדאַנקען האָבן זיך אָנגעהויבן צו מישן אין איר קאָפּ: דאָס זעלבע געשפּרעך. די זעלבע פראַגן און די זעלבע ענטפערס. אומעטום דאָס זעלבע...

— ניין, — האָט זי געענטפערט. — איך האָב נישט געקענט דיין פאַמיליע. איך בין דאָרט געווען אַ פרעמדע, פאַרוואַלגערט געוואָרן אינעם קריג צו מיינעם אַ ברודער. ער האָט אויך געוווינט אין ייִדן־פירטל 1. ער הייסט האַרי פּרעלעשניק.

דאָס מיידל איז אַראָפּ פון בעט, דערנענטערט זיך. זי האָט געקוקט אויף דאַניעלאַן.

— דאַניש?...

„דאַניש"... ווער איז זי? דאַניעלאַ קוקט אויף דעם פּנים פונעם מיידל, וועלכע שטייט איבער איר געבויגן. ווער איז זי?... פון וואַנען קען זי זי? ווו און ווען האָבן זיי זיך באַגעגנט? אַ ליידיקער גרויער פאָרהאַנג הענגט איבער איר זכרון.

— יאָ. אין דער היים האָט מען מיך גערופן דאַניש...

צפּורה שאַפּראַן האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן עק פון בעט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, פאַרשטעלט אים מיט די געעפנטע הענט־פלאַכן און געשוויגן.

דאַניעלאַ האָט אָוועקגענומען אַ האַנט פון דעם מיידלס פּנים. — ווער ביסטו?... — האָט זי געפרעגט.

צפּורה שאַפּראַן איז געווען מיט דריי יאָר עלטער פון דאַניעלאַן. זי איז געווען אַ שיין, באַחנט מיידל, געשטאַמט פון אַ באַוווסט ייִדיש הויז אין מעטראָפּאָלי. אינעם „פרוידע"־לאַגער איז זי געווען די איינציק־איבערגעבליבענע פון איר „טראַנספּאָרט".

זי האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן. זי האָט געזאָגט:

— האַרי האָט תמיד ביי אונדז דערציילט וועגן דיר. ער איז געווען שטאָלץ מיט זיין בלאָנדער שוועסטער. איך האָב שטענדיק געשטרעבט דיך צו זען. איצט האָבן מיר זיך צוזאַמענגעטראָפן אינעם „פופען־האַוז"...

דאָס ליכט אין די בלאָקן איז פאַרלאָשן געוואָרן.

שלאָפן!...

אינדרויסן האָט אַ פולע לבנה געזילבערט די עלעקטריש־געלאָדנטע שטעכל־דראָט. די שורה שמאָל־שטייענדיקע גרוי׳ע שאַפקעס צוקאָפּנס די בעטלעך און די טונקעלע דעקן איבער די מיידל־גופים האָבן אויסגעקוקט ווי אַ ריי ענג־געשטעלטע מצבות איבער קברים.

צפורה איז געזעסן אויף אַן עק פון דאַניעלאַס בעט. זי האָט גערעדט, דערציילט, ווי טיף אין איר וואָלט עמעצער ווייטיקלעך זיך גערעכטפאַר־טיקט און זיך מתודה געווען פאַר עמעצן. דער צוזאַמענטרעף מיט האַרי פּרעלעשניקס שוועסטער האָט פּלוצלונג צוריק אויפגעהילט אַ פאַרגאַנגענע וועלט: פון געטאָ האָט מען זי אַרויסגעשיקט, צוזאַמען מיט איר ברודער מאַרצעל. זי אי׳ז געווויר געוואָרן, אַז מאַרצעל געפינט זיך אין איינעם פון די דערנעבנדיקע אַרבעטס־לאַגערן. זי האָט אים געוואָלט העלפן. זי האָט געוואָלט גיין צו אים און מיטנעמען מיט זיך ברויט און מאַרגאַרין, נאָר זי האָט מורא געהאַט. די מיידלעך קומען צוריק פון די לאַגערן מיט „מעלדונגען״. גיין אין די לאַגערן איז גלייך ווי גיין צו אַ זיכערן טויט. דערנאָך איז זי געווויר געוואָרן, אַז מאַרצעל געפינט זיך נישט מער אינעם לאַגער. אפשר האָט מען אים אַוועקגעשיקט מיט אַ „טראַנספּאָרט״ אין טיף־דייטשלאַנד. „אויב מאַרצעל וועט שטאַרבן פון הונגער, וועט קיינער נישט זיין שולדיק אין זיין טויט נאָר אי׳ך! איך בין געווען פּחדנותדיק. איך האָב דאָך געקענט העלפן״ — —

האַרי!... — האָט אַ בליץ געטון אין דאַניעלאַס קאָפּ. — אפשר געפינט זיך האַרי אויך אין איינעם פון די אַרבעטס־לאַגערן?... אפשר וועט זי אים איצט קענען העלפן?... איר לעבן איז פּלוצלונג געוואָרן אָנגעפּי׳לט מיט אַ הייליקן ציל. אין דער איצטיקער מינוט האָט זי געפילט, אַז עס זענען נישטאָ מער אַזעלכע ליידן, וואָס זי זאָל זיי נישט קענען איצט איבערטראָגן. האַרי וואַרט אויף אי׳ר הילף...

— ווי אַזוי קומט מען אַריין אין די אַרבעטס־לאַגערן? ווי אַזוי גייט מען פון דאַנען אַרויס? — האָט דאַניעלאַ האַסטיק געפרעגט.

— די דייטשן, וועלכע היטן די אַרומיקע לאַגערן, פאָדערן אַרויס צו זיך מיידלעך פון „פּופּן־הויז״, מי׳ט אַן אויסרייד, אַז זיי קענען נישט איבער־לאָזן זייער לאַגער אָן שטאַרקער שמירה. די גאַנצע געגנט אַרום איז פול

מיט יִדישע אַרבעטס־לאַגערן. די מיידלעך קומען מערסטנטייל צוריק מיט אַ „מעלדונג". אָפט מאָל קומען זיי לגמרי נישט צוריק. על־פּי־רוב שיקט מען אַרויס מיידלעך פון אַ נייעם „טראַנספּאָרט". היט זיך, נישט צו זיין צווישן די אַרויסגעשיקטע —

— איך וועל מיך אַליין מעלדן! — האָט דאַניעלאַ איר האַסטיק איבערגעריסן — האַרי געפינט זיך אין אַרבעטס־לאַגער. איך וועל אים זוכן! איך האָב דאָך געזען דאָס פּנים פון הונגער אויף דער אַרבעטס־אָפּטיילונג...

דער בלאָק האָט איצטער אויסגעזען ווי אַ טונקעלע געטאָ־זאַווולעק ביינאַכט. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ זיפץ פון אַ בעטל, ווי פון אַ געטאָ־פענצטער אַרויס. די לבנה האָט געזילבערט די שויבן. אַ נאָגנדיקע אומהיימלעכקייט איז געשטאַנען הינטער די פענצטער און אַריינגעגאָסן אי־נעם בלאָק בענקשאַפט און יאוש. עמעצער האָט גערופן פון אַ בעטל אַרויס:

— ציפּע! זינג עפּעס... אויב נישט וועט מען דאָ פון זינען אַראָפּ...

אָפטמאָל טרעפט עס, אין אַזאַ טונקעלער שעה ווי איצט, און צפּורה שאַפּראַן זינגט אויס איר בענקשאַפט. איר שטימע איז סאַמעט־ווייך און זילבער קלינגענדיק. דער גאַנצער בלאָק זינגט מיט איר מיט. צפּורה האָט ליב צו זינגען די לידער, וואָס איר מוטער האָט איר געזונגען ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד. מערסטנטייל זענען דאָס העברעיִשע לי־דער, ווייל צפּורהס מאַמע איז אין אירע מיידל־יאָרן געווען אַ לערערין אין אַ העברעיִשער שול. כאָטש די מיידלעך אינעם בלאָק האָבן פריִער נישט געוווּסט אַרויסצוזאָגן אַפילו איין איינציק העברעיִש וואָרט, האָבן זיי פונדעסטוועגן דאָ, אינעם „פּופּן־הויז", שוין באַוויזן זיך אויסצולע־רענען אַלע העברעיִשע לידער, מיט וועלכע צפּורהס מאַמע האָט איינגע־וויגט איר קליינע טאָכטער.

היינט ביינאַכט קען צפּורה נישט עפענען דאָס מויל. דאָס מאָל איז דאָס ליד נישט בלויז אַ פאַרבענקטע מעלאָדיע פון דעם היים. דאָס מאָל שטייט די היים פאַר אירע אויגן. זי פילט דעם אָטעם פון דער מוטער, אַזוי ווי זי האָט דאָס געפילט בשעת זי האָט זי איינגעוויגט קליינערהייט פאַרן איינשלאָפן — —

פון די בעטלעך טראָגן זיך בעטנדיקע שטימען:

## דאָס הויז פון די ליאַלקעס

— ציפּע! זינג עפּעס...

ציפּורה קען מער נישט אָפּזאָגן דעם געבעט פון די מיידלעך, און ציטערנדיק־שטיל טראָגט זיך איבערן טונקעלן בלאָק דער ניגון:

אמי נמה, נרדם אבי —
ערים רק אני ולבבי...*)

די מעלאָדיע ציט זיך, ציט זיך, זי פאַרדעקט מיט אַ ווייסן שלייער די שמאָלע שאַפקעס לעבן די ווענט, די בעטלעך, די שויבן פון די פענצ־טער. דאָס ליד וויגט זיך ווי אַ פאַרכישופט זעגל־שיפל ביינאַכט אויף די כוואַליעס פון אַ ים; שיפט זיך צום זילבערנעם טויער פון אַ פולער לבנה...

דורכן פענצטער קוקן אַריין די רויטע לעמפּלעך, וואָס ברענען אויף די שטעכל־דראָטן. איבער איינעם פון די וואַך־טורעמס הענגט די פולע לבנה ווי אַ הילע אַרום קאָפּ פון דעם פאַרפייניקטן ייִד פון נצרת, וואָס אויף די אַרויסגעשטעלטע בילדער אין די פּוילישע פענצטער, אַ סימן, אַז עס וווינט דאָ נישט קיין ייִד.

— — מיט אַ שטיקל ברויט וועט זי אים קענען ראַטעווען... זי וועט זיך מעלדן פרייוויליק צו גיין אין די אַרבעטס־לאַגערן. אַ האַלב־ברויט וועט זי שטענדיק קענען מיט זיך מיטנעמען... דאַניעלאַ האָט געפילט, אַז אירע לײדן האָבן זיך פּלוצלונג געהעלט און געריייניקט, ווי גליִענדיק גאָלד אונטערן בלאָזנדיקן פייער פון גאָלדשמיד.

אינדרויסן שטייט די נאַכט הינטערן פענצטער. זי האָט געברענגט, אָפּגעחתמעט, דאַניעלאַס גורל. דער נאַכטס באָרוועסע פיס זענען לבנה־באַזילבערט. פון ראָזע־בלאָק אַרויס ציט זיך אַ צערפּול בענקשאַפט־ליד די נאַכט נעמט דאָס ליד אויף אירע נאַקעטע הענט, שפּאַנט דערמיט אַוועק, טראָגט עס איבער די דעכער פון די בלאָקן; איבער דער עלעקטריש־געלאָדענער שטעכל־דראָט, און פירט עס אַוועק צו איר שאַך־קאַמער.

*) עס שלאָפט די מאַמע,
עס שלאָפט דער טאַטע
עס זענען בלויז וואַך —
איך און מיין האַרץ.

פאָלקס־ליד פון ח. נ. ביאַליק.

## קאַפּיטל איין און פערציק

# קאפריז פון עראס

ווי נאָר פעלאַ איז אָנגעקומען אויף דער „פּרוידע"־אָפּטיילונג האָט זי באַלד נאָכן ערשטן טאָג געזען, אַז דאָס איז פאַר איר קיין עסק נישט. זי ,פעלאַ, פון יידישן שטעטל ראַדנע, וועט דאָ נישט קענען לעבן בשלום מיט עלזען פון דיסלדאָרף. איינע מוז דאָ אָפּטרעטן פאַר דער צווייטער. אָדער — זי, אָדער — עלזע. צוזאַמען וועלן זיי דאָ נישט קענען זיין. היות פאַר פעלאַן איז געווען קלאָר: אויב זי וויל דערלעבן דעם טאָג ווען זי וועט זיך קענען אָפּרעכענען מיט דער יודענראַט־חברה און מיט דער בלוט־ריינער עלזע פון דיסלדאָרף, מוז זי איצט דערשטיקן דעם צאָרן און אַראָפּ־בייגן דעם קאָפּ. האָט פעלאַ דעריבער באַלד אינעם ערשטן טאָג אָנגעהויבן צו טראַכטן תחבולות, ווי אַזוי אויסצומיידן עלזען, אַז עס זאָל נישט דאַרפן קומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן זיי, ווייל נאָך קיינמאָל נישט אַזוי ווי איצט האָט פעלאַ געפילט אין זיך אַזאַ שטאַרקן ווילן צו דערלעבן דעם טאָג פון פרייהייט און נקמה.

אויב אַזוי מוז פעלאַ, קודם כל, זיך באַפרייען פון עלזעס הערשאַפט. כל זמן זי וועט זיך געפינען אונטער עלזעס רשות קען די זאַך זיך פאַרענ־דיקן מיט אַן אומגליק: פעלאַ וועט זיך נישט לאָזן צעטרעטן ווי אַ וואָרעם פון עלזען! פעלאַ וועט אַפילו נישט האָבן אין זיך אַזוי פיל כוח צו באַהערשן די נערוון. זי וועט פשוט נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך; זי וועט זיך וואַרפן אויף דעם דיסלדאָרפער „פראַנקנשטיין" — און דאָס וועט זיין אַן אומגליק נישט בלויז פאַר איר, נאָר פאַר אַלע מיידלעך פון אַלע „טראַנס־

פּאַרטן״, וואָס וועלן נאָך קומען אַהער אין דעם לאַגער. און וואָס זענען שולדיק די איבעריקע מיידלעך? די דייטשן וועלן זיך שטענדיק אין זיי נוקם זיין. קען דען פעלאַ נעמען אויף איר געוויסן אַזאַ זאַך? דעריבער דאַרף זי אויסגעפינען עפּעס אַן עצה — און טאַקע וואָס שנעלער — כל זמן איר שכל ווערט נישט פאַרטעמפּט, כל זמן זי ווערט נישט פאַרוואַנדלט אין אַזאַ ווילנסלאָזע פּלייש־פּופּע, ווי די אַלע מיידלעך דאָ.

און אויב אַן עצה — איז נאָר מיטן הויפּט־מחותן, מיטן מלאך־המוות גופא, נישט מ׳ט די קליינע משרתים זיינע.

צומאָרגנס, פאַרן אָנהייב פון דער „פאַרוויילונג״, ווען די מיידלעך זענען געזעסן אויף די בעטן אָפּוואַרטנדיק, ציטערדיקע, דעם אָנהייב פון דער „דינסט״, האָט פעלאַ אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער צו די דייטשע הויכגעשטעלטע געסט, וועלכע זענען אָנגעקומען דורך דער בריק צום לאַגער־פּלאַץ. זי האָט זיי אָבסערווירט, אַ שטייגער ווי נישט זיי, נאָר זי, פעלאַ, וויל איצט צווישן זיי אויסגעפינען אַ פּאַסיקן קרבן פאַר איר פּלאַן. פּלוצלונג האָט זי באַמערקט, אַז יאַגאַ, די לאַגער־פירעריך, פירט געאָרעמט אַ דייטש. ווייזט אויס אַ באַקאַנטער אירער. פעלאַ האָט באַשלאָסן, אַז פון אָט דעם עלטסטן חזיר דאַרף קומען די הילף.

אַז די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צום בלאָק, האָט פעלאַ זיך פאַרשטעקט אין דער שמאָלער שאַפע ביי איר בעט. זי איז פרי׳ער פון דאָרט נ׳שט אַרויס ביז זי האָט נישט דערזען דורך דער טיר־שפּאַרע, אַז איר אויסדערוויילטער, הויכגעשטעלטער גאַסט איז שוין אַריינגעקומען אינעם בלאָק. ערשט דעמאָלט איז פעלאַ אַרויס פון דער שאַפע און גלייך צו אים אַנטקעגן געגאַנגען.

פעלאַ האָט נישט געדאַרפט רעדן. איר שיינער, שלאַנקער קערפּער האָט שוין גערעדט פאַר איר. פעלאַס שיינע, הויכע פיס; די צוויי שורות ווייסע, שמייכלדיקע ציין; די פייערד׳קע, שוואַרצע אויגן — האָבן געהאַט זייער אייגענע שפּראַך.

דער דייטש האָט זי אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט, נישט לאָזנדיק זי גיין ווייטער, פעלא האָט אויף אים אַ קוק געטון. איר שיין מויל האָט באַליידיקט אַ זאָג געטון:

— אַזוי פירט זיך אויף אַ דזשענטלמאַן?...

דער דייטש איז געבליבן שטיין געפלעפט. ער האָט אַ מינוט פאַרגעסן, אַז ער געפינט זיך אינעם „פופען־האַוז״. אַזעלכע ווערטער האָט ער נאָך דאָ נישט געהערט, אַזוי האָט מען נאָך דאָ צו אים נישט גערעדט. אינס־טינקטיוו האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט:

— פאַרצייען זי...

די פּרעמיערע איז געלונגען! — איז פעלאַן אַדורכגעלאָפן דער ער־שטער געדאַנק. גאָרנישט שלעכט צו הערן דאָ, אינעם „פופען־האַוז״, ווי אַ הויכגעשטעלטער דייטש כאַפּט זיך אַרויס צו אַ ייִדישער פעלד־הור מיט אַזעלכע צוויי ווערטער: „פאַרצייען זי״... פעלאַ האָט אים אָנגענומען ווי אַ לעידי אונטערן אָרעם, זי האָט אים צוגעפירט צו איר בעט, זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט. זיי האָבן אַ ווײַלע געקוקט איינע אויף דעם אַנדערן און הויך זיך צעלאַכט...

זיי זענען געזעסן און געשמועסט. נאָך אַ קורצער צייט האָט דער דייטש געפילט, אַז אַזעלכעס האָט מיט אים דאָ נאָך נישט פּאַסירט. דווקא דאָס פרייע האַלטן זיך פון פעלאַן; דווקא דאָס אויפוועקן אין אים דאָס געפיל פון מענטלעכן כבוד, דערצו נאָך אין אַזאַ אָרט, וווּ אַרום זיי האָבן זיך סאָלדאַטן געוואַלגערט ווי חזירים אין אַן עקלהאַפטער בלאָטע — דווקא דאָס האָט אין אים געעפנט פאַרבאָרגענע געפילן און אַרויסגעהויבן אים פון דעם אַרום. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דערצו האָט נישט ווייניק צוגעהאָלפן פעלאַט שיינקייט, פעלאַס שאַרם, פעלאַס העזה, און דער עיקר: פעלאַס קענען אַלע פאַרבאָרגענע וועגן און אומוועגן צו דער נשמה פון מאַן.

פעלאַ האָט אויסגענוצט אַלע מעטאָדן פון איר פּרווּלעכער סטראַ־טעגיע. נאָך דער ערשטער שעה האָט דער דייטש זיך געפונען אינגאַנצן אונטער איר השפּעה. ער איז געווען ווי אַ שלאַנג אונטער דער היפּנאָזע פון אַ צויבערער. ער האָט גערעדט ווי ער וואָלט זיך מתוודה געווען:

— יאַ, איך בין געקומען אינעם „פופען־האַוז״ מיט די זעלבע כוונות פון אָט די אַלע דאָ. איך האָב געמיינט דאָ צו געפינען צייטווײַליקן לוסט, נאָר איך האָב געפונען עפּעס שענערס...

נישט שלעכט! — האָט פעלאַ אין האַרצן געטראַכט. — גאָרנישט שלעכט! — און אַז זי האָט דערשפּירט, אַז דער באַראָמעטער פון איר הצלחה איז שוין גענוג הויך, האָט זי באַשלאָסן צו עפענען אירע קאָרטן.

די צייט איז קורץ, די שעהן ווערן אַדורך, און די געלעגנהייט קען פאַר־לוירן גיין. האָט זי דעריבער פשוט און אָפנהאַרציק, ווי איר שטייגער, געזאָגט:

— איצט, מיין ליבער, צי ווילסטו, אַז מיין קערפּער זאָל דאָ צעטראָטן ווערן אַזוי ווי אַלע אַנדערע, אָדער ער זאָל געהערן בלויז צו דיר אַליין?...

דער דייטש האָט געעפנט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך אויפגעוועקט פון אַ חלום. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ צוגעדריקטער צו דער וואַנט. פעלאַס פראַגע האָט אים פּלוצלונג אַראָפּגעריסן פון זיין ראָמאַנטישן פלי, און אים געוויזן די אמתע ווירקלעכקייט.

— איך האָב דערין גאָר פאַרגעסן... — האָט ער געשטאַמלט.

— דו האָסט אפנים געחלומט, אַז דו זיצסט מיט אַ פריילין אין בערלין, אונטער דען לינדען? — האָט פעלאַ שטאַרקער געטראָטן דעם בויגן פון איר פייל.

— דער לאַגער דאָ געפינט זיך אונטער געסטאַפּאָ־אויפזיכט... — האָט דער דייטש געטראַכט אויף אַ קול. — דאָ קען מען גאָרנישט מאַכן... איך וואָלט אָבער געקענט בלויז אויספועלן מען זאָל דיר באַשטימען צווישן די קאַלעפאַקטאָרינס, כדי דו זאָלסט זיין פריי פון דער „פאַרוויילונגס־דינסט“.

פעלאַ שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין: ראשית, וואָלט פעלאַ קיינמאָל נישט מסכים געווען צו ווערן אַ קאַלעפאַקטאָרין אינעם לאַגער אונטער עלזעס הערשאַפט. קאַלעפאַקטאָרין — דאָס הייסט דאָך: מאָרדן די מייד־לעך! פעלאַ וואָלט ליבער אויסגעקליבן דעם אייגענעם טויט איידער אַזאַ פונקציע. צווייטנס, איז אינעם לאַגער געווען אַ געזעץ, אַז שיינע מיידלעך טאָרן נישט זיין קאַלעפאַקטאָרינס. בשעת פעלאַ האָט אים דאָס דערקלערט, האָט זי זיך אויפגעשטעלט, אַרויסשטעלנדיק איר שלאַנקן גוף מיט אַ קאָ־קעטישער פּאָזע.

— מיינסט דאָך נישט, אַז מיין קערפּער פּאַסט פאַר אַ קאַלעפאַקטאָרין אינעם „פופען־האַוז?...“

דער דייטש האָט זיך צעלאַכט. ער האָט געקוקט אויף דער רייצנדי־קער ליניע פון איר קערפּער, ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, אַוועק־געזעצט זי לעבן זיך. פעלאַס מוח איז געווען וואַך. פעלאַ ווייסט ווי שנעל

די צייט פאַרשווינדט בשעת אַזעלכע ליבעס־שמועסן. האָט זי דעריבער ווייטער געמונטערט:

— טאָ וואָס איז דער ענטפער אויף מיין פריערדיקער פראַגע?

— איך בין ראַטלאָז. ווירקלעך... — האָט ער פאַרזאָרגט געענטפערט.

זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ברייט פון בעט. אירע שיינע הויכע פיס — פעלאַס אויסגעפרווּוטער כלי־זין — זענען געבליבן הענגען, רייצנד־אויפגעדעקטע פאַר די אויגן פונעם דייטש.

זי האָט געפילט זיינע אויגן אויף די אויפגעדעקטע קני־עפּל פון אירע פיס. זי האָט זיך צוריק אויפגעזעצט. קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן אַריין, האָט זי געזאָגט:

— אויב אַזוי, טו דאָס זעלבע וואָס אַלע אַנדערע. דערויף ביסטו דאָך געקומען... מאָרגן וועט אויף דיין אָרט זיצן אַן אַנדערער. ער וועט אפשר אויך זאָגן „איך האָב ביי דיר געפונען עפּעס שענערס״... אַנטשולדיק פאַר מיין טעות אין דיר!...

דער דייטש איז געווען ווי אין אַ קלעם, אָן אַן אַרויסגאַנג. עס איז אים אַפילו נישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טון אין וואָס פאַראַ פּלאָנטער אַ ייִדיש מיידל האָט אים דאָ פּלוצלונג אריינגעפירט. ער האָט נישט גע־טראַכט: צו וואָס האָט אים דאָס אייגנטלעך אַלץ געטויגט? צי קען ער דען נישט טון מיט איר אַלץ וואָס ער וויל, און אַוועקגיין? — טאַקע אַזוי ווי פעלאַ האָט אים געזאָגט? און אפשר, ווייל פעלאַ האָט אים דאָס געזאָגט אַזוי פשוט און אָפן, אפשר דערפאַר האָט דאָס אים טאַקע אַזוי געבונדן.

אַ מאָדנער קאַפּריז פון עראָס אינעם דייטשן „פּופּען־האַוז״...

— איך בין גרייט דיר צו העלפן, נאָר אפשר קענסטו מיר זאָגן ווי אַזוי? — האָט ער געפרעגט.

אייגנטלעך האָט פעלאַ נאָר דאָס געוואָלט פון אים הערן. זי האָט געטראַכט אַ ווײַלע. זי האָט געדענקט, אַז ער איז אָנגעקומען געאָרעמט מיט דער לאַגער־פירערין אויפן פּלאַץ. זי האָט ערנסט, מיט האַרץ געזאָגט:

— איך קען פירן אַ ווירטשאַפט. איך קען זויבער האַלטן אַ וווינונג. איך האָב יאָרנלאַנג די אַרבעט געטון. אפשר איז דאָ, אינעם לאַגער, ביי עמעצן פון די דייטשן נויטיק אַזאַ הילף? איך וועל זאָרגפעליק אויספירן די אַרבעט.

דער דייטש האָט פּלוצלונג אַ פּאַטש געטון מיט דער האַנט אין זיין שטערן. אַרויסוואַרפנדיק אויף זיין אייגענעם חשבון: — אידיאָט!...

און ער איז אַרויסגעלאָפן פון בלאָק.

זי האָט אים נאָכגעקוקט דורכן פענצטער פון בלאָק. ער איז אַוועק צו דער לאַגער־פירעריך. זי האָט געטראַכט: אַ האַלבער וועג איז אַדורך מיט הצלחה. איצט דאַרף זי נאָך בלויז מצליח זיין אין דער צווייטער העלפט. און כאָטש פעלאַ איז נישט געוווינט געווען זיך צו ווענדן צו גאָט, — זי האָט מיט גאָט גערעדט אַן אַלטן חשבון פון דער צייט ווען זי איז נאָך אַ קליין קינד געווען, — האָט זי פונדעסטוועגן איצט צוזאַמענגעפּלאָכטן אירע הענט, ווי אין געבעט; אירע ליפּן האָבן געשעפּטשעט:

„העלף מיר, גאָט! איך זאָג דיר צו, אויב איך וועל איצט מצליח זיין, וועל איך נאָך דער מלחמה ווערן אַ כשרע ייִדישע טאָכטער. העלף מיר איך זאָל דערלעבן אַרויסצוקומען פון לאַגער! איך מוז נקמה נעמען אין די פירער פון יודענראַט. מיט אייגענע הענט וויל איך מאַניעקן אַוועק־לייגן. דאָס מוז איך טון! און עלזען!... דו העלף מיר בלויז אַרויסצוקומען פון דאַנען. נאָר אויב דו ווילסט מיר נישט העלפן, בעט איך דיר, ליבער גאָט, מאַך מיר כאָטש נישט קאַליע... מיש זיך נישט אַריין! איך וועל מיר די זאַך אַליין אַדורכפירן... זע, איך בעט דיך: מאַך מיר איצט נישט קאַליע דעם דייטש!"...

דורכן פענצטער האָט זי געזען דאָס אָנקומען פון דער לאַגער־פירע־רין צוזאַמען מיטן דייטש. זיי גייען געאָרעמט. ער רעדט צו איר מיט אַ סך ענערגיע, קענטיק, אַז ער וויל זי איבערצייגן. זיי דערנענטערן זיך צום בלאָק.

יאַגאַ האָט אָנגעקוקט פעלאַן. דעם דייטשס אויגן האָבן געשמייכלט און אויסגעדריקט צופרידנקייט. ווייזט אויס, אַז פעלאַ האָט באַלד נושא־חן געווען, ווייל יאַגאַ האָט זי געהייסן מיט איר מיטגיין.

גאָט האָט צוגעהערט פעלאַס תפילה. זי האָט באַקומען אַ פונקציע אַלס אויפפּרוימערין פון דער לאַגער־פירערינס וווינונג.

אַז דאַניעלאַ איז דערנאָך אָנגעקומען אויף דער „פּרווידע"־אָפּטיילונג, איז פעלאַ צו איר געווען ווי אַ געטרייע שוועסטער. פעלאַ פאַרגעסט נישט אויף אַ מינוט, אַז אַ גרויסער נס איז מיט איר דאָ, אינעם לאַגער, געשען.

זי הערט נישט אויף וועגן דעם צו רעדן. די לאַגער־פירערין איז פון איר צופרידן. פעלאַ ווייסט ווי אַזוי צו קויפן דאָס האַרץ פון דער דייטשער בעסטיע. אַז יאַגאַ טרינקט אויס אַ פּאָר כוסות, גיסט זי דערנאָך אויס איר האַרץ פאַר פעלאַן ווי פאַר אַ נאָענטער חברטע. פעלאַ האָט שוין געהערט אַלע אינטימסטע געשיכטעס פון יאַגאַס פּריוואָטן לעבן: וועגן איר געליבטן — דער לאַגער־פירער פון אַ דערנעבנדיקן אַרבעטס־לאַגער, — וועלכער פאַרראַט זי; וועגן אירע יונגע מיידל־יאָרן, וועלכע זענען אַוועק אין אַ דרעזדענער שאַנד־הויז. שיכורערהייט באַדויערט שטענדיק יאַגאַ פאַרוואָס פעלאַ איז געבוירן געוואָרן אַ ייִדין. ווען נישט, וואָלט פעלאַ, אָן ספק, געקענט זיין קאָמענדאַנטין אין אַ דייטשן לאַגער אָנשטאָט צו זיין אַ העפּט־לינג. יאַגאַ גופא וואָלט אויסגעפּועלט, אַז פעלאַ זאָל ווערן לאַגער־פירע־רין. זי פילט, אַז פעלאַ איז איר די איינציקע פריינדין אויף דער וועלט.

יעדע פרימאָרגן קומט פעלאַ צו לויפן אינעם בלאָק 5, כדי צו העלפן דאַניעלאַן ביים „בעטן־באַו". נאָך אַ פּאָר הענט אויף דער צווייטער זייט ביים „באַוען" דאָס בעט איז ווי אַ ישועה פון גאָט. דאַניעלאַ בעט איז שטענדיק דאָס ערשטע פאַרטיק. דערנאָך קען פעלאַ, צוזאַמען מיט דאַניעלאַן, קאָנטראָלירן צי אַלע בעטן זענען גלייך איינס מיטן אַנדערן. און פעלאַ איז געוואָרן פאַר די מיידלעך פון בלאָק 5 אַ מלאך־הגואל.

## קאַפּיטל צוויי און פערציק

# עפּעס גרייט זיך

עפּעס אַן אויסטערלישע זאַך גרייט זיך היינטיקן פרימאָרגן. דאַניעלאַס אַלע חושים זענען געווען אָנגעשפּאַנט. עפּעס שווידערהאַפּטס הענגט אין דער לופט. זי האָט דאָס געפילט ווי עס דערפילט איינער אַ סכנה, וועלכע לויערט צו אים פון אַ באַהעלטעניש, כאָטש ער זעט זי נישט און כאָטש קיינער האָט אים וועגן דעם נישט געזאָגט.

עפּעס איז דער היינטיקער פרימאָרגן אַנדערש ווי שטענדיק. אַלץ איז איר אויסגעקומען פאַרדעכטיקט, פּחד־אָנוואַרפנדיק. עפּעס גרייט זיך. עפּעס קומט פאָר. זי האָט עס געפילט ווי מען פילט אין דער לופט פון גערטאָ דעם אָנקום פון אַן „אַקציע", כאָטש די דייטשן האָבן פריִער וועגן דעם קיינעם נישט דערציילט.

אינעם בלאָק זענען נאָך אַלע געשלאָפן, נאָר דאַניעלאַ האָט געשפּירט, אַז דער גאַנג האָט שוין פון לאַנג געדאַרפט קלינגען. עס האָט איר גע־שראָקן דאָס יום־טובדיקייט; דאָס שלאָפן פון אַלע.

פאַרוואָס פאַרשפּעטיקט זיך היינט דער ערשטער גאַנג?

זינט דאַניעלאַ האָט באַקומען דעם העפט מיט דעם בליי־שטיפט פון פעלאַן, וועקט עס זי אויף מיטן ערשטן שפּראָץ פון טאָג. ווען אַלע שלאָפן נאָך איז די בעסטע צייט אַרויסצונעמען דעם העפט, וועלכער ליגט פאַרשטעקט אונטערן האָלץ־שניצעכץ פון בעטל, און — שרייבן.

עפּעס איז דער היינטיקער פרימאָרגן אַנדערש פון אַלע פרימאָרגנס. דער געהיימנישפולער גערודער אינדרויסן — איז פאַרדעכטיק און מורא־

אַנוואַרפנדיק. אויפן שכנותדיקן בעטל ראַנגלט זיך צפּורה שאַפּראַן אינעם שלאָף. זי מאַכט אימהדיקע העוויות מיטן פּנים, מיטן האַלדז. ווי מען וואָלט זי אינעם חלום געוואָרגן. אפשר וואָלט גלייך געווען זי אויפצוּוועקן?

זינט דאַניעלאַ האָט זיך מיט איר באַקענט איז צפּורה אינגאַנצן פאַר־ענדערט געוואָרן. נישט די זעלבע. די „מזלדיקע" אינעם בלאָק סודען זיך, אַז צפּורה איז פון זינען אַראָפּ. אַזעלכעס האָט שוין נישט מיט איינע דאָ פּאַסירט. זיי האָבן מורא, אַז די סלאָוואַקישע אַרצטין זאָל עס נאָר נישט באַמערקן און זי איינשליסן אינעם „קאַ־בע" צווישן די ווענעריש־אָנגעשטעקטע. לעצטנס דרייט זי צפּורה אַרום אינעם לאַגער ווי אַ פרעמ־דע; ווי די געזעצן פון „פּופּען־האַוז" וואָלטן מער נישט חל געווען אויף איר. דער מזל, וועלכער האָט זי באַגלייט ביז איצט, האָט זיך פלוצלונג פון איר אָפּגעטון. זי האָט מיט אַמאָל באַקומען צוויי „מעלדונגען". איין טאָג נאָכן צווייטן. און נאָך דעם, דרייט זי זיך ווייטער אַרום אַ גלייכגיל־טיקע. זי היט זיך נישט מער. זינגט נישט מער. דאָס מויל פאַרשלאָסן. „איך האָב געהרגעט מאַרצעלן!... — דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס מען קען פון איר הערן. אויסער דעם — אַ וואָרט נישט. זי שווייגט.

עפּעס קומט היינט פאַר הינטער די ווענט פון בלאָק. עלזעס שטימע גייט אויף פון ערגעץ. קאַלעפּאַקטאָרינס לויפן איבערן לאַגער־פּלאַץ. מען הערט זייערע סודותדיקע פוס־טריט. עפּעס איז דער היינטיקער פרימאָרגן אַנדערש ווי שטענדיק. ער באַהאַלט אין זיך אַ געהיימנישפולע, פאָרכטיקע זאַך; די סכנה קוקט צו איר מיט לויערנדיקע אויגן פון ערגעץ אַ באַ־העלטעניש.

די מיידלעך זענען פאַרזונקען אין שלאָף. איצט קוקט עס אויס ווי קיין שום כוח וועט זיי נישט קענען אַרויסרייסן פון זייער שלאָף. נאָר ביים ערשטן קלאַפּ אינעם גאַנג וועלן זיי אַלע אויפשפּרינגען מיט אַמאָל: „בע־טען־באַו"... אינטערעסאַנט: ווען די מלחמה ענדיקט זיך פלוצלונג; די דייטשן אַנטלויפן ביינאַכט; מען קלאַפּט מער נישט אין דער פרי אינעם גאַנג — צי וואָלטן די מיידלעך זיך אַמאָל אויפגעוועקט פון שלאָף?...

דער געהיימנישפולער גערויש, אינדרויסן, ווערט וואָס אַמאָל שטאַר־

קער. ווער ווייסט וואָס אינדרויסן ווערט איצט צוגעגרייט? פעלאַ האָט איר דערציילט בסוד: „עס איז מעגלעך, אַז מען וועט איבערפירן דעם לאַגער נענטער צום פראָנט..." פעלאַ ווייסט. אויף פעלאַן קען מען זיך פאַרלאָזן. מסתמא האָט יאַגאַ זיך אַרויסגעכאַפּט פאַר איר מיט אַ וואָרט. ניין! זי וועט מער נישט וואַרטן ביז מען זאָל זי פון דאַנען איבערפירן. דאָ וועט זי מאַכן אַ סוף. עס איז נישט מעגלעך צו רעדן מיט די העפטלינגע. נישט מעגלעך אַפילו זיי צו זען. די דייטשן ווינען פון דרויסן, אויסער די צוים־דראָטן, און עס איז נישט מעגלעך צוצוקומען צו די העפטלינגס. זי וועט שוין האַרין מער נישט געפינען. צי איז נישט איר פּייניקן זיך ——

די טיר פון בלאָק האָט זיך אויפגעריסן. די ערשטע איז אַריין עלזע. די געפלאָכטענע רוט אין איין האַנט, אַ ווייסער צעטל אין דער צווייטער. קאַלעפאַקטאָרינס האָבן געזוכט מיט די אויגן צווישן די נומערן אויף די בעטלעך. זיי האָבן געטון זייער אַרבעט פלינק, אָן ווערטער, ווי שדים. זיי זענען מורא־אָנוואַרפנדיק געלאָפן פון בעט צו בעט. זיי האָבן זיך דער־נענטערט צו איר בעט. זי האָט געדריקט דעם העפט מיטן בליישטיפט אונטערן רוקן. זי האָט געוווסט, אַז מען קומט איצט נאָך איר. דאָס זוכן זיי זי, איר נומער. נישטאָ מער קיין צווייפל, זי האָט דאָך דאָס פאָרגע־פילט. זי האָט שטענדיק געוווסט, וואָס עס דערוואַרט זי דאָ. נאָר פרי'ער האָט דאָס זי געשראָקן ווי אָן אַלגעמיינע זאַך, וואָס לויערט צו אַלע. איצט האָט דאָס זיך קאָנצענטרירט; אָנגעשפּיצט זיך ווי אַ שפּיז און דער־נענטערט זיך גלייך צו איר. בלויז צו איר. זי איז איצט דער קרבן. דאָס מאָל וועלן אַלע קוקן דורך די שטעכל־דראָט פון עקזעקוציע־פּלאַץ צו איר. זי ליגט אַ נאַקעטע אויף דער שטול... דער אויטאָמאָביל וואַרט... הינטער איר רוקן דריקט זי מיט פאַרקוועטשטע הענט דעם העפט מיטן בליי־שטיפט. זי וועט איצט מער נישט באַוויזן דאָס צו באַהאַלטן אונטער דעם האַלץ־שניצעכץ. די קאַלעפאַקטאָרינס קוקן אויפן נומער פון איר בעט. מיט אַ שווינדלדיקער שנעלקייט קלאַפּט אויס אין איר מוח פראַגעס און ענטפערס. פון וואַנען האָט זי אין לאַגער אַ העפט?... פעלאַ!... מען וועט זי איצט סיי ווי הרגענען, אָבער דעם נאָמען פון פעלאַן וועט זי נישט דערמאָנען!... די קאַלעפאַקטאָרינס זענען אַריין אינעם שמאָלן דורכגאַנג וואָס טיילט אָפּ איר בעט פון דעם שכנותדיקן בעט. אָט זענען זיי שוין

לעבן איר. זי איז רויִק. פּעלאַס נאָמען וועט זי נישט דערמאָנען! פאַרוואָס איז זי אַזוי רויִק?... אָט איז ער — דער טויט...

קאַלעפּאַקטאַרינס רייסן אַוועק די דעק פון צפּורהס בעט. זיי שלעפּן זי ביי די האָר. צפּורה לאָזט מיט זיך אַלץ טון. עלזע שטייט מיט פאַר־לייגטע הענט. זי קוקט אויף איר, קוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין. צפּורה שווייגט און עלזע שווייגט.ביידע קוקן איינע אויף דער אַנדערער. איינע אין די אויגן פון דער צווייטער. זיי שווייגן, נאָר עס זעט אויס ווי זיי וואָלטן גערעדט צווישן זיך אַ געהיימע, מוראדיקע שפּראַך.

עלזע גייט און צפּורה גייט איר נאָך. — אַ היפּנאָטיזירטע פון טויט־לעכן פּחד. קיינער האָט זי נישט געהייסן נאָכגיין. זי גייט. הינטער צפּורהן גייען די קאַלעפּאַקטאָרינס. אַלע זענען אַרויס פון בלאָק.

דאַניעלאַ איז געלעגן אומבאַוועגלעך. אירע אברים האָבן זיך בשום אופן נישט גערירט. די אַנטקעגנאיבערדיקע וואַנט פון בלאָק האָט זיך אויסגעבויגן צוזאַמען מיט די שמאָלע שאַפּקעס. אָט וועלן די שאַפּקעס אומפאַלן. די פאָדערשטע ברעטער־זייטן פון די אַנטקעגנאיבערדיקע בעטן זענען געשוואומען פאַר אירע אויגן צוזאַמען מיט די ווייסע נומערן, וועלכע הענגען אויף זיי. זיי האָבן זיך גערוקט איינע נאָך דער אַנדערער, ווי אַ מין רעקלאַמע־שפּילצייג אין אַ שוי־פענצטער. זייער אָנהייב שעפּט זיך נישט אויס; און זייער מטושטשדיקער סוף — ווערט נישט פול.

עטלעכע מיידלעך שפּרינגען אַראָפּ פון די בעטן. זיי שאַרן זיך אַדורך פאַר צפּורהס בעט. אַלץ קומט פאָר ווי אונטערן אויבערפלאַך פון אַ טיפן וואַסער. זי האָט נישט געהערט, אַז צפּורה זאָל האָבן געשריגן. זי דער־מאָנט זיך נישט, אַז זי זאָל האָבן געהערט איר קול. די גאַנצע זאַך איז פאָרגעקומען ווי אין אַ פאַרטויבונג. זיי זענען מיט צפּורהן אַרויס פון בלאָק. אָבער די פאַרטויבונג איז דאָ, פונדעסטוועגן, ווייטער איבערגעבליבן.

די פאַרטויבונג פּילט אויס דעם חלל פון בלאָק.

דאַניעלאַ ליגט מיטן רוקן אויפן העפּט און בליי־שטיפט — אַזוי ווי פריִער. איבערן בלאָק לויפן מיידלעך, זיי רעדן איינע צו דער אַנדערער, און זי הערט נישט, אַז זיי זאָלן עפּעס זאָגן. די איבערגעבליבענע פאַר־טויבונג שטעקט איר אין די אויערן... דאָס איז אַ שוידערהאַפטער סימן, ווייל וואָס פאַר אַ יום טוב איז היינט? עפּעס וועט באַלד געשען. צפּורה

האָט נישט געשריגן... אַלץ איז דאָ פאָרגעקומען אַזוי שנעל, אַזוי פורכט־באַר, שטיל...

אַלע קוקן צו צפורהס בעט:

עלזע איז געווען אינעם בלאָק!...

ווען איז דאָס געשען?...

ווער האָט דאָס געזען?...

וואָס האָט עלזע געזאָגט?...

וואָס וועט פאָרקומען היינט אינדערפרי אינעם לאַגער?...

פון אַלע זייטן קוקן אויגן צו ציפּעס לײדיקן בעט: אפשר האָט מען זי אַוועקגעפירט אינעם „קאַ־בע"־בלאָק, צו די ווענעריש־אָנגעשטעקטע? אפשר איז די סלאָוואַקישע אַרצטין געוויר געוואָרן, אַז ציפּע איז אַראָפּ פון זינען?

מיידלעך שאַרן זיך אַדורך. זייערע אויגן קוקן מיט שרעק צו ציפּעס ליידיקן בעט. איצט וועט זי נישט קענען פאַרשטעקן דעם העפט אונטערן האָלץ־שניצעכץ. פאַרוואָס האָבן זיי גענומען צפורהן? זיי זענען דאָך גע־קומען נאָך איר. ווען זיי זוכן וואָלטן זיי ביי איר געפונען דעם העפט. אפשר וועלן זיי נאָך אַריינקומען?... זי האָט דאָך סיי ווי נישט געוואָלט לעבן. טאָ וואָס האָט זי פריִער אַזוי מורא געהאַט?

זי האָט אַרויסגעצויגן די הענט, ליידיקע, פון אונטער איר רוקן. זי האָט זיי נישט געפילט, אַזוי ווי זי האָט איצט איר גאַנצן קערפּער נישט געפילט.

דער ערשטער קלאַפּ אינעם גאָנג האָט זיך אַריינגעריסן צווישן די ווענט פון בלאָק.

## קאַפּיטל דריי און פערציק

# זינד-רײניקונג

צען בענקלעך זענען געשטאַנען געשטעלט אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער שורה אויף דער ערד פון עקזעקוציע-פּלאַץ. דער פּלאַץ איז געווען ליידיק. די פּלאַכן פון די פּירקאַנטיקע בענקלעך האָבן געקוקט צום הימל, ליידיקע. זיי האָבן געוואַרט. די פֿאָדערשטע פיס פון די בענקלעך זענען געווען — ליידיקע. מען האָט געזען זייערע קאַנטן.

באַלד וועט מען צו זיי צובינדן נאַקעטע אָרעמס פון מיידלעך.

אַנטקעגנאיבער, אויף דער צווייטער זייט פון פּלאַץ, האָט די גאַנצע אַרבעטס-אָפּטיילונג זיך איצט אויסגעגאָסן צווישן די שטעכל-דראָטן אין אַן אָנצאָליקע מאַסע אויגן. שטעקנס פון קאַלעפּאַקטאָרינס האָבן זיך דאָרט געהויבן, און אַראָפּגעלאָזט זיך איבער די קעפּ פון די הינטערשטע שורות. אויגן, אויפגעריסענע פון שרעק — נישט פאַרן עקזעקוציע-פּלאַץ, נאָר פאַר די שטעקנס פון די קאַלעפּאַקטאָרינס — האָבן געשריגן מיט שפּיזנדיקע בליקן: אָט קוקן זיי!... אָט זעען זיי!... פּירקאַנטיקע בענקלעך שטייען אויסגעשטעלט אין מיטן עקזעקוציע-פּלאַץ מיט ליידיקע פּלאַכן צום הימל אַרויף; זאָלן די קאַלעפּאַקטאָרינס זען: זיי קוקן גלייך צו די בענקלעך!... זיי נעמען נישט אַראָפּ זייערע אויגן פון די בענקלעך!... זיי קענען אַפילו אָפּציילן די בענקלעך: איינס, צוויי... דריי... זאָלן די קאַלעפּאַקטאָרינס זען ווי זיי קוקן און ציילן; זאָלן זיי נישט נאָך־אָפּלאָזן דעם שטעקן אויף זייער קאָפּ!...

דער אויטאָמאָביל איז אַריינגעפאָרן דורכן טויער צום עקזעקוציע־פּלאַץ. ער האָט זיך אויסגעדרייט. דער קאָפּ פון שאָפער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטערל. מיט איין האַנט האָט ער געדרייט ביים רודער, אויפ־געפּאַסט דער אויטאָ זאָל שטיין אויפן ריכטיקן פּלאַץ, כדי עס זאָל דערנאָך לייכטער זיין ביים אויפלאָדענען. דער שאָפער איז אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָמאָביל. ער האָט נאָכגעקוקט מיט אַ מינע פון געוויסנהאַפטיקייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שאָפער אַ מומחה, וועלכער פאָרט צו פּינקטלעך צום אָרט, ווו ער דאַרף אויפנעמען אַ לאָדונג סחורה, כדי נישט צו פאַרשאַפן די טרעגער אומזיסטע טרחה.

די טונקעלע עפענונג פון דער הינטער־זייט־אויטאָמאָביל איז איצט געשטאַנען אַקוראַט לעבן דער אויסגעשטעלטער שורה בענקלעך. דער שאָפער האָט אַרויפגערוקט זיין ס. ס.־הוט פון שטערן העכער אויף זיין קאָפּ. ער האָט אַראָפּגענומען דעם ציגאַרעט, וואָס האָט געשטעקט אויף זיין אויער, אָנגעצונדן אים, און אַוועקגעשטעלט זיך מיט איין פאַרקרייציקטן פוס איבער דעם צווייטן, אָנגעלענט לעבן אויטאָ; ער האָט געצויגן דעם רויך פון ציגאַרעט; געקוקט מיט אַ לאַנגווייליקן בליק אויף דער שורה ליידיקע בענקלעך און אַרויסגעלאָזט אַ הויכן, נישט־אויסגעשלאָפענעם געניץ.

„בשעת רייניקונג וועסטו זען ווי זיי דאָרט זענען אויסגעפּאַשעט...“

פּלוצלונג האָט די אָנצאָליקע מאַסע אַרויסגעסטאַרטשע אויגן אויף דער צווייטער זייט עקזעקוציע־פּלאַץ זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין פּאָר אויגן. „איך הייס רעניאַ. רעניאַ זיידנער...“ די שפּריצנדיקע שנאה פון אַלע אויגן האָט זיך איצט צוזאַמענגעגאָסן און זיך קאָנצענטרירט אין איין פּאָר אויגן — רעניאַ זיידנערס אויגן! „אונדזער ברויט!... אונדזערע פּאָר־ציעס מאַרגאַרין!... זיי פרעסן דאָרט אויף אונדזער לעבן!...“

רעניאַ זיידנערס אויגן הערן נישט אויף צו קוקן צו איר מיט עקל און שנאה; דאַניעלאַ האָט זי אָפּגענאַרט! רעניאַ האָט איר געגלויבט, באַצויגן זיך צו איר מיט געטריישאַפט באַלד אינעם ערשטן טאָג. אָבער דאַניעלאַ האָט זי פאַרראַטן! זי איז אַוועק צום „פּופּען־האַוז!“ איצט, ווען די שטראָף הענגט איבער איר קאָפּ, איצט, פילט זי זיך ווידער איינזאַם און פאַרלאָזן. פּונקט ווי אין ערשטן טאָג ווען זי איז אָנגעקומען אויף דער

אַרבעטס־אָפּטיילונג. נאָר איצט וועט קיינער אויף איר נישט קיין רחמנות האָבן. זאָל זי ליידן! אויף אַלע פון „פופען־האַוז" וועט קומען די ריי!... אַלע וועט מען אַרויספירן צו די בענקלעך!... און מיר, די מוזלמאַנקעס פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג וועלן שטענדיק אַריבערקוקן דורך די שטעכל־דראָטן, און זען ווי מען „רייניקט" זייערע פעטע לייבער, וועלכע האָבן זיך געפּאַשעט מיט אונדזער ברויט, מיט אונדזער לעבן!...

דאַניעלאַ האָט מער נישט געקענט קוקן צו דער צווייטער זייט שטעכל־דראָטן.

זי האָט אַוועקגעגעבן דעם קאָפּ דאָ. — אויף דער רעכטער זייט פון עקזעקוציע־פּלאַץ, זענען געשטאַנען די מיידלעך פון „פופען־האַוז" אין ריינע, דין־געשניירלטע לאַגער־שירצן; דאָרט — אויף דער לינקער זייט, איז געשטאַנען אַ טונקעלע מאַסע, אָן אַ צורה. זייערע קליידער האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין שטיק, און געהאַנגען אויף די שטעכל־דראָטן ווי אַ לאַנגע, אויסגעצויגענע, פאַרפוילטע שמאַטע; אַ מטושטשעדיקער שטיק, אָן פאַרב און אָן סימנים. די פּנימער און די אברים האָבן זיך מיט גאָרנישט אויסגעטיילט. נישט געווען גאָרנישט צו דערקענען. די מיידלעך פון „פופען־האַוז" האָבן צו זיי אַריבערגעקוקט ווי עס קוקן קרובים, שטייענדיק ביים ראַנד פון אַ ריזיק־אויפגעגראָבענעם מאַסן־קבר צו די אויפגעגראָבענע סקעלעטן. יעדער שטיק פון דער פאַרפוילטער מטושטשדיקער מאַסע קען זיין דייך שוועסטער.

דאַניעלאַ האָט מער נישט געקענט אַריבערקוקן צו דער צווייטער זייט שטעכל־דראָטן. זי האָט אויסגעדרייט די אויגן — און פּלוצלונג זיי דערזען:

זיי מאַרשירן צום עקזעקוציע־פּלאַץ!

די ערשטע מאַרשירט עלזע, הינטער איר — אַ שורה נאַקעטע מייד־לעך, איינצלווייז, אין גענדזן־מאַרש.

דער הימל איז געווען טריב און נאַקעט. ער איז געלעגן אינגאַנצן אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ, ווי אויסער דאָ, אויפן פּלאַץ, וואָלט זיך שוין אין ערגעץ מער נישט געפונען קיין הימל; ווי גאָרנישט וואָלט זיך געפונען אויסערהאַלב דעם פּלאַץ. לעבן יעדן מיידל האָט מאַרשירט אַ קאַלעפאַק־טאָרין מיט אַן ערנסטן פּנים, ווי אַן אונטערפירערין וואָס באַגלייט אַ כלה צו דער חופּה. עלזעס צעשניטענע באַק האָט פונדערווייטנס געמאַכט אַן

איינדרוק ווי אַ האַלבע מאַסקע וואָלט אַראָפּגעפּאַלן פון איר פּנים. דאָס פּלייש צווישן די שלעכט־צוזאַמענגעניייטע העפטן איז איצט געווען — בלוטיק־רויט, און אויסגעזען ווי אַ צעזעגטע פלייש־ווונד. דאַקעגן דער צווייטע העלפט פּנים, איז געווען — פייערלעך און ערנסט. די שטיוול־כּאַלעוועס האָבן יום טובדיק געגלאַנצט אויף אירע פיס. לעבן זיי האָט אַראָפּגעהאָנגען דער עק פון דער געפלאָכטענער רוט.

די ערשטע איז געגאַנגען צביה, חנהס יינגערע שוועסטער. זי האָט אויסגעקוקט ווי די גאַנצע זאַך וואָלט איר נאָך אַלץ געווען אומפאַרשטענד־לעך. מען האָט דערקענט, אַז עס האָט זיך צו איר גאָרנישט צוגעקלעפּט דאָ, אינעם „פופען־האַוז"; זי האָט דאָ גאָרנישט געלערנט און גאָרנישט אין זיך איינגעזאַפּט. איר מוח איז מיט גאָרנישט קליגער געוואָרן, און איר תמימות איז דאָ נישט געמינערט געוואָרן אויף אַ האָר. אַ שטייגער, ווי מען וואָלט זי נישט איצט געפירט אַ נאַקעטע פון עלזעס שטיבל אַרויס, נאָר ווי זי וואָלט איצט אַרויסגעגאַנגען פון דער „בית־יעקב" שולע אין טשעבין. איר קליינער פיליגראַן־געשניצטער קערפּער אָטעמט מיט לוי־טערקייט. זי איז ריין. אומבאַרירט. איר אינפאַנטיליש־איינגעקשנטע תמי־מות האָט זי געשיצט ווי אַ האַרטע שאָל דעם קערן פון אַ נוס. נישט געווען קיין ברירה נאָר צו צעטרעטן די שאָל צוזאַמען מיטן קערן.

אַרום און אַרום, אויף די שטעכל־דראָטן, זענען געלעגן שורות־שורות אויגן — ווי אַרויפגעשנירלטע קאָראַלן אויפן האַלדז פון עקזעקוציע־פּלאַץ.

ביים אָנהייב פון די בענקלעך איז געשטאַנען עלזע, די הענט פאַר־לייגטע אויף דער ברוסט, און — געשוויגן. פון די וואַך־טורעמס האָבן רערן פון די מאַשין־ביקסן געקוקט, און — געשוויגן. די דעכער פון די ראָזע־בלאָקן האָבן געקוקט, און — געשוויגן. אַלע דאַרפן קוקן ווי מען „רייניקט" די זינדיקע פון „פופען־האַוז", און — שווייגן.

צפורה שטייט לעבן איר בענקל. עס איז גאָרנישט אויף איר צו דערקענען קיין ענדערונג. אויף קיין איינע פון זיי איז נישט צו דערקענען קיין ענדערונג. ווי זיי וואָלטן נישט געוווסט וואָס מיט זיי וועט באַלד דאָ פאָרקומען. זיי שטייען ביי די בענקלעך, פאַרגליווערטע, און שווייגן. זיי — דער צענטראַל־פונקט פון איצטיקן שווייגן — וואָגן נישט צו שטערן

די פּאַרכטיקע שטילקייט וואָס הערשט איצט אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ לכבוד זייער טויט.

פון ערגעץ, פון די הימלען, דונערט אָפּ דער לעצטער קלאַפּ אינעם גאָנג.

אַן אַנדערע וועט היינט בייגאַכט ליגן אויף צפורהס בעט. מסתמא איינע פון דער „בלומען־קאָמאַנדאָ". זי, דאַניעלאַ, וואָס שטייט אויף דער דרויסנדיקער זייט פון עקזעקוציע־פּלאַץ, שרעקט זיך איצט מער ווי יענע, וועלכע שטייען דאָרט ביי די בענקלעך. אַלע פון אַרום איר דאָ, שרעקן זיך מער ווי יענע דאָרט. צי זעט נישט צפורה ווי דער טויט הילט אַרום איר נאַקעטן קערפּער, אַזוי ווי זי, דאַניעלאַ, זעט דאָס פונדרויסן? צי פילט שוין צפורה איצט מער גאָרנישט?...

די דייטשן זענען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ. זיי האָבן מיט זיך מיטגע־בראַכט דעם טויט. זיי גייען מיט חשיבותדיקע טריט, ווי אַ פייערלעכע דע־לעגאַציע צו אַ פעסטיוואַל, אויף וועלכן זיי זענען די הויפּט־מחותנים. זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט. דער טויט איז אַרויסגעגאַנגען פון צווישן זיי, ער דערנענטערט זיך צו די בענקלעך. די דייטשן באַגלייטן מיט די אויגן זיינע טריט.

איצט האָבן די קאַלעפאַקטאָרינס זיך גענומען צו דער אַרבעט. זיי האָבן אָנגעהויבן צוצובינדן די מיידלעך צו די בענקלעך, די הענט — צו די פאָדערשטע פיס פון בענקל; און די פיס — צו די הינטערשטע פיס פון בענקל.

עליזע האָט געגעבן אַ צייכן מיט איר געפלאָכטענער בייטש אויף דער פּלייצע פון איינע פון די קאַלעפאַקטאָרינס, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די „רייניקונג":

צען שטעקנס האָבן זיך צוזאַמען אויפגעהויבן און צוזאַמען אַראָפּ־געלאָזט אויף די נאַקעטע לייבער.

די שטילקייט האָט זיך אויפגעריסן ווי אַ פּאַפּירענער זאַק: עס שרייען די שטעכל־דראָטן, און עס שרייען די אויפגעשנירלטע אויגן אויף זיי; עס שרייען די הימלען, און עס שרייען די דעכער פון די בלאָקן. עס וויינט דער פּחד אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ, און דער טויט וויינט מיט אים מיט. געענדיקט.

די דייטשן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ ווי זאַטע געסט — אַ באַנקעט־זאַל. דער טויט גייט זיי נאָך פון הינטן.

די מיידלעך זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אינעם אויטאָ. דער שאָפער האָט צוריק צוגעמאַכט די אָפענע קלאַפּע. די בענקלעך קוקן איצט אויס ליידיקער פון פריער. די געשרייען, וועלכע האָבן זיך אַ מינוט פריער פון זיי געריסן, זענען אַרויס פון זיי און זיי אויסגעליידיקט. די געשרייען זענען ערגעץ אַוועק צוזאַמען מיטן לעבן פון די מיידלעך און איבערגעלאָזן די בענקלעך אין מיטן עקזעקוציע־פּלאַץ, ווי אויסגעליידיקטע פלעשער אויף אַ טיש נאָך אַ רוישיקן מאָלצייט.

דער אויטאָ איז אַוועק און נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ ריח פון אָפּגעברענטס. ביים עק שאָסיי האָט ער זיך פאַרקערעוועט אויף לינקס און ער איז אַוועק צו דער אַרבעטס־אָפּטיילונג, כדי דאָרט אויפצונעמען, אין איינוועגס, די מיידלעך, וועלכע הענטשעל „לבנה“ שיקט איצט אין הימל אַריין, כדי זיי זאָלן דאָרט העלפן בויען אַן אויטאָ־סטראַדע.

## קאַפּיטל פיר און פערציק

# „געזונטהייטס-קאָנטראָלע“

די ריי האָט זיך געצויגן, לענגאויס, איבער דער גאַנצער העלפט פון אַדורכגעטיילטן בלאָק. די מיידלעך זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט איינע הינטער דער אַנדערער און געוואַרט מען זאָל זיי אונטערזוכן. אַלע מיידלעך פון „פופען־האַוז“ גייען אַדורך איין מאָל אין דער וואָך די גע־זונטהייטס־קאָנטראָל. יעדער בלאָק אין זיין באַשטימטן טאָג, מיט אַ סדר, לויט דעם לויף־נומער.

היינט איז די ריי פון בלאָק 5.

דער „קאַ־בע“־בלאָק איז אַדורכגעטיילט אויף צווייען. די צווייטע העלפט איז אָפּגעשלאָסן. דאָרט געפינען זיך די מיידלעך, וועלכע זענען געוואָרן אָנגעשטעקט מיט אַ קראַנקייט בשעת דער פאַרווײַלונגס־דינסט. פון דאָרט ווערן זיי אַוועקגעשיקט אין אַ שפּיטאָל אַריין.

נאָר קיין איינע פון די אַוועקגעשיקטע איז נאָך קיינמאָל נישט פון דאָרט צוריקגעקומען.

דער „קאַ־בע“־בלאָק געפינט זיך ביים סוף פון לאַגער, נאָך דער לאַטרינע און נאָך אַלע בלאָקן. אַנטקעגנאיבער — ציט זיך די בריק, אויף וועלכער עס דרייט זיך אַן ס. ס.־מאַן מיט אַ מאַשין־ביקס. אייגנטלעך דאַרף דער בלאָק זיין דער „קראַנקען־באַו“ פאַר די מיידלעך פון לאַגער. — צוליב דעם הייסט ער דאָך: „קאַ־בע“. — נאָר דאָ, אינעם לאַגער, איז נאָך קיינער קיינמאָל נישט קראַנק געווען, אויסער, פאַרשטייט זיך, די אָנגעשטעקטע. אויב די סלאָוואַקישע אַרצטין געפינט אויס אין אַ בלאָק אַ קראַנק מיידל

— ווערט זי באַלד פאַרשפאַרט צווישן די אָנגעשטעקטע אין דער פאַר־מאַכטער העלפט פון „קאַ־בע״־בלאָק, און צוזאַמען מיט די אָנגעשטעקטע ווערט זי אויך אַוועקגעשיקט אינעם „שפּיטאָל״ אַריין; און אַזוי ווי די אָנגעשטעקטע קומען מער נישט צוריק, אַזוי קומט די קראַנקע אויך שוין מער נישט צוריק.

היינט איז די ריי פון בלאָק 5.

די מיידלעך שטייען אויסגעשטעלט לענגאויס אין אַ ריי, איינע הינטער דער אַנדערער, אַלע נאַקעט. ביים פענצטער, ביי אַ ווייס טישל, זיצט די סלאָוואַקישע אַרצטין. לעבן איר, אויפן טישל, ליגט די ליסטע. אין דער ליסטע ווערן אַריינגעשריבן די נומערן פון די אָנגעשטעקטע מיידלעך. די אַרצטין קוקט אינעם שוואַרצן מיקראָסקאָפּ אַריין. דאָס מיידל שטייט לעבן טישל; אַרום איר — „קאַ־בע״־קאַלעפאַקטאָרינס! לענגאויס דער וואַנט ציט זיך אַ שווייגנדיקע ריי פון נאַקעטע מיידלעך. אַלעמענס אויגן קוקן. דאָס מיידל ביים טישל קוקט אויף דעם שטיקל גלאָז, וואָס ליגט אונטערן „אויג״ פון שוואַרצן מיקראָסקאָפּ. דאָרט — אויף דעם שטיקל גלאָז, ליגט איצט אויפגעשמירט איר לעבן; דאָרט — אויף דעם שטיקל גלאָז, הענגט איצט דער צאַפּל פון איר אָטעם, ווי אַ פישל אויפן האַקן פון דער פאַנג־בייטש: צי וועט עס, דאָס לעבן — איר אייגן לעבן, וואָס ליגט אויפגעשמירט אויפן שטיקל גלאָז — זי פאַרראַטן?... צי וועט די אייגענע פייכטקייט פון איר בויך זי איצט אַוועקשיקן צום טויט?... נאָך אַ סעקונדע וועט זיך דער אַראָפּגעבויגענער קאָפּ פון דער סלאָוואַקישער אַרצטין צוריק אַרויפהייבן פון שוואַרצן מכשיר: צי וועט דער אַרויפגע־הויבענער קאָפּ באַלד אַ רוף טון אַ צווייט מיידל צום אונטערזוכן, אָדער צי וועט דער אַרויפגעהויבענער קאָפּ אַ קוק טון אויפן נומער, וואָס איז אויסגעקריצט אויף איר ברוסט, און באַלד זיך אַריבערבייגן מיט דער בליי־פעדער איבער דער טויטן־ליסטע, וואָס ליגט לעבן מיקראָסקאָפּ?...

אינדרויסן, ביי דער טאָפּלט־צוים, וואָס ציט זיך לעבן שטעכל־דראָט, זיצן אַ גרופּע מיידלעך פון דער „בלומען־קאָמאַנדאָ״ און זענען באַשעפטיקט ביים פלעגן די בלומען. זיי רעדן הויך, זאָרגלאָז, קלינגענדיק־פריי. זייערע קולות רייסן זיך אַריין דורכן פענצטער ווי דער אינטענסיווער זשום פון ערשטע פרילינגס־פליגן; ווי אַריינגעפלויגענע גרוסן פון

פעלד־פּריקיִיט; פון דאָרפישע פּרימאָרגנס. דער עכאָ פון זייער פלאַפּלעריי שוועבט איצט אַרום איבער די קעפּ פון די נאַקעט־שטייענדיקע מיידלעך; איבער דעם שוואַרצן מכשיר אויפן טיש, און איבער דעם שווייגנדיקן, אַראָפּגעבויגענעם אַלאַ־גאַרסאָן־געשוירענעם קאָפּ פון דער אַרצטין. דאָס זשומענדיקע פלאַפּלעריי פליט איבערן ליידיקן שטח, צווישן דער ריי וואַרטנדיקע מיידלעך און דעם ווייסן טישל פון דער אַרצטין; איבער די שטייפע אַקסלען פון די קאַלעפּאַקטאַרינס — וועלכע שטייען ווי אַ לייב־וואַך, און וואָס מען ווייסט נישט און מען דערקענט נישט אויף זייערע פּנימער וועגן וואָס זיי טראַכטן; דאָס זשומענדיקע, זאָרגלאָזע פלאַפּלעריי גליטשט זיך איבער דער שטומער וואַנט, וואָס טיילט אַדורך דעם בלאָק; און איבער דער קלאַמקע פונעם טירל, וואָס עפנט זיך בשעתן אַריינלאָזן די אָנגעשטעקטע, און פאַרמאַכט זיך צוריק הינטער זיי — ביז דער אויטאָ קומט אָן זיי אָוועקצופירן.

דאַניעלאַ קוקט אַרויס דורכן פענצטער. די מיידלעך פון דער „בלו־מען־קאָמאַנדאָ" טראָגן רויטע פּאַטשיילעס אויף די קעפּ. זיי זיצן אַראָפּ־געבויגענע איבער די בלומען־בייטן. זיי שערן אָוועק די בלומען, וואָס, וואַקסנדיק, הייבן זיי זיך אַרויס העכער פון אַנדערע, אָדער בייגן זיך אַרויס אין אַ זייט. די בייטן דאַרפן וואַקסן גלייך! קאַנטיק! מיט גענויער פּינקטלעכקייט און סדר. דער בלומען־בייט דאַרף אויסקוקן ווי אַ רויטער שטראָם, וואָס פליסט איינהייטלעך־גלייך אין אַ קאַנטיקע בלעך־פאָרעם.

דאַניעלאַ קוקט אַרויס דורכן פענצטער. די רויט־באַטיכלטע קעפּ פון די פלעגערינס קוקן פלוצלונג אויס אין אירע אויגן — ווי אַרויסגע־וואַקסענע בלומען. עס בעט זיך צו נעמען אַ שער און זיי אָפּשערן. זיי פאַרדאַרבן די גלייכע סימעטריע פון דער בייט.

זיי, די מיידלעך פון דער „בלומען־קאָמאַנדאָ", וועלן אָוודאי זיין די לעצטע דאָ אינעם לאַגער. זיי וועלן אפשר דערלעבן די פריי. עלזע האָט זיי אויסגעקליבן צו דער פונקציע. זיי האָבן באַהאַלטן אינעם מויל ברי־ליאַנטענע פאַרלאָבונגס־רינגעלעך; עס איז זיי געלונגען די בריליאַנטן אַריינצופירן אינעם לאַגער. דאָס האָט זיי דערנאָך געראַטעוועט.

אינעם בעט, אונטערן האַלץ־שניצעכץ, ליגט איר מעדאַליאָן מיטן גאָלדענעם קייטעלע. „וואַרף אָוועק דאָס דרעק!..." אַן אויסטערלישער נס

איז איר דעמאָלט געשען! אַז מען וועט איבערפירן דעם לאַגער, וואָס וועט דעמאָלט זיין מיט די מיידלעך פון דער „בלומען־קאָמאַנדאָ?״ איצט זענען זיי פריי. זיי לעבן איבער אַנדערע. נאָר, אַז עס ווערט פריי אַ בעט אינעם ראָזע־בלאָק, נעמט מען סיי ווי באַלד אַריין איינע פון דער „בלומען־קאָמאַנדאָ״.

ניין! דאָס גאָלדענע קייטעלע וועט זי נישט רירן! — — — זי איז אַהיימגעקומען פון דער שול. מיטיקצייט. די טעלערס עסן זענען געשטאַנען אויפן טיש. פּאַ האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין שטול, ער איז צוגעגאַנגען צום בענקל, ווו זי איז געזעסן, געשטאַנען הינטער איר: „מאַך צו די אויגן, דאַנישו!״ זי האָט געפילט זיינע פינגער אויף איר האַלדז. ער האָט איר אָנגעטון דאָס קייטעלע מיטן מעדאַליאָן, די מתנה צו איר דרייצן־יעריקן געבורטס־טאָג. ער האָט איר געקושט דעם נאַקן, אויפן אָרט ווו דאָס קייטעלע ווערט פאַרשלאָסן; דאָרט ווו עס האָט איר אַמשטאַרקסטן וויי געטון דער שמייך פון עלזעס געפלאָכטענער בייטש. „מאַך אויף די אויגן, דאַנישו!״ — האָט ער געזאָגט.

זי האָט געעפנט די אויגן — —

די ריי רוקט זיך נענטער צום טישל. די שוין־אונטערזוכטע מיידלעך לויפן אַרויס פון בלאָק מיט באָרוועסע פיס, די לאַגער־שירצן אין די הענט, צופרידענע, שוויגנדיקע. די בלומען־פלעגערינס רוקן זיך, אינדרויסן, וואָס אַמאָל ווייטער אַוועק פון פענצטער. דער עכאָ פון זייער פלאַפּלעריי דער־גרייכט איצט דאָ אַהער ווי דאָס אויסגייענדיקע זשומעריי פון אַן אַרויס־געפלויגענער פליג אויף דער צווייטער זייט פון אַ געעפנט פענצטער. דאָס מיידל ביים טישל האָט באַקומען אַ קלינגענדיקן פּאַטש אינעם פּנים פון דער אַרצטין: זי איז נישט געשטאַנען אויסגעבויגן ווי מען דאַרף בשעת דער אונטערזוכונג. זי האָט געוואָלט אָפּנאַרן דער אַרצטין. זי האָט געוואָלט אויסמיידן דעם „טאַמפּאָן״. אַז דער „טאַמפּאָן״ וועט נישט אַריינ־דרונגען טיף אין איר פרויען־גליד בשעת דער אונטערזוכונג, וועט ער איר דער־נאָך נישט קענען פאַרראַטן. אַלע פילן דעם פּאַטש אויף דעם אייגענעם פּנים. פונדערווייטנס טוט דער פּאַטש מער וויי, ווייל די מורא פאַר אים טוט מער וויי ווי דער פּאַטש גופא. עס האָט ווייניק געפעלט, און די שיסל מיטן געפּאַרבטן וואַסער וואָלט זיך איבערגעקערט. די אַרצטין איז אויפ־

גערעגט. און אַז די סלאָוואַקישע אַרצטין איז אויפגערעגט, ווערט דער פּחד צווישן די שטייענדיקע מיידלעך אין דער ריי נאָך גרעסער. די וועלכע דאַרפן ערשט צוקומען צו דער קאָנטראָל, קוקן בייז צו דעם מיידל, וועלכע האָט געוואַגט זיך צו ווענדן ראַטעווען אויף אַזאַ אופן, און דערמיט גורם געווען, אַז די אַרצטין זאָל זיין אויפגערעגט. וואָלט זי כאָטש געווען די לעצטע אין דער ריי, וואָלט עס זיי נישט געאַרט.

דאַניעלאַ טראַכט:

פעלאַ האָט איר געלערנט ווי אַזוי זיך אויפצופירן בשעת דער פאַר־ווײַלונגס־דינסט; ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן כדי נישט אָנגעשטעקט צו ווערן: זי, דאַניעלאַ, דאַרף קודם כל אַנטקעגנלויפן דעם דייטש! זי גופא דאַרף זיך אים אָנבאָטן — וועט אים קיינמאָל נישט איינפאַלן איר צו מאַכן אַ „מעלדונג”, אַפילו זי וועט אים דערנאָך אָפּנאַרן. זי וועט קיינמאָל נישט קענען זיין אַזוי ווי פעלאַ. פעלאַ איז אַ גליקלעכער מענטש. פעלאַ איז אַ שטאַרקער כאַראַקטער; אָן פּחד. זי, דאַקעגן, איז, ווייזט אויס, אַ שוואַכלינג. וואָס זאָל זי טון? זי קען זיך נישט העלפן. אזוי איז זי. פעלאַס געשיכטע מיטן דייטשן אָפיציר קען זי ביזן היינטיקן טאָג נישט באַגרייפן. זי קען דאָס נישט פאַרשטיין. זי וואָלט אַזעלכעס נישט געוואַגט. זי וואָלט מורא געהאַט. זי? — פאַרוואָס בלויז זי? — קיין איינע פון די מיידלעך, דאָ, וואָלט אַזעלכעס נישט געוואַגט. ווען זי ווייסט נישט ווי עס קוקט אויס די „פאַרווײַלונג”, וואָלט זי אַזעלכעס אפשר נאָך געקענט גלויבן. ניין! זי וואָלט אַזעלכעס בשום אופן נישט געוואַגט. זי קען זיך דאָס אַפילו נישט פאָרשטעלן. פעלאַ! — פעלאַ איז אַ גליקלעכער מענטש!

דער ס. ס.־מאַן אויף דער בריק שטייט אַריבערגעבויגן איבער דעם האָלצערנעם אָנלען. ער וואַרפט קרישקעס ברויט צו די צוויי ווייסע שוואַ־נען, וועלכע ריטשן זיך אויפן שפיגל פון דער אָזערע. די ריי רוקט זיך וואָס אַמאָל נענטער צום טישל. די נאַקעטע אָרעמס פון די מיידלעך קוקן אויס ווי אויסגעצויגענע העלדזער פון ווייסע שוואַנען.

„שילערינס און שילער, באַפרייטע פון לימודים, פעריען־צייט, שטייען אויפן הילצערן בריקל פון קאָנגרעסיער שטאָט־פאַרק. זיי וואַרפן שטיקלעך ברויט צו דער שוואַן, וואָס שווימט אויף דער אָזערע פון פאַרק”... רישאַ מייערטשיק האָט באַקומען דעם ערשטן פּרייז, נאָר דער שול־דירעקטאָר

האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז דאַניעלאַס שוואַן־באַשרייבונג איז בעסער פון רישאַס באַשרייבונג וועגן באַלטישן ים. דאָס בלוט איז גערונען דורכן אַרבל פון רישאַס מאַנטל. דער טאָג־בוך ליגט אויף פרוי העלערס קאַפּל־אויוון... פאַר דער טאַלאַנטירטער דאַניעלאַ — פון דיין ברודער האַרי". דאָס מעשענע שילדל אויף דעם טאָוול פון איר טאָג־בוך האָט איר אָפּגעראַטעוועט פון טויט אויפן יאַבלאָווער שטאָט־מאַרק. „זאָלסט שטענ־דיק אַריינשרייבן שיינע זאַכן אינעם העפט". — האָט האַרי געזאָגט. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן אים פאַרשיקט ערגעץ אין אַ לאַגער, אין טיף־דייטשלאַנד.

די קאַלעפאַקטאָרינס פירן צו אַ פריש מיידל צום טישל. די צוויי שוואַנען שווימען אין דער פענצטער־ראַם פון „קאַ־בע"־בלאָק. זיי גליטשן זיך אויפן שפּיגל פון דער אָזערע ווי אַ צווילינג. הינטער זיי — די בריק. אָט איז די בריק!... די זעלבע בריק!...

— — — זי שטייט ביים ברעג פון אַן אומבאַקאַנטער אָזערע... די שוואַן טאָפּלט זיך... צוויי שוואַנען שווימען אַנטקעגן צו איר... האַרי שטייט געהילט אין ווייסן. קוקט מיט אָפענע, פאַרשטיינטע אויגן... מען יאָגט זיך נאָך איר... די שוואַנען שפּרייטן אויס ווייסע פליגל. זי לויפט צו זיי — —

צוויי קאַליפאַקטאָרינס האָבן זי אָנגעכאַפּט ביי די הענט: באַלד וועט זיין פאַרענדיקט די אונטערזוכונג פון דעם מיידל, וואָס איז פאַר איר. דאָס פּאָדער־מיידל ביים טישל וועט באַלד אַוועק. דאַניעלאַ דאַרף שוין שטיין גרייט. די אַרצטין קוקט אינעם מיקראָסקאָפּ. די אַלאַ־גאַרסאָן־גע־שוירענע האָר פון איר אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ זענען אַשיק, טיילווייז שוואַרץ, ווי נישט אויסגעברענטער קויל. איר נאַקן איז רויטלעך און אָפּגעראַזירט אויף אַ מענערישן שטייגער. דאָס נאַקן־פלייש שרעקט אַרויס מיט אַ מאָדנעם פחד, ווי קיין מענטשן אויף דער וועלט וואָלטן נישט געהאַט נאַקנס. די שוואַרצע רונדיקע רער פון מיקראָסקאָפּ דערמאָנט אין דער רונדיקייט פון שוואַרצן ס. ס.־הוט אויפן קאָפּ פון הויפּט־אַרצט אינעם „וויסנשאַפטס־בלאָק".

דאָס פּאָדער־מיידל לעבן טיש קוקט אויפן שטיקל גלאָז, וואָס ליגט הינטערן אויג פון שוואַרצן מכשיר: צי וועט די אויפגעשמירטע פייכטקייט פון איר אייגן לייב שיקן זי איצט צום טויט?...

דעם מיידלס אויגן פינטלען, קוקן און פינטלען.

דער קאָפּ הייבט זיך אויף פון מכשיר. אַ מאַך מיטן פינגער — דאָס מיידל איז אַוועק! עס טיילט איצט גאָרנישט מער אָפּ צווישן דאַניעלאַן און דעם אַלאַ־גאַרסאָן־געשוירענעם קאָפּ. אָט קוקט די אַרצטין צו איר: אפשר האָט זי איר דערקענט?... אָ, גאָט!... דאָס מויל פון דער אַרצטין קוקט אויס ווי דאָס מויל פון אַ פיש. די ווינקלען טיף אַראָפּגעלאָזט. פאַר־וואָס קוקט זי אַזוי?... זי האָט זי אויף געוויס דערקענט! זי וועט איצט הייסן זי אַריינפירן הינטער דער פאַרמאַכטער טיר פון דעם דורכגע־טיילטן בלאָק... אפשר לעבן די אָנגעשטעקטע אינעם שפּיטאָל?... די קאָ־ליר פון געפאַרבטן וואַסער אין דער שיסל מישט זיך אויס אין אירע אויגן מיט אַלע זאַכן, וואָס געפינען זיך אויפן טיש. פון אומעטום קוקט צו איר צוריק דאָס מויל פונעם פיש. נישטאָ ווו די אויגן צו באַגראָבן. וואָס טראַכט איצט דאָס פאַרמאַכטע פישן־מויל? פאַרוואָס קוקט אַזוי די אַרצטין אויף איר?... וואָס זעט זי אויף איר קערפּער?...

דער אויבערשטער טייל פון פיש־מויל שטאַרצט זיך פּאַמעלעך אַרויף. אַ שמייכל:

— ס׳אַראַ ברוינקייט פון אַ לייב!... ברוין ווי אַ מונדיר פון אַן ס. ס.־מאַן!... ס׳אַרע אויגן!! ס׳אַרע קערפּער־ליניע!... קום אַהער נענטער, זונה! קום אַהער צו דער אונטערזוכונג!...

זי האָט זי נישט דערקענט!... זי זאָל זיך נאָר נישט דערמאָנען!... אָ, גאָט!...

די הענט פון דער אַרצטין שמירן מיט דעם „טאַמפּאָן" איבערן שטיקל גלאָז, בשעת אירע אויגן קריכן נישט אַראָפּ פון דאַניעלאַס קערפּער. גאָט אין הימל!... זי זאָל זיך נאָר נישט דערמאָנען!... זי זאָל זיך נאָר נישט איצט נוקם זיין פאַר דעם קאָפּע אינעם בויך, וואָס זי האָט געקראָגן צוליב איר: „אַזאַ בלום שיקט מען צום שטיין־ברוך?... „האַרי האָט איר שטענדיק געשריגן: „מיין שיינע בלום!... פעלאַ האָט איר געוואָרנט, זי זאָל זיך היטן נישט אָנגעשטעקט צו ווערן! וואָס געפינט זיך דאָרט אויפן שטיקל גלאָז?... דער אַלאַ־גאַרסאָן־קאָפּ קוקט דערויף מיט איין אויג דורך דער שוואַרצער רער, דאַניעלאַ זעט גאָרנישט. אַ ליידיק שטיקל גלאָז. פונדעסטוועגן פילט זי, אַז די אַרצטין קוקט איצט אַריין אינעווייניק, אין איר בויך, כאָטש זי שטייט פון דער ווייטנס; און כאָטש איר בויך איז פאַרמאַכט. „זי זאָל

זיך היטן!״ ווי אַזוי זאָל זי זיך היטן? פעלאַ וואָלט זיך געקענט היטן. פעלאַ קען אַלץ. ווי קוקט אויס דאָרט אינעווייניק, אויף דער צווייטער זייט וואַנט פון אַ דורכגעטיילטן בלאָק? צי וועט נאָר פעלאַ געדענקען אַרויס־צונעמען דעם העפט מיטן מעדאַליאָן פון איר בעט? פעלאַ וואָלט דאָס אפשר געקענט, נאָך דער מלחמה, איבערגעבן צו אירע עלטערן אַ זכר פון איר. דער נאַקן פון דער אַרצטין איז אָפּגעראַזירט ווי ביי אַ מאַנסביל. די קאַ־לעפּאַקטאָרינס האָלטן שוין דאָס מיידל הינטער איר ביי די הענט. וויבאַלד דער קאָפּ וועט זיך אויפהייבן פון מיקראָסקאָפּ וועלן זיי דאָס מיידל אַהער פירן אויף דאַניעלאַס אָרט. אָט איז די בריק!... די זעלבע בריק אויף אַזאַ אָזערע האָט זי שוין אַמאָל געזען. ווו זענען אַוועקגעשוווּמען די שוואַנען?... דער שפּיגל אויף דער אָזערע איז ליידיק. דער קאָפּ האָט זיך אויפגעהויבן... די אויגן שטעכן זי אַדורך... אַ מויל ווי ביי אַ פיש... „אַ ברוינע לייב־קאָליר ווי דער מונדיר פון אַן ס. ס.־מאַן...״ זי זאָל זי נאָר נישט דער־קענען!... אָ, גאָט! זי זאָל זיך נאָר נישט דערמאָנען!...

די אַרצטין האָט אַ מאַך געטון מיטן פינגער:

— פאַרשווינד!...

זי איז געזונט!... זי איז פריי!...

זי האָט געפילט, אַז טיף אין איר פרייט זיך עמעצער, און איז גליקלעך.

## קאַפּיטל פינף און פערציק

# אפּגעחתמעט דער גורל

אַז דאַניעלאַ איז נאָר אַרויס פון „קאַ־בע"־בלאָק, האָט זי געטראָפן פעלאַן אינדרויסן שטיין לעבן בלאָק אָפּוואַרטנדיק איר אַרויסקומען. פעלאַס פנים איז געווען ערנסט. עפּעס האָט פּאַסירט! — האָט איר אַ שטאָך געטון אינעם האַרץ. פעלאַ קומט נישט צולויפן אין מיטן טאָג פון דער אַרבעט, סתם־אַזוי, אומזיסט. דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז איר אַדורך אינעם מוח איז געווען: צי האָט פעלאַ נאָר נישט, חלילה, פאַרלוירן די „פונקציע!..."

— ביזט איצט פריי, פעלאַ? — האָט זי געפרעגט.

— קום, באַגלייט מיך שנעל צום טויער פון לאַגער! איך דאַרף צו־ריקלויפן צו דער אַרבעט!

דאַניעלאַ האָט אָפּגעאָטעמט: גאָט צו דאַנקען!... די שרעק בשעת דער געזונטהייטס־קאָנטראָל האָט איר, ווייזט אויס, צעמישט די געדאַנקען.

נאָכן אַרויסקומען פון „קאַ־בע"־בלאָק האָט דער לאַגער פּלוצלונג אויסגעזען אַנדערש ווי שטענדיק — פרייער. דער לאַגער־וועג וואָס איז געווען בערך אַ מייל־לאַנג, האָט איצט אויסגעזען — אומענדלעך.

נאָך דער שטומער, גלאַטער וואַנט אַנטקעגן די אויגן אינעם „קאַ־בע"־בלאָק, האָט דער הימל איבערן לאַגער־פּלאַץ איצט פּלוצלונג אויסגעזען — ווי אַ הימל; הויך און אומענדלעך. די שטעכל־דראָטן צוים לעבן די לאַגער־זייטן האָבן איצט אויסגעזען קליין און נישטיק אַנטקעגן דעם הימלס האַריזאָנט.

פון בלאָק 8 זענען די מיידלעך אַרויסגעלאָפן צום סטאַוו מיט עס־כלים אין די הענט כדי צו וואַשן זיי פאַרן געשיר־אַפּעל. אַ סך ליכט איז איצט געלעגן אויפן לאַגער־פּלאַץ. לעבן בלאָק 7 האָבן מיידלעך געשטויבט זייערע דעקן. ביי יעדער דעק — צוויי מעדלעך: איינע פון דער זייט, און איינע פון דער צווייטער זייט, די שפּיצן פון די דעקן אין די הענט, און געשאָקלט זיי אין דער לופט. די געדעמפּטע קלעפּ וואָס די דעקן האָבן פון זיך אַרויסגעבראַכט בשעתן שאָקלען זיי, האָבן דערמאָנט: באַלקאָנען און גאַניקעס אויף וועלכע מען האָט אין דער היים געקלאַפּט בעט־צייג; זיי האָבן דערמאָנט — הויפן, אָפענע פענצטער, הויכע הייזער פון מענטשן באַווינטע; די אידיליע פון זומער־פרימאָרגנס.

מיידלעך פון בלאָק 8 זענען געלאָפן צום סטאַוו מיט באָרוועסע פיס. די זון האָט זיך צעברעקלט צווישן די לידקעס פון זייערע פיס, און עס האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געלאָפן, טרעטנדיק מיט די פיס, אין אַ קאַלוזשע פון קוועק־זילבער. איין רגע האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז דאָ איז אַ זומער־קאָלאָניע פאַר שילערינס ערגעץ אין אַ געבענטשט זוניק ווינקל אויף גאָטס ערד.

— מאָרגן דאַרפן אַרויספאָרן עטלעכע מיידלעך צו די דייטשן אין אַרבעטס־לאַגער נידערוואַלדען, — האָט פעלאַ געזאָגט. — איך האָב מיך, וואָס אַן אמת, געשלאָגן מיט דער דעה אויב איך זאָל דיר דאָס דערציילן. נאָר איך בין נאָר וואָס געוואויר געוואָרן, אַז יאַגאַ וועט דאָס מאָל אָנפירן מיטן טראַנספּאָרט, ווייל זי פאָרט דאָרט אַהין צו איר געליבטן — דער לאַגער־קאָמאַנדאַנט פון נידערוואַלדען. אויב דו ווילסט דווקא פאָרן, וועל איך ריזיקירן צו רעדן מיט יאַגאַן זי זאָל ווידעראַמאָל צערייסן די „מעל־דונג", אויב דו וועסט דאָרט אַזעלכעס באַקומען. אַ וויסטן שגעון האָסטו דיר אַריינגענומען אין קאָפּ, דאַניעלאַ.

זי האָט זיך אָנגעלענט אויף פעלאַס זייט. זי האָט זי אָנגענומען ביים אָרעם. זי איז געגאַנגען ווי אַ קראַנקער, וואָס ווערט געפירט פון אַ געזונטן. די לאַגער־שירץ איז געווען אויפגעקנעפּלט אויף איר לייב. די שיך זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די שיך־בענדלעך אין איר צווייטער, אַראָפּ־געלאָזטער האַנט. זי האָט זיך נאָך נישט באַוויזן ריכטיק צוריק אָנצוטון נאָך דער געזונטהייטס־קאָנטראָל אין „קאַ־בע"־בלאָק. זי האָט איצט געפילט

די לאַגער־ערד אונטער די נאַקעטע פּיאַטעס פון אירע פיס, און איר נשמה האָט אין זיך אַריינגעזויגן די לופט פון דער דאָזיקער ערד. זי האָט געזאָגט:

— איך וואָלט דיר נישט מוחל געווען ווען דו דערציילסט עס מיר נישט.

— מוחל־שמוכל, עס איז אַ וויסטער שגעון, זאָג איך דיר. ווען יאַגאַ פאָרט נישט דאָס מאָל מיט, וואָלט איך דיך מער נישט געלאָזט זיך מעלדן פרייוויליק. אַפילו ווען איך זאָל וויסן, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן פירן די דייטשן אַוועק דעם לאַגער פון דאַנען.

פון דרויסן, לעבן דער „וויסנשאַפטס־אינסטיטוט"־אַלייע, האָבן מייד־לעך פון דער „בלומען־קאָמאַנדאָ" געגאָסן וואַסער פון ראָזע־געפאַרבטע זייערס אויף די דרויסנדיקע בלומען־בייטן. אינעווייניק, הינטער דער פאַר־צוימטער שטעכל־דראָט, האָבן זיי נישט געטאָרט אַריינגיין, די קראַנקנ־שוועסטער פון „אינסטיטוט", וועלכע זענען זיך מטפל מיט די עקספּערי־מענטן־שטיקער, זיי פלעגן אויך די בלומען און פלאַנצן, וועלכע וואַקסן דאָרט. דעם „אינסטיטוט" גופא זעט מען נישט אַרויס, אַזוי ווי מען זעט נישט אַרויס דעם קאָפּ־שיידל פון הינטער אַ שיינער האָר־פריזור. דער „אינסטיטוט" איז פאַררוקט ווייט אין די שאָטנס פון דער אַלייע, איינגע־טונקען צווישן בלומען און גרינס. בלויז אַ קליין שילדל הענגט אויף דעם שטעכל־דראָטענעם טויער פון דער אַלייע:

„אינסטיטוט פאַר היגיענע און וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג".

— איך וועל מיר דאַרפן שאַפן אַ האַלב־ברויט. במשך דער וואָך וועל איך דאָס קענען צוריקצאָלן מיט מיינע טעגלעכע ברויט־פּאָרציעס — האָט דאַניעלאַ געזאָגט.

— איך בין געוויר געוואָרן, אַז אין נידערוואַלדען איז דער לאַגער נאָענט מיט די דייטשע וווינונגען. דורך דעם דאָרטיקן „יודען־עלטסטן", אָדער דורך אַן אַנדערן „פונקציאָנאַר", וועלכער געפינט זיך בייטאָג אינעם לאַגער, וועסטו אפשר קענען עפּעס געוווּיר ווערן וועגן האַרין. איך פון מיין זייט וועל במילא צוגרייטן יאַגאַן דערצו. אויב יאַגאַ וועט האָבן אַ משוגענע מינוט, קען זי דיר אפשר דאָרט אויך צוהעלפן דעריין. איך וועל פרוון פאָרזיכטיק די זאַך צוצוגרייטן. נאָר געדענק: עס איז אַ שפּיל מיטן

טויט! דו קענסט נישט אומגיין מיט די דייטשן. אויף דיר קען מען זיך נישט פאַרלאָזן...

— איך האָב נישט וואָס צו פאַרלירן. — האָט דאַניעלאַ שטיל געזאָגט.

— פּיעשטשע דיך נישט! דו ביזט דאָ נישט קיין בית־יחידה! אויב דו וועסט דיך וויסן ווי אַזוי צו היטן בשעת דער „פאַרוויילונגס־דינסט״, און אויב דו וועסט דיך וויסן ווי אויסצובאַהאַלטן פון עלזעס אויגן — וועלן מיר נאָך צוזאַמען פאָרן קיין קאָנגרעסיאָ. וועסט זען וואָס פאַר אַ לעבן מיר וועלן מאַכן נאָך דער מלחמה. דאָס בלוט וועט רינען פון די יודענראַט־קעפּ...

דאַניעלאַ איז געבליבן שטיין ביים סוף וועג. דאָ פאַרענדיקן זיך די בלאָקן. פּעלאַ איז אַוועק צום אינערלעכן לאַגער־טויער.

— פאַרן לעצטן גאַנג וועל איך אַריינקומען צו דיר אינעם בלאָק אַריין, האָט פּעלאַ גייענדיק נאָכאַמאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

און זי איז אַוועק.

***

דער פּלאַץ ווו זי איז געשטאַנען איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט פיר־קאַנטיקע שטיינער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און גענומען אָנטון די שיך. „נאָר נישט טראַכטן וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג!״

— האָט זי געבעטן ביי זיך גופא. — „נאָר נישט טראַכטן דערפון...״

פון פאָרנט האָט זיך געשוואַרצט דער לאַגער־וועג צווישן צוויי שורות ראָז־געפאַרבטע בלאָקן. פונדאַנען האָט דער לאַגער אויסגעזען גאָר אַנדערש — ניי און פרעמד. ווי זי וואָלט אים געזען דאָס ערשטע מאָל. פונדאַנען האָט זי געזען דעם לאַגער אינעם ערשטן טאָג, ווען מען האָט זי אַהערגעבראַכט. איצט ווייסט זי וואָס דאָרט אויבן, צווישן די בלאָקן, קומט פאָר. אַלץ דאָרטן איז אַדורכגעקנאָטן מיט איר לעבן. זי קען עס ווי זי קען איר לייב, ווי זי קען די נעגל פון אירע פינגער: די דאָרטיקע ערד. די בלומען. די פענצטער. די ווענט פון די בלאָקן, און אַלץ וואָס געפינט זיך צווישן די ווענט. זי קען די בריק איבערן סטאַוו; די קאָליר פון וואַסער און דעם שוואַרצן שאָטן פון דעם ס. ס.־מאַן, וואָס דרייט זיך אַרום טאָג און נאַכט אויף דער בריק. פונדעסטוועגן, פון דער וויטנס, דאָ, פון דער זייט,

קוקט איר אַלץ איצט אויס פרעמד און ניי. ווי אירע געדאַנקען וואָלטן פלוצלונג פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן; ווי איר אָריענטאַציע וואָלט זיך גע־קרייציקט. אַ שטייגער ווי איינער בלייבט שטיין ביינאַכט ביי אַ באַלויכ־טענעם סקווער פון אַ גרויס־שטאָט, און ווייסט פלוצלונג נישט אויף וועלכן ווינקל פון סקווער ער געפינט זיך, כאָטש ער גייט טאָג־טעגלעך פאַרביי דעם דאָזיקן פלאַץ אויפן וועג צו זיך אַהיים.

אויף די זעלבע שטיינער איז זי געזעסן בשעת זי איז דאָ אָנגעקומען דעם ערשטן טאָג. פאַרוואָס דערקענט זי נישט מער דאָס אָרט? דאָס זעלבע אָרט האָט זי דאָך דעמאָלט געזען. עס שטייט איר קלאָר און בולט פאַר די אויגן. פאַרוואָס קוקט עס איצט אויס ניי און אַנדערש? אָט איז דער ליידיקער פלאַץ אויף דער לינקער זייט. דעמאָלט האָט זי דעם פלאַץ אויך געזען. זי קען אים גוט — דעם עקזעקוציע־פלאַץ! פאַרוואָס דערקענט זי אים איצט פלוצלונג נישט מער? ווי ער וואָלט נישט געשטאַנען אויף דעם ריכטיקן אָרט. דעמאָלט האָט ער אויסגעזען ווי אַ שיין, אַרומגע־צוימטער טעניס־פלאַץ. אַנדערש קוקט ער אויס — פונדאַנען, און אַנדערש קוקט ער אויס, ווען מען קוקט אויף אים פון דער זייט פון די בלאָקן. פון — דאָרט.

די טאָפּלט־געפילן פון — דעמאָלט, און — היינט, קליידן אָן דעם פלאַץ מיט צוויי פאַרשיידנאַרטיקע אויסזעענס, איינער פרעמד פון צווייטן; איינער אָפּגעטיילט פון אַנדערן. זי קוקט אַרויף צום לאַגער און דערקענט אים נישט. זי קוקט אַרום זיך, און באַגרייפט נישט ווו זי געפינט זיך.

פון קיכן־בלאָק האָט מען אַרויסגעשטעלט אויפן פלאַץ קעסלען הייסע זופּ. באַלד וועט מען די קעסלען טראָגן צו די בלאָקן. מיטיקצייט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט. די שטיינער אויפן פלאַץ זענען געוועזן שיין־אויסברו־קירט. אויף דער רעכטער זייט האָט זיך געצויגן דער וועג צום אַרבעטס־לאַגער. הענטשעל די „לבנה" זעצט דאָרט פאָר דעם ווייטערדיקן בוי פון לאַגער. אין אָנהייב איז אַוודאי הענטשעל דאָ געוועזן. דאָ האָט ער אָנגעהויבן דעם בוי. דאָ, אויף דעם אָרט, ווו זי שטייט איצט, האָבן מיידלעך געריי־ניקט זייערע לאָפּעטעס; איבערגעפירט רעלצן פון אָרט צו אָרט. וויפל טויזנטער מיידלעך האָט דער אויטאָמאָביל פונדאַנען אַוועקגעפירט ביז אָט די שטיינער זענען דאָ געוואָרן אויסגעפלאַסטערט? וויפל מוזלמאַנקעס זענען

פריִער פאַרברענט געוואָרן ביז אָט די בלאָקן זענען דאָ געוואָרן אויפגע־שטעלט? וויפל בלוט פון שילערינס איז צוערשט פאַרגאָסן געוואָרן ביז עס איז דאָ אַרויסגעוואָקסן איין־איינציקע רויטע בלום?

זי איז געגאַנגען מיטן וועג אַרויף צו צו די בלאָקן.

זי האָט געקוקט צו דער זייט פון אַרבעטס־לאַגער: „אין הימל בויט מען אַן אויטאָמאָביל־סטראַדע. — קריך אַריין, מיין ליבכען, אין אויטאָ, וועסט דאָרט צוהעלפן בויען. נאָר פאַרגעס נישט צו זאָגן, אַז דו האָסט פאַרענדיקט די שולע ביים שאַכט־מייסטער פריץ הענטשעל...״ — וויצלט זיך דאָרט די „לבנה״. אַמאָל האָט ער דאָס זעלבע געזאָגט דאָ, אויף דעם אָרט, אויף וועלכן זי גייט איצט; אַמאָל איז דאָ, אויף דעם אָרט, געווען הענטשעל די „לבנהס״ בוי־שטעלע. וויפל מיידלעך זענען פונדאַנען גע־קראָכן אינעם אויטאָמאָביל אַריין כדי צו העלפן בויען אינעם הימל די אויטאָ־סטראַדע? „דו ביזט נישט דאָ קיין בית־יחידה! אַז דו וועסט וויסן ווי דיך צו היטן בשעת דער פאַרוויילונגס־דינסט וועט מען נאָך דער מלחמה צוזאַמען פאָרן קיין קאָנגרעסיאַ...״ מאָרגן דאַרף זי זיך מעלדן פריי־וויליק צו פאָרן צו די דייטשן קיין נידערוואַלדען.

די גאַנצע זאַך האָט איצט אויסגעזען אין אירע אויגן אומניצלעך און איבער אירע כוחות. פּלוצלונג האָט זיך איר פאַרבענקט צו יענע, וועלכע זענען דאָ אַמאָל געווען, און זענען שוין אַוועק; נישטאָ מער.

אויפן האָריזאָנט האָט זיך געצויגן אַ ווייסער וואָלקן און זיין עק האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די רויטע ליניעס פון די לאַנגע בלומען־בייטן. „אויף דיר, דאַניעלאַ, קען מען זיך נישט פאַרלאָזן. דו קענסט דיך נישט אומגיין מיט די דייטשן...״ פונוואַנען וועט זי איצט נעמען אַ האַלב־ברויט?

זי איז געגאַנגען מיטן וועג אַרויף צו צו די בלאָקן.

## קאַפּיטל זעקס און פערציק

# פּלאַימדיקע געסט

— העי, סאַניטעטער! קאָם מאַל הער!

האַרי איז אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן בלאָק־טויער, פונוואַנען ער האָט פריִער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ כדי בעסער צו זען. ער איז אַרויסגעגאַנגען, ווי עס גייט אַרויס אַ ייִד בשעת אַן „אַקציע" אינעם געטאָ פון אַ באַהעלטעניש, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן שוין אַנטדעקט דאָס לאָך, וווּ ער איז געווען באַהאַלטן.

— לאָדן־אויף דאָס „דרעק"!... — האָט דער ס. ס.־מאַן באַפוילן.

דער אויטאָמאָביל איז געשטאַנען לעבן דער „לייכן־קאַמער". אַז האַרי האָט דערהערט דעם רעש פון אָנקומענדיקן אויטאָמאָביל, האָט ער זיך בשום אופן נישט געקענט איינהאַלטן. ער איז צוגעלאָפן צום טויער פון בלאָק כדי אַרויסצוקוקן; באַגלייטן מיט די אויגן צום לעצטן מאָל די ביינער פון זיינוול לובלינער. אַ שטייגער, אויב ער וועט דאָס נישט טאָן — וועט דאָס דאָרטן זיינוולען פעלן; און אויב ער וועט דאָס יאָ טון — וועט זיינוולען צוליב דעם לייכטער זיין דאָרטן, וווּ מען פירט אים אַוועק.

דער ס. ס.־מאַנישער שאָפער האָט באַמערקט האַריס קאָפּ אַרויסקוקן פון הינטערן בלאָק־טויער. ער האָט אים גערופן, ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הינטערשטע קלאַפּע פון אויטאָ. „לאָדן אַרויף דאָס „דרעק!" — האָט ער באַפוילן. און ער איז אַוועק צו די דייטשע וווינונגען.

דער אויטאָמאָביל איז געווען פאַרהאָנגען מיט שוואַרצן ברעזענט, אינעווייניק איז געווען טיף און טונקל. אויבן־אָן, אַנטקעגנאיבער דער

עפענונג, איז געווען אַ הויפן סקעלעטן; נאַקעטע ביינער. דער הויפן איז געווען אָנגעלייגט מיט אַ סדר, ווי אַ באַרג קאַרטאָפל, נישט צעשפּרייט, פּאַכמעניש אָנגעוואָרפן אין דער הויך. דער באָדן פון אויטאָמאָביל האָט נאָך אויסגעזען גוואַלדיק ליידיק און לער. אַ סך „דרעק" פון אַ סך לאַגערן דאַרף אָט דער אויטאָמאָביל נאָך היינט אין זיך אַריינגעמען. מען דאַרף דעריבער לאָדענען מיט שׂכל. פּאַכמעניש.

די סקעלעטן זענען געלעגן נאַקעטע. אַ פּאַרפּלאָנטערטער באַרג פון הענט און פיס. נישט מעגלעך צו דערקענען צי זענען דאָס פרויען אָדער מענער. ביינער. ביינער. ביינער. אַפילו די קעפּ קוקן אויס ווי אָפּגעשיילטע לאַנגע ביינער.

די טויטע פון דער לייכן־קאַמער דאָ, אין זיין לאַגער, קען ער אַלע. ער ווייסט ווען זיי זענען געשטאָרבן, און ער ווייסט ווי אַזוי זיי זענען געשטאָרבן. נעכטן, אייערנעכטן, זענען אַ סך פון זיי נאָך געווען ביי אים אין דער קראַנקען־שטובע. ער געדענקט זייער קול, כאָטש זיי שווייגן איצט. ער געדענקט ווי אַזוי יעדער פון זיי האָט ערשט נעכטן צו אים געפּישטשעט. ער געדענקט אַפילו די קאָליר פון די גאַנגרענעס אויף זייערע לייבער. און די, וועלכע זענען מער נישט אַריינגעקומען צו אים אין דער קראַנקען־שטובע — ווייסט ער אויך ווי אַזוי זיי זענען געשטאָרבן. אַפילו די, וועלכע מען האָט געברענגט צו שלעפּן טויטע פון דער בוי־שטעלע — ווייסט ער אויך ווי אַזוי זיי זענען דאָרט געשטאָרבן; ווי אַזוי זיי זענען געפאַלן מיט דער לאָפּעטע אין די הענט אויף דער ערד פון דער בוי־שטעלע, און די אַכזריותדיקסטע קלעפּ פון קאַפּאָ האָבן זיי אויך נישט געקענט צוריק אויפשטעלן.

די טויטע פון דער לייכע־קאַמער זענען אים אַלע באַקאַנט. אַזוי ווי עס איז אים באַקאַנט דער ריח און די לופט פון זיין אייגענעם לאַגער.

דאַקעגן יענע, וועלכע ליגן דאָרט אויף דער קופּע, אויבן־אָן, אויפן צווייטן עק פון אויטאָ, יענע אַנטהילן־אַרויס פון זיך אַ נייע, אומבאַקאַנטע לופט, ווי זיי וואָלטן מיט זיך דאָ אַהער מיטגעבראַכט דעם ריח פון אומבאַקאַנטע לאַגערן. זיי זענען דיר גאָענט, זייער נאָענט, און דאָך — פרעמד. אין פלוג ביסטו מיט אַלץ גלייך צו זיי! — דו קוקסט אויס ווי זיי! און דאָך זענען זיי פאַר דיר — אַן אַנטפּלעקונג.

ווי אַראָפּגעפּאַלענע פון פאַרשיידענע, פרעמדע פּלאַנעטן וואָלטן זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף אַ פרעמדער ערד.

דו קוקסט אויף זיי און טראַכסט: ווי אַזוי זענען זיי געשטאָרבן?... ווי אַזוי האָבן זיי פריִער געלעבט?... ס'אַרע מיני יסורים זענען דאָרט געווען?... ווי זעט אויס דער לאַגער פון וואַנען זיי קומען?... ווי אַזוי האָבן זיי פריִער גערעדט, און ס'אַרע שפּראַך האָבן זיי פריִער גערעדט?...

דאָ אינעם אויטאָמאָביל, וועלכער שטייט אויפן אַפּעל־פּלאַץ פון דיין אייגענעם לאַגער, קוקן זיי אויס ווי פּלאַדיקע געסט; די טויט־מאַיעסטעטישע מיוחסים. קודם כל ווייל מען האָט זיי דאָ אַהער געבראַכט פון דרויסן, פון יענער זייט שטעכל־דראָט. זיי זענען געקומען פון ערגעץ אַן אָרט, וואָס איז נישט באַקאַנט, כאָטש מען ווייסט, אַז אַזאַ אָרט איז פאַראַן. ווי מען ווייסט אויף איין שטערן וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ צווייטן שטערן; מען ווייסט — אָבער אין דמיון קען מען זיך בשום אופן נישט פאָרשטעלן ווי אַזוי עס קוקט דאָרט אויס.

דער טויט איז אומעטום גלייך, נאָר דאָס געלעבטע לעבן ביז צום טויט — איז פאַרשיידנאַרטיק. אויף דער מאַסקע פון טויטן־פּנים זוכן מיר שטענדיק די שפּורן פון דעם געלעבטן לעבן. נישט דער טויט שרעקט אונדז אויפן פּנים פון אַ בר־מינן, נאָר דאָס לעבן, וואָס האָט פריִער אָט דעם פּנים באַלעבט. מיר זוכן עס, דאָס לעבן; מיר רופן עס אַרויס אין דמיון, מיר ווילן עס זען, כאָטש עס שרעקט אונדז, ווייל — עס איז נישטאָ מער.

מאָדנע. אויף די צוזאַמענגעפּלאָכטענע ביינער פון אַ קופּע טויטע מוזלמענער זוכן מיר אויך די שפּורן פון פריִערדיקן מוזלמאַנישן לעבן: ווי האָט דאָס לעבן פריִער אויסגעזען?... אין ס'אַרע בלאָקן האָבן זיי געעקטעמט?... סאַרע הימל איז דאָרט געווען?... ס'אַרע בוי־שטעלע?... ווי קוקט אויס זייער יודען־עלטסטער?... וויפל פּאָרציעס האָט מען דאָרט אַרויסגעשניטן פון אַ ברויט?...

„לאָדן־אויף דאָס „דרעק!...״

אַלע טויטע אין דער לייכן־קאַמער זענען פּלוצלונג איצט געווען גלייך אין זיינע אויגן. אייגנטלעך האָט ער פריִער בלויז געוואָלט זען אַ לעצטן

מאָל ווי מען פירט אַוועק זיינוול לובלינער. נאָר איצט כאַפּט ער אַרויס פון דער קאַמער ווער נאָר עס קומט אים אונטער דער האַנט. אַז דער ס. ס.־מאַ־נישער שאַפער וועט צוריק אַהערקומען, דאַרפן שוין אַלע זיין אויפגעלאָדנט אויפן אויטאָמאָביל.

פּיניע, דעם געלן איטשע־מאירס זון, איז ביים לעבן אוודאי נישט געווען אַזוי שווער ווי איצט. ווי אַזוי האָבן זיי אויף אים נאָך איבערגע־לאָזט די הויזן? קורצע הויזן אַפילו — אָבער קוקן אויס נאָך צו זיין גוטע. זיינע באָרוועסע פּיס שלעפּן זיך נאָך אויף דער ערד. אַזעלכע לאַנגע פּיס! קיינמאָל האָט מען נישט דערקענט, אַז פּיניע זאָל האָבן אַזעלכע לאַנגע פּיס. אויף דער צווייטער זייט זענען די הויזן באמת לגמרי צעריסן. נישט קיין וווּנדער, אַז מען האָט זיי אויף אים איבערגעלאָזט.

„פּיניע איז אַ תכשיט. אַזעלכע תלמידים ווי פּיניע זענען דאָס שיינדל פון „ישיבת־חכמי־לובלין...״ — האָט הרב שאַפּיראָ, דער גרינדער פון דער ישיבה, געזאָגט. פּיניע איז געווען אַן עילוי.

איצט שלעפּט זיך פּיניעס באָרוועסע פּיס־פּיאַטעס אויפן זאַמד פון אַפּעל־פּלאַץ, ווי ער וואָלט זיך איינגעקשנט, און וויל נישט אַרויפגיין אויפן אויטאָמאָביל. ווען שפּיץ, דער יודען־עלטסטער, האָט געוואָלט געבן זיין פאָטער צוואַנציק „אַם אַש״, האָט פּיניע זיך געוואָרפן אויף דער באַנק, וווּ זיין פאָטער האָט זיך געדאַרפט אַראָפּלייגן, און געשריגן, ליגנדיקערהייט, צום יודען־עלטסטן, געבעטן זיך: „טייערער יודען־עלטסטער! גוטער יודען־עלטסטער! הרגעט מיך אַנשטאָט דעם טאַטן!...״ און איצט איז אַפילו נישט מעגלעך אויפן אויטאָמאָביל אים אַרויפצושלעפּן. איצט וויל ער אַפילו אויפן אויטאָמאָביל נישט אַרויפגיין.

אַ מאָדנע זאַך אינעם לאַגער: אָפטמאָל האַלטן שוואַכערע לענגער אויס ווי שטאַרקע. דער פופציק־יעריקער געלער איטשע־מאיר, דער שוואַ־כער, צעבראָכענער ייִד, האָט איבערגעלעבט זיין זון! פּיניע איז אָפּגע־שטאָרבן ווי אַ מוזלמאַן, און, און זיין פאָטער — אָט דער צעבראָכענער שאַרבן — גייט ווייטער אַרויס צו דער אַרבעט אויף דער בוי־שטעלע! פונוואַנען שעפּט אַזאַ ייִד כוח? ער איז תמיד אָפּגעשלאָסן אין זיך, ווי הינטער אַן אייזערנעם פּאַנצער — און שווייגט. דאָס איז אָבער נישט קיין

שווייגן פון אַ מוזלמאַן. זיינע אויגן זענען נישט פאַרקאַלעכט. און דער עיקר זענען דאָך — די אויגן. אַלץ שפּיגלט זיך דאָך אָפּ אין די אויגן: סיי דער ערשטער סימן פון מוזלמאַנישקייט, און סיי דער אָנזאָג פון אָנקומענדיקן סוף. די אויגן! די באַוווּסטע מוזלמאַן־אויגן! דער רענטגען פון לאַגער־מענטש: קודם כל שפּיגלט זיך אין זיי אָפּ די פאַרקאַלכטע נשמה, דערנאָך ערשט — דער פאַרקאַלכטער גוף.

אויב אַזוי: וווּהין קוקן תמיד די גליִענדיקע אויגן פון געלן־איטשע־מאיר?

אינעם ערשטן טאָג נאָך פּיניעס טויט האָט דער געלער איטשע־מאיר נישט געוואָלט זאָגן „קדיש" נאָך זיין זון: „פּיניע לעבט!" — האָט ער געשריגן. „נאָך אליהו הנביא זאָגט מען נישט קיין קדיש... פּיניע לעבט! פּיניע איז אַרויף אין הימל אַריין ווי אַ פייערדיקער מלאך... פּיניע האָט נאָך נישט פאַרזוכט קיין טעם פון חטא..." ביינאַכט נאָכן גאַנג, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט צו דער לייכן־קאַמער און דאָרט אָפּגעזעסן אין דער פינצטער לעבן פּיניען אַ גאַנצע נאַכט. און אינדערפרי, פאַרן אַרויסמאַרש צו דער אַרבעט, האָט דער געלער איטשע־מאיר פּלוצלונג צוזאַמענגענומען צען ייִדן לעבן פּיניעס געלעגער — ער וויל זאָגן קדיש נאָך זיין זון!

וואָס איז געשען מיטן געלן איטשע־מאיר ביינאַכט אין דער לייכן־קאַמער? צי האָט ער דאָרט אויסגעפונען, אַז פּיניעס גוף איז נישט גענוג פאַרברענט געוואָרן און געלייטערט געוואָרן, כדי ראוי צו זיין אַרויפצוקומען אינעם הימל ווי אַ פייערדיקער מלאך? אָדער צי האָט דאָרט דער געלער איטשע־מאיר, במשך דער נאַכט, אויסגעפונען אַ פּסול אין זיך גופא, ס'הייסט: ווער איז ער דען, ער זאָל מעגן פּסקנען אַזאַ שאלה...

אין מיטן קדיש־זאָגן האָט זיך דערהערט דער גאָנג. אַלע העפטלינגס זענען אַרויסגעלאָפן צום אַפּעל. בלויז די צען ייִדן זענען נאָך געשטאַנען מיט איין פוס ביים געלן איטשע־מאיר און מיטן אַנדערן — גרייט אַרויסצולויפן צום אַפּעל־פּלאַץ. זיי האָבן געציטערט, און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם געוואַרט ער זאָל שוין זאָגן „עושה שלום במרומיו", כדי צו קענען אַרויסוואַרפן דעם לעצטן „אָמן" און אַרויסלויפן צום אַפּעל.

„לאָדן־אויס דאָס דרעק!..."

די עפענונג פון אויטאָמאָביל איז געווען צו הויך. דער שווייס איז גערונען פון זיין פנים טראָפנווייז. ער האָט געפילט, אַז די כוחות פאַרלאָזן אים. ער האָט קוים אַרויפגעוואָרפן פּיניעס אַ האַלבן קערפער אויפן ראַנד פון דער עפענונג. ער איז דערנאָך אַרויפגעקראָכן אויפן אויטאָמאָביל און אָנגעהויבן אַרויפצושלעפן פּיניען אינעם אויטאָ אַריין.

„פּיניע איז אַרויף אינעם הימל ווי אַ פייערדיקער מלאך...“

## קאַפּיטל זיבן און פערציק

# „פּעסט-בוילע“

הינטער האַריס פּלייצעס, אינעם אויטאָ, איז געלעגן אַ קופּע הענט און פיס פון מוזלמענער־סקעלעטן. ער האָט צוגעשלעפּט פּיניען צום באַרג ביינער. דער אויטאָמאָביל דאַרף נאָך היינט אויפנעמען אַ סך „דרעק“ פון אַ סך לאַגערן. ער האָט אַוועקגעלייגט פּיניען צופוסנס פון באַרג.

אינדרויסן, אויף דער מענטשלעכער וועלט, איז דער טויט גלייך, נאָר דאָס לעבן — פאַרשיידנאַרטיק. דאַקעגן, אינעם לאַגער, איז דאָס לעבן גלייך, נאָר דער טויט — פאַרשיידנאַרטיק. פּיניע קוקט אויס לגמרי אַנדערש ווי יענע אויף דער קופּע, נישט בלויז פּיניע — אַלע פון דער לייכן־קאַמער קוקן אויס אַנדערש ווי יענע, וועלכע ליגן דאָרט אויף דער קופּע. און די, וועלכע מען וועט נאָך היינט דאָ אויפלאָדן, וועלן אוודאי אויך אויסקוקן אַנדערש. יעדער לאַגער וועט דאָ ליגן אינעם אויטאָמאָביל, ווי אַ באַזונדערע ראַסע; ווי מוסטערן פון פאַרשיידענע פּלאַנעטן.ביים לעבן זענען אַלע געווען גלייך. אַלע לאַגערן זענען גלייך איינער צום אַנדערן ווי צוויי טראָפּנס פון איין בלוט־שטראָם.

„תלמידים ווי פּיניע זענען דאָס שיינדל פון ישיבת־חכמי־לובלין...“ אפשר ליגט דאָרט, אויף דער קופּע, נאָך איינער, אַזאַ תלמיד, פון ישיבת־חכמי־לובלין?... פאַרוואָס קוקן זיי איצט אויס אַזוי פאַרשיידנאַרטיק? פאַרוואָס גיבן זיי זיך נישט צו דערקענען איינער מיטן צווייטן? גאַנץ מעגלעך, אַז זיי זענען אַמאָל געזעסן צוזאַמען אויף איין באַנק, אַקסל ביי אַקסל — פאַרוואָס דערקענט מען דאָס נישט איצט אויף זיי?... אפשר וועט מען נאָך

היינט פוּך אַ דריטן לאַגער ווידער אויפלאָדן נאָך אַ חבר פון זיי? טאָ פאַרוואָס דערקענען זיי נישט איינער דעם אַנדערן? דאָ, אינעם אויטאָמאָ־ביל, זענען זיי דאָך שוין אַרויס פון די לאַגערן, וואָס האָבן זיי אָפּגעזונדערט און אָפּגעשיידט איינער פון צווייטן! דאָ זענען זיי דאָך ווידער צוזאַמען! דאָ, אינעם אויטאָ, אויף דער קופּע, וועלן זיך אפשר ווידעראַמאָל פאַר־פלעכטן די זעלבע ביינער פון הענט מיט די זעלבע ביינער פון הענט, ווי אַמאָל, בשעת אַ סעודת־ראש־חודש־„רקידהלע”, אין ישיבת־חכמי־לובּ־לין! טאָ פאַרוואָס דערקענט נישט איצט איינער דעם אַנדערן? — —

„לאָדן־אויף דאַס דרעק!...”

דער ס. ס־מאַנישער שאָפער וועט באַלד אַרויסקומען, און ער האָט זיך פּלוצלונג דאָ אַוועקגעשטעלט „פילאָזאָפירן!”

ער האָט איבערגעלאָזט פּיניען ביי דער קופּע. ער איז אַראָפּגעקראָכן פון אויטאָמאָביל ווייטער לאָדענען.

וואָס פאַר אַ אויטאָמאָביל איז עס ווידער צוגעפאָרן אינדרויסן צום לאַגער?... אפשר אַ פרישע וואַכע פון ס. ס.־לייט? שוין ס׳צווייטע מאָל ווי די וואַכע פון לאַגער האָט זיך געטוישט. שטענדיק קומען אָן ערגערע.

דאַכט זיך די בלאָנדע דייטשקע גייט אַראָפּ פון אויטאָ.

שטייענדיק פון דרויסן, אַז מען קוקט אַריין אין אויטאָמאָביל, קוקט עס אויס ווי פּיניע וואָלט געלעגן לעבן דער קופּע ביינער ווי אַן אַראָפּגע־קייקלטע קאַרטאָפל פון אַ גרויסן קאַרטאָפל־הויפן; ווי זיי וואָלטן אים מיט אַ כוונה אַראָפּגעוואָרפן פון זיך: זיי ווילן זיך נישט מישן מיט אַנדערע. זיי האָבן זייערן אַ באַזונדערן סוד, און אַנדערע דאַרפן דעם סוד נישט הערן.

יעדער לאַגער האָט זיין באַזונדערן סוד; דער סוד, וועלכער האָט אַרומגענומען די מענטשן פון לאַגער ווי ווענט פון אַ טאָפּ און זיי געקאָכט צוזאַמען. ס׳אַרער זכר פון אַ פריִער געלעבטן־לעבן האָט געקענט ביי זיי בלייבן? אַלץ איז דאָך פאַרברענט געוואָרן. איצט האָבן זיי זייערן אַ באַ־זונדערן געמיינזאַמען סוד; זיי קומען פון אַ געמיינזאַמען טאָפּ!

משונה צו זען: דער יונגער פּיניע ליגט אויפן אויטאָמאָביל, און זיין פופציק־יעריקער פאָטער שטייט איצט אויף דער בוי־שטעלע מיט אַ לאָ־פּעטע אין דער האַנט. סוף־סוף וועט די „קאַץ” אים ווידעראַמאָל אויפ־

שרייבן. דעם געלן איטשע־מאירס קאָפּ וואַרפט זיך אין די אויגן אויף דער בוי־שטעלע, ווי גלאַנציקער מעש אונטער אַ לויטערן הימל.

אַ מאָדנע קאָליר פון אַ שיידל־קאָפּ.

אַלעמען שלעפט ער איצט פריִער פון דער לייכן־קאַמער, נאָר זיינוול לובלינערן מיידט ער אויס. אַ שטייגער ווי דאָס אַרויפוואַרפן זיינוולען אויפן אויטאָמאָביל, דאָס וועט אים ערשט — הרגענען. לעצטנס איז זיינוול נישט מער אַריינגעקומען צו אים אין דער קראַנקען־שטובע. ער האָט זיך נישט געוויזן. דאָס לעצטע מאָל איז זיינוול צו אים צוגעקומען מיט אַ מאָדנער בקשה:

— פּרעלעשניק, אַ שאָד די שטיצע, וואָס דו גיסט מיר פון מאָל צו מאָל! איך וועל מיך סיי ווי נישט לאַנג דאָ אַרומדרייען. קענסט עס ליבער אַוועקגעבן צו יִנגערע פון מיר. נאָר איין זאַך בעט איך דיך: אַז דו וועסט אַרויסקומען פון דאַנען, זאָלסטו אַריינגיין צו מיין ווייב און קינדער און זאָלסט זיי זאָגן, אַז איך בין דערהרגעט געוואָרן אויף דער בוי־שטעלע, בשעת דער אַרבעט, אונטערן לאָקאָמאָטיוו. איך וויל נישט זיי זאָלן וויסן, אַז איך בין דאָ אָט־אַזוי אָפּגעפּגרט...

אין שוועכערס שניידער־שאַפּ איז זיינוול לובלינער געווען דער בעסטער בעל־מלאכה; דער טאָן־געבער! אַלע האָבן זיך מיט אים גערעכנט. ער האָט געהאַט געזונטע, מוסקולירטע הענט; אַ פעסט־געבויטן גוף; און אַ וואַרעמען, יִדישן בליק אין די אויגן. דער צער פון גאַנצן געטאָ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אָט די אויגן. ער האָט געקענט פּאַרטיק מאַכן די קנאָפּ־לעכער פון הונדערט פינף און זיבעציק לופטוואַפע־בלוזן במשך אַ האַלבע שיכט. נאָר שטענדיק איז זיינוול געווען דער לעצטער. כל זמן עמעצער פון די שניידער האָט נאָך געשוויצט ביי דער קנאָפּ־מאַשין — האָט זיינוול זיך נישט אויפגעשטעלט פון דער אַרבעט. פאַלדעק, דער שאַפּ־אויפזעער, האָט שטענדיק געקוקט ווי זיינוול האַלט מיט דער אַר־בעט. אויב זיינוול האָט נאָך נישט פאַרטיק געמאַכט דעם „אַקאָרד" איז אַ סימן, אַז מען טאָר נישט פאַרגרעסערן די צאָל פון די אַרבעטס־בלוזן. ווען האָט זיינוול לובלינער אַלץ נישט געהאָלפן ביי דער אַרבעט? וויפל יִדן האָט ער אַלץ נישט אָפּגעראַטעוועט פון פאַלדעקס הענט? ווער איז

דען געווען דער טרייסטער אינעם שאַפּ? ווער האָט אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה אין די צעבראָכענע הערצער?

אַזוי באַלד ווי פאַלדעק איז נאָר אַרויסגעגאַנגען, האָט זיינוולס שטימע באַלד אָפּגעהילכט איבער דער גאַנצער מאַשינען־האַלע:

— יידן! נייטס די תכריכים! נייטס די סויוועס פאַר זיי! מ'האָט זיי אין דער ערד!...

איצט ליגט ער אויף דער ערד פון דער לייכן־קאַמער, ער קוקט אויס ווי אַ קליין, טויט נפשל. אַזוי קלייז, אַזוי דאַר. נישט געווען פון אים וואָס אָראָפּצוגנבענען.

לעצטנס איז זיינוול אַרויסגעגאַנגען אויף דער בוי־שטעלע מיט באָר־וועסע פיס. ווען ער וואָלט אים אַוועקגעגעבן זיינע שיך, וואָלט זיינוול אפשר נאָך געלעבט. מען באַקומט אַ מוזלמאַנישע נשמה דעמאָלט, ווען מען הייבט אָן אַרומגיין באָרוועס אינעם לאַגער. ער האָט זיינוולען געדאַרפט געבן זיינע שיך. דער לאַגער־פירער וואָלט אַוודאי אויפגעציטערט געוואָרן ווען ער זעט זיין „אַרצט" אַרומגיין אינעם לאַגער אַ באָרוועסן. ער, דער „אַרצט", געהערט נישט צו זיך. ער געהערט צום אינווענטאַר פון דער קראַנקן־שטובע. ער איז אַ חלק פון דער קראַנקען־שטובע: ווי דאָס ווייס־לאַקירטע בעטל; ווי אַ ליידיק רעצעפּטן־פלעשעלע; ווי אַ לער טאַבלעטן־שאַכטל, וואָס מען טאָר נישט אַרויסוואַרפן. ער, דער „אַרצט", געהערט נישט צו זיך. כאָטש קיינער געהערט דאָ נישט צו זיך. אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז די קראַנקען־שטובע איז דאָס באַליבטסטע „שפּילצייג" פון לאַגער־פירער. אָן ספק וואָלט זיינוול לובלינער נאָך געלעבט — ווען ער וואָלט געהאַט שיך אויף די פיס. אַ סך פון זיי וואָלטן נאָך געלעבט — ווען מען לאָזט זיי כאָטש אין איינציקן טאָג ליגן אויף דער גאָלער ערד אין דער קראַנקען־שטובע. צו וואָס טויג דאָרט דאָס בעט? און צו וואָס טויג אים אַלס „אַרצט", וועלכער דרייט זיך אַרום אינעם לאַגער, שיך אויף די פיס? „איך וויל נישט, אַז מיין ווייב און קינדער זאָלן וויסן, אַז איך בין אָט־אַזוי אָפּגעפּגרט"... צי איז מעגלעך, אַז דאָס, וואָס ליגט דאָ אויף דער ערד, איז אַמאָל געווען זיינוול לובלינער?

— וואָס גיבט עס דאָרט, סאַניטעטער?

דער ס. ס.־מאַנישער שאָפער איז אַרויסגעקומען פון די דייטשע ווו־

נונגען. ער האָט זיך דערנענטערט, זיין פּנים — רויט ווי בלוט, די אויגן — שיכורע, דער שוואַרצער ס. ס.־הוט אַרויפגערוקט אויפן שטערן. ער האָט פאַרשנאַלט דעם מיליטערישן פּאַסיק אויף זיין שוואַרצן מונדיר, און בשעת־מעשה אַריינגעקוקט דורך דער עפענונג אינעם אויטאָמאָביל אַריין.

— וואָס פיר שווײַנערײַ!... — האָט ער געברומט. — אײַן זאַוהאַופען איז דאָס, נישט אָרדענונג!...

דער ס. ס.־מאַן איז אַריינגעקראָכן אינעם אויטאָמאָביל אַריין. די אָרדענונג אינעווייניק איז אים אויף אַ האָר נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט אָנגעכאַפּט די טויטע פון דער לייכן־קאַמער און זיי אַרויפגעוואָרפן אויף דער קופּע ביינער. די אַרויפגעוואָרפענע זענען נישט אַראָפּגעפאַלן. דער באַרג האָט זיך גאָרנישט צעשאָטן, לגמרי נישט ווי אַ באַרג קאַרטאָפל.

פּיניעס הויזן האָבן איצט אַרויסגעקוקט פון באַרג ביינער ווי אַ טונקעלער פלעק. שעטנז. די הויזן זיינע האָט מען אָנגעזען, אָבער ער גופא האָט זיך באַלט צוזאַמענגעגאָסן מיטן גאַנצן באַרג. אים — האָט מען מער נישט אָנגעזען.

פון דרויסן, אַז מען האָט אַריינגעקוקט דורך דער עפענונג, האָט דער באַרג איצט אויסגעזען פונקט ווי פריִער: ווי ער וואָלט זיך מיט גאָרנישט פאַרגרעסערט; ווי די טויטע פון דער לייכן־קאַמער וואָלטן דאָרטן פאַרשוווּנדן; ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געווען. בלויז דער פלעק פון פּיניעס הויזן איז געלעגן אויפן באַרג, ווי אַ שעטנזדיקע לאַטע.

דער אויטאָמאָביל האָט איצט ווידער אויסגעזען ווי אַן אויסגעקערטע ליידיקע שטוב. אַ סך „דרעק", פון אַ סך לאַגערן דאַרף דאָ נאָך היינט ווערן אויפגעלאָדן.

דער ס. ס.־מאַן איז אַראָפּ פון אויטאָמאָביל. ער האָט צוגעמאַכט די קלאַפּע. פאַרטיק!

— אין דער קאַמער ליגט נאָך אַ לייכע, — האָט האַרי געזאָגט.

אַ פייער האָט זיך פלוצלונג צעשפּריצט פאַר זיינע אויגן. ער האָט דערפילט די ערד פון אַפּעל־פּלאַץ אונטער די פלאַכן פון זיינע הענט... ער האָט זיך אַ צווייט מאָל איבערגעקערט... ער האָט זיך נישט געקענט

אויפשטעלן פון דעם שטאַרקן זעץ, וואָס ער האָט באַקומען אינעם פּנים אַריין.

— פּעסט־בוילע!...*) — האָט דער דייטש געברומט. — דו פּעסט־בוילע!...

דער ס. ס.־מאַן איז אַריין אין דער קאַמער. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם טויטן ביי די פיס, געשלעפּט אים צום אויטאָמאָביל.

דער פּאַטש האָט געקלונגען ווי שווערע גלעקער אַרום זיין קאָפּ, נאָר ער האָט נישט געפילט קיין ווייטיק. זיינוול לובלינערס קאָפּ האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד נאָכן דייטשס פיס ווי אַן אַראָפּגעהאָנגענער, נאָכשלעפּנדיקער קאָפּ פון אַ געשאָכטענעם עוף. „איך וויל נישט מיין וויב און קינדער זאָלן וויסן, אַז איך בין דאָ אָט־אַזוי אָפּגעפּגרטע...” דאָס אויער אויף דער זייט ווו ער האָט געקראָגן דעם פּאַטש איז געווען פאַרטויבט, נאָר דווקא דורך דעם פאַרטויבטן אויער האָט ער איצט בפירוש געהערט דאָס קול פון זיינוול לובלינערס געבעט צו אים.

דער דייטש האָט אַ הויב געטון דעם קערפּער פון זיינוול לובלינער ווי מען הייבט אויף אַן אויסגעטריקנטע האָז־פעל. ער האָט אים אַ שליידער געטון טיף אינעם אויטאָמאָביל אַריין, ער האָט פאַרמאַכט די קלאַפּע און אַוועק אין דער „שאָפערקע”.

דער מאָטאָר האָט זיך אָנגעצונדן, גערוישט. דער אויטאָמאָביל איז אַוועק צום לאַגער־טויער, ער איז אַרויס צום שליאַך. דער אויפגעהויבענער שטויב האָט זיך געוויקלט צווישן די שטעכל־דראָטן ווי ווייסער רויך פון אַ שריפה.

אַרום און אַרום האָט זיך אויסגעגאָסן אַ ליידיקייט. נאָר אין האַריס אויערן האָט דער אָנגעצונדענער מאָטאָר נאָך אַלץ גערוישט:

„פּעסט־בוילע, פּעסט־בוילע, פּעסט־בוילע...”

ער האָט זיך באַמיט אויפצושטעלן פון דער ערד. ער האָט געפילט ווי זיינע כוחות רינען אויס, ווי לעצטע טראָפּן פון אַן איבערגעקערט גלאָז, ער האָט זיך קוים צוגעשלעפּט צום אָפענעם בלאָק־טויער.

---

*) עקלהאַפטער, דייטשער זידל־וואָרט.

## קאַפּיטל אַכט און פּערציק

# בײנער און דײטשן

אינעם בלאָק איז געװען טונקל. ער האָט זיך געשלעפּט אַרויף צו צו דער קראַנקען־שטובע. הינטער אים האָט דער טאָג אַרײַנגעקוקט דורכן אָפענעם בלאָק־טויער װי אין אַן אָנגעשטאָפּטן מיט סקעלעטן טונקעלן אױ־טאָמאָביל אַרײַן. די האָלצערנע דרײַ־שטאָקיקע „נאַרעס” האָבן אָנגעפילט דעם בלאָק ביז צום סופיט. עס האָט אויסגעזען װי אַ הויך־אָנגעלײגטער באַרג טויטע מוזלמענער. אַ פולער אויטאָמאָביל.

דער פּאַטש פון ס. ס.־מאַנישן שאָפער האָט געפלאַמט אויף זײַן פּנים, און עס איז אים בשום אופן נישט מעגלעך געװען צו אונטערשײדן ס׳אַרע זײַט אויער איז אײגנטלעך פאַרטויבט. דער בלאָק איז געװען אומגעהויער פול און דאָס פולקײט האָט זיך אַרײַנגעלײגט אין זײַנע אויערן.

אויף דער צװײטער זײַט פון דער האָלצערנער קיך־װאַנט האָבן די דײַטשן געפּראַװעט אין זײערע װױנונגען אַ װילדע שיכורע אָרגיע. די קולות האָבן זיך געטראָגן דורך דער האָלצערנער װאַנט. ער איז געגאַנגען אינעם בלאָק װי אין אַ פאַרנדיקן פאַרמאַכטן אויטאָמאָביל, אַן אָנגע־שטאָפּטער מיט טויטע מוזלמענער.

אין דער קראַנקען־שטובע זענען די העלדזלעך פון די לײדיקע רע־צעפּט־פלעשלעך געשטאַנען אויסגעשטעלט אויפן טיש אין דרײַ גלײַכע שורות. אײנס לעבן אַנדערן. טויב און שטום. די שטומקײט, װאָס האָט זיך פון זײ געטראָגן, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם רויש אין זײַנע אויערן.

ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דאָס ענגשאַפט אויפן טיש; ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם פעדאַנטישן סדר. ער האָט נישט געקענט קוקן דערויף. די אַנגעשטעלטקייט אויפן טיש האָט אים ווײ־געטון אין די אויגן. ער האָט געשפּירט די ענגשאַפט אינעם מוח.

דאָס ווײלע ליילעך איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויפן ווײס־לאַקירטן בעטל — גלייך, נישט צעקנייטשט. קיינער פון די העפטלינגס איז נאָך אויף דעם בעטל נישט געלעגן. דאָס ווייסקייט פון ליילעך האָט זיך אויס־געגאָסן פאַר זיינע אויגן ווי אַ ווייסע קאַלוזשע; אַ בלוט־קאַלוזשע, וואָס איז נישט רויט נאָר — ווייס. די קאַלוזשע האָט אַרומגעשווּעבט איבער די ווענט און געבליבן הענגען אין די ווינקלען.

פון שויבן־שענקל האָט צו אים אַרויסגעקוקט זיין פּאָרציע ברויט — אַ גאַנצע; אַ נישט־גערירטע. זי איז געלעגן אויף דעם פּאָן פון ווייסע, ליידיקע רעצעפּט־שאַכטלען; הויכע פּאַפּירענע שאַכטלען און פלאַכע אַלו־מיניום־שאַכטלען, אויסגעשטעלטע פּינקטלעך אין אַ שורה. ער האָט נישט געפילט קיין הונגער. ער האָט צוריקגעקוקט צום ברויט גלייכגילטיק. זי, די פּאָרציע ברויט, האָט אים נישט געפרייט. עס וואָלט אים נישט געאַרט ווען עמעצער גנבעט זי אים צו. זי וואָלט אים נישט געפעלט. אין אָוונט וועט ער קריגן אַ צווייטע פּאָרציע. וואָס וועט ער טון מיט צוויי פּאָרציעס ברויט? — — ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון בענקל. דער לעצטער געדאַנק איז אים געבליבן שטיין אינעם קאָפּ: צוויי פּאָרציעס ברויט!... עס האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז ער זאָל האָבן אין לאַגער צוויי פּאָרציעס ברויט! אויף די לייבער פון טויטע מוזלמענער געפינט מען אָפטמאָל פאַרשטעקט צוויי פּאָרציעס ברויט... ער האָט אויפגעשוידערט. ער האָט געציטערט. צוויי פּאָרציעס ברויט!...

פלוצלונג האָט ער דערפילט, אַז אינעווייניק אין אים עפענען זיך — אויגן; גרויסע אויגן. און שווערע טראָפּנס טרערן רינען פון די אויגן: ער וועט האָבן צוויי פּאָרציעס ברויט...

דורכן גלאָז פון רעצעפּטן־שענקל האָט צו אים צוריקגעקוקט די שוואַרצע פּאָרציע ברויט. „איך בין קראַנק!“ — האָט ער געטראַכט. דאָס ברויט איז געלעגן — גלייכגילטיק פרעמד; זיינס און נישט זיינס; אויס־

געליידיקט פון דער שמחה, וואָס אַזאַ פּאַרציע ברויט פאַרשאַפט געוויינלעך דעם לאַגער־מענטש. זי איז געווען לער; אַ טויטע זאַך. בלויז — ברויט.

„דאָס ערשטע, היט אייך נישט צו ווערן קיין גייסטיקער מוזלמאַן. שטאַרקט אייך! פאַלט נישט ביי זיך! רעזיגנירט נישט! וועט אייער קערפּער לענגער אויסהאַלטן, און איר וועט נישט ווערן קיין פיזישער מוזלמאַן...״ — אָט די תורה פּריידיקט ער טאָג־איין, טאָג־אויס פאַר די העפטלינגס. ער, וואָס זיצט אַ גאַנצן טאָג אינעם לאַגער, טוט גאָרנישט, קריגט נישט גע־שלאָגן; ער, דער סאַניטאַרער, וואָס באַקומט צוויי פּאָרציעס זופּ — אים איז לייכט צו פּריידיקן: פאַלט נישט ביי זיך!... רעזיגנירט נישט! נאָר צי ווערט ער גופא נישט איצט אַ גייסטיקער מוזלמאַן?...

די טיר פון דער קראַנקען־שטובע איז געשטאַנען אָפן. אין קאָפּ האָט אים געררוישט. עס איז אים אויסגעקומען ווי ער וואָלט איצט געשוווּמען צווישן פאַרנעפּלטע כוואַליעס... די כוחות פאַרלאָזן אים, דער ברעג רוקט זיך פון אים אָפּ, ווייטער און ווייטער... רעזיגנירט נישט!... פאַלט נישט אַראָפּ ביי זיך!...״ ווער וועט אים דאָ איצט העלפן? ער פילט, אַז ער זינקט... דער ברעג דערווייטערט זיך; רינט אויס אין אַ גרויען נעפּל. ווער וועט אים דאָ העלפן? אַ גייסטיקער מוזלמאַן!... אַ גייסטיקער מוזלמאַן!...

אויפן אָרט פון בעטל איז איצט געווען בלויז אַ ווייסער פלעק. דער פלעק איז אַרומגעשוווּמען אין דער קראַנקען־שטובע, ער איז הענגען גע־בליבן אין די טונקעלע ווינקלען. ווייסע קאַלוזשעס — —

ער האָט דאָס נישט געקענט מער פאַרטראָגן. ער האָט געזוכט די טיר, דעם אַרויסגאַנג. ער האָט פּלוצלונג דערפילט, אַז ער שווימט אונטער פאַרנעפּלטע כוואַליעס...

פונדערווייטנס האָט דער טאָג אַריינגעקוקט דורך דעם אָפענעם בלאָק־טויער ווי אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָמאָביל אַריין. „וואָס פיר שווייַנעריי!...״ דאָ, אינעם שמאָלן דורכגאַנג, צווישן די דריי־שטאָקיקע „נאַרעס״, איז נאָך פאַראַן גענוג פּלאַץ פאַר אַ סך מוזלמענער! דער ס. ס.־מאַנישער שאָ־פער וואָלט אים אוודאי צעטראָטן מיט די פיס, ווען ער וואָלט דאָס געזען, אַ סך ליידיקער פּלאַץ ווערט דאָ, סתם, פאַרשווענדט! אַ סך „דרעק״ פון

אַ סך לאַגערן קען מען דאָ נאָך אויפלאָדן! אָבער וואָס איז ער אין דעם שולדיק?...

דאָ, אויף דעם אָרט ,איז היינט אינדערפרי געשטאַנען דער געלער איטשע־מאיר — אַרומגערינגלט מיט צען העפטלינגען, און דאָס ערשטע מאָל געזאָגט „קדיש" נאָך פּיניען. ער קען נישט פאַרשטיין: ווי אַזוי פילט ער נישט, אַז זיינוול לובלינער איז נישטאָ מער?... איינציקוויז פירט מען זיי אַוועק; באַקאַנטע פון פריִער און באַקאַנטע פון איצט; פרעמדע און נאָענטע פריינט. פלוצלונג פאַרשווינדן זיי פון דיינע אויגן. דו זעסט זיי נישט מער, און דו ווייסט זיי שוין קיינמאָל מער נישט זען — פונדעסטוועגן פילסטו נישט, אַז זיי זאָלן דיר דאָ אויספעלן! די אַוועקגעגאַנגענע ווערן אָפּגעווישט פון דיינע אויגן, ווי די שריפט אויפן צעלעלאָיד־טעוועלע בשעת מען ציט אַרויס די אונטערשטע שוואַרצע קאָפּיע. פאַרשווונדן! מען זעט קיינמאָל נישט די אַוועקגעגאַנגענע, נאָר מען זעט די — וועלכע זענען געבליבן. ווי נישט די אַוועקגעגאַנגענע וואָלטן געשטאָרבן, נאָר געשטאָרבן וואָלטן גאָר די איבערגעבליבענע; יענע, וועלכע דרייען זיך נאָך דאָ אַרום אינעם לאַגער.

פאַרוואָס פילט ער נישט, אַז זיינוול לובלינער איז מער נישטאָ אינעם לאַגער? זיינוול וועט מער נישט צוריקקומען פון דער בוי־שטעלע מיט די צווייי שטרוי־דינע באַרוועסע פיס. ער וועט שוין קיינמאָל מער נישט אַריינקומען צו אים אין דער קראַנקען־שטובע; און ער, האַרי, וועט אים שוין מער קיינמאָל נישט געפינען אויף דער נאַרע. זיינוול — זיין רבי אין שוועכערס שניידער־שאַפּ, וואָס האָט אים געלערנט פאַררירכטן די קנאָפּ־לאָך־מאַשין בשעת אַ פלוצימדיקן פאַרהאַקן זיך; זיינוול — וועלכער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן אים צו לערענען, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ווי אַזוי ער דאַרף האַלטן די לופטוואַפּע־בלוזע אונטער דער מאַשין, אַז די נאָדל זאָל נישט אַריינשפּרינגען אינעם פינגער; אַז דער דייטשער אויפ־זעער זאָל זען, אַז ער, האַרי, איז אַן אמתער פאַכמאַן, נישט עפּעס אַן אָפּגענאַרטע זאַך — אָט דער זיינוול וועט מער נישט זיין. ער וועט אים מער נישט זען. ער וועט אים אַפילו מער נישט קענען דאַנקבאַר זיין פאַר דעם. פאַרוואָס פילט ער נישט, אַז זיינוול איז נישטאָ מער? אַ שטייגער ווי זיינוול לובלינער איז נישט אַוועק; נאָר ווי ער וואָלט דאָ ווייטער גע־

לעגן אינעם בלאָק אויף דער קופּע מוזלמענער! דער בלאָק — ווי אַן אָנגעשטאָפּטער אויטאָמאָביל — פאָרט אַוועק פון לאַגער, און ער, האַרי, פאָרט איצט צוזאַמען מיט זיינוולען. זיי זענען ווייטער צוזאַמען...

„פּרעלעשניק, אַז דו וועסט אַרויסקומען פון דאַנען..."

ווי אַזוי וועט ער אַרויסקומען פון דאַנען? וווהין וועט ער קומען? ווי קוקט איצט אויס דער דאָזיקער „אינדרויסן?" דער בלאָק פאָרט ווי אַ פאַר־מאַכטער ס. ס.־אויטאָמאָביל. אַלע ווערן אַוועקגעפירט. ער ווערט אַוועקגע־פירט צוזאַמען מיט אַלע. וווהין?... אָט האָט מען אים איצט אַריינגעוואָרפן אינעם אויטאָמאָביל צווישן אַ באַרג האָלצערנע „נאַרעס". ביינער... ביי־נער... ביינער... וווהין פירט מען זיי? וויפל מאָל וועט מען זיי נאָך אַזוי פירן? וווהין פאָרט איצט דער אויטאָמאָביל? צי פאָרט ער שוין באמת איצט צום לעצטן מאָל? בשעת יעדן „פונקט" אינעם געטאָ האָט ער גע־טראַכט: איצט איז שוין אַ לעצט מאָל!... ווען מען האָט אים אַרויסגעפירט פון געטאָ איז ער געווען זיכער: דאָס מאָל איז שוין באַשטימט דאָס לעצטע מאָל!... בשעת דער „לאָמער סוחר" האָט אים אין סאַקראַו־לאַגער אַרויס־גענומען פון די שורות צום „טראַנספּאָרט" — האָט ער ווידעראַמאָל גע־ווסט, אַז ער פאָרט שוין געוויס צום לעצטן מאָל... וווהין פאָרט ער איצט?... וויפל „לעצטע מאָל" אַזעלכע זענען פאַראַן?... וווהין פירט דער אויטאָמאָביל די ביינער, און ס'אַרע אָרט איז עס דאָרטן, וווּ דער אויטאָמאָביל שטעלט זיך אָפּ?... און וווהין וועט מען שפּעטער, נאָך יענעם געהיימנישפולן אָרט, ווידער פירן? שטענדיק פירט מען דיך אַוועק אויף אַ געהיימנישפולן אָרט; און שטענדיק פירט מען דיך פון דאָרט ווידער אַוועק — צו אַ צווייטן געהיימנישפולן אָרט. שטענדיק פירט מען דיך! שטענדיק וואַרפט מען דיך אַריין אין פינצטערע, גרויסע אויטאָמאָבילן. שטענדיק ליגן ביינער אויף ביינער. אַמאָל זענען עס לעבעדיקע ביינער, און אַמאָל — טויטע ביינער. וואָס איז די נפקא־מינה? זיי לעבן — שפּעטער! אַזוי ווי זיי האָבן געלעבט — פרי׳ער! און מען וואַרפט זיי אינעם אויטאָ אַריין — פרי׳ער! אַזוי ווי מען וואַרפט זיי אינעם אויטאָ אַריין — שפּעטער! און סיי „פרי׳ער" און סיי „שפּעטער" — טראַכטן די ביינער די זעלבע געדאַנקען.

דאָ, אויף דעם אָרט, איז היינט אינדערפרי געשטאַנען דער געלער־

איטשע־מאיר, אַרומגערינגלט מיט צען ייִדן, און געזאָגט „קדיש“. היינט, פרימאָרגן — ווי אין אַלע פרימאָרגנס — איז דאָ געווען אַ גערויש, אַ געפּילדער. אַ פולער בלאָק מיט ביינער האָבן געקלאַפּט איינער אויפן אַנדערן, פאַרדולט דעם קאָפּ ווי אַ געלאָדנטער וואָגן מיט אַלט אייזן. ווער וועט זאָגן קדיש נאָכן געלן איטשע־מאירן? צי וועט פּיניע אַראָפּשפּרינגען פון באַרג ביינער און אַוועקשטעלן זיך זאָגן קדיש נאָך זיין פאָטער?... אויב די „קאַץ“ וועט היינט אויפשרייבן דעם געלן איטשע־מאירן, צי וועט פּיניע ווידער זיך אַוועקוואַרפן אויף דער באַנק, אָדער צי וועט דאָס אָרט אויף דער באַנק בלייבן ליידיק ביז איטשע־מאיר וועט זיך נישט אַוועקלייגן?

זיינוולען וועט די „קאַץ“ מער נישט אויפשרייבן. און אפשר?... אפשר דאָרטן, אויפן אָרט, ווו דער אויטאָמאָביל וועט זיך אָפּשטעלן, איז פאַראַן אַ צווייטע „קאַץ“, וואָס וועט אויך אויפשרייבן זיינוולען? אומעטום, ווו נאָר מען פירט דיך אַוועק, איז פאַראַן אַזאַ „קאַץ“. אומעטום זענען פאַראַן — דייטשן. ביינער און דייטשן. נישטאָ אויף דער ערד קיין אָרט, ווו עס זאָלן נישט זיין קיין דייטשן. דער הימל איז מסתמא אויך פול מיט דייטשן. ביינער און דייטשן.

שטענדיק, אַז מען ברויכט צען „אירע“ צו אַ מנין, לויפט מען דאָס ערשטע רופן דעם סאַניטאַרער. דער סאַניטאַרער האָט שטענדיק צייט. כאָטש ער איז נישט קיין פרומער, אָבער ער וועט קיינמאָל נישט אָפּזאָגן. זיינוול לובלינער האָט איינגעפירט דעם מינהג. איצט וועט מען שוין אַוודאַי מער נישט דאַוועגען. זיינוול לובלינער וועט מער נישט „צוזאַמענ־קלאַפּן“, שבת אינדערפרי, דעם מנין. היינט אינדערפרי איז דער געלער איטשע־מאיר געשטאַנען אויף דעם אָרט, אַן אויסגעדרייטער צו דער וואַנט און ער האָט בשום אופן נישט געקענט אַרויסברענגען פון מויל די ווערטער פון קדיש:

— יתגדל ויתקדש... פּיניע... פּיניע...

אַלע זענען אַרויסגעלאָפן צום אַפּעל. מען האָט געקלאַפּט אינעם גאָנג. די אַרומשטייענדיקע צען מנין־ייִדן האָבן געציטערט, געפלאַטערט, מיט איין פוס גרייט אַרויסצולויפן צום אַפּעל־פּלאַץ, און מיט איין אנגעשפּיצט אויער געוואַרט דער קדיש זאָל זיך שוין ענדיקן.

און איטשע־מאיר — דאָס זייניקע:

— יתגדל ויתקדש, פיניע... פיניע...

די „מנין"־לייט האָבן אים געלאָזט שטיין. זיי זענען אַרויסגעלאָפן צום אַפּעל. ער איז זיי נאָכגעלאָפן; ער איז געשטאַנען צווישן די שורות ביים אַפּעל; ער האָט אַרויסמאַרשירט צו דער בוי־שטעלע — און זיינע ליפּן האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו באַוועגן:

— יתגדל ויתקדש... פיניע... פיניע...

ווי ער וואָלט פאַרגעסן די ווייטערדיקע ווערטער פון קדיש.

## קאַפּיטל ניין און פערציק

# געפילן פון א מוזולמאַן

פאַרוואָס פירט מען נישט אַוועק מיטאַמאָל אַלע צוזאַמען? אַז דער געלער איטשע־מאיר וועט אַהיים קומען פון דער בוי־שטעלע, וועט די לייכן־קאַמער שוין זיין ליידיק. שפּיץ, דער יודען־עלטסטער, וועט אוודאי אָנטאָן די ווייסע שירץ און ווערן סאַניטאַרער. דער לאַגער־פירער וועט נישט לאָזן די קראַנקען־שטובע אָן אַן „אַרצט“.

אַלע וועלן אַוועק, אַלע וועט מען אַוועקפירן מיטן אויטאָמאָביל — נאָר די פלעשעלעך אויפן טישל אין דער קראַנקען שטובע וועלן בלייבן. ווי לאַנג איז עס ווי זיינוול לובלינער איז געווען — זיינוול לובלינער? ערשט מיט צוויי, דריי טעג צוריק האָט ער אויפגעהערט צו זיין הונגעריק; נישט געוויזן זיך מער אין דער קראַנקען־שטובע; געקוקט אויפן בלאָק ווי אַ „פילאָזאָף“; געלייגט זיך — און געוואַרט ביז מען וועט אים אַרויסטראָגן אין דער לייכן־קאַמער. קיינמאָל מאַכט נישט אַ מוזלמאַן צו די אויגן. אויב הייבט ער נאָך אָן מיט זיי צו קוקן ווי אַ „פילאָזאָף“, קוקט ער שוין מיט זיי, אַט אַזוי לעולם ועד.

ווען שטאַרבט אַ מוזלמאַן? זיינוולען האָט שפּיץ געשלאָגן מיט אַן אייזערנער דראָט, ער זאָל אויפשטיין און אַרויסגיין צום אַפּעל. ער האָט נישט געגלויבט, אַז זיינוול איז שוין טויט: דער סאַניטאַרער זאָל קומען — האָט ער פאַרלאַנגט — פעסטשטעלן צי ליגט טאַקע אויף דער נאַרע אַ טויטער מוזלמאַן, אָדער אַ הירישער קאָמבינאַטאָר, וואָס וויל נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. שפּיץ וועט טראָגן דעם ווייסן כאַלאַט. ער וועט

שטיין מיט די צוויי פויסטן פאַרלייגט אויף די זייטן ווי דער ס. ס.־מאַן זיגפריד, בשעת יענער גרייט זיך אַוועקצוהרגענען איינעם פון די העפטלינגס.

ווען שטאַרבט אַ מוזלמאַן? צי ערשט ווען מען וואַרפט אים אינעם אויטאָמאָביל אַריין, אָדער איז ער שוין טויט ווען ער דרייט זיך נאָך אַרום אינעם בלאָק ווי אַ „פילאָזאָף?...“ אפשר שטאַרבט קיינמאָל נישט אַ מוזל־מאַן, ווייל אַ טויטער קען דאָך נישט שטאַרבן? אפשר איז ער, האַרי, שוין געשטאָרבן, נאָר ער דרייט זיך דאָ בלויז אַרום — אַ מוזלמאַן?... אין אָוונט וועלן צוריקקומען די „שטובען־דינסט“ פון דער בוי־שטעלע. זיי וועלן אים אַריינוואַרפן אין דער לייכן־קאַמער. שפּיץ וועט אויפעסן די פּאָרציע ברויט, וואָס ליגט אינעם רעצעפּטן־שענקל. אַ שאָד אַ פּאָרציע ברויט. בעסער אינזשעניער ווייסבלום זאָל זי נעמען. ווער וועט זאָגן דעם אינזשעניער ער זאָל נעמען די פּאָרציע ברויט? אויב וועט ער דאָס זאָגן דער שטובען־דינסט בשעת זיי וועלן אים טראָגן — וועלן זיי דערנאָך, אָן ספק, צונעמען די פּאָרציע ברויט פאַר זיך. וואָס האָבן זיי דען פאַר אים מורא? זיי טראָגן אים דאָך סיי ווי אין דער לייכן־קאַמער אַריין. די „שטובען־דינסט“ זענען באַנדיטן! אין אַלע לאַגערן זענען שטובען־דינסט מענטשן אָן הערצער. בשעת ער איז געווען אַרצט, האָבן זיי אים אונטער־געחנפעט. אינזשעניער ווייסבלום וועט אוודאי נישט ווערן קיין מוזלמאַן. נאַרישקייטן! ער האָט דאָס זעלבע געמיינט, אַז זיינוול לובלינער וועט אויך קיינמאָל נישט ווערן קיין מוזלמאַן. וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? אָ, ווען דאָס גערויש וואָלט נאָר אַביסל אויפגעהערט אינעם קאָפּ! ווייזט אויס, אַז אַלע מוזלמענער פילן אַזאַ פאַרטויבטן רויש אין די אויערן. צוליב דעם הערן זיי נישט בשעת מען רעדט צו זיי. נאָר זיי קוקן, קוקן...

די טיר פון דער קיך איז פּלוצלונג געשטאַנען אָן אָפענע. מוזלמענער קוקן, קוקן...

— — די בלאָנדע דייטשקע האָט זיך דערנענטערט. איר בליק איינ־געשטאָכן אין זיין בליק. זי איז געגאַנגען גלייך אַרויף צו צו אים. איר גאַנג איז געווען ווי פריִער דער גאַנג פון דעם ס. ס.־מאַנישן שאָפער — שיכורלעך. אירע אָקסלען — ווייסע, נאַקעטע, פולע, האָבן אינעם שמאָלן אַדורכגאַנג, צווישן די דריי שטאָקיקע „נאַרעס“, זיך אַרויסגעשיילט ווי אַ ווינקל־צוזאַמענגעזאָסענע־מאַסע פון די טויטע מוזלמענער אינעם אויטאָ־

מאָביל. ער איז געשטאַנען גלייך, אומבאַוועגלעך, נישט גערירט זיך פון אָרט, בלויז געקוקט... אָט אַזוי איז פריִער צו אים אָנגעקומען דער ס. ס.־מאַנישער שאָפער. ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך: פעסט־בוילע, פעסט־בוילע, פעסט־בוילע...

ער איז געשטאַנען און געקוקט. אַלע מוזלמענער קוקן אַזוי, אַנטלויפן נישט. ער האָט נאָך נישט געזען אַ מוזלמאַן זאָל אַנטלויפן. אַ מוזלמאַן שטייט אויף איין אָרט — און קוקט...

זי האָט אים אַרומגענומען; זי האָט געקוּשט לעבן זיינע פיס, און אויס־געצויגן צו אים נאַקעטע אָרעמס; זי האָט געגלעט דעם געוואַנט פון זיין ווייסן כאַלאַט:

— אָ, הייליקער...

אַנטקעגנאיבער זיינע אויגן — איז די טיר פון דער קיך געשטאַנען אָפן. ער האָט געזען: אַ האַלב־פענצטער. אַ נאַרמאַל פענצטער. אַ ליכטיק פענצטער. אַ פענצטער פאַר מענטשן. אַ פענצטער מיט אַ פּנים פון טאָג. אַ פענצטער פון אַן אַנדערער וועלט. אַ פענצטער פון אַמאָל, אַן קראַטן, מיט געפּוצטע שויבן. אַ פענצטער מיט אַ ווייס־לאַקירטע פּוטרינע, לעבן דער פּוטרינע ליגן —איינס אויף דעם אַנדערן — לאַנגע, גאַנצע ברויט־לעך. ער האָט שוין פאַרגעסן דעם אויסזען פון אַ גאַנצן ברויט. אינעם לאַגער זעט מען בלויז צעשניטענע פּאָרציעס.

— אָ, הייליקער! קוק צו מיר... — האָט זי געוואָיעט.

עס איז געווען ווי אין אַ חלום. ער האָט געהערט ווי דורך דיקע מויערן; ווי דורך פאַרשטאָפּטע אויערן; ווי ער וואָלט זיך געפונען אונטערן וואַסער.

ווי אַ צוגעגאָגלטער צו אַ קרייץ, אַזוי איז ער געווען צוגענאָגלט צו דער לופט הינטערן רוקן; צום אָרט, וווּ ער איז געשטאַנען. די לופט אַרום אים איז געווען פאַרגליווערט, האַרט און שווער — אַ געדיכטע פליסיקייט. ער האָט נישט געקענט רירן מיט קיין אבר, און נישט געהאַט קיין כוח צו פּרוּוון דאָס טון. זיין ווילן איז געווען פאַרגליווערט, אַזוי ווי זיין גאַנץ לעבן איז געווען פאַרגליווערט. ער האָט זיך נישט געשראָקן. דער פּחד איז געווען אַ פאַרקאַלעכטער, אַ טרוקענער. אַ נייער סאָרט פּחד: אַ פּחד

אָן דעם זאַפּטיקן סם! ווי אַרום דיר וואָלט זיך געוויקלט אַ שלאַנגישע שויס, מיט ברוסט־וואָרצלען אָנשטאָט אויפגעשאַרצטע צײן־נאָדלען.

ער איז געווען ווי אַ שטייענדיקער, נישט־באַוועגלעכער חלום, אָנגע־פּילט מיט לערקייט, סטאַטיש; ווי אַ ביקס מיט אַ שפּיז, אויפגעשטעלט צו דער הויך, נישט אויסגעבויגן צו דײַן ברוסט.

זיגפריד, דער ס. ס.־מאַן, האָט זיך באַוויזן אין דער אָפענער קיך־טיר. זײַן פיגור האָט פאַרשטעלט דעם האַלבן־פענצטער און די גאַנצע ברויטלעך לעבן דער פּוטריגע. האַרי האָט נישט געפילט קיין מורא, ווייל אַלץ איז געווען אָן ממשות; ווי אין אַ פאַרטויבונג. ער האָט זיך געוואָלט וווּנדערן: פאַרוואָס פילט ער נישט קיין מורא? נאָר עד האָט זיך נישט געוווּנדערט. עס איז אים גוט געווען אַזוי, נישט צו פילן קיין מורא. ווי זיגפריד דער ס. ס.־מאַן וואָלט אים לחלוטין נישט געקענט קיין שלעכטס טון. קיינער קען אים מער נישט קיין שלעכטס טון. ער האָט געפילט, אַז ער איז אַריבער אויף אַ צווייטער זייט. ס'איז געווען אַ גרענעץ, און ער איז אַריבער די גרענעץ. נאָר ער איז נישט אַוועק ווייט. ער קען צוריק קוקן צו דער זייט פונוואַנען ער איז אַוועק, און ער קען זען אַלץ, אַלץ. ממש ווי ער וואָלט זיך נאָך דאָרט געפונען.

זיגפריד שטייט אָן זײַן שוואַרצן ס. ס.־ראָק, די פויסטן פאַרלייגט אויף די זייטן. מאָדנע, אינעם ווייסן לייב־העמדל קוקט זיגפריד אויס שווי־דערלעכער ווי אינעם שוואַרצן ס. ס־ראָק. די דייטשקע קניט אויף דער ערד, לעבן זייגע פיס, ער האָט געהערט און נישט געהערט. זיי האָבן גע־רעדט צווישן זיך. זי — צו זיגפרידן, און זיגפריד — צו איר. זיי רעדן וועגן אים. וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן וועגן אים? וואָס רעדט מען וועגן אַ העפטלינג, וועלכן מען דאַרף אַרויסשלעפן אויפן אויטאָמאָביל אַרויף? זיי רעדן וועגן אים. ער הערט, ער זעט, ער שטייט און קוקט, ווי עס קוקן די דריי־שטאָקיקע האָלצערנע „נאַרעס״, ווי עס קוקן די שיידל־קעפּ אינעם אויטאָמאָביל.

— נעם אים מיט... — בעט זיך די דייטשקע אַ שיכורע. — איך וועל דיר אַלץ צוליב טון, זיגפריד...

אויפן פּאַסיק־שנאָל פון זיגפרידס הויזן שטייט אַן אָדלער מיט אויס־געשטרעקטע פליגלען איבער אַ האַקן־קרייץ, ממש ווי דאָס געסטאַפּאָ־

שטעמפּעלע אויף דער „זאָנדער־קאַרטע״ פֿון שוועכערס שאָפּ. די שפּיצן פֿון האַקן־קרייץ אויפֿן שנאָל וועקן פֿלוצלינג אין אים אויף מער פּחד ווי זיגפֿרידס פּאַרלייגטע פֿויסטן אויף די זייטן. ער דערפֿילט אַ שוידער: די שפּיצן פֿון האַקן־קרייץ...

— קום, סאַניטעטער!...

זיגפֿרידשלעפּט אים. די נאַרעס רוקן זיך אַוועק אין אַ פּאַרקערטער ריכטונג. ער גייט, נאָר ער פֿילט, אַז ער שטייט. די דייטשקע שטופּט אים נאָך פֿון הינטן און וואָיעט אַ שיכורע. זיינוול לובלינערס קאָפּ שלעפּט זיך נאָך נאָכן ס. ס.־מאַנישן שאָפֿער ווי אַן אַראָפּגעהאָנגענער קאָפּ פֿון אַ גע־שאָכטענעם עוף, נאָר ער זעט בפֿירוש: דאָס איז נישט זיינוול לובלינערס קאָפּ. דאָס איז זיין אייגענער קאָפּ. „די שפּיצן פֿון דייטשן האַקן־קרייץ...״ דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיי געזען צומאַרגנס ווען די דייטשן זענען אָנ־געקומען קיין מעטראָפּאָלי. די דייטשן האָבן צוזאַמענגעטריבן אַלע ייִדן אין די פּאַבריק־האַלעס פֿון די ברידער גוטשטיין. זיי האָבן אַרויסגערופֿן, איינצלווייז, יעדן באַזונדער, די שפּיצן פֿון האַקן־קרייץ האָבן זיך געשפּרייט אויף אַ רויטער פֿאָן —

— „וואָס איז היטלער?...״ — האָבן די דייטשן געפֿרעגט.

דאָס בלוט איז גערונען פֿון ייִדס צעהאַקטן לייב. די שפּיצן פֿון האַקן־קרייץ האָבן זיך געדרייט אויף דער רויטער דייטשער פֿאָן ווי מעסער־שפּיצן אין אַ גרויסער פֿלייש־מאַשין.

— „וואָס איז היטלער?...״

זי גלעט אים. — אָ, הייליקער!... — וואָיעט זי אים אין די אויערן אַריין, אַ האַלב־נאַקעטע, אַ שיכורע.

די לופֿט אַרום אים איז פּאַרגליווערט.

די האַלצערנע נאַרעס זענען אַוועק פֿון זיינע אויגן, ווי דער אַוועק־געפֿאָרענער אויטאָמאָביל. דער לאַגער־פּלאַץ ווערט צוריק ליידיק.

אויפֿן אָרט, וווּ דער אויטאָמאָביל איז געשטאַנען, בלייבט איבער אַ נאָגנדיקע, ווייטיקדיקע ליכטיקייט. די אָפֿענע טיר פֿון דער קיך נעמט אים אַרום ווי דאָס ליכט פֿון ליידיקן לאַגער־פּלאַץ נאָכן אַוועקפֿאָרן פֿון אויטאָמאָביל.

די קעכין, די אַלטע פּאָלקס־דייטשקע, שטייט אַן אויסגעדרייטע ביים אויוון מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל איבער די הענט. פון די קעסלען שלאָגט אַ פּאַרע. היינט וועט אוודאי זיין פעל־קאַרטאָפל... וואָס שטייט דאָרט די באַנק, אויף וועלכער שפּיץ שלאָגט די העפּטלינגען? זיגפריד שלעפּט אים. היטלער קוקט אַראָפּ פון דער וואַנט מיט אַרויסגעזעצטע אויגן: וואָס טוט אַ יידישער העפּטלינג אין דער דייטשער קיך? — הרגענען! הרגענען! הרגענען!...

— אָ, הייליקער!... — וואַיעט די שיכורע דייטשקע, און עפנט אויף די טיר פון דער צווייטער זייט פון דער קיך. די קעכין שטייט ווייטער, אַן אויסגעדרייטע ווי אין דער קיך וואָלט איצט גאָרנישט פּאָרגעקומען. קיין שום נייעס. איין רגע קייטלט זיך אַריין אין דער צווייטער. אַ שטאָ־לענע קייט. נישטאָ קיין הסקה. אַ שטראָמענדיקער וואַסער־פּאַל. איין טראָפּן גיסט זיך אַריין אין דעם צווייטן. עס איז — אַ רגע, און עס איז — אייביקייט. אָנהייב און סוף צוזאַמען. עס איז אַ פּאַרטויבטער, מאַריאָ־נעטישער לעבן־און־טויט־שפּיל. עמעצער באַפעלט דיר די באַוועגונגען, עמעצער שלעפּט דיך ביים אַרבל. מען רעדט. נאָר ס'לעבן איז אַן לשון, אַן ממשות — —

לופט פון דייטשן תחום. אָט־אָ־דאָ געפינען זיך זיי... אָט־אָ־דאָ וווינען זיי... עס איז דער וועג, וואָס פירט צו די דייטשע וווינונגען. עס איז אַ קאָרידאָר. אַ טרעפּן־הויז. עס איז ריין, שאַרף און קיל, ווי דאָס קלינגל פון אַ חלף.

ער האָט שוין געהאַט פּאַרגעסן, אַז אויף דער וועלט זענען אַמאָל גע־ווען שטיינערנע מאַרמאָר־טרעפּן; אַ האָלצערנער האַנט־אָנלען; קלאַמקעס, טירן, וואָס הינטער זיי קענען זיך מענטשן פּאַרמאַכן, און אַליין זיין. אַליין זיין — און דאָך פריי זיין. ער האָט עס פּאַרגעסן, כאָטש אויף יענער וועלט איז ער געגאַנגען אויף אַזעלכע טרעפּ און באַנוצט זיך מיט זיי. באַנוצט זיך מיט אַ טיר: אַריינגעגאַנגען ווען ער האָט געוואָלט און אַרויסגעגאַנגען ווען ער האָט געוואָלט. מען האָט אים נישט געפירט. דאָרט זענען אויך אויף אַלע טירן געווען — שילדלעך. אויך אויף זיין טיר איז געווען — אַ שילדל. אַ מעשן שילדל, ווו עס איז געווען אויסגעקריצט זיין נאָמען. ער האָט געהאַט אַן אייגענעם נאָמען. אַ באַזונדערן נאָמען. אַ פּערזענלעך־

פּריוואַטן נאָמען. יעדער איז געווען אַן עמעצער, און ער איז אויך געווען — אַן עמעצער.

אַמאָל איז געווען אַ טרעפּן־הויז. פּשוט אַ טרעפּן־הויז. אַ קאָרידאָר. איצט איז עס — ס. ס.! די שטיינער טרעפּן — ס. ס.־מאַניש. ווי די טרעפּן וואָלטן געטראָגן אויף זיך אַ שוואַרצן ס. ס.־מונדיר. די אייזנס אונטער דעם האַנט־אָנלען — ווי האַקן־קרייץ־צייכנס אויף זייער ברוסט. הויז־טרעפּן, וואָס דו גייסט נישט אויף זיי, נאָר זיי פירן דיך; זיי פירן ווי ס. ס.־מענער, ווּהין פירן זיי דיך? ווּהין פירט דער אויטאָמאָביל ווען ער פאָרט אַרויס פון לאַגער?

וואָס איז דאָרט, ווּהין מען פירט אים?

ער האָט געהאַט דעם זעלבן געפיל ווי בשעת די „פּונקטן" אינעם געטאָ, דאָס סעלעקציע־געפיל בשעת אַ דייטשע „אַקציע" —

וויפל מאָל שטאַרבט אַ מענטש?

## קאַפּיטל פופציק

# אין תהום

ער איז געשטאַנען אינעווייניק, לעבן דער טיר, ווי אויף דער שוועל צווישן אַ געחלומטן קאַשמאַר צו אַן אויפגעוואַכטן שגעון.

די דייטשע ווינונגען!...

ער איז אינעווייניק!...

ער האָט געפילט אַ ממשותדיקן איבערמיש פון די געדאַנקען אינעם קאָפּ. דאָס געזעענע האָט אים איבערגעקערט דעם מוח. ווי איינער, וואָס שטעלט זיך דאָס ערשטע מאָל מיטן קאָפּ אַראָפּ, און ער דערזעט פלוצלינג הייזער וואַקסן אַרויס פון הימל מיט דעכער פון אונטן. עס איז אומוואַר־שיינלעך, אָבער ממשותדיק אמת. אָט זעען עס דאָך בפירוש די אויגן.

אָט זענען די ווילדע אָרגיע־קולות... דאָרט, ביי זיך אין דער קראַנ־קען־שטובע, האָט ער זיי געהערט. איצט — זעט ער זיי. ווילדע, אויפגע־ריסענע מיילער. ער הערט נישט די געשרייען, נאָר ער זעט זיי. זיי זענען אַרום אים. ער געפינט זיך אין זייער מיטן. ער זינקט אין זיי. זיי האָבן אים אַריינגענומען אין זיך. ער קען זיך אַליין נישט מער געפינען. ער פילט זיך נישט. ער האָט זיך גופא געזוכט. ווו געפינט ער זיך?

אין דער געל־שטייענדיקער לופט אַרום אים האָט בלויז דאָס ווייס־קייט פון זיין „אַרצט״־כאַלאַט אים דערמאָנט, אַז ער געפינט זיך טאַקע דאָ בפּועל ממש. און אַז דאָס ווייסקייט פון זיין כאַלאַט האָט אים דאָס דערמאָנט, האָט ער אין זיין אונטערבאַוווסטזיין כהרף־עין אויך דערפילט דעם שוידער דערפון: „קולות פון דייטשע ווינונגען״... אויב אַזוי דאַרף

ער דאַך שנעל ארויפלויפן אויף אַ דריט־שטאָקיקער „נאַרע" און זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין אַ פינצטערן ווינקל. אין סאַקראַ־לאַגער האָבן די דייטשן אַריינגעכאַפּט דעם יודען־עלטסטן צו זיך אין זייערע וווינונגען. צוריקקומענדיק פון דער בוי־שטעלע האָבן די העפטלינגס אים שוין געזען ליגן אין איינעם פון די בלאָקן — אַ טויטער, אַ נאַקעטער, מיט משונהדיקע צייכנס אויף זיין לייב.

וואָס טוט ער דאָ? ווי אַזוי איז ער דאָ אַריינגעקומען?

ס'איז — געשריי. ס'איז — צווייטער זייט מוח. און ס'איז אַלץ פאַר־טויבט. קיינער קוקט זיך דאָ אויף אים נישט אום. ווי אַזוי איז ער דאָ אַריינגעקומען? די דייטשקע קניט ווייטער לעבן זיינע פיס. צוליבן געשריי איז נישט צו הערן איר געוואָיערײַ. אויף די פענצטער ליגט די זון הינטער אַראָפּגעלאָזענע געלע ראָלעטן. אַלץ וויקט זיך דאָ אין אַ געלן, געדיכטן ליכט. פלעשער — ליידיקע, האַלב־ליידיקע, איבערגעקערטע און צעוואָרפן — וואַלגערן זיך דאָ אָן אַ סדר, אויף דער ערד, צווישן נאַקעטע, שיכור־שרייענדיקע לייבער פון מענער און פרויען.

קיינער קוקט זיך דאָ אויף אים נישט אום. קיינער לייגט נישט אויף אים קיין אַכט. קיינער ווונדערט זיך נישט: וואָס טוט דאָ דער סאַניטאַרער אינעם ווייסן כאַלאַט?... אַלץ ראַיעט, באַוועגט זיך און שטייט פאָרט פאַרגליווערט, ווי דאָס שטייענדיקע געדיכטע געלע ליכט. אַלץ איז דאָ נאָרמאַל. דער גרעסטער אומזין אין זעלבסטפאַרשטענדלעך. אַלץ איז דאָ דערלאָזבאַר, ווי עס איז אַלץ דערלאָזבאַר אין שגעון. די זון ליגט הינטער געלע ראָלעטן. טויט און לעבן הויזן צוזאַמען. בלוט און ווײַן טרינקט מען דאָ פון די זעלבע פלעשער. די לייכן־קאַמער און די ס. ס.־שטוב מישן זיך דאָ אויס צוזאַמען. אָפּגעווישטע גרענעצן. אונטן — דער העפטלינגס־בלאָק, אויבן — די ס. ס.־שטוב. דער העפטלינגס־בלאָק קוקט אויס ווי אַ ווײַן־קעלער אונטער די דייטשע וווינונגען. איינס געשאַפן פאַרן צווייטן. איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע. דער קעלער און דער סאַלאָן באַגעגענען זיך דאָ איינער מיט דעם צווייטן — ווי ווײַן־פלעשער אויף אַ רייך־געדעקטן טיש.

די „קאַץ" האַלט אַ פרוי אויף זיינע קניִען. ער ווייננט אין איר אַריין. זיין מויל איז אָפן, אויסגעשפּרייט, ווי אַ פינצטער לאָך אָן ציין. די אויגן

פאַרקוועטשט ווי אין אַ ווייטיק. די שוואַרצע, אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס פאַרברייטערן נאָך מער דאָס פינצטערקייט פון זיין מויל־לאָך. ער קנעט מיט די פינגער אינעם נאַקעטן לייב פון דער פרוי און רייסט זיך מיט אַ משונהדיקן געיאָמער.

די „קאַץ"...

היינט האָט די „קאַץ" נישט קיין דינסט אויף דער בוי־שטעלע. היינט וועט ער קיינעם נישט אויפשרייבן. די באַנק שטייט אין דער קיך. וואָס טוט די באַנק אין דער קיך? די „קאַץ" וויל אַריינבייסן דאָס געעפנטע מויל אינעם לייב פון דער פרוי, נאָר ער האָט נישט קיין ציין. און ער יאָמערט אַרויף מיט פאַרקוועטשטע אויגן אין דער געלער, געדיכטער לופט אַריין מיט אַ שרעקלעכן, האַרץ־רייסנדיקן געיאָמער.

„סאַניטעטער! די פליי בייסן דיך אין דער נאָז..."

מאָרגן וועט די „קאַץ" ווידער אויפשרייבן דעם געלן איטשע־מאירן. די „קאַץ" האָט נישט ליב קיין אַלטע העפטלינגען. פיניע, אַוועק!... פיניע, אַוועק!..." וואָס טוט די באַנק אין דער קיך?... „יתגדל ויתקדש... פיניע... פיניע..." די נאַקעטע לייבער וואַלגערן זיך דאָ אויף דער ערד ווי אַ צוזאַמענגעפלאָכטענער באַרג מוזלמענער אויפן אויטאָמאָביל. אַ משונה־דיקע זאַך: ס. ס.־לייט ליגן אויף דער ערד ווי מוזלמענער!...

וואָס טוט ער דאָ אין די דייטשע וווינונגען? ווי אַזוי איז ער דאָ אַריינגעקומען? קיינער קוקט זיך אַפילו אויף אים דאָ נישט אום. ווי זיין שטיין דאָ וואָלט געווען אַ נאָרמאַלע זאַך. ווי עס וואָלט געווען פאַרשטענד־לעך. אַלץ איז דאָ פאַרשטענדלעך. עס איז — תוהו־ובוהו. אַ געלער געמיש פון לייבער און פלעשער אויף דער ערד. „זיגפריד, נעם אים מיט..." עס איז אַ שרייענדיקע וואַקכאַנאַליע און דאָך — פאַרטויבנדיק שטיל. עס איז — געוויין און געלעכטער. דער יודען־עלטסטער פון סאַקראַו איז געלעגן אינעם בלאָק אַ טויטער. משונהדיקע בלויע פלעקן אויף זיין לייב. וואָס האָבן זיי מיט אים געטון? וואָס וועט זיגפריד מיט אים דאָ טון? ווי אַזוי איז ער דאָ אַריינגעקומען?

די פיר פיס פון איבערגעקערטן טיש שטעקן אַרויף אין דער הויך אין דער געלער לופט אַריין. פלעשער און לייבער. ער קען זיך נישט דער־מאָנען. ער זוכט זיך גופא, און קען זיך נישט געפינען. „די דייטשע ווווי־

נונגעןֿ!...״ וואָס וועט דאָ מיט אים געשען? די דייטשקע גיסט זיך אינעם מויל אַריין פון אַ פולער פלאַש. זי ליגט אויף דער ערד לעבן זיינע פיס. זי פרוווט זיך אויפשטעלן, קני׳ען פאַר אים, און קען נישט. „סאַניטעטער, קום מיט!...״ זיגפריד איז דערנאָך אַריין אינעם צווייטן צימער. ער וועט אוודאי באַלד פון דאָרט צוריק־אַרויסקומען. היטלער — פון קאָפּ ביז די שטיוול — קוקט אַריין דורך דער אָפענער טיר פון צווייטן צימער. ער טראָגט אַ ברוינע פעלערינע. אַרום אים וויקלען זיך וואָלקנס. די פאַרב פון בילד איז פייער־רויט און ברוין — ווי היטלער וואָלט געפליוגן אין אַ שריפּהדיקן שטורעם. די שפּיצן פון האַקן־קרייץ אויף היטלערס אָרעם־באַנד — וואַקסן וואָס אַמאָל גרעסער, גרעסער. די באַנד איז רויט. אַלץ ווערט רויט. אַ רויטער ים. און אין מיטן — ווי פליגלען פון אַ ווינט־מיל — דרייען זיך די שפּיצן פון האַקן־קרייץ. „וואָס איז היטלער!...״ באַלד וועלן אים די דייטשן צורופן צו זייער געריכטס־טיש, אַזוי ווי זיי האָבן דעמאָלט צוגערופן אַנדערע מעטראָפּאָליער ייִדן. זיי וועלן אים הייסן שטיין אויף די קני, און זיי וועלן אים שטעלן די פראַגע:

„וואָס איז היטלער?...״

פון אַ ווינקל קריכט אַרויס אַ נאַקעטע פרוי. איר גאַנג איז לונאַטיש. אַלץ איז דאָ לונאַטיש. זי דערנענטערט זיך מיט וואַקלדיקע טריט. די זון ליגט אויף דער צווייטער זייט פון די ראַלעטן ווי אַ חיה מיט אַ געלער, גלאַנציקער פעל. אַלץ איז דאָ פאַרגאָסן מיט געל. וואָס איז דאָס אַזעלכעס? וואָס ס׳אַרע אויסקריצעכץ איז עס צווישן די ברוסטן פון דער פרוי? די אותיות טאַנצן פאַר זיינע אויגן. ער קען בשום אופן נישט צוזאַמענפאַסן די שריפט. די ציפערן, אונטער זיי, שפּרינגען אַרויף צווישן די אותיות און מישן זיך צווישן זיי אויס. די דייטשקע פרוווט ווידער אַרומוויקלען אירע אָרעמס אַרום זיינע פיס, און כאָרכלט אַ שיכורע כאָרכלעריי. די אַרויפגעשטעקטע פיס פון איבערגעקערטן טיש דרייען זיך פאַר זיינע אויגן ווי שפּיצן פון אַ האַקן־קרייץ אויף אַ געלער באַנד. די אויגן פון דער פרוי קלאַמערן זיך איין אין זיין מוח. פונוואַנען קומען דאָ אַהער די אויגן? פונ־וואַנען זענען זיי פּלוצלונג דאָ אַרויסגעשוווּמען? וואָס טוען דאָ דאַניעלאַס בלויע אויגן?... „דאָס שענסטע פּאָר אויף דער וועלט: פאַ־ און מאַ...״ די זעלבע שטימע פון דאַניעלאַ... די אויגן שרייען... איר מויל איז אויפגע־

ריסן... דאָס שרייט דאָך צו אים דאַנישעס קול... ער הערט... ער הערט קלאָר:

„האַרי!!! האַרי!!!...

**
*

ער איז געלעגן אינדרויסן אויף דער ערד לעבן די טרעפּ. אַז ער האָט געעפנט די אויגן זענען די צוויי שוואַרצע שטיוול פון לאַגער־פירער געשטאַנען לעבן זיין קאָפּ. עס איז געווען שטיל ווי טויזנטער מאַשין־מאָטאָרן וואָלטן פּלוצלונג אויפגעהערט צו קלאַפּן אין זיינע אויערן. ער האָט געפילט די שטילקייט ווי אַ ממשותדיקע זאַך. פון הינטער די פאַר־מאַכטע טירן האָבן זיך איצט געהערט די דייטשע געשרייען — געדעמפּט. שטילער אַפילו ווי ער פלעגט זיי הערן ביי זיך אין דער קראַנקען־שטובע. דאָס פּנים פון לאַגער־פירער איז געווען ערנסט, פאַרטראַכט: צי זאָל ער אים „ליקווידירן?..." זאָל ער אים צעטרעטן מיטן שטיוול און אַ סוף מיט דעם „דרעק?" אָדער זאָל ער אים איצט ראַטעווען און אים ווייטער האַלטן אַלס „אַרצט?..."

**
*

ער איז געלעגן אויף דער ערד לעבן די שטיינערנע טרעפּן, און ער האָט געפילט, אַז זיין לעבן ליגט איצט אויף דער ערד ווי אַן אָפּגעטיילטע זאַך פון אים. אָט וועט עס דער שוואַרצער שטיוול באַלד צעטרעטן. ער האָט נישט געקענט רירן מיט קיין אבר. ער האָט נישט געקענט אַרויס־אָטעמען נישט קיין געבעט און נישט קיין כעס; נישט קיין געשריי און נישט קיין נקמה. ער איז געלעגן ווי אַ געבונדענער אויף אַן עקידה. ער האָט אויפגעהויבן די לעפלעך פון זיינע אויגן, אַרויפגעקוקט אין דער הויך. געקוקט ווי דורך אַ דינעם שלייער: אָט איז אַלץ דורכזיכטיק, און אָט איז אַלץ מטושטש. אָט זעט ער אַלץ, הערט, פאַרשטייט און ווייסט אַלץ וואָס מיט אים האָט דאָ פּאַסירט, און אָט ווייסט ער מער נישט: צי לעבט נאָך זיין לעבן, אָדער צי איז עס שוין געוואָרן צעטראָטן?... ער געפינט זיך יאָ דאָ, און ער געפינט זיך נישט דאָ. אָט זענען די הויכע שוואַרצע שטיוול; דאָס פּנים פון לאַגער־פירער; די ווענט פון טרעפּן־הויז; טירן —

ער זעט אַלץ! און אָט ווערט אַלץ ווידער פאַרגאָסן מיט אַ געלן תוהו־ובוהו. אויגן... בלויע אויפגעריסענע אויגן שרייען: האַרי!... האַרי!... און ווידער — שטיל.

ווי דער רעש פון טויזנטער מאָטאָרן וואָלטן פּלוצלונג זיך אָפּגעשטעלט אין זיינע אויערן. שטיל...

לעבן אים, אויף דער ערד, ליגט זיין לעבן ווי אַ קינד. זיין קינד. דער שוואַרצער שטיוול וועט עס באַלד צעטרעטן. מען וועט עס נישט אַרויסזען פון אונטערן שוואַרצן שטיוול. באַלד וועט דאָס געשען. ער וועט דאָס באַלד זען. דאָס קינד ליגט לעבן אים...

ער ליגט אויף דער ערד. דער שוואַרצער גלאַנץ פון די שטיוול בלאַנקט לעבן זיין קאָפּ. ער הייבט אויף זיינע אויגן, קוקט אַרויף אין דער הויך: די אויגן פון לאַגער־פירער...

דאָס פּנים אינדערהויך האָט אַ שמייכל געטון. דערנאָך האָבן די שטיוול זיך אויסגעדרייט. צוגעגאַנגען צו דער טיר. דער לאַגער־פירער האָט אויפגעשלאָסן די טיר. ער איז דאָרטן אַריין, צוריק פאַרשלאָסן. עס איז שטיל אַרום אים. ער ליגט אויף דער ערד. לעבן אים ליגט זיין לעבן. עס ליגט אָפּגערוקט פון אים.

כוואַליעס, כוואַליעס. די ווענט פון טרעפּן־הויז שווימען צווישן ים־כוואַליעס. עס איז געל און עס איז רויט. כוואַליעס וואַרפן אים צווישן געעפנטע טירן, און דער האַקן־קרייץ אויף זיגפרידס הויזן־פּאַסיק שווימט אַרויס פון די כוואַליעס.

— פיר אים צוריק פונוואַנען דו האָסט אים געבראַכט!... — באַפעלט דער לאַגער־פירער.

זיגפריד שלעפּט אים פון די טרעפּ, נאָר ער פילט נישט, אַז מען שלעפּט אים. פיניעס באָרוועסע פיס שלעפּן זיך איבערן לאַגער־פּלאַץ ווי ער וואָלט זיך איינגעעקשנט. בשום אופן וויל ער נישט אַרויפגיין אויפן אויטאָמאָביל.

די אַלטע פאָלקס־דייטשקע, די קעכין, שטייט ווייטער ביים אויוון, מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל אויף די הענט. זי מישט אין די קעסלען. זי קוקט זיך אַפילו נישט אום. זי דרייט אַפילו נישט אויס דעם קאָפּ. ווי עס

וואָלט געווען אַ פֿאַרשטענדלעכע זאַך, דאָס וואָס מען שלעפּט אים איצט ווידער צוריק אויף דער ערד פֿון דער קיך. עס איז אַ נאָרמאַלע זאַך, ווי די קאַרטאָפֿל, וואָס זי קאָכט איצט אין די קעסלען; ווי די שוואַרצע ברויט־לעך וואָס ליגן דאָרט אויפֿן פֿענצטער, פֿון וועלכע זי שניידט אַרויס צוועלף פּאָרציעס פֿון יעדן אַזאַ ברויטל. עס איז נאָרמאַל — ווי עס איז נאָרמאַל דער העפֿטלינגס־בלאָק פֿון איין זייט קיך, און די דייטשע וווינונגען פֿון דער צווייטער זייט קיך. עס איז נאָרמאַל — ווי דער הימל אויפֿן פֿענצטער; ווי דאָס בילד פֿון היטלערן אויף דער וואַנט.

עס שלאָגט אַ פּאַרע פֿון די קעסלען, און די אַלטע קעכין דרייט אַפֿילו נישט אויס דעם קאָפּ.

די צוויי שורות האַלצענע „נאַרעס" פֿאָרן מיט אים צוזאַמען, באַגלייטן אים אַרויף אין דער טונקלקייט פֿון בלאָק. וווהין שלעפּט מען אים? ווו וועלן זיי זיך אָפּשטעלן? ער האָט דערפֿילט אַ שפּיציקער ווייטיק שטעכט זיך פּלוצלונג אַריין צווישן זיינע ריפּן־ביינער. דער ווייטיק לויפֿט אַרויף צו זיין האַלדז און פֿאַרשטאָפּט אים דעם אָטעם.

זיגפֿריד האָט באַצאָלט דעם סאַניטעטער מיט אַ פֿויסט אין זיינע ריפּן, און מיט אַ שטיוול אין זיין בויך אַריין. דערפֿאַר ווייל זיגפֿריד האָט אים געדאַרפֿט שלעפּן. דער כעס האָט אין אים געברענט: פֿון וועגן אָן דאַרף עס זיגפֿריד שלעפּן אַ לעבעדיקן „יודע?" ס'אַרא פֿאַרשאָלטענער באַפֿעל פֿון לאַגער־פֿירער איז דאָס?

ער האָט אים אַוועקגעוואָרפֿן אינעם בלאָק אויף דער ערד, אַ שפּיי געטון און זיך אַוועק.

דער ווייטיק האָט געהויערט אַרום אים, געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין, און אים געהיט ווי אַ מחנה אויסגעשולטע ס. ס.־הינט. ביים קלענסטן ריר פֿון אָן אבער האָט באַלד דער ווייטיק אַ שפּרונג געטון אויף אים און אין אים זיך אַריינגעביסן טיף, טיף, מיט שפּיציקע ציינער. ער איז געלעגן אויף דער ערד און נישט געקענט, און נישט געטאָרט, אַפֿילו דעם קאָפּ אויפֿהויבן.

ער איז געלעגן מיטן פּנים צו דער ערד. אַרום אים איז געווען טויט און אויסגעליידיקט, די ערד איז געווען נאָענט לעבן זיינע אויגן — שוואַרץ און אָן רחמנות. ער האָט זי געזען, נאָר אַריינקומען אין איר האָט ער

נישט געקענט. זי איז געווען פאַרמאַכט אונטער אים. ווי אַ פאַרמאַכטע טיר פון אַ פרעמדן בונקער בשעת אַ דייטשער „אַקציע" אינעם געטאָ, פאַר אַ ייִד, וואָס איז געבליבן פונדרויסן.

די נאַרעס זענען געשטאַנען הויך און ליידיק. ווען די העפטלינגס וועלן אַהיימקומען פון דער בוי־שטעלע, וועלן זיי אים געפינען ליגן אינעם בלאָק אויף דער ערד, ווי מען האָט געפונען דעם יודען־עלטסטן אין סאַק־ראַו־לאַגער. צי ליגט ער איצט אויך אַ באַקעטער, אָדער צי טראָגט ער נאָך דעם ווייסן כאַלאַט? שפּיץ וועט הייסן צוויי שטובן־דינסט זאָלן אים ארויסטראָגן אין דער לייכן־קאַמער. „סאַניטעטער, געדענק! די פליי בייסן דיך שוין צופיל אין דער נאָז..." דער „מנין" איז אַרויסגעלאָפן צום אַפּעל. דער געלער איטשע־מאיר איז געבליבן שטיין איינער אַליין. ער וויינט: „יתגדל ויתקדש..." און דאַנישעס קול שרייט פון ערגעץ: „האַרי!..." האַרי!..." אַלץ מישט זיך אויס. ער איז פון זינען אַראָפּ! ער האָט דאָך אָבער בפירוש געזען און געהערט! אָבער פון וואַנען קומט דאָ אַהער דאַניש? ער האָט דאָך אָבער בפירוש געזען דאַניעלאַס בלויע אויגן. ער איז פון זינען אַראָפּ! ער האָט דאָך בפירוש געהערט רופן: „האַרי!..." דאָס געשריי קלינגט אים נאָך אין די אויערן. וואָס האָט מיט אים דערנאָך פּאַסירט? ווו געפינט ער זיך איצט? ער געדענקט: דער אויטאָמאָביל איז געקומען צו דער לייכן־קאַמער. ער געדענקט דאָס אויף געוויס. ער האָט דאָך געהערט דעם רויש פון אויטאָמאָביל. ער האָט דאָך דעם אויטאָמאָביל אָפּגעוואַרט. ער האָט זיך געוואָלט געזעגענען מיט זיינוול לובלינער. דאָס איז נישט קיין חלום! ער געדענקט דאָס אויף געוויס. דערנאָך האָט ער געשלעפּט די טויטע... ער איז אַרויפגעקראָכן און אַריין אינעווייניק אינעם אויטאָ... ער איז געלעגן צווישן די טויטע מוזלמענער... ער איז אַוועקגעפאָרן... ער געדענקט בפירוש, אַז דער אויטאָ איז אַוועקגעפאָרן מיט אים צוזאַמען... ער האָט געזען דער אויטאָמאָביל פאָרט... ער האָט בפירוש געזען דער אויטאָמאָביל פאָרט... ער האָט בפירוש געשפּירט, אַז ער פאָרט מיט...

ווו זענען אַלע? ווו איז פּיניע? ווו איז זיינוול לובלינער? אַז ער וועט אַרויסקומען פון דאַנען, דאַרף ער קודם כל אַריינגיין צו זיינוול לובלינערס ווייב און קינדער און זאָגן, אַז זיינוול איז נישט געשטאָרבן ווי אַ פאַר־שטונקענער מוזלמאַן. דאָס איז אַ הייליקער נדר! „פעסט־בוילע... פעסט־

בוילע... פעסט־בוילע..." וואָס האָט מיט אים דערנאָך פּאַסירט? וווהין האָט אים דער אויטאָמאָביל אַוועקגעפירט? ווו האָט ער זיך באַגעגנט מיט דאַניעלאַס אויגן?

דער לאַגער־פירער האָט זיך צו אים אַראָפּגעבויגן. ער האָט אים גענומען אויף די הענט און אים אַריינגעטראָגן אין דער קראַנקען־שטובע.

ער איז געלעגן אויפן ליילעך פון ווייס־לאַקירטן בעטל: דאָס טאָר מען דאָך נישט! דאָס איז דאָך שטרענג פאַרבאָטן!... דעם לאַגער־פירערס פּנים האָט פאַרגעבנדיק געשמייכלט. ער האָט אַרויסגענומען זיין ציגאַרעטן־טאַש. אַ ווייסער שנירל פון אַן "R 6" האָט זיך אַוועקגעקוילערט אויף דער ערד פון די שוואַרצע שטיוול אַוועק. דער לאַגער־פירער האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעט. דערנאָך איז דער שוואַרצער גלאַנץ פון זיינע שטיוול פאַרשוווּנדן אויף דער צווייטער זייט פון דער קראַנקען־שטובע.

אויפן טיש זענען געשטאַנען די רעצעפּט־פלעשעלעך, גלייך אויסגעשטעלט אין דריי שורות, טויב און שטום. ווי העפּטלינגס ביים אַפּעל. פון גלאָז־שענקל אויף דער וואַנט האָט אַרויסגעקוקט, אַ גאַנצע, אַ נישט־גערירטע, די פּאָרציע ברויט. ביים טישל זענען געשטאַנען, איינס אַנטקעגנאיבער דעם אַנדערן, צוויי בענקלעך ,איינס פאַרן סאַניטאַרער, דאָס צווייטע פאַרן מוזלמאַן. די בענקלעך זענען געווען ליידיק.

ער האָט דערפילט אַ געוואַלדיקן ווייטיק אַרום די אויגן. פון אַלע אברים פון זיין גוף, פון דער הויט און פון די האָר־וואָרצלען פון זיין קאָפּ־שיידל — האָט געשטראָמט דער ווייטיק צו די אויגן און ביי אים געבעטן:

— אַ טרער... אַ טרער... כאָטש איין איינציקע טרער...

ער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון ווייסן ליילעך. דער ברענענדיקער ווייטיק אַרום די אויגן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער, אימהדיקער. אַ שריפה. זיינע צוויי אויגן־לעכער האָבן זיך געעפנט ווי ווולקאַנען און דער ווייטיק האָט ווי אַ גליִענדיקע לאַווע געשטראָמט אין זיינע ביינער אַריין. ער האָט זיך צוגעשלעפּט צום טיש. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בענקל פון מוזלמאַן. פון זיין האַלדז האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסצורייסן מאָדנע קולות. אַ מאָדנע פּישטשעריי, ווי פון אַ קראַנקן פויגל. ער האָט

אויסגעשטרעקט די הענט צום ליידיקן בענקל, וואָס איז געשטאַנען אַנט־קעגנאיבער אים:

— אַ טרער... כאָטש איין איינציקע טרער...

ער האָט אַרויפגעהויבן די פאַרקאַלכטע הענט, געוויזן אויף די וויעס פון זיינע אויגן: דאָרט פילט ער עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געפילט. עס איז אימהדיק. ער האָט געפּישטשעט און זיך געבעטן ביים ליידיקן בענקל:

— אַ טרער!... כאָטש איין איינציקע טרער!...

היפּאָקראַטעס פון קאָנצענטראַציע־לאַגער־אוניווערזום! — פאַרשרייבט פאַר דעם קראַנקן די רפואה!...

## קאַפּיטל איין און פופציק

# דער טאָג איז געגאַנגען ווייטער

פּעלאַ האָט געדריקט די שפּיצן פון דאַניעלאַס אַקסלען מיטן גאַנצן כוח צו דער וואַנט פון לאַטרינע־בלאָק, ווי זי וואָלט זיך געראַנגלט מיט עמעצן, וואָס האָט בדעה איר שלעכטס צו טון. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז זי באַהערשט טאַקע דעם קערפּער, וועלכן זי האַלט פעסט געקלאַמערט, אָבער זי באַהערשט נישט דעם פרעמדן, ברויזנדיקן שגעון, וועלכער זיצט אינעווייניק אינעם קערפּער.

דאַניעלאַס קאָפּ האָט זיך אָן אויפהער געריסן דורך דעם האַלב־געעפנטן טויער פון דער לאַטרינע צו דער נאַכט אַרויס. צום טויט.

נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. נישטאָ וועמען איבערצוצייגן. עפּעס שוידערלעכס וועט איצט געשען. זי דריקט דאַניעלאַן צו דער וואַנט, זי פאַרשטעלט איר דעם וועג, זי האַלט דעם קערפּער געקלאַמערט צווישן אירע הענט, אָבער זי זעט דאָך: דאָס איז נישט דאַניעלאַ. דאָס איז נישט — זי. אַ פרעמדער „דיבוק" זיצט אין איר, און איבער אָט דעם פרעמדן דיבוק, וועלכער רייסט זיך איצט אַרויס פון דער לאַטרינע, האָט זי נישט קיין השפעה. אים קען זי נישט באַהערשן. דערצו זענען אירע כוחות צו שוואַך.

אויף דער צווייטער זייט פון דער בריק, איבער די ביימער־שפּיצן, איז אויפן הימל געלאָפן דער פּראָפיל פון דער לבנה, ווי מיט אַ גאָר וויכטיקער שליחות. די לבנה האָט אויסגעזען ווי אַ לץ — אַ שפּיציק היטל אויפן קאָפּ און אַ שפּיציקע באָרד. שטיקער וואָלקנס, ווי ווייסע

דורכזיכטיקע גאַזע, האָבן איר אומאויפהערלעך פאַרשטעלט דעם וועג. נאָר זי האָט זיי אויסגעמיטן, ווייטער געלאָפן און פאַרט געשטאַנען אויף איין אָרט, אַנטקעגנאיבער דעם עקזעקוציע־פּלאַץ.

זיי זענען געשטאַנען ביים האַלב־געעפנטן טויער פון דער לאַטרינע. אַרויפצו, אַנטקעגנאיבער דעם „קאַ־בע"־בלאָק, איז געלעגן דער רונדיקער אַרויספלוס פון טייך ווי אַן אַריינגעוואָרפענער קאָפּ אינעם פּרוידע־לאַגער, און די האָלצערנע בריק — ווי אַ פּעטליע פאַרוואָרפן אויפן האַלדז. דאַניע־לאָס אויגן זענען געווען ווילדע, אויפגעריסענע. איר בליק — פּחד־אָנ־וואַרפנדיק און רחמנות־בעטנדיק. אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגט:

— האַרי שטייט אין אַ ווייסן וואָלקן...

די רויטע לעמפּלעך אויף די עלעקטרישע שטעכל־דראָטן האָבן גע־קוקט ווי מיט רויט־אָנגעצונדענע אויגן צום פּרוידע־לאַגער און געהיט די ראָזע בלאָקן. אַנטקעגנאיבער האָט די נאַכט זיך געבאָדן, אַ נאַקעטע, אינעם וואַסער פון דער אָזערע, און די לעמפּלעך אויף די שטעכל־דראָטן האָבן איר רויט־צוגעלויכטן. די פאָדערשטע זייט פון דער בריק האָט גע־שטעקט אין דעם טונקל־רויטן ליכט. דערנעבן, פון דער אָפּגעשלאָסענער העלפט „קאַ־בע"־בלאָק, האָט זיך געטראָגן אַ מין וואָרקען ווי פון אַ טויבן־נעסט; אַ מין משוגע־געוואָרענע קלאָגעריי. אין מיטן דער אָזערע, אויף דער גרענעץ צווישן שוואַרץ און רויט, זענען געשטאַנען די צוויי ווייסע שוואַנען ווי צוויי פאַרחלומטע סטאַטועס און געקוקט צום פּרוידע־לאַגער. דער „קאַ־בע"־בלאָק איז געווען אַרומגעהילט מיט פינצטערניש. דאָס טיף־פאַרזינקטע קלאָגעריי האָט פון דאָרט אַרויסגעוואָרקעט, די נשמות פון די אָוועקגעשיקטע מיידלעך וואָלטן צוריק געקומען דאָ קלאָגן צוזאַמען מיט די נאָך נישט אָוועקגעשיקטע.

דאַניעלאָס בליקן האָבן זיך געריסן צו דער זייט פון דער אָזערע: דאָס וואָך־ביידל פון ס. ס.־מאַן אויף דער בריק איז פאַררוקט אין דער פינצ־טערניש. מען זעט עס נישט אַרויס. אַרום און אַרום איז — רויט... טונקל־רויט... שוואַרץ און רויט... האַרי שטייט אין אַ ווייסן כאַלאַט, ווי אַן איינגעהילטער אין אַ וואָלקן... ער קוקט צו איר... ער איז געבונדן אינעם וואָלקן...

אין מיטן סטאַוו, אויף דער גרענעץ צווישן שוואַרץ און רויט, שטייען די צוויי שוואַנען ווי צוויי סטאַטועס, קוקן צו איר... זיי רופן זי...

זי האָט זיך געריסן פון פעלאַס הענט. זיי זענען געשטאַנען לעבן דעם האַלב־געעפנטן טויער פון דער לאַטרינע. נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. נישטאָ וועמען איבערצוצייגן. דעם קערפּער, וועלכן פעלאַ קלאַמערט מיט די הענט, קען זי באַהערשן; דריקן צו דער וואַנט. נאָר יענע, די צווייטע, וועלכע קוקט אַרויס פון דאַניעלאַס אויגן — קען פעלאַ נישט באַהערשן. יענע קען פעלאַ נישט האַלטן צוגעקלאַמערט צו דער וואַנט פון לאַטרינע־בלאָק.

אַלע וועלן דאָ אַראָפּ פון זינען. נישטאָ מער קיין האָפענונג. זי גופא האָט איר געשיקט קיין נידערוואַלדען. ווער האָט געקענט אַזעלכעס פאָר־אויסזען? וואָס זאָל זי איצט טון? צפורה שאַפּראַנס גורל איז פאַר דאַניעלאַן שוין אָנגעגרייט. ער דערוואַרט זי. אַלע וועלן דאָ אַראָפּ פון זינען. דאַ־ניעלאַ וועט מער נישט אויסמיידן דעם עקזעקוציע־פּלאַץ, ווי צפורה שאַפּ־ראַן האָט אים נישט אויסגעמיטן.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט פון דאַניעלאַס אַקסלען.

איצט האָט דאַניעלאַ זיך מער נישט געריסן אַרויסצולויפן. זי איז געשטאַנען אַ רויִקע, אַ קאַלט־בלוטיקע. געקוקט גלייך. אירע הענט זענען געווען אויסגעשטרעקט צו פעלאַן. אין איינער האָט זי געהאַלטן דעם העפט, און אין דער צווייטער — דעם מעדאַליאָן. זי האָט געקוקט פעלאַן גלייך אין די אויגן אַריין. זי האָט געזאָגט:

— גיב דאָס איבער מיין ברודער אין נידערוואַלדען...

פעלאַ האָט געכאַפּט מיט אַ כעס דעם העפט מיטן מעדאַליאָן פון די אויסגעשטרעקטע הענט. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דער שורה לעכער אין דער מיט פון לאַטרינע־בלאָק. עס האָט איר אויפגערעגט דאַניעלאַס לעכערלעך־ראָמאַנטישע בקשה. זי האָט געמאַכט אַן אויפרעגנדיקע באַוועגונג. זי האָט דאָס געוואָלט אַריינוואַרפן אין איינעם פון די לאַטרינע־לעכער. זי איז געווען געווינט צו זיין די אויפזעערין איבער דאַניעלאַן, אַ שטייגער אַן עלטערע שוועסטער, אַ קליגערע, אַ דערפאַרענע. נאָר לויפנדיק צו די לאַטרינע־לעכער איז פאַר איר אויפסניי אַרויפגעשווומען דער בליק פון דאַניעלאַס אויגן. דער בליק איז געווען אַ נייער. אַן אומבאַקאַנטער.

אַ פּרעמדער. זי האָט אים נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט געזען. זי האָט זיך פּלוצלונג דערפילט שוואַך אַנטקעגן אים. דער וואָס קוקט אַזוי שטייט העכער פון איר. זי האָט פּלוצלונג פאַרלוירן איר העזה. זי איז געבליבן שטיין לעבן דער לעבער־שורה. זי האָט נישט געהאַט גענוג מוט אַריינצו־וואַרפן די זאַכן. נאָר דער ווילן דאָס צו טון האָט נאָך געברענט אין איר. האָט זי זיך האַסטיק צוריק אויסגעדרייט און מיט אַ כעס אָוועקגעשליידערט דעם העפט מיטן מעדאַליאָן אין אַ ווינקל פון בלאָק.

אַז פעלאַ איז צוריקגעקומען צום טויער פון דער לאַטרינע, איז שוין געווען צו שפּעט. דאָס אָרט, ווו דאַניעלאַ איז אַ רגע פריִער געשטאַנען — איז געווען ליידיק.

פון דער פינצטערניש האָט זיך אַרויסדערווייטערט דאַניעלאַס פיגור אין ווייסן, לייוונטן נאַכט־העמד. זי איז געגאַנגען גלייך צום אַרויספלוס פון טייך. זי איז אַריין אין דער רויטער ליכט פון ברייטן לאַגער־שאָסיי. די נאַכט אויף דער צווייטער זייט שטעכל־דראָטן האָט געעפנט גרויסע רויטע אויגן, געקוקט מיט שפּאַנענדיקער גאַרונג צום צאַרטן מיידל־קערפּער אינעם נאַכטהעמד, וועלכע גייט איר גלייך אינעם געעפנטן פּיסק אַריין.

פעלאַ האָט זיך געדריקט צו דער שפּיץ־וואַנט פון לאַטרינע־בלאָק. זי האָט נישט געוואַגט אַרויסצוברענגען פון זיך עפּעס אַ שטימע. אירע אויגן האָבן זיך אויסגעגלאָצט, ווי זי וואָלט מיט זיי געוואָלט צוריקכאַפּן דעם ווייסן, זיך דערווייטערנדיקן סילועט פון דאַניעלאַס קערפּער; ווי זי וואָלט זי געוואָלט מיט די אויגן צוריק אַהערשלעפּן אין דער טונקל־קייט אַריין. זי האָט נישט געוואַגט צו עפענען דאָס מויל. זי האָט מורא געהאַט צו לאָזן פון זיך הערן אַ רוף. דאַניעלאַ איז איצט געווען אויפ־געדעקט פאַר דער גאַנצער לענג פון לאַגער־שאָסיי; פאַר אַלע וואַך־טור־רעמס. אַ מינדסטער רוף — און דאָס אומגליק וועט געשען!

עס וועט סיי ווי געשען. עס מוז דאָך געשען. נישטאָ מער קיין צו־ריקהאַלט. אָט!... אין דער קומענדיקער סעקונדע!...

פון דער פינצטערניש, וואָס הילט אַרום די צווייטע העלפט־בריק — האָט זיך אויסגעשיילט די שוואַרצע פיגור פון ס. ס.־מאַן ווי אַן אַרויס־געשטעקטער צאָן פון דער נאַכט. ער האָט אָנגעשטעלט די ביקס פאַמעלעך,

פּאַרזיכטיק, ווי ער וואָלט נאָך נישט געגלויבט די אייגענע אויגן. ער איז נאָך נישט זיכער אין דעם געווינס, וואָס איז איצט געפאַלן אויף זיין לאָ־טעריע־צעטל, כאָטש ער זעט שוין בפירוש דעם גליקלעכן נומער פאַר די אויגן. ער זעט ווי די דריי טעג אורלויב דערנענטערן זיך צו אים. זיי געהערן שוין צו אים. זיי זענען שוין אַרויס פון דער טעריטאָריע־רשות פון די אַנדערע וואַך־טורעמס. פונדעסטוועגן איז ער נאָך פאָרזיכטיק, לויערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און וואַרט.

די ווייסע סילועט פון דאַניעלאַס נאַכטהעמד דערוויטערט זיך אַרויף גלייך צום טייך. זי לויפט נישט. זי דרייט נישט אויס דעם קאָפּ. זי גייט גלייך. אַנטקעגנאיבער איר גאַנג — שטייען די צוויי שוואַנען, ווי צוויי אומבאַוועגלעכע סטועס.

די נאַכט האָט צוריקגעענטפערט אויף די שאָס־קנאַלן מיט אַ ווילדן געלעכטער ווי פון טויזנטער מיילער. די וואַך־טורעמס אויף דער גאַנצער לענג פון די שטעכל־דראָטן האָבן זיך אויפגעוועקט. דער ס. ס.־מאַן אויף דער בריק האָט נישט געקענט איינהאַלטן זיין געלעכטער. ער האָט אַראָפּ־געלאַכט ביז צום לעצטן וואַך־טורעם פון לאַגער־שאָסיי. זאָלן אַלע קאַמע־ראַדן וויסן, אַז מאָרגן באַקומט ער דריי טעג אורלויב. אָט ליגט דאָס „געווינס" אויף זיין טעריטאָריע. ער האָט געהאַט נערוון. ער האָט געוואַרט ביז דער לעצטער מינוט. ער האָט צוגעלאָזט זיין רויב ביז נאָענט צו דער אָזערע. ער האָט פריִער נישט געוואָלט שיסן. מען דאַרף וויסן אָנצופּאַסן די ריכטיקע מינוט. און ער ווייסט. יאָ — עס איז ער, דער וואַכמאַן פון דער בריק!

אויבן, ביים אָנהייב פון שאָסיי, ליגט אויף דער ערד אַ ווייסער פלעק. די לאַגער־נאַכט האָט מיט אַ שוואַרצער אַרויסגעשטעקטער צונג אויס־געלעקט דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון דער זיבעצן־יעריקער „פּופּע".

די צוויי שוואַנען־סטאַטועס זענען פּלוצלונג לעבעדיק געוואָרן. דאָס שיסעריי האָט זיי אויפגעוועקט פון זייער חלום. זיי האָבן זיך דערשראָקן און מיט אויסגעשפּרייטע פליגל שנעל אַוועק פון לאַגער־ברעג. עס האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן אויף זייערע פליגל מיט זיך מיטגענומען דאָס פאַרפייניקטע לעבן פון דאַניעלאַ פּרעלעשניק.

פעלאַ איז געשטאַנען ביי דער וואַנט פון לאַטרינע־בלאָק. פון די וואַך־טורעמס האָבן זיך געטראָגן די געשרייען פון די דייטשן. זיי האָבן אַריבערגעשריגן איינער צום אַנדערן וועגן דעם גרויסן געווינס, וואָס איז אַרויס צו איינעם פון די קאַמעראַדן. זיי האָבן אים דאָס נישט פאַרגונען.

פון דעם דערנעבנדיקן „קאַ־בע״־בלאָק האָט זיך ווייטער געטראָגן דאָס שוידערלעכע טויבן־וואָרקעריי. די ווענעריש־אָנגעשטעקטע מיידלעך האָבן דאָרט געוואַרט אויפן אויטאָמאָביל, וועלכער וועט קומען מיטן טאָג־אויפגאַנג זיי אָוועקנעמען. דער ס. ס.־מאַן אויף דער בריק האָט פון גרויס זעלבסטצופרידנקייט זיך אָוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע פון אַן אָפּערע־זינגער אויף דער בינע, און אויפן העכסטן קול אָנגעהויבן זינגען דאָס דייטשע סאָלדאַטן־ליד:

האַ־היילי־לו־לאַ־לאַ...

ווער קען זיך צו אים גלייכן? מאָרגן פאָרט ער צו זיין פאַמיליע. אפשר צו — אַ מאַמע, וואָס וואַרט אויף זיין קומען אַהיים; אפשר — צו אַ שוועסטער; אפשר — צו זיין איינציק טעכטערל, צו וועלכער עס בענקט זיך אים שטייענדיק דאָ, אויף דער בריק. אפשר איז דאָס טעכטערל איצט איינעם זעלבן עלטער ווי עס איז אַ מינוט פריִער געווען דער „געווינס״, וואָס ליגט דאָרט אויפן שאָסיי אינעם ווייסן נאַכטהעמד. דריי טעג אורלויב! ווער קען זיך צו אים גלייכן?...

פעלאַ האָט מער נישט געקענט שטיין. דאָס טויבן־וואָרקעריי פון דערנעבנדיקן „קאַ־בע״־בלאָק האָט זי אַראָפּגעפירט פון די געדאַנקען. זי האָט דאָס מער נישט געקענט הערן.

אינעם ווינקל פון לאַטרינע־בלאָק איז אויף דער ערד געלעגן דער העפטל. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן. זי האָט אים אויפגעהויבן צוזאַמען מיטן מעדאַליאָן. זי האָט אים געהאַלטן אין די הענט. איר האָט זיך אויסגעדאַכט ווי דאַניעלאַס לעבן וואָלט איצט געלעגן אין אירע הענט: „גיב דאָס איבער מיין ברודער אין נידערוואַלדען...״ זי האָט דעם העפט אַריינגעשטעקט אין איר בוזעם הינטערן לאַגער־קלייד. זי האָט אים געפילט אויפן נאַקעטן לייב.

אויפן הימל איז ווייטער געלאָפן די האַלבע־לבנה הינטער שטיקער וואָלקנס. פעלאַ האָט מער נישט געקענט אַרויסקוקן צו דער נאַכט; צו דעם פלעק, וואָס ווייסלט זיך אויפן שניי. זי איז געלאָפן אַהער און אַהין לעבן דער שורה לעכער פון דער לאַטרינע. מאָדנע געפילן, וועלכע זי האָט ביז היינט נישט געקענט, האָבן געשפּאַרט אין איר האַרץ.

מיט ביידע הענט האָט זי צוגעטראָגן דעם מעדאַליאָן נענטער צו אירע אויגן: אויפן בילדל איז געשטאַנען דאַניעלאַ אין אַ שול־קאָסטיומל מיט אַ ווייסן מאַטראָזן־קראַגן. צוויי דיקע צעפּ, אַדורכגעפלאָכטן מיט באַנד־שלייפן. דאַניעלאַ האָט איצט געקוקט צו פעלאַן מיט אַ ווונדערבאַרער אומ־שולדיקער שלווה. לעבן איר איז געזעסן אויף אַ טישל מאָני. דאָס קינד האָט געקוקט צו פעלאַן מיט פאַרוווּנדערטע גרויסע אויגן, ווי ער וואָלט געפרעגט: פאַרוואָס ליגט מיין שוועסטער אויפן לאַגער־שאָסיי?...

זי האָט געדריקט די צוויי קינדער צו אירע ליפּן. אין דער איצטיקער מינוט האָט זי נישט געפילט קיין שום געפיל פון שנאה. זי האָט געוואָלט פיינט האָבן, נאָר זי האָט נישט געוווּסט וועמען.

זי האָט איצט בשום אופן נישט געקענט פיינט האָבן דעם יודענראַט; זיי האָבן אויסגעקוקט אין אירע אויגן צו קליין אַנטקעגן דעם ווי, וואָס האָט געפלייצט אַרום איר. זי האָט נישט געקענט פיינט האָבן די דייטשן; זיי האָבן אויסגעזען צו מענטשלעך־מיזערנע אַנטקעגן דעם אומענדלעכן צער און אַכזריות. איר שנאה איז געווען צו גרויס, צו מעכטיק, זי זאָל וויסן וועמען אָט די שנאה צוצושליידערן. אַפילו גאָט האָט זי איצט נישט געקענט פיינט האָבן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שטיינערנער לעכער־שורה פון דער לאַטרינע. דער צער האָט זי געוויגט אַהער און אַהין. אירע פּיס האָבן אַרויסגעשטעקט אַנטקעגנאיבער אירע אויגן. זי האָט געקוקט אויף זיי ווי אין אַ נעפּל. זיי האָבן זי דערמאָנט אַ ווייטע פרעמדע וועלט. די פּיס האָבן איר איצט אויסגעזען אומנויטיק און דאָס פאַרגאַנגענע לעבן — אומזיניק, צוועקלאָז.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט. אַ האַלב־טויער פון דער לאַטרינע איז געשטאַנען אָפן. זי האָט זיך דערצו דערנענטערט. זי וואָלט איצט געקענט אַרויסגיין. זאָלן זיי צו איר שיסן! זי האָט מער נישט געפילט קיין שום

מורא. זי וואָלט איצט געקענט שטיין, אַרויפקוקן גלייך צו אַ וואַך־טורעם. זי וואָלט איצט געקענט קוקן דעם ס. ס.־מאַן גלייך אין די אויגן אַריין. זי וואָלט אים רויק געקענט איצט צווואָרפן די דריי טעג אורלויב, וואָס איר לעבן איז נאָך ווערט. זאָלן זיי, ווי עקלהאַפטע קבצנים, קלייבן אויף דער ערד איר געוואָרפענע נדבה.

איבער די ביימער־שפּיצן, אויף דער צווייטער זייט בריק, האָט דער נייער טאָג אַרויסגעשטעלט די פּיאַטע פון זיין פּוס. באַלד וועט דער אויטאָ־מאָביל קומען צום „קאַ־בע"־בלאָק. דאַניעלאַ איז געלעגן אויפן לאַגער־שאָסיי מיטן פּנים צו דער ערד; איין האַנט אַן אויסגעצויגענע. „גיב דאָס איבער מיין ברודער אין נידערוואַלדען..." פלוצלונג האָט פעלאַ דער־פילט — אַ העלקייט קלאָרט זיך אין איר קאָפּ. דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט זי געשפּירט אַ זאַך, צוליב וואָס זי איז גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין. זי האָט זיך דעריין אָנגעכאַפּט ווי אַ בלינדער אין אַ פלוצלונג־דערזעענער ליכט. זי האָט געדריקט צו זיך דעם העפט הינטער דער לאַגער־שירץ. זי האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל פון לאַטרינע־בלאָק מען זאָל זי נישט זען. דאָס לעבן איז איר איצט געוואָרן טייער. זי האָט געוואַרט ביז עס וועט זיך דערהערן דער ערשטער גאָנג.

דער טאָג האָט געשפּאַנט צו דער זייט פון לאַגער. פאַרבייגייענדיק דורך דעם שאָסיי האָט זיין פּוס זיך פאַרטשעפּעט אין אַ דערשאָסענעם קערפּער. ער האָט אַ קוק געטון אַ רגע, און געגאַנגען ווייטער — —

ס ו ף

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו — מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג — י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־וויערניק — טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט — חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל — באַזוג חורבן (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס — פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן — געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן — די ייִדן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת — היימלאָזע ייִדן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי — אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער — אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) זאַמלונג פון דאָקומענטן — קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (אויספאַרקויפט)
17) חיים גראַדע — פּליטים (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי — פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל — נע ונד (אויספאַרקויפט)
20) מרדכי שטריגלער — מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש — געברענטע טריט (אויספאַרקויפט)
23) אברהם טייטלבוים — וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן — צווישן שרעק און האָפענונג (אויספאַרקויפט)
26) לעאָ פינקלשטיין — מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו — אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן — „אומלעגאַלע״ ייִדן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט — הענעך
30) ד״ר י. קערמיש — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) שמחה פּאָליאַקיעוויטש — אַ טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער — אין די פאַבריקן פון טויט
33) אברהם נחתומי — אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער — מיין היים (אויספאַרקויפט)
35) יוסף וואָלף — לייענענדיק פּרצן...
36) צפורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו — יצחק קאַצענעלסאָן
37) י. הירשהויט — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו — פּערזענלעכקייטן
39) רחל קאָרן — היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) א. אלמי — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) מנשה אונגער — פּשיסכע און קאָצק (אויספאַרקויפט)
42) מ. בורשטין — איבער די חורבות פון פּלונע
43) מ. קיפּניס — הונדערט פאָלקס־לידער (אויספאַרקויפט)
44) ז. סעגאַלאָוויטש — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב (אויספאַרקויפט)
45) ד״ר ח. שאָשקעס — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... (אויספאַרקויפט)
46) שלמה וואַגאַ — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק — יאָרן אין וואַנדער (לידער)
48־49) ש. איזבאַן — פאַמיליע קאַרפּ (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) ד״ר א. מוקדוני — מיינע באַגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאַהאַן — אין פייער און פלאַמען (אויספאַרקויפט)
52) י. י. טרונק — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו — אין קאַמף פאַרן לעבן (אויספאַרקויפט)
54) יצחק פּערלאָוו — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ (ראָמאַן)
55) פּנחס ביזבערג — שבת־יום־טובדיקע יידן
56־57־58) שלום אַש — פּעטערבורג — וואַרשע — מאָסקווע
59) ד״ר פיליפּ פרידמאַן — אָשוויענטשים
60) ב. ראָזען — טלאָמאַצקע 13
61־62) דוד פלינקער — אין שטורעם (ראָמאַן)
63) יאַנוש קאָרטשאַק — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64־65) מרדכי שטריגלער — „ווערק צע״
(פּרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים
יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1951)
66) חיים גראַדע — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) רבקה קוויאַטקאָווסקאַ — פון לאַגער אין לאַגער
68) יואל מאַסטבוים — מיינע שטורמישע יאָרן (זכרונות)
69) אליהו טראַצקי — גלות דייטשלאַנד
70) ד״ר י. שאַצקי — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (אויספאַרקויפט)
71) נחמן מייזיל — געווען אַמאָל אַ לעבן... (אויספאַרקויפט)
72) י. י. טרונק — סימכע פלאַכטע פון נאַרקאָווע (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1951)

73) יהודה עלבערג — אונטער קופּערנע הימלען (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן ליטעראַטור־פאָנד אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל, 1951)
74) ד״ר א. מוקדוני — אויסלאַנד
75) זיגמונט טורקאָוו — פראַגמענטן פון מיין לעבן
76) יהושע פערלע — יידן פון אַ גאַנץ יאָר
(פּרעמירט מיט דער פּרץ־פּרעמיע פון יידישן פּען־קלוב אין פּוילן
און ליטעראַטור־פּרעמיע פון „בונד" אין פּוילן, וואַרשע 1937)
77) יעקב לעשצינסקי — ערב חורבן
78) דניאל טשאַרני — ווילנע
79) ז. סעגאַלאָוויטש — דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן
80) יזכור־בוך — בעלכאַטאָוו (אויספאַרקויפט)
81) מ. י. שעליובסקי — אויף אַ פּולער וואָך
82—83) יצחק פערלאָוו — דער צוריקגעקומענער (ראָמאַן)
84) יוסף אָקרוטני — דאָס בוך פון די עלנטע
85־86) מרדכי שטריגלער — גורלות
87) ד״ר יוסף טענענבוים — גאַליציע — מיין אַלטע היים
88) זלמן שזר — שטערן פאַרטאָג (זכרונות)
89) משה דוד גיסער — דאָס געזאַנג פון אַ לעבן (אויספאַרקויפט)
90) ז. י. אנכי — ר׳ אבא און אַנדערע כתבים
91־92) עמנואל רינגעלבלום — קאַפּיטלען געשיכטע
93) שמעון האָראָנטשיק — אין גערויש פון מאַשינען (ראָמאַן)
94) גרשם באַדער — מיינע זכרונות (קראָקע)
95—96) יאָנאָס טורקאָוו — פאַרלאָשענע שטערן (זכרונות)
(פרעמירט דורכן צבי קעסעל ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1954).
97—98) אַלטער קאַציזנע — שטאַרקע און שוואַכע (ראָמאַן)
99) פועה ראַקאָווסקי — זכרונות פון אַ יידישער רעוואָלוציאָנערין
100) מאַרק טורקאָוו — די לעצטע פון אַ גרויסן דור
101) י. הירשהויט — יידישע נאָפט־מאַגנאַטן
(פרעמירט דורכן מרדכי סטאָליאַר ליטעראַטור־פאָנד, ביי „די אידישע צייטונג",
בוענאָס־איירעס, 1955).
102) משה זאַנשיין — יידיש וואַרשע
103) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — די געשיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע
104) — י. י. טרונק — די וועלט איז פול מיט נסים (ראָמאַן)
105־106־107) — מיכאל באָרוויטש — אַרישע פּאַפּירן
108־109) מרדכי שטריגלער — געאָרעמט מיטן ווינט (ראָמאַן)
110־111) ד״ר א. מוקדוני — וואַרשע און לאָדזש.
112) ברוך האַגער — מלכות חסידות
113) ב. שעפנער — נאָוואָליפּיע 7 (זכרונות)
114) פנחס שטיינוואַקס — יידן צום געדענקען
115) ק. צעטניק — דאָס הויז פון די ליאַלקעס

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

מאַקס ווײַנרייך — פון ביידע זייטן פּלויט (וועגן אורי קאָוונער)
ד״ר יוסף טענענבוים — צווישן מלחמה און שלום

## פרעסע שטימען וועגן דער ביכער סעריע

# דאָס פּויליש־יידנטום



גיטל מייזיל שרייבט וועגן משה זאַנשיינס בוך „יידיש וואַרשע" („די גאָלדענע קייט", נומער 21, תל־אביב 1955):

נישט איינער פון יענע שרייבער, וואָס האָבן אַליין איבערגעלעבט די נאַצי־צייט, זאָגט עדות בכתב ובעל פה, אַז אַן אומגעהייערער לעבנס־כוח האָט וואָלקאַניזירט אין די גע־טאָס בכלל און אין דעם וואַרשעווער געטאָ בפרט. די יידישע שרייבערין רחל אויערבאַך דערציילט ווי אַזוי די מענטשן אין וואַרשעווער געטאָ זענען אין זייער קאַמף קעגן טויט און אַפילו אין זייער טויט גופא גע־ווען לעבעדיק און ווי אַזוי זייערע לעבנס־חושים זענען דעמאָלט גע־ווען צעפּאָכעט ביז גאָר. זי דער־ציילט עס און דערביי פאַרשטייט זי עס זייער גוט. אויך דער פּויליש־שרייבנדיקער אַסימילירטער ייִד אַדאָלף רודניצקי שילדערט ווי אַזוי צענער טויזנטער יידן זענען אין וואַרשעווער געטאָ ביזן סאַמע לעצטן מאָמענט געווען פאַרטאָן אינעם לע־בן; זיי זענען געגאַנגען צום טויט איינגעטונקט אין לעבן ביז איבער די אויערן און אַפילו זייער שרעק־לעכער טויט גופא איז געווען אַ מין הימען צום לעבן... אַזוי שיל־



דער אַדאָלף רודניצקי, אָבער פאַר־שטייַן — פאַרשטייט ער עס פאָרט נישט.

אָט דאָס יידישע לעבנס־חיות, וואָס אים פאַרשטייט מענטשיש און שילדערט קינסטלעריש אַזוי גוט בלויז אַ יידישער שרייבער, — איז

אייגנטלעך דער הויפּטמאָטאָר פון אַ סך און אַ סך ווערק, וואָס זענען דערשינען אינעם איצטיקן יאָר־צענדליק נאָך דער מלחמה. ייִדישע מחברים קענען אַפּנים מיטן קאָפּ נישט באַנעמען, קענען בשום אופן נישט אָננעמען אין האַרצן דעם חורבן פון זייער געבוירן־אָרט. שטעלן זיי שרייבעריש אויף, בויען פאַרמלחמהדיק צוריק אויף די חרו־בע דערפער, שטעטלעך אָדער שטאָט טיילן פון וואַנען זיי שטאַמען.

צו זיי שליסט זיך אָן משה זאַנ־שיין מיט זיין בוך וועגן פאַרמלחמה־דיקן ייִדישן וואַרשע. ערשט דערשינענע אַלס 102טער באַנד פון דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום". אַרויסגעגעבן דורכן צענט־ראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע.

ייִדיש וואַרשע איז דאָס ערשט־לינג־ווערק אין בוכפאָרעם פונעם מחבר משה זאַנשיין, וואָס געפינט זיך דאָ אין לאַנד זינט יאָר 1949 און איז איצט אַ ירושלימער תושב. פון זיינע 49 יאָר לעבן האָט משה זאַנשיין 33 יאָר אָפּגעלעבט אין וואַרשע. געלעבט, געלערנט און גע־אַרבעט אין דער שטאָט ווו עס האָבן געלעבט, זיינע עלטערן, זיינע זיי־דעס און אורזיידעס. און ווען צוויי וואָכן נאָך דער נאַצי־אָקופּאַציע האָט ער געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע, איז די שטאָט געבליבן שטיין און איז כסדר געשטאַנען פאַר זיינע אויגן. אַזוי דערציילט דער מחבר אינעם פאָר־וואָרט צום בוך. אָבער דעם לייענער פון זיין בוך ווילט זיך צוגעבן און זאָגן נאָך מער, דהיינו, אַז די ייִדי־שע וואַרשע מיט די מענטשן אויף איר ערד און מיטן גאָט אין איר הימל, — איז געפלאָסן אין דעם מחברס אָדערן און פליסט אין זיינע אָדערן הייסבלוטיק ביז איצט...

דער מחבר דערציילט ווייטער אין זיין פאָרוואָרט, אַז ווען ער איז גע־קומען צוריק נאָך די זיבן מלחמה־יאָרן איז וואַרשע געלעגן אַ חרובע און די ייִדישע וואַרשע איז געווען ווי אָפּגעמעקט פון דער ערד... האָט ער, דער וואַרשעווער תושב, גענו־מען אויפוועקן אין זיין זכרון און פאַרצייכענען אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקענט זיך דערמאָנען, כדי צו שטעלן, ווי ער זאָגט אַליין, אַ מצבה אויף יענעם בית־עולם. משה זאַנ־שיינס בוך איז אָבער אין תוך און אין פאָרעם פונקט אַזוי ווייט פון אַ מצבה אויף אַ בית־עולם ווי ווייט עס איז אַ הייסער גלויביקער אָטעם פון אַ קאַלטן פאַרצווייפלטן גליוווער. ווייל אין זיין בוך זענען געקומען צום פאָרשיין די טיפסטע שעפערישע קוואַלן, וואָס האָבן געזאָדן, געוויר־בלט און געשפּרודלט אינעם ייִדישן וואַרשעווער לעבן. ווייל אין זיין בוך־

איז אַנטפּלעקט יענער ריזיקער ייִדי־שער פֿאָלקס־כּוח, וואָס האָט שפּע־טער אין געטאָ אַזוי שווער זיך גע־לאָזט דערשטיקן און דערוואָרגן, און וואָס וואָרצלט אויך איצט אין יעדן ייִדישן ייִשוב איבער גאָר דער וועלט.

ווי אין אַן אומענדלעכע פֿילם־לענטע, אַ מאָל אין בליץ־אויפֿנאַ־מעס און אַ מאָל אין אַ פּאַמעלעכן טעמפּאָ, ציִען זיך אינעם בוך ביל־דער און געמעלן, געשטאַלטן און סצענעס, — אָט אַזוי ווי זיי זענען געשטאַנען און געגאַנגען אינעם פֿריִערדיקן ייִדיש־וואַרשעווער שטײַ־גער. נישט פֿאַרשענערט און נישט צוגעפּוצט, געטריי דער שווערער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט, בלויז באַפֿאַרבט מיט אַ גוטמוטיקן הומאָר. דער תּחום פֿון זײַן באַשרײַבן און שילדערן איז דער צפֿונדיקער טייל פֿון דער ייִדישער וואַרשע, די גע־גנט פֿונעם דאַנציקער וואָקזאַל, מיט די נאַלעווקעס אַלס חוט־השדרה. דער מחבר באַלײַכט מיט זײַן זכּרון־פּראָזשעקטאָר איין גאַס נאָך דער אַנדערער. יעדער גאַס קומט צום פֿאַרשײַן מיט איר קלאָר־אויסגע־שפּראָכענעם סאָציאַלן פּרצוף, מיט איר באַזונדערן געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער, יעדער מיט איר אייגע־נער שטימונג און אַטמאָספֿער, מיט איר אייגנטימלעכער ייִדישקייט. מיט אירע אייגנטימלעכע ייִדן. און הגם דער מחבר האַלט זיך אַליין די גאַנ־צע צײַט פֿון דער זײַט, — פֿילט זיך זײַן הייסער גלויביקער אָטעם אויף שריט און טריט.

בילדער, סצענעס און געשטאַלטן אינעם בוך ווערן בולט אויסגעטיילט. שאַרף אונטערגעשטראָכן דער עיקר מיט זייער לעבעדיקן אימפּעט, זייער היץ און ברען. עס געראָט דעם מחבר אַזוי גוט צו ווײַזן און פֿאַרקערפּערן דעם אומאויסשעפּלעכן באַוועגלעכן אינטערעס און נייגער צום לעבן, וואָס האָט זיך דאָרט געהאַלטן אין איין באַנײַען. משה זאַנשײַנס בוך לאָזט דערזען און דערפֿילן ווי אַזוי די וואַרשעווער פֿאָלקס־ייִדן האָבן ביים האַנדלען אָדער דאַוונען, ביי דער אַרבעט און אויך ביים טאָן מצוות, — געשטעלט אין קאָן נישט ווייניקער ווי זייער גאַנץ האַרץ, ניט ווינציקער ווי זייער פֿול חיות. אַ ביכל פּלעגן זיי „אויסלייענען", אי־בערלעבן און דערטראַכטן אויף דורך און דורך. אַ פֿאַרשטעלונג איז זיי ממש געגאַנגען אין לעבן. לעבעדיק און פֿאַרביק מאָלט דער מחבר אַ סצענע אין קראַשינסקי־גאָרטן, ווו אַ גרופּע אַרבעטלאָזע שטעלן צו אָפּ־שטימונג: צי עס איז פֿאַראַן אַ גאָט. מיט דער מערהייט פֿון שטימען גייט דורך אַ רעזאָלוציע אַז קיין גאָט איז נישטאָ. און דער פֿרומער ייִד, וואָס

איז געזעסן דערביי אַנטלויפט מיט אַ הויכן „אַז טפו זאָלט איר ווערן“...

דער לייענער ווערט אַריבערגעטראָגן אינעם סאַמע מיט פונעם דאָרטיקן געווירבל און ער באַגלייט דעם מחבר אין זיינע אַלע מחברישע גענג. צוזאַמען מיט אים ווערט דער לייענער אַריינגעצויגן אינעם שפּיל ביי די אַרויסגעלייגטע אויפן טראָטואַר פון אַ רעשיקער האַנדלסגאַס אָפּגעבליאַקעוועטע, שפּאָט־ביליקע סחורות. בלויז איינער איז דאָרט דער פאַרקויפער. די איבעריקע פיר, פינף שותפים מאַכן אַן אָנשטעל פון קונים. זיי כאַפּן כלומרשט אַ מציאה, און ווירקן אויף די פאַרבייגייער יענע זאָלן קויפן. צוזאַמען מיטן מחבר שטעלט זיך דער לייענער אָפּ ביי דער ייִדענע אויף דער מילע־גאַס, וואָס האַלט אין די הענט אַ בלעך מיט טאָרט־קוכנס, מייסטערהאַפטיק אויסגעפּאָרעמט ווי שלמה המלכס פּאַלאַץ מיטן טראָן געצירט אין גאָלד און גינגאָלד, ווי דודס פידעלע און ווי פליִענדיקע מלאכים. און דאָרט טאַקע פאַרהאַלטן זיך די בײדע ביי אַ ייִדן מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אַ לאַנגער געלער באָרד, וואָס פאַרקויפט מאַסקעס פון פּורים־שפּילער. דער ייִד מעסט אָן אויף זיך יעדער מאָל אַן אַנדער מאַסקע און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ קאַץ, אין אַ הונט, אין אַ פערד. און די ווייסע חברה, די קינדער, אַרום און אַרום, פּאַסן צו יעדער מאַסקע צו דאָס מיאַוקען, האַווקען אָדער הירזשען...

פאַראַן מאָמענטן אין בוך ווען דער לייענער ווערט באַזונדער אָנגעשטעקט און פאַרכאַפּט פונעם דערציילערישן טעמפּעראַמענט. עס דאַכט זיך אים אויס, אַז ער איז אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין דעם וואָס עס קומט פאָר, אַז ער זעט און ער פילט מיט זיינע אויגן און האַרץ פון אַ לייענער, — אַליין פאַר זיך, שוין אָן דער באַגלייטונג און הילף פונעם מחבר. דאָס זענען די מאָמענטן ווען דער מחבר באַשרייבט דעם קאָלעקטיוון אופן פון טאָן מצוות, פון פראַוועון שמחות. מיט אַ עכט שבת־יום־טובדיקן שעפערישן אָטעם דערציילט דער מחבר וועגן דער אמתער פּאָלקס־אַקציע, וואָס האָט געהייסן „גוט שבת, ייִדעלעך“. הענדלער און בעלי־מלאכות, אויסגעהאָרעוועטע, מידע פון אַ גאַנצער וואָך אַרבעט, פלעגן יעדן שבת גאַנץ פרי זיך אַרויסלאָזן מיט קוישן איבער די וואַרשעווער הויפן. מיט אַ ספּעציעלן ניגון האָבן זיי אויסגעזונגען דעם גוט באַקאַנטן „גוט־שבת, ייִדעלעך“! און צונויפגעקליבן שפּייז פאַר די נויטבאַדערפטיקע, וואָס זענען געווען אָרעמער, שוואַכער און קראַנקער פון די זאַמלער און געבער צוגלייך. דער מחבר שטעלט עס

טאַקע פּאָר ווי אַ מין פֿאָלקסטימלעכן ריטואַל, וואָס צו דעם האָט זיך גע־גרייט אַ שטאָט מיט מענטשן און וואָס אין דעם האָבן אָנטיילגענומען קינד און קייט...

מיט עכט שעפֿערישן שווונג ווערט אינעם לעצטן, דעם קרוין־קאַפּיטל פֿונעם בוך, מען פֿירט יאַ־כעטלען צו דער חופּה, געשילדערט די קאָלעקטיווע שמחה, בשעת אין אַ גערעכטן קאַמף קעגן דער וואָ־לינסקי־גאַס מאַכט די סמאַטשע־גאַס חתונה אַ באַוואָלטע יתומה. דער מחבר ווייזט אין אַ באַשיימפּערלעך מעשהלע־אַרטיקן אופֿן ווי אַזוי עס איז דאָרט אַלעמען געגאַנגען אין יושר, אין פּשוטן, מענטשלעכן יושר. אין יענעם פֿאָלקסטימלעכן יושר, וואָס ווערט איבערן גאַנצן לענג פֿו־נעם בוך אַזוי דאָרשטיק און הונגע־ריק געזוכט דורך די וואַרשעווער פֿאָלקס־ייִדן. געזוכט סיי אין לעבן, סיי אין בוך און אין טעאַטער און סיי אין... גן־עדן. אַזוי ווערט אינעם קאַפּיטל יאָסעלע פּלייצע־טרעגער רירנדיק דערציילט ווי פּאָר איר טויט האָט יאָסעלע דעם טרעגערס מאַמע אַריינגערעדט אין אים וועגן קדיש זאָגן נאָכן טאַטן, — זי זאָל נישט דאַרפֿן זיך שעמען פֿאַר אירע הימלשע שכנטעס. און אפֿשר וועט דאָרט די מאַמע רחל זיין, זאָל זי איר קענען קוקן גלייך אין די אויגן. יאָסעלע טרעגער האָט טאַקע אָפּגע־היט דעם קדיש נאָכן טאַטן און נאָך דער מאַמען. ער האָט געפֿילט, אַז ער זעצט אַריין זיין מאַמען אין ליכטיקן גן־עדן, ווו זי איז זיך מחיה מיט אַ שטיקל פֿיש און טרינקט גוטן וויין. און יאָסעלע האָט געשמייכלט: זאָל די מאַמע דאָרט הנאה האָבן. זי האָט עס אויף דער וועלט כמעט קיין מאָל נישט געהאַט...

עס איז פֿאַראַן אין משה זאָנ־שיינס בוך אַ הינטערגרונט, וואָס גיט צו אַן אַ שיעור טעם און חן צו דער פּאָרעם, און ברענגט אַרויס דעם זינען און דעם מיין פֿונעם תּוך. דאָס זענען די קינדער פֿון די וואַר־שעווער הייפֿן, הייפֿן און גאַסן. דער מחבר טיילט זיי נישט אויס. צווישן די 28 קאַפּיטלען פֿון בוך גיט ער זיי אָפּ קוים־קוים צוויי, דריי. עס קען זיך אַפֿילו אויסדאַכטן, אַז דער מחבר האָט פּאָר זיי, אויך אין אַ שבת, נישט צו פֿיל צייט. אָבער ווו מען גיט זיך נאָר אַ קער אינעם בוך, קלאַפּן דאָרט דריבנע פּיסעלעך אויף טרעפּ און עס לאָזן הערן די־נע קולעכלעך אין הויף. זיי זענען אומעטום, גאַנצע מחותנים, די קינ־דער, און זיי נעמען אָנטייל אין אַלץ וואָס עס טוט זיך אויף דער וואַר־שעווער ערד און אינעם וואַרשעווער הימל. זייערע קינדערשע שפּילן, וואָס דער מחבר צייכנט זיי מיט

שפּאָרזאַמע מיטלען, פּאַרטייטשן אַ סך און פּאַרטיפן דעם אינהאַלט. אָט שפּילן זיך אונטער אַ טיש קינדער פון צוויי משפּחות לאַטוטניקעס. דאָס עלטסטע יינגעלע איז אַ טאַטע און נייט אויף אַ מאַשין. דאָס עלטסטע מיידעלע איז אַ מאַמע, זי נייט, פּאַר־ריכט און קאָכט מיטאָג. די קלענ־רע זענען קינדערלעך און זיי שרייען „עסן"... און ווייטער: אַז חיימל שפּילט זיך מיט רבקהלען אַנטלויפט ער אַלע מאָל קיין אַמעריקע, ווי עס האָט געטאָן דער מאַן פון זייער שכנה. רבקהלע בלייבט אַן עגונה און שעלט די קינדער... און אָט שטייען אין הויף אויסגעשטעלט קינדער מיט די אויגן אַרויף צום הימל, בשעת זייערע טאַטעס זענען מחדש די לבנה. זיי קוקן משה רבינו אין פּנים אַריין. און עס גייט זיי אין לעבן צו דערזען און צו דערוויסן זיך, — צי איז משה רבינו בייז אָדער אפשר שמייכלט ער גאָר...

עס האָט זיך געמאַכט, אַז דער ערשטער עקזעמפּלאַר פון משה זאָנשיינס ייִדיש־וואַרשע האָט געפו־נען דעם וועג אין אַ תל־אביבער שטוב און דאָרט אָנגעטראָפן אין די הענט פון אייניקע וואָס זענען גע־בוירן און אויפגעוואַקסן אין וואַר־שע; פון עטלעכע וואָס זענען קיין וואַרשע אָנגעקומען פון דער פּוילי־שער פּראָווינץ אָדער פון אַן אַנדער לאַנד; און אויך פון אַזעלכע וואָס קענען די שטאָט וואַרשע — פון דער ליטעראַטור. נישט אַלע זענען זיי צום נייעם וואַרשע־בוך צוגע־גאַנגען אויפן זעלבן אופן. ווער עס האָט דעם באַנד געבלעטערט און אַהין בלויז אַריינגעקוקט, ווער עס האָט זיך הייס צוגעכאַפּט צו די אָדער אַנדערע שטעלן און ווער עס האָט איבערגעלייענט דאָס גאַנצע בוך און נישט נאָר איין מאָל. און עס האָט זיך געטראָפן אַז אַפילו דריי־מאָל.

אָבער דאָס בוך האָט ספּאָנטאַן אַרויסגערופן אַ שטראָם אַסאָציאַציעס ביי זיי אַלע כמעט אָן אויסנאַם. ביי וועמען אַ קלענערן, ביי וועמען אַ גרעסערן און ביי וועמען גאָר אַ גרויסן, פּונקט ווי עס זאָל מיט אַ צויבער־צוריר ביי זיי אַלעמען זיך אויפלייזן, אויפבינדן אַן ענגערער אָדער ברייטערער קנויל זכרונות, איבערלעבונגען און איינדרוקן, וואָס וועגן זיי האָט זיך שוין געהאַט פאַר־געסן, אַז ערגעץ ווו געדענקט מען זיי נאָך. און אַ וווּנדערלעכע זאַך: די אַלע זכרונות, איבערלעבונגען און איינדרוקן זענען על־פּי־רוב געווען פאַרבונדן מיטן לעבן, האָבן על־פּי־רוב געטראָגן אין זיך אַ הייסן, גלויביקן אָטעם, און זיי זענען גע־ווען אַזוי פיל, אַז זיי וואָלטן מעגלעך געווען געבן גענוג פאַר אַ שפּאָגל נייעם

בוך וועגן וואַרשע. אַ מין קאָלעק־טיוו ווערק פון אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָבן געלייענט דעם ערשטן עקזעמפּלאַר פון משה זאַנשיינס ייִדיש־וואַרשע.

**ד. ניימאַרק** שרייבט וועגן אַלטער קאַציזנעס ראָמאַן „שטאַרקע און שוואַכע" („דער פאָרווערטס", ניו־יאָרק, 12טער דעצעמבער 1954):

אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום", וואָס ווערט אַ־רויסגעגעבן דורכן „צענטראַל פאַר־באַנד פון די פּוילישע ייִדן" אין אַר־גענטינע, איז דאָ נישט לאַנג דער־שינען דער ראָמאַן „שטאַרקע און שוואַכע" פון דעם שרייבער אַלטער קאַציזנע, איינער פון אונדזערע שרייבער־מאַרטירער, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן און אוקראַינער אין דער צייט פון גרויסן חורבן.

אַלטער קאַציזנעס ראָמאַן, וואָס איז דערשינען אין צוויי בענדער און האַלט צוזאַמען 750 זייטן, זענען שוין דער 97טער און 98טער בוך, וואָס דער דערמאָנטער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן. עס זענען שוין דער־שינען נאָך צוויי ביכער, אַזוי אַז דער פאַרלאַג האָט שוין אַרויסגעגעבן גאַנצע הונדערט ביכער אין דער סעריע. דאָס איז אַ גרויסער היסטאָרישער אויפטו, וואָס האָט כמעט קיין גלייכן נישט צו זיך אין אונדזער ליטעראַטור.

דער פאַרלאַג פון די פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע כאָטש טיילווייז אָפּ־די אַרבעט — די אַרבעט פון תחית־




המתים פון די אומגעבראַכטע גייס־טיקע שאַפונגען פון די ייִדישע שרייבער — דורכצופירן. עס זענען שוין ביז איצט דערשינען די ווערק פון אַ צאָל אָנערקענטע שרייבער.

אַלטער קאַציזנע איז אין פּוילן פון פאַרן חורבן געווען זייער פּאָפּו־לער. ער איז געווען אַ הייסער חסיד פון י. ל. פּרץ, וועלכן ער האָט ממש

פֿאַרגעטערט. קאַציזנע איז נאָכגע־גאַנגען פּרצן, האָט געשלונגען יעדעס וואָרט פֿון זײַן גרויסן רבין, אַליק, וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון דעם מויל און פֿעדער פֿון רבין פּרץ, איז בײַ אים געווען טײַער און הייליק. פּרץ האָט געהאַט אַ סך חסידים, וועלכע האָבן געקלעפּט צו אים, אָבער קאַציזנע איז, דוכט זיך, געווען דער געטרײַסטער, דער איבערגעגעבנסטער. מיר מיינען, אַז מיר וועלן נישט מאַכן קיין טעות ווען מיר וועלן זאָגן, אַז קאַציזנע האָט בײַ פּרצעס לעבן גאָרנישט געדרוקט. ער איז אַרויסגעשוווּמען אַלס שרײַבער ערשט נאָך פּרצעס טויט, און קאַציזנע איז דווקא געווען אַ זייער פּראָדוקטיווער שרײַבער. ער האָט פּרובירט אויף אַלע געביטן און ליטעראַרישע פֿאָרמען, און ער האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אַלטער קאַציזנע איז געבוירן געוואָרן דעם 31טן מאַי, 1885, אין ווילנע. עס הייסט, אַז ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער דעם נאָענטסטן מאַי אַלט געוואָרן 70 יאָר. זײַן לעבן איז אָבער דורך מערדערישע הענט איבערגעריסן געוואָרן, ווען ער איז אַלט געווען אינגאַנצן 56 יאָר. אין יאָר 1910 האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע און איז באַלד געוואָרן אַ בן־בית בײַ פּרצן. פֿון פֿאַך איז ער געווען אַ פֿאָטאָגראַפֿיסט, אָבער אַ פֿאָטאָגראַפֿיסט אַ קינסטלער. אין אַ צײַט פֿון אייניקע יאָר צווישן בײדע וועלט־מלחמות איז ער געווען אַ פֿאָטאָגראַפֿיסט פֿון „פֿאָרווערטס". ער האָט פֿול געמאַכט די קינסטלערישע בײַלאַגע פֿון „פֿאָרווערטס" מיט פֿאַרשידענערליי בילדער פֿון פּוילן, גאַליציע, רומעניע און פֿון ארץ־ישראל. אַ סך פֿון זײַנע פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער וועלן בלײַבן אויף אייביק אין אונדזער גײַסטיקן אוצר, ווײַל זיי האָבן פֿאַראייביקט בילדער, טיפּן, און לעבנס־שטייגער פֿון אונדזערע שטעט און שטעטלעך, וועלכע עקזיסטירן מער נישט.

קאַציזנע האָט אָנגעהויבן זיך דרוקן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ער האָט סײַ זײַן גײַסטיקן שאַפֿן און סײַ זײַן פֿיזיש לעבן פֿאַרענדיקט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַלזאָ, זײַן שאַפֿונגס־צײַט איז געווען אַרום צוואַנציק יאָר. אין אָנהייב פֿון די צוואַנציקער יאָרן האָט ער צוזאַמען מיט דוד איינהאָרן רעדאַגירט אַ צײַטשריפֿט „די תיבה", פֿון וועלכער עס איז דערשינען בלויז איין נומער. שפּעטער האָט ער צוזאַמען מיט ד"ר מיכאל ווייכערט אַרויסגעגעבן אַ צײַטשריפֿט „רינגען", וואָס איז יאָ דערשינען אַ לענגערע צײַט. אין יאָר 1924 איז ער געוואָרן דער פֿינפֿטער מיטגליד אין

דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פֿון דעם וואָכנבלאַט „ליטעראַרישע בלעטער" (די אַנדערע פֿיר זענען געווען: י. י. זינגער, פּרץ מאַרקיש, נחמן מייזל, מלך ראַוויטש).

אַלטער קאַציזנע האָט פֿיל מאָל געפּרוווט זיינע כּוחות אויפֿן געביט פֿון דראַמע. ער האָט אָנגעשריבן איניקע דראַמאַטישע ווערק. אַ פּאָר האָבן זוכה געווען אַרויפֿצוקומען אויף די בינע־ברעטער און אַנדערע נישט. דאָס ערשטע דראַמאַטישע ווערק מיט וועלכן קאַציזנע איז אַרויסגעקומען איז געווען „דער גייסט דער מלך". די דראַמע איז קיינמאָל נישט אויפֿגעפֿירט געוואָרן. אַ סך מזל האָט געהאַט זיין צווייטע דראַמע „דוכּוס", וואָס איז געבויט אויף דער לעגענדע וועגן דעם ווילנער גר צדק, גראַף פּאָטאָצקי. די דאָזיקע דראַמע האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן דערפֿאָלג אין דעם יידישן טעאַטער אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער. מאָריס שוואַרץ האָט דעם „דוכּוס" אויפֿגעפֿירט אין זיין קונסט טעאַטער אין אַמעריקע. אַנדערע קאַציזנעס דראַמאַטישע ווערק זענען „הורדוס", „דעם יידנס אָפּערע", „פּראָמעטעאוס" און נאָך איניקע. עס דאַרף אָבער באַזונדערס דערמאָנט ווערן, אַז קאַציזנע האָט אָנגעשריבן אַן אַקט צו ש. אַנ־סקיס ניט־פֿאַרענדיקט דראַמאַטיש ווערק „טאָג און נאַכט". אַ דאַנק דעם איז די דראַמע מיט גרויס דערפֿאָלג געשפּילט געוואָרן סיי אויף דער יידישער און סיי אויף דער פּוילישער בינע.

ווי פֿריִער דערמאָנט, האָט קאַציזנע אין זיין ליטעראַרישן שאַפֿן באַנוצט אַלע פֿאָרמען. ער איז געווען אַ פֿיל־פּאַכיקער און זייער פּראָדוקטיווער שרייבער. ער האָט געשריבן לידער, פּאָעמעס, דערציילונגען, ראָמאַנען, עסייען, קריטיק, און וואָס נישט? אין די דריי לעצטע יאָרן פֿאַר דער מלחמה האָט ער יעדע צוויי וואָכן אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל אונטערן נאָמען „מיין רעדנדיקער פֿילם" מיט אַן אונטערקעפּל „באָטיצן און סקיצן פֿון אַלטער קאַציזנע". ער האָט דעם זשורנאַל איינער אַליין אויסגעפֿילט מיט אַלערליי ליטעראַרישע אַרבעטן.

אַלטער קאַציזנע האָט אין די לעצטע בערך צענדליק יאָר פֿון זיין לעבן געהאַט נייגונגען צום לינקן לאַגער. ער איז נישט געווען קיין קאָמוניסטישער פּאַרטיי - מיטגליד. ער איז געווען צופֿיל אינדיווידואַליסט אַז ער זאָל עס קענען זיין, און ער איז אויך געווען אַ געטרייער ייד. ער האָט ליב געהאַט יידיש לעבן, דאָס יידישע לשון, די יידישע גייסטיקע שאַפֿונגען. די יידישע קאָמוניסטן האָבן אָבער פֿאַרלייגט אַרום

אים אַ נעץ, און האָבן אים אַריינ־געקראָגן אַלס מיטאַרבעטער, אָדער אַפילו מיט־רעדאַקטאָר אין זייער טעגלעכער צייטונג „דער פריינד", וואָס זיי האָבן אַ שטיקל צייט אַרויס־געגעבן אין וואַרשע, און ווי עס האָט זיך געהאַט אַרויסגעוויזן, האָט די פוילישע געהיים־פּאָליציי געהאַט אין דער דאָזיקער צייטונג אייניקע, וואָס זענען געווען מיט איר אין קאָנ־טאַקט און געדינט אירע צילן.

עס איז אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט זיכער, אַז אַלטער קאַציז־נע האָט נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג וועגן דעם. ער איז אין תוך געווען אַ נאַיִווער מענטש, און אַ זייער ערלעכער, און טאַקע צוליב זיין נאַיִווקייט און גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון מענטשן איז גע־לונגען די קאָמוניסטן אים צו פאַנ־גען. מענטשן, וועלכע זענען געשטאַ־נען נאָענט צו אים אין דער צייט וואָס ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער קאָמוניסטישער צייטונג האָבן פאַרזיכערט, אַז ער פילט זיך גאָר־נישט גליקלעך צו זיין אין דער חברותא פון די קאָמוניסטן. ער איז אָבער אַריינגעצויגן געוואָרן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה איז ער, פונקט ווי צענדליקער טויזנטער אַנ־דערע יידן, אַנטלאָפן פון וואַרשע צוזאַמען מיט זיין ווייב, חנה, וועל־כע איז געווען אַן אידעאַלע פרוי און זייער טאָכטער, דעמאָלט אַ יונג מיידל, שולמית, אָדער ווי מען האָט זי גערופן „מיטקע".

שבת, דעם 16טן סעפּטעמבער, 1939, האָב איך אים און זיין פרוי און טאָכטער באַגעגנט אין קאָוועל, אין דעם הויז פון אַ יידישן דענ־טיסט. עס איז דעמאָלט געווען די אמתע בהלה. די שטאָט איז פול געווען מיט צענדליקער טויזנטער פּליטים. מען האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון — לויפן ווייטער, אָדער נישט. מען האָט גערעדט, אַז די דייטשן זענען שוין נאָענט פון קאָ־וועל, און מען דאַרף דעריבער לויפן ווייטער אויף מזרח, עס הייסט, צו די באָלשעוויקעס, וואָס עס האָט זיך אויך שטאַרק נישט געגלוסט. קאַציזנע איז געווען זייער צעבראָכן, אויסגעמאַטערט, פאַרצווייפלט. מיר האָבן גערעדט וועגן ווייטערדיקע פּלענער, און קאַציזנע האָט מיר גע־זאָגט, אַז עס האָט שוין נישט קיין זין ווייטער צו לויפן, ווייל די באָל־שעוויקעס וועלן היינט־מאָרגן פאַר־נעמען קאָוועל, און בכלל די גאַנצע מזרח־געגנט פון פוילן. עס האָט מיר זייער געוווּנדערט פון וואַנען ער ווייס דאָס, און איך האָב עס אָנגע־נומען פאַר זיינער אַן השערה. מיר האָבן זיך געזעגנט, איך בין אַוועק אויפן ווייטערדיקן וואַנדער־וועג, און

צומאָרגנס, זונטיק, דעם 17טן סעפּטעמבער, בין איך דערגאַנגען צו אַ שטעטל מעלניצע. דאָרט האָט מען שוין דורך ראַדיאָ געהערט מאָלאָטאָווס רעדע, אַז די סאָוועטישע אַרמיי וועט היינט פאַרנאַכט לויט אַן אָפּמאַך מיט די דייטשן אַריינמאַרשירן אין מזרח־פּוילן.

איך האָב קאַציזנען מער נישט געזען. אָבער עס זענען אָנגעקומען גרוסן פון אים, אַז ער געפינט זיך אין לעמבערג, וואָס איז דעמאָלט געווען ביי די באָלשעוויקעס, און איז טעטיק ליטעראַריש. ער איז געווען איינער פון אַ סך, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז אונטער דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט וועט מען קענען אַנטוויקלען אַ גייסטיקן יידישן לעבן, און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. עס איז אים נישט באַשערט געווען דורכצולעבן אַן אַנטוישונג, ווייל דעם 22טן יוני, 1941, האָבן די דייטשן פאַרנומען לעמבערג, און קאַציזנע מיט זיין פאַמיליע זענען צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטער טויזנטער יידן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מערדערישער הערשאַפט פון די דייטשן. די פאַמיליע האָט זיך צעטיילט. די טאָכטער איז אַוועק אויף דער אַרישער זייט, ווו זי האָט זיך אָנגעגעבן אַלס איטאַליענערין, און זי איז געבליבן לעבן. זי וווינט היינט טאַקע אין איטאַליע. די פרוי, חנה, איז אַוועק אויפן וועג, ווו עס זענען געגאַנגען מיליאָנען יידן — צו דעם גאַז־אויוון און קרעמאַטאָריע. ער, אַלטער קאַציזנע, האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרייך. ער איז געלאָפן אין דער מזרח־ריכטונג. ער האָט געוואָלט קומען אין סאָוועט־רוסלאַנד. אָבער, ווען ער איז געווען אין אַ קליין שטעטל לעבן טאַרנאָפּאָל, איז ער דאָרט געבליבן שטעקן און ווייטער נישט געקענט לויפן. די דייטשן זענען שוין דאָרט געווען, און זייערע אַרויסהעלפער, די אוקראַינער, האָבן קאַציזנען דערמאָרדעט אויף אַ שוידערלעכן אופן. די מערדער האָבן אים געשלאָגן מיט שטעקנס און מיט ציגל. זיי האָבן צעבראָכן זיינע ביינער, צעהאַקט דאָס לייב. אין שרעקלעכע יסורים האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה, און זיין נאָמען פאַרשריבן אין דעם בוך פון די מיליאָנען יידישע מאַרטירער וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

***

עס איז אונדז שוין געבליבן צוּוויניק פלאַץ ברייטער זיך אָפּצושטעלן אויף דעם ראָמאַן „שטאַרקע און שוואַכע״, וואָס איז איצט איבערגעדרוקט געוואָרן. און וועגן דעם ווערק וואָלט זיך געלאָזט אַ סך

שרייבן. קאַציזנע האָט דעם ראָמאַן געשריבן אין די יאָרן 1927־1929, און דערשינען איז ער אין די יאָרן 1929־1930. עס איז אָן ספק אַ גרויס ווערק מיט אַ סך מעלות, אָבער אויך מיט נישט ווייניק פעלערן. אין דעם ראָמאַן ווערט געשילדערט ייִדיש לעבן אין פּוילן און אין אַ ווייטערער געגנט אויפן מזרח, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו די באָלשעוויקעס.

דער ראָמאַן האָט נישט קיין צענטראַלע אידעע און קיין הויפּט־העלד, אָדער הויפּט־העלדן, און אַפילו ניט קיין סיפּור המעשה. עס הערשט אַ היפּשער כאַאָס און צעמישעניש.

מען זאָל רעדן וועגן העלדן זענען די וויכטיקסטע און כאַראַקטעריסטישסטע פון זיי בערל פּאָדלאַסקי, אַ ייִדישער פּריץ, אַ גוט־באַזיצער מיט רעוואָלוציאָנערע אידעען, לעאָן ברוינער, אַ ייִדישער שרייבער און טאַדעק ביסטריצקי. דער דאָזיקער ביסטריצקי איז גאָר אַן אָריגינעלער פאַרשוין. דער מחבר האָט אים געמאַכט ממש פאַר אַ בעל־נס, אַלערליי ניסים געשעען מיט אים. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אַלס ציוויל־געפאַנגענער, און איז געוואָרן אַ דאָלמעטשער, אַן איבערזעצער. איינמאָל האָט דער קאָמענדאַנט פון לאַגער, באַראָן קראָנענבערג, געפירט אים צו דערשיסן. אַלע מיינען, אַז ער איז שוין טויט. אָבער שפּעטער שווימט ער אַרויס אַלס... קאָמוניסטיש־אַנאַרכיסטישער קאָמיסאַר. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט דערשאָסן דעם דייטשן באַראָן, האָט אָנגעטאָן זיין אוניפאָרם, צוגענומען די דאָקומענטן, און ער איז געוואָרן דער... דייטשער באַראָן, און אַלס אַזעלכער איז ער געוואָרן אַ קאָמיסאַר. ער גייט אָבער נישט אין די באָלשעוויסטישע וועגן, ווייל ער איז גאָר אַן אַנאַרכיסט. די באָלשעוויקעס ווילן אים ליקווידירן. זיינע אַ געליבטע, אַ קראַנק ייִדיש מיידל, ראַטעוועט אים און ער אַנטלויפט.

דער שרייבער שילדערט דאָס ייִדישע לעבן אין אַזעלכע וויכטיקע צייטן, ווי די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און באַלד נאָך איר. אָבער די שילדערונגען זענען וועגן מענטשן־יחידים, און די פּאַסירונגען מיט זיי. עס פילט זיך ווייניק דער אָטעם פון יענע צייטן. עס זענען זייער מאָגער די שילדערונגען פון דעם כלל לעבן, פון די באַוועגונגען, שטרעבונגען און חלומות פון כלל. עס זענען דאָ וועגן דעם בלויז אָנדייטונגען.

אָבער נאָך אַלעמען איז עס אַ גרויס און וויכטיק ווערק, וואָס האָט געוויס פאַרדינט, אַז עס זאָל בלייבן אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

ערשטנס, זענען געמאָלן טיפן אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן. מען קען דאָס נישט זאָגן וועגן אַלע טיפּן און געשטאַלטן אין דעם בוך, אָבער ווייניקסטנס אייניקע זענען ווי פון מעטאַל אויסגעשמידט. זיי זענען פלייש און בלוט, גוף און נשמה. צווייטנס, האָבן מיר אין בוך מייס־טערהאַפטע פּסיכאָלאָגישע שילדע־רונגען און פּרעכטיקע נאַטור־ביל־דער. אַ טייל פון די געשיכטעס, וואָס ווערן דערציילט אין בוך זענען פאַרכאַפּנדיק. צווישן אַלע אַנדערע האָט זיך דעם שרייבער פון די שור־רות איינגעקריצט אין זכרון אַ בילד, אין וועלכן עס ווערט געשילדערט, ווי אַ יונגער פּאָטער, ישראל, פאָרט אַרום אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, אין שניי און אין פראָסט און זוכט אויף אַ בית־עולם דעם קבר פון זיינס אַ קינד, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן. עס איז אַ שוידערלעכע, אויפטרייסלענדיקע שילדערונג, און מען האָט באַדאַרפט פאַרמאָגן גרויסן קינסטלערישן כוח אויף צו מאָלן אויף אַזאַ אופן. דער אויספיר פון קאַציזנעס ווערק איז, און דאָס זאָל זיין די אידעע פון בוך, אַז אַ גרוי־פּע יוגנט לאָזט זיך אַוועק קיין ארץ־ישראל, און איינער פון די הויפּט־העלדן, בערל פּאָדלאָסקי, בלייבט אין זיין שטעטל, צווישן די פעלדער און גערטנער, און ער לערנט יידן, ווי צו זייען און אַקערן פעלדער. ער זאָגט צו די יידן, אַז מיר הייבן אָן פון מעשה בראשית.

די לעצטע ווערטער פון ראָמאַן זענען: יידן, ווי מ'אַקערט! אָ — האָפּ!

בערל פּאָדלאָסקי איז אַמאָל גע־ווען אַ סאָציאַליסט, אַ רעוואָלוציאָ־נער, פון דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט איז ער נישט באַגייס־טערט. ער מיינט אָבער, אַז ווען יידן וועלן ווערן פּראָדוקטיוו, וועלן ווערן פּויערים, אַקערן די ערד, וועלן זיי זיך קענען אַריינפּאַסן אין דער נייער אָרדענונג, און וועלן זיך קע־נען האַלטן.

***

דאָס ווערק האָט אַן אַריינפיר פון אַרום 20 זייטן פון מלך ראַוויטש. ער האָט געגעבן אַ גאַנץ געלונגע־נע אָפּהאַנדלונג, און אויך אַ ביאָ־גראַפיע פון דעם אומגעקומענעם שרייבער, און דערביי איז דער אַר־טיקל געשריבן זייער וואַרעם, האַר־ציק, מיט אַ סך ליבע און אָנערקע־נונג צום שרייבער.

**יצחק איסאַקסאָן** שרייבט וועגן מאַרק טורקאָווס בוך „די לעצטע פון אַ גרויסן דור" („אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער", בוענאָס איי־רעס, נאָוועמבער 1954):

עמעץ האָט שוין לאַנג פאַר מיר באַמערקט, אַז וואָלט אַ מענטש, — אַ געוויינלעכער מענטש, געקענט אויפשרייבן די געשיכטע פון זיין אייגן לעבן, וואָלט דערפון אַרויסגעקומען אַ מייסטערווערק. און כאָטש אין דער וועלט־ליטעראַטור זענען פאַראַן ביישפּילן פון אַזעלכע מייסטערווערק, טראַכט איך, אַז קיינעם אין דער וועלט האָט זיך נישט איינגעגעבן אויפצושרייבן זיין גאַנץ לעבן; אַזאַ מייסטער איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן. „אין אָדם הוגה אלא מהרהורי לבו", אַ מענטש רעדט, אָדער טראַכט, נאָר פון די געדאַנקען פון זיין האַרץ, האָבן געזאָגט די חכמים, אָבער נאָר פון אַ טייל געדאַנקען, נישט פון אַלע; ער איז קיינמאָל נישט בכוח אַרויסצוברענגען אַלץ, זיין לעבן אינגאַנצן. אַזאַ געפיל האָב איך אַפילו ווען איך לייען די ערלעכסטע לעבנס־געשיכטעס געשריבענע פון די גאונישע וואָרטקינסטלער. אינעם אייגענעם קאָך, אינעם שטורעם און הו־האַ פון די אייגענע איבערלעבונגען פעלט פערספּעקטיוו און גענוג פילאָזאָפישע אָביעקטיוויטעט צו שילדערן דאָס אייגענע לעבן אַזוי ווי אַ „לעבן פון אַ מענטש"...

אין אונדזער בלוטיקער עפּאָכע, באַזונדערס נאָכדעם ווי עס זענען „אויפגעריסן געוואָרן אונדזערע דריי




טויזנט יאָר", און אַ דריטל פון אונדזער פאָלק איז אָפּגעמעקט געוואָרן, איז געוויס אוממעגלעך צו זיין „פילאָזאָפיש אָביעקטיוו", אדרבא, פאַרקערט: וואָס מער אַ מענטש איז סענסיטיוו, וואָס טיפער ער פילט די בראַנדן פון אונדזער טראַגעדיע,

וואָס טיפער די כוואַליעס פונעם
בלוטיקן מבול האָבן אים אַראָפּגע־
שליידערט אַלץ העכער און האַרצ־
רייסנדיקער דערהערט מען זיין גע־
שריי...

***

מאַרק טורקאָוו האָט אָנגעשריבן
אַ בוך „די לעצטע פון אַ גרויסן
דור", מיט אַ סובטיטל „געשיכטלע־
כע עפּיזאָדן און פּערזענלעכע זכרו־
נות וועגן יידישע משפחות אין פּוי־
לן". אַ ווערק אין וועלכן עס דעפּי־
לירן העל און לעבעדיק, ווי אויפן
לייוונט אַ טייל פון די אָנגעזעענס־
טע משפחות פונעם פּוילישן יידנטום
פון אונדזער פאַרברענטן גרויסן
נעכטן. טורקאָוו שילדערט דעם
טרויעריקן סך הכל פון ר' עקיבא
אייגערס קינדס־קינדער, פון ר' חיים
דאַווידזאָן, וואַוועלבערג, פון די ברי־
דער שערעשעווסקי, פון שבתי־סע־
באַסטיאַן ברעגמאַן, פון דער קינסט־
לער־משפחה זיידענבייטל, און, אח־
רון, אחרון, פון דער גרויסער און
ליכטיקער צייטלין־משפחה.

איז די גרויסע מעלה פון דעם
בוך וואָס ער איז אויטאָביאָגראַפיש,
נישט מיט אַן אויג צום דרויסן, נאָר
שטיקער פונעם אייגענעם לעבנס־
פּיין. טורקאָוו איז געוואַקסן, איבער־
האַלב דער סביבה, האָט זיך איינגע־
לעבט מיט די אַלע געשילדערטע פּי־
גורן, געקומען מיט זיי אין טאָג־
טעגלעכער באַרירונג פון זיין פּריס־
טער יוגנט אָן, און ווען די דאָזיק וועלט
איז אונטערגעגאַנגען, איז אויך זיין
אַמאָל אוועק אין די היטלער־פלאַ־
מען. מען פּיבערט ווען מען לייענט
דאָס בוך, און מען האָט דאָס געפיל
ווי דער מחבר שאַרט אַפּער מיט די
נאַקעטע הענט פון די ברענענדיקע
חורבות לעבעדיקע רעשטן פון הער־
לעכע יידישע אָנפירנדיקע פיגורן. אַן
אויפריכטיקע טרער פון מיטגעפיל
און אַ וואַרעם האַרץ דערציילט אייך
אמתע איבערלעבענישן און מענטש־
לעכע באַציִונג צו די אומשולדיק־
אויסגעריסענע און חרוב־געוואָרענע.
עס מאַכט דעם איינדרוק ווי נישט
אַ מחבר זיצט און שרייבט און דער־
ציילט, נאָר עפּעס אַ ווייטיק רעדט
אַרויס, שרייט אַרויס פון אים, אַ
טיפער אומהיילבאַרער ווייטיק. די
ברידער שערעשעווסקי, דער סענאַ־
טאָר ר' רפאל, דער „באַנקיר פון
דעם פּוילישן יידנטום", זיין לעבן,
זיין טעטיקייט לטובת הכלל, זיין
טרויעריקער סוף אין ניו־יאָרק, זיין
ברודער מיכאל, זיין לעבן און זיין
סוף אין בראַזיל, די משפחה ברעג־
מאַן, די קינסטלער־משפחה זיידענ־
בייטל, אלחנן צייטלין, די אַלע, וועגן
וועמען טורקאָוו קרעכצט אויס זיין
אוי אין דעם בוך, זענען מיר — נאָכן
איבערלייענען זיינע שילדערונגען —

